יוסף בר־יוד

# אנשי מעשה

I

„מאסף ישראלי" תל־אביב
תשכ"ג 1963

# ANSHEY MAASE
# MEN OF DEEDS
A Gallery of Portraits

I

*Yiddish*



1963


הוצאה חד-פעמית
ת"א, ת.ד. P.O.B. 824
TEL AVIV
דפוס ישראל בע"מ
Printed in Israel

יידישע פערזענלעכקייטן
און מיטבויער
פון מדינת ישראל
אין די תפוצות

# אנשי מעשה

## געזאמלטע פארטרעטן

דאָס בוך איז אַ צושטייער
צו דער אידעע פון אַ
גייסטיקער בריק צווישן
מדינת ישראל און יידן
אין די תפוצות.

# ד״ר נחום גאָלדמאַן* / ניו יאָרק — תל אביב

אָפטמאָל זענען זיינע געדאַנקען בליצן און די רייד — דונערן.

אין אַ געוואַגט־צעשפּילטער פאַנטאַזיע קאָן מען זען זיין גרויסע געשטאַלט, שטייענדיק מיט איין



פוס אויף די בערג פון יהודה און מיטן צווייטן אָנגעשפּאַרט אויף די תפוצות.

אַזוי געזען, איז ער אַליין די לעבעדיקע בריק, וואָס פאַרבינדט די פאָלקס ווערטן פון ביידע זייטן ים.

ביים רודער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג זעט ער אויס צו זיין דער מאָדערנער מנהיג מיט מוסר־רייד פון אַ נביא.

פון די קדמונים ביז היינט צו טאָג איז ביי יידן נישט אויסגעלאָשן געוואָרן דער באַגער צום נביא. דער נביא איז געשעצט געווען פאַרן זאָגן מוסר דעם מלך... אין דער חסידים־תקופה איז דער נביא איבערגעשמאָלצן געוואָרן אין דער געשטאַלט פון אַ חוזה. למשל דער חוזה פון לובלין איז פאַרבליבן אין דער פאָלקס־לעגענדע, ווייל ער האָט ווייט געזען און עפּעס פאָראויסגעזען, פאַר בנימין זאב הערצל איז דער באַגריף **נביא** געווען צו שטאַרק אָבער **חוזה** וועט מען אים אייביק אָנרופן. אויך די חז״ל האָבן מיט זייער זאָג „איזה חכם הרואה את הנולד״ געוואָרנט דאָס פאָלק פאַר סתם חכמים און געגעבן אָט דעם טיטול דעם מנהיג, וואָס איז אַ „רואה את הנולד״.

שוין פון דער פריערסטער יוגנט איז זיין נאַציאָנאַלע אָריענטאַציע אַ הערצליאַנישע — אַראָפּוואַרפן די אתה בחרתנו־קאָמפּלעקסן און שאַפן אַן אָרט, וווּ דער ייד זאָל קענען פירן אַ געזונטן פאָלקס־לעבן. אַלס 15־יעריק יינגל שאָקירט אים דאָס גוויש בעל כרחו׳דיקע דערמאָנען דעם אייראָפּעישן גלות יידנטום, אַז זיי זענען יידן, און ער פאַרנאָטירט אין זיין טאָג־בוך: „רבונו של עולם, מאַך שוין עס זאָל זיין אַ יידישע מדינה און איך זאָל קענען פאַרגעסן, אַז איך בין אַ ייד״.

ער זעט קיינמאָל נישט אויס ווי אַ פּאַרטיימאַן. פּאַרטיי מיינט אונטערוואַרפן דעם פרייען ווילן אונטער אַ גדר פון שטאַכלדראָטן. אים איז אָבער דאָס פרעמד. ער איז תמיד דער פרייער אָדלער, וואָס טראָגט זיך מיט זיין רעוואָלוציאָנערן געדאַנק ביז די הימלען. ער באַגערט נישט מען זאָל אים ליב האָבן (אויך דעם נביא האָט מען נישט ליב געהאַט צוליב זיינע שטראָף־רייד), פאַרקערט אָפּטמאָל רייסט ער גאָר איין מיטן דעת הקהל, אָבער לטובת דעם קהל!

אין ערנסטע סיטואַציעס זענען אויס אַ סך פּאָליטיקער, וואָס אַרום אים, ווי די קיביצער ביים טישל פון אַ גרויסן שאַך־מייסטער, וועלכער מאַכט מיט פינף געניג פאַרויס אַ געניאַלן, אָבער פאַרבאָרגענעם גאַנג. אַלע קוועטשן מיט די פּלייצעס, ערשט שפּעטער דערזעט מען דעם מייסטערס נצחון.

דאָס איז ד״ר נחום גאָלדמאַן. ביי אים ליגט דאָס קערנדיקע פאַרבאָרגן אין דער נשמה־טיפקייט.

אַנדערש וואָלט ער דאָך קיין חוזה נישט געווען!

---

* אין שייכות מיטן אויפבויען אין מדינת ישראל אַ גרויסן בנין „בית התפוצות ע״ש ד״ר נחום גולדמן״, וואָס וועט סימבאָליזירן די גייסטיקע בריק צווישן ישראל און די יידישע תפוצות אין דער וועלט.

# סאַמועל בראָנפמאַן / מאָנטרעאַל

עָר שטאַמט פון יענעם רחבותדיקן בעסאַראַביע, וווּ 20 דורות יידיש־לעבן האָט געשאַפן אַ גרויסן פאָלקס־אוצר און אַ קוואַל יידישקייט.



און כאָטש מר בראָנפמאַן איז שוין אַ יובל־יאָרן אין קאַנאַדע שעפּט ער נאָך פון דעם אַלטן קוואַל. מען דערקענט אויף אים אַ גוטמוטיקע פאָלקס־טימלעכקייט, אָבער אין יעדן וואָרט זיינעם, פילט איר דעם יידישן כראַביע, וואָס איז איבערפולט מיט אהבת ישראל און אהבת מענטש.

40 יאָר ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכער פּרוכטבאַ־רער טעטיקייט האָט דער חשובער עסקן צו זיין זכות. זיין פריש פּנים, דער גוטמוטיקער שמייכל, וואָס טליעט אין זיינע מילדע אויגן און זיין גוטער הומאָר, מיט וועלכן ער שפּרודלט — לאָזן אייך נישט גלויבן, אַז עס קומט אים שוין אַ ברכה, אַלס בן שבעים.

אין דער יידישער וועלט, און דער עיקר אין קאַנאַדע האַלט מען אים פאַרן זיגלבוים פון אַ סך יידישע אינסטיטוציעס. מר בראָנפמאַן איז דער וויס פּרעזידענט פונעם יידישן וועלט קאָנגרעס. פּרעזידענט פון קאַנאַדער יידישן וועלט קאָנגרעס. פּרעזידענט פון די „באַנדס" אין קאַנאַדע און ער רעפּרעזענטירט פיל אַנדערע אינסטיטוציעס.

ער איז דער גרויסער נדבן און ערלעכער מאַ־נער פאַר די קרנות למען ישראל.

איצטער שרייבט ווידער מר בראָנפמאַן אַריין אַ שיין קאַפּיטל אין דער ישראל־געשיכטע, אונטער זיין פּראָטעקטאָראַט וועט ווערן אויפגעבויט אַ גרויס ווערק — „בית התפוצות", אויפן נאָמען פון גרויסן מנהיג ד"ר נחום גאָלדמאַן, מיטן ציל צו שאַפן א „בריק" צווישן ישראל מיט די תפוצות.

וועגן זיין באַזוך אין לאַנד, זאָגט דער גאַסט:

מיר טוט ווי, וואָס פון אייראָפּעישן יידנטום זענען אַזויפיל אומגעקומען און אַזוי ווייניק אי־בערגעבליבן. דעריבער, אַז איך קום אין ישראל, האָב איך כאָטש אַ טרייסט, אַז פאַר די ניצול גע־וואָרענע האָט מדינת ישראל געקענט געבן אַ היים און די מעגלעכקייטן אָנצוהויבן אַ ניי לעבן. דאָס איז מיין גרעסטע פרייד.

— ווי איז די באַציאונג פון קאַנאַדער יידן צו ישראלס פּראָבלעמען?

די געפילן פון קאַנאַדער יידן זענען ווארעם צו מדינת ישראל, אירע בירגער און זייערע פּראָב־לעמען. אין קאַנאַדע וואקסט א שיינע און שטאָל־צע יידישע יוגנט. עס זענען שיין אָוועקגעשטעלט די תלמוד תורהס און יידישע בילדונגס אַנשטאַל־טן. עס וואַקסט אויך אַן אָרטאָדאָקסישע יוגנט. עס איז אפשר כדאי צו באַמערקן, אַז אין קאַנאַדע האָבן מיר נאָר איין רעפאָרם־שול.

ביי זיין איצטיקן באזוך אין לאנד איז ה' בראָנ־פמאַן באַגלייט געוואָרן מיט פאַרערונג. ער איז אויפגענומען געוואָרן דורכן כב' נשיא המדינה, דעם ראש הממשלה און פּערזענלעכקייטן. א זוא־רעמען קבלת פּנים האָט אים איינגעאָרדנט דער יידישער וועלט קאָנגרעס אין ישראל, וואָס איז פאָרגעקומען אין „בית הסופר אויפן נאָמען פון טשערניחובסקי".

# אברהם ס. קיי, דער ערשטער ערן־בירגער פון נהריה / וואַשינגטאָן

ל"ג בעומר תשכ"א האָט נהריה באַקומען דעם סטאַטוס פון אַ שטאָט, די 25־טע שטאָט פון מדינת ישראל.



נהריה איז אַ טיפּיש שטעטל מיט אַן אייגנאַרטיקן סטיל און חן.

די שטאָט ליגט ביים ים־ברעג, אַרויסגערוקט אויף צפון מערב. די קילע ווינטן, וואָס רייסן זיך פון די חרמון־בערג, דערפרישן פלאַנץ און מענטש. נהריה איז געבויט געוואָרן דורך דייטשע יידן. מיט 25 יאָר צוריק האָבן זיך דאָרטן באַזעצט די ערשטע אַנטרינענע יידן פון נאַצי־דייטשלאַנד.

אַז מ׳קומט פון רוישיקן תל אביב, וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן דאָס „שטילע לעבן", די אידיליע, וואָס שוועבט אין יעדן ווינקעלע. די שטאָט איז איינגעהילט אין גרינס. עס שמעקט מיט בלומען און יונגע סאָסנע־וועלדלעך, צווישן וועלכע ס׳זענען איינגעראַמט די הייזלעך, ווי קאָלירטע שטיינדלעך אין גאָלדענע רינגען. די פּנימער פון די תושבים זענען רואיקע, מילדע, מיטן אויסדרוק פון „השמח בחלקו" — דער כאַראַקטער־שטריך פונעם גליל־מענטש.

היינט איז די שטאָט אויסגעצירט מיט פענער און בלומען־קרענץ. דאָס פּראַוועט נהריה די זיל־בערנע חתונה פון איר עקסיסטענץ. ה׳ אויערבאַך, דער סעקרעטאַר פון דער עיריה פאַרבעט מיך אויף דער דריי־פאַכיקער פייערלעכקייט:

א) 25 יאָר זינט דער גרינדונג פון נהריה.

ב) נהריה ווערט היינט די 25־טע שטאָט אין דער מדינה.

ג) ס׳קומט פאָר די פייערלעכע צערעמאָניע פון דערטיילן די ערן־בירגערשאַפט פון דער שטאָט צו מר אברהם ס. קיי, דעם נדבן און באַקאַנטן ציוניסטישן עסקן פון וואַשינגטאָן, און צו די משפחות פון די גרינדער פון נהריה די פּרויען: לוי, רייך און מאיר.

כ׳בין אַוועק אין דרום־טייל פון דער שטאָט, ווו ס׳דאַרפן פאָרקומען די פייערלעכקייטן. אין נהריה גלוסט זיך ניט דורכצולויפן די גאַסן אין עטלעכע מינוט מיטן אויטאָבוס. עס האָט מיך געצויגן צו שפּאַצירן טריט ביי טריט, אָפּצושטעלן זיך ביי יעדן הויז און ביי יעדער ווילע. ניטאָ דאָ קיין צוויי ענלעכע הייזער. יעדער בעל הבית האָט זיין באַזונדערן געשמאַק און סטיל. יעדער קולטיווירט לויט זיין שטייגער די בלומען־בייטן און וויינשטאָקן. די ערד איז דאָ אַ שוואַרצע. ווי הינטער קראָקע און ווילנע. טיילמאָל דוכט זיך דיר אויס, אַז די בעלי הבתים פון אַט־די הייזער זענען אַנטלאָפן צוזאַמען מיט דער ערד פון זייערע אַלטע היימען. זיי האָבן מיטגענומען די ברכה פון דער ערד און זי צוריק אויסגעשפּרייט ביים מזרח ברעג פונעם מיטל־לענדישן ים, אונטער דער גליענדיקער זון פון די ישראל־הימלען. דעריבער בליט דאָ אַזוי זאַט דער וויינשטאָק, דערפאַר האָבן אין זיך אַזויפיל לעבן די רויזן, פּאָליאַנקעס און גליאַדיאָלעס, און עס

שימערירן מיט געזונטער גרינקייט די בלעטער פון יעדן בוים.

אזוי טראַכטענדיק בין איך אָנגעקומען אין אַ באַזונדערס שיינעם קוואַרטאַל „שדרות אברהם קיי״. צוויי רייען ווייסבלויע פענער פירן מיך אין אַ געדיכטער ביימער־אַלייע, ביז כ׳קום אָן צו אַ פּרעכטיקן פּאַרק. פאַרן אַריינגאַנג איז אויסגעקריצט מיט באַגילדערטע אותיות:

## בית א. ס. קיי
## מוסד הבראה לנכי מלחמת השחרור וצה״ל
## THE A. S. KAY FOUNDATION
### Convalescence Center for Disabled War Veterans

ווען כ׳בין אַריינגעקומען אינעווייניק, איז מיין אויג פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פּרעכטיקער לאַנד־שאַפט. אַ צענדליק ניי־מאָדערנע געביידעס זענען פונאַנדערגעוואָרפן איבער אַ גרויסן שטח, ווי אויף אַ גרינעם טעפּיך, אויסגעהאַפּטן מיט קוסטעס בלומען. אַרום די פּאַוויליאָנען שטייען יונגע ביימער, גלייכע, אויסגעשטראַמטע, ווי זעלנער ביים פּרעזענ־טירן דאָס געווער. אַ שפע וואַסער שפּריצט פון פאָנטאַנען אין אַלע זייטן. ווו נאָר דאָס אויג זעט, באַשאָטענען קיילעכדיקע קאָלירטע שירעמס אויס־געסדרטע טישלעך מיט וויג־שטולן.

דאָס איז דאָס אַפּרו־הויז פון אייב קיי, פאַר קריגס־אינוואַלידן און יידישע סאָלדאַטן. — „דאָס אַלץ, וואָס איר זעט דאָ אַרום — זאָגט צו מיר ד״ר בלום פון דער עיריה — איז אויסגעבויט פאַרן געלט פון אָט דעם ליבן יידן״, דערביי ווייזט מען מיר אָן אויף אַ גרויסן פּאָרטרעט פון אַן ענערגישן מענטשן מיט גוטמוטיקע קאַרשן־אויגן, וואָס קוקט אַראָפּ פון דער וואַנט אינעם עלעגאַנטן אויפנעם־זאַל.

אַ ביסל שפּעטער האָט מען אונדז פאַרבעטן אינעם גרויסן עס־זאַל. אויף דעם סערווירטן טיש, וואָס בלענדט מיט ווייסקייט, איז צוגעגרייט פאַר יעדן גאַסט אַ רויטע רויז. לעבן מיר זיצן דער קאָנסול פון בורמאַ מיט זיין פרוי. זיי זענען געקליידט אין נאַציאָנאַלן טראַכט. די בורמעזער געסט זענען פאַר־טראַכט. זייערע אויגן זענען אַריינגעטאָן אין די רויטע רויזן. ערשט מיט עטלעכע מינוט פריער האָבן זיי גערעדט מיטן בעל אכסניה, מיט מיסטער קיי. ווי איז דאָס מעגלעך, אַז איין מענטש זאָל וועלן אַוועקשענקען אַזאַ פאַרמעגן? דאָס קאָן אפשר געשען נאָר אין דער קליינטשינקער יונגער מדינה ישראל. אין זייער לאַנד — בורמאַ זענען אַזעלכע פאַלן ניט בנמצא... זייערע אויגן זענען איצטער געווענדעט צום פּרעזידיום־טיש. דעם קאָנסולס פרוי האַלט פעסט דאָס רויטע בלימל אין האַנט. איך דערלאַנג איר אויך מיין בלימל. נאָך מיר טאָן עס אויך אַנדערע טיש־שכנים. זי נעמט אַלע בלומען און פלעכט זיי איין אין אירע שוואַרץ־גלאַנציקע האָר, און אין אירע אויגן גלאַנצט אויף אַ פלעמל, ווי זי וואָלט וועלן זאָגן: „וויפל וויין כ׳האָב דאָ געטרונקען וועל איך געוויס פאַרגעסן, אָבער נהריה׳ס יום־טוב וועט בלייבן אין מיין זכרון, ווי די לעבעדיקע בלומען אין מיינע האָר״...

און ס׳ווערט שטיל. איבערן זאָל טראָגט זיך די פעסטע שטימע פון שר הפנים מר משה חיים שפּירא, וועלכער לייענט דעם באַשלוס, וואָס אַנער־קענט די מושבה נהריה אַלס שטאָט און רופט אָפיציעל אָן מר גרשון טאַץ — ראש העיר.

דער נייער ראש העיר דערקלערט, אַז דער ערשטער באַשלוס פון דער עיריה איז צו דערטיילן ערן־בירגערשאַפט צו די משפחות פון די ערשטע גרינדער פון נהריה און צום בעל הבית פון דער דאָזיקער ווירטשאַפט, דעם גרויסן יידן און וואַרע־מען ציוניסט, וואָס איז באַקאַנט אין וואַשינגטאָן, ווי אַ מוסטער־ייד, וואָס שטרעבט צו פאַרבינדן די תפוצות מיט מדינת ישראל, — מר אברהם ס. קיי, וועלכער האָט אַלע בנינים איבערגעגעבן דעם משרד הבטחון.

דער בירגערמייסטער דערלאַנגט די פּרויען: לוי, רייך און מאיר די דיפּלאָמען פון ערן־בירגער־שאַפט, און דערנאָך ווענדעט ער זיך צו מר קיי. וויקלט אויף אַ מגילה און לייענט אויס דעם טעקסט.

ביים דערלאַנגען די מגילה דעם יובילאַר, שטעלט זיך אויף דער אינערן־מיניסטער און דרוקט די האַנט פון מר קיי און זיין פרוי. די מינוטן זענען איינדרוקספולע. אין קיי׳ס אויג גלאַנצט אויף אַ טרער, ס׳קאָן זיין, אַז די דאָזיקע טרער האָט זיך אין איין קאָלערן, נאָך פון קיי׳ס געבורטסשטעטל ד א ל ה י נ א ו ו, הינטער ווילנע. ס׳איז אַ זעלטענע טרער — אַ טרער פון פרייד! ערשט דאָ לעבן דעם מיטללענדישן ים, אין מערב גליל האָט זי אויפ־

געטויכט מיט אַזויפיל וואַרעמקייט און פרייד. אין נהריה האָט זי באַקומען אַ תיקון...

און אַז מ׳האָט מר קיי געגעבן דאָס וואָרט, ער זאָל עפּעס זאָגן, האָט ער געזאָגט אַזוי:

„כבוד שר הפנים, ראש העיר, כבוד הרב, חשובע געסט, חברים און בירגער פון נהריה!

דערמאַנענדיק זיך מיינע וויכטיקסטע לעבנס־געשעענישן, קאָן איך זיך ניט דערמאָנען אַזאַ שאַפטן פון נהריה, פון אירע אויסערגעוויינלעכע בירגער און פון איר גייסט.

כ׳וואָלט וועלן באַטאָנען עטלעכע פּונקטן: עס איז אַ מאָל געווען אַ געפאַר, אַז איר וועט ניט איינגע־שלאָסן ווערן אין די גרענעצן פון די זעלבסט־פּרוואַלטונגען (המועצות המקומיות) פון מדינת ישראל — איר האָט דאָס גובר געווען.

ווידער איז געווען אַ מלחמה פאַר עקסיסטענץ.



ביים פּרעזידיום טיש אין נהריה.

פון לינקס אויף רעכטס: ממונה על המחוז. שר הפנים מר ח. מ. שפירא. ראש העיר ג. טאַץ. מר א. ס. קיי. מיסיס מינה קיי. מפקח מר מאיר, א.א.

פאַסירונג פון וועלכער כ׳זאָל זיין אַזוי באַגייסטערט און שטאָלץ ווי היינט. איך דענק, אַז דער זכות, וואָס ווערט געגעבן אַ יידן צו באַקומען די ערן־בירגער־שאַפט פון אַ שטאָט אין מדינת ישראל, סימבאָלי־זירט די היסטאָרישע ענדערונג, וואָס איז פאָרגע־קומען אינעם יידישן פאָלק אין די לעצטע יאָרן.

ווען כ׳האָב דאָס ערשטע מאָל באַזוכט נהריה, איז דאָס געווען אַ קליינע קאָלאָניע. כ׳האָב דעמאָלט נישט געחלומ׳ט, אַז זי וועט מיר צוטיילן דעם כבוד צו זיין ערן־בירגער פון נהריה — אַ שטאָט אין ישראל.

ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגן אייער געשיכטע ווער איך באַאיינדרוקט פון די ספּעציפישע אייגנ־

איר זייט געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים בשעת דער באַפרייאונגס־מלחמה, און עס האָט געלויערט די געפאַר, אַז איר זאָלט בלייבן אויסער די גרענעצן פון ישראל — איר האָט אויך דאָס גובר געווען!

ס׳זענען געווען יאָרן פון טריקעניש, מלחמה, שווערע עקאָנאָמישע קריזיסן — איר האָט אויך דאָס אויסגעהאַלטן!

די געשיכטע פון נהריה איז די געשיכטע פון אַ קהילה מיט אַ שטאַרקן ווילן און פעסטע דעציזיעס. די דאָזיקע צוויי מעלות וועלן פאַרזיכערן אייער הצלחה אין דער צוקונפט.

דער בירגערמייסטער איז געווען פריינדלעך צו דערמאָנען מיין ביישטייער צו אייער שטאָט, כ׳בעט

מיר גלויבן, ווען כ׳זאָג, אַז דאָס גרויסע פאַרגעניגן און דער גרויסער כבוד, וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן, מחמת מיין אינטערעס אין אייער שטאָט, איז מיר הייליק און טייער.

עס איז פאַר מיר און פאַר מיין פרוי אַ גרויסע דערהויבונג אָנצונעמען די דאָזיקע באַערונג. איך ווונטש אייך, דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און אירע בירגער, אַלדאָס גוטס און אַ גליקלעכע צוקונפט פון אַנטוויקלונג און פאַרשריט.

און איך ציטיר די ברכה פון דער תורה: „ברוך אתה בעיר וברוך אתה בשדה!״ (געבענטשט זאָלסטו זיין אין שטאָט און געבענטשט זאָלסטו זיין אין פעלד)״.

★ ★ ★

**ווער איז אברהם ס. קיי?**

איבע קיי איז נישט קיין פּנים חדשות אין ישראל, אָבער עס קאָן אויך זיין, אַז אַ סך ישראלים ווייסן ניט וועגן זיינע אויפטוען און אהבת ישראל.

אברהם ס. קיי איז פאַרבונדן מיט מדינת ישראל. ער איז אַ התלהבותדיקער פריינד פון דער יידישער מדינה. אין יאָר 1950 קומט ער דאָס ערשטע מאָל אין לאַנד. ער זעט דעם שווערן קריזיס, אין וועל־כן די יונגע מדינה געפינט זיך, און דאָס גיט אים אַ שטויס צו ענערגישער טעטיקייט. דאָס כאַראַק־טעריסטישע ביי קיי׳ן איז, וואָס ער איז ניט סתם קיין נדבן, נאָר אַן אידעאַליסט, אַ טרוימער. אין די בנינים, וואָס ער האָט אויפגעבויט, לייגט ער אַריין מחשבה און ליבשאַפט.

— פאַרוואָס — פרעג איך — האָט איר גראָד אויפגעשטעלט די אַפּרו־הייזער, פאַר אינוואַלידן פון דער פריייהייטס־מלחמה און צה״ל?

— אַ סך פון מיינע יאָרן — הויבט ער אָן שטיל און סענטימענטאַל — האָב איך געווידמעט ציוניס־טישער טעטיקייט. געאַרבעט פאַר דער הגנה, און ווען די מדינה איז געבאָרן געוואָרן, האָב איך צו מיר געזאָגט: „ס׳איז געקומען דער טאָג צו טאָן עפּעס פאַרן לאַנד״. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערפילט, אַז די נאָענטסטע זענען מיר די קריגס־אינוואַלידן פון דער פרייהייטס־מלחמה. — די, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייערע הענט, פוס, אויגן, צו ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד. זיי זענען געגאַנגען אויף די שלאַכט־פעלדער, דרייסטע, האָפערדיקע און דעצידירטע, מיט אַן אייזערנעם ווילן, מיט פאַרזשאַווערטע ביקסן און געצייילטע קוילן. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט מיטן נצחון, ווי גבורים, אָבער מיט שווערע קערפּערלעכע דעפעקטן. ביי מיר זענען אָט די מענטשן די דירעקטע שעפער פון דער מדינה. זיי האָבן די מדינה געוווּנען!

ס׳קומען אַהער פיל געסט און טוריסטן. מען נעמט זיי שיין אויף. מ׳ווייזט זיי דאָס געשאַפענע, אָבער קיינמאָל שטעלט מען ניט פאַר די געסט פאַר אָט די חברה. דווקא אָט די, וואָס האָבן פאַרקריפּלט און פאַראומערט זייער אייגן לעבן, כדי ס׳זאָל אויפבליען דאָס יידישע לאַנד, זענען אַוועקגעשטעלט אין שאָטן. מען האָט ניט געזאָרגט אויפצושטעלן פאַר זיי קיין שום סאַנאַטאָריום, אָדער רעהאַבילי־טאַציע־אינסטיטוט. ווער האָט אַרויסגעריסן דאָס לאַנד פון די אַראַבישע הענט, אויב ניט די חברה? כ׳האָב געפילט, ווי אַן אימפּעט ציט מיך עפּעס צו טאָן פאַר זיי. איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט. ניט געזשאַלעוועט קיין מי און געלט, אָבער כ׳האָב קיינעם דערוועגן ניט דערציילט. ערשט ווען עטלע־כע וואַשינגטאָנער יידן האָבן באַזוכט נהריה און געזען מיין ווערק איז דער „סוד״ אַרויסגעקומען. דעמאָלט זענען מיינע בני העיר צוגעשטאַנען צו מיר כ׳זאָל דערוועגן עפנטלעך דערציילן. אין מיין נאַטור איז אָבער ניט צו טאָן זאַכן, כדי מען זאָל וועגן זיין ריידן. איך טו דאָס, ווייל איך פיל, אַז די זאַך דאַרף געטאָן ווערן!

— צום וויפלסטן מאָל זייט איר אין לאַנד?

— צום צענטן מאָל.

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק?

— מיין שטאַרקסטער איינדרוק איז, אַז כ׳קום אין אַ יידישער מדינה. איך ווייס אויך ווי אָפּצושאַצן דעם זכות, וואָס אין מיין דור האָב איך דאָס דער־לעבט צו זען, און איך פיל דאָס ממש אויף טריט און שריט: איך גיי אין גאַס און זע, ווי אַ ייד מיט אַ באָרד איז אַ גאַסנקערער, אַ שוכפּוצער. כ׳זע אַ יידישן פּאָליציסט און בריוו־טרעגער. אויף די רושטאַוואַניעס — יידישע מויערער. כּבישים ווערן געפלאַסטערט דורך יידישע הענט. די פעלדער ווערן געאַקערט דורך יידישע בחורים. די ראָלן זענען פאַרטיילט ווי ביי אַנדערע פעלקער. דאָס זעענדיק, שטויס איך פון זיך אָפּ דעם בייזוויליקן שקר, וואָס שונאים האָבן אויסגעטראַכט, אַז יידן טויגן ניט צו פיזיש־פּראָדוקטיווער אַרבעט, און

אודאי ניט צו פירן אַ זעלבסטשטענדיק מלוכה־לעבן. די מיליטערישע דעפּיליאַדע אין יום העצמ־אות וואָס כ׳האָב געזען מיט 10 יאָר צוריק אין ישראל, האָט זיך ביי מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון.

— עס לעבן ביי מיר די זכרונות פון יאָר 1950. אין סאַמע ברען פון דער גרויסער עליה האָב איך באַזוכט די בתי עולים. עס זענען דעמאָלט געקומען צענדליקער טויזנטער יידן פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד. כ׳בין דעמאָלט געווען ביים „שער

גוריונס פאָרשלאַג האָבן מיר דעמאָלט גענומען אויף זיך צו שאַפן אַ האַלבן ביליאָן דאָלאַר, דורך פאַר־קויפן ישראל־באָנדס.

שוין אין 1951 איז פאָרגעקומען דער ערשטער נאַציאָנאַלער מיטינג אין וואַשינגטאָן, וועלכן איך האָב אַדרעסירט, אַלס פאָרזיצער פונעם וואַשינגטאָ־נער קאָמיטעט. עס זענען דעמאָלט געווען בערך 5000 מענטשן מיטן אנטייל פון גב׳ גאָלדע מאיר, און איך בין דעמאָלט געווען דער ערשטער טשער־מאַן פון די באנדס אין וואַשינגטאָן.



די פּאַנאָראַמע פון „בית א. ס. קיי״ — נהריה

עליה״, לעבן חיפה און געזען, ווי זיי קומען אָן מיט קליינע פעקלעך, צעבראָכענע, דערשעפּטע מיט אַ טיפן טרויער אין די אויגן. כ׳האָב אריינגעקוקט אין די איבערגעפּולטע געצעלטן. אין לאַנגע רייען זענען זיי געשטאַנען נאָך אַ ביסל זופּ און אַ שטיקל ברויט. ניט אַלע האָבן גע'האַט אַ העמד איבערצו־בייטן, אָדער וואַרעמע דעקן איינצוהילן.

צוריקפאָרנדיק קיין אַמעריקע האָב איך געטראַכט: ס׳איז דאָ אַ גרויסע אידייע, ס׳איז דאָ פאַר וועמען און פאַר וואָס צו אַרבעטן.

אָבער אין סעפּטעמבער פון זעלבן יאָר בין איך צוריקגערופן געוואָרן קיין ישראל. דוד בן־גוריון האָט דעמאָלט איינגעלאַדן 40 יידישע מנהיגים, און איך בין געווען איינער פון זיי, צו דער אַזוי גערו־פענער „ירושלימער באָנדס־קאָנפערענץ״. לויט בן־

— ווי זעט איר דעם וווּקס פונעם לאַנד, פון יאָר 1950 ביז היינט?

— איך גלויב, אז ישראל האָט אויפגעטאָן מער צו דער בר־מצוה פון איר עקזיסטענץ, ווי אַמעריקע אין די ערשטע 75 יאָר פון איר קיום.

וואָס האָט איר זיך פערזענלעך דערצו בייגע־שטייערט?

— כ׳האָב שוין אינוועסטירט אַ סך געלט אין ישראל, צווישן אנדערן: אין דער „פּאַלעסטיין עקאָנאָמיק קאָרפּאָריישן״, אין „אַמפּל״, אין דעם ערשטן און שענסטן האָטעל „השרון״, וואָס איז אַ מוסטער פון אַ לוקסוס־האָטעל אין מדינת ישראל, אין דער פּאַפּיר־אינדוסטריע און אין אנדערע אונ־טערנעמונגען. איך בין איבערצייגט, אז יעדע אינ־וועסטיציע איז געזונט פאַר דער אנטוויקלונג

פונעם לאַנד. אויסער דעם טו איך מיין אַרבעט אין נהריה. דאָס יאָר בוי איך ווידער צו 18 צימערן, און איך האָף אַז מיט דער צייט וועל איך נאָך וויכטיקעס טאָן.

— צי האָט איר אויך אינוועסטירט אין ירושלים ?

— אויף טריט און שריט הער איך, אַז מען דאַרף אינדוסטריאַליזירן ירושלים. מען רעדט אייך צו דאָרט אויפצובויען אונטערנעמונגען. מיט איין וואָרט מאַכן פון דער עיר הבירה אַן אינדוסטריע־שטאָט, אַ מאַנטשעסטער... איך האָב אָבער אַן אנדער מיינונג אין דער פראַגע. איך וואָלט וועלן, אַז ירושלים זאָל זיך אנטוויקלען אויף גאָר אַן אַנדערן געביט. כ׳וואָלט וועלן, אַז ירושלים זאָל זיין די שטאָט פון קולטור און וויסן, פון אוניווערסיטעטן, ביבליאָטעקן און וויסנשאפטלעכע טעמפלען. זי זאָל הויך טראָגן די פאָן פון „ויצאו גויים לאורך״ (עס זאָלן פעלקער גיין אין דיין ליכט). מדינת ישראל איז נאָר אַ קליין פינטעלע אויף דער וועלט־מאַפּע. די וועלט וועט ניט באַגייסטערט ווערן, ווען אין ירושלים וועלן זיין טויזנט פאַבריקן. אפילו ניט פון גרויסע באַנקן און בירזשעס. מיר מוזן ווייזן דער וועלט עפּעס מער ווי א „ירושלימדיקן מאַנטשעסטער״. אויב אַ יידישן אינזשיניער איז געלונגען זיס צו מאַכן ים־וואַסער — איז עס וויכטיקער פאַר אונדזער שם טוב, ווי הונדערטער פאַבריקן אין ירושלים. דער סוקצעס פון דער ישראל־ראַקעטע „שביט־2״ האָט געמאַכט מער רושם, ווי ס׳וואָלט דערעפנט געוואָרן אַ גרויסע בירזשע אין ישראל׳ס הויפּט־שטאָט. דאַקעגן בין איך אַן אָנהענגער פון בויען אַ מעכטיקע אינדוסטריע אין נגב.

— ווי זעט איר די פּערספּעקטיוון פון מדינת ישראל ?

— ס׳איז אַ ניי לאַנד און דערין אַ ניי פאָלק. דערווייל מענטשן פון 70 מדינות און לשונות. מיר וועלן אָבער דאָ האָבן אַ לאַנד, וואָס וועט זיין אַ מוסטער פאַר דער וועלט. דער ציל דאַרף זיין, אַז אין ישראל זאָלן וווינען 5—4 מיליאָן יידן. ווען דאָס לאַנד וועט האָבן 5 מיליאָן יידן, וועט עס זיך קענען עקאָנאָמיש אויסהאַלטן. מיט צוויי מיליאָן קאָן מען ניט זיין עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיק. דעריבער מוזן יידן פון די תפוצות נאָך שטיצן אַ לאַנגע צייט מדינת ישראל.

★ ★ ★

מר אברהם ס. קיי איז געבאָרן אין שטעטל דאַהינאָוו לעבן ווילנא, דעם 15־טן פעברואר 1899, עלטערן פרץ און בתיה (מוטער פון דער היים לענקין). אַלס 9־יאָריק ייִנגל קומט ער אָן קיין אַמעריקע. עטלעכע יאָר לערנט ער אין דער פאָלקס־שול. פון זיין פריערסטער יוגנט איז ער געווען אַ סאָציאַליסט, געהערט צום אַרבעטער רינג, און גלייכצייטיק טיף אין דער נשמה איז ביי אים פאַרוואָרצלט די ציוניסטישע אידייע. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרעמער אימיגראַנט און ווען אברהמעלע איז אַלט געוואָרן 12 יאָר האָט ער שוין געמוזט גיין אַרבעטן. ער האָט בכלל ניט געוווּסט פון קיין יוגנט, ווייל ער איז געווען פאַרהאָרעוועט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג. אין יענע צייטן איז אין אַמעריקע ניט געווען קיין 8־שעה׳דיקער אַרבעטס־טאָג.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה דינט ער אלס סאָלדאַט אין דער אַמעריקאַנער ארמיי. נאָכן באַפרייען זיך פון מיליטער־דינסט הויבט ער אָן מיט 36 דאָלאַר אין דער קעשענע זיך מאַטעריעל איינצואָרדענען. ער עפנט אַ גראָסערי (שפּייז געוועלב). אין 1920 האָט ער חתונה מיט זיין פרוי מינאַ, און שפּעטער הויבט שוין אָן דער מזל אַ שיין צו טאָן פאַר זיין שוועל. ער פאַרנעמט זיך מיט בוי־ביזנעס און גרינדעט די אין וואַשינגטאָן באַקאַנטע בוי־געזעלשאפט :

Kay Construction Co. Washington, D.C.

אין אַלע עטאַפּן פון זיין לעבן ווידמעט ער זיך געזעלשאפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט, און דער עיקר טוט ער פאַר ישראל. פון 1957 ביז 1960 איז ער דער טשערמאַן פון די באָנדס און דער פּרעזידענט פונעם יונייטער דזשואיש אַפּיל אין וואַשינגטאָן. ער איז דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט צו בויען די נייע שול „עדת ישראל״ אין וואַשינגטאָן און איז טעטיק אין פיל אַנדערע אינסטיטוציעס. זיין לעבנסבאַגלייטערין מיסיס מינאַ דערמוטיקט אים אין זיין פאַרצווייגטער געזעלשאפטלעכער עסקנות. ער רעדט אַ זאַפטיקן ווילנער יידיש. אייב קיי איז אַ פּרעכטיק־יידישע געשטאַלט, אַ גרויסער הומאַניסט מיט אַ וואַרעמען יידישן הארצן, און יש אומרים, אז דאָס איז איינער פון די למד־וואָווניקעס, וואָס לעבט אין וואַשינגטאָן און איז מיט האַרץ און נשמה — אין ירושלים.

# מאקס ברעסלער / שיקאגאָ

**א** רחבות׳דיק געשטאַלט. אַ קוואַל פון וויסן און חכמת ישראל. זיינע אָפענע אויגן קוקן ווייט אין דער צוקונפט. אַז מען הויבט אָן מיט איה רעדן



דערקענט מען באַלד דעם חריף. עס גיט אַ בליץ אויף דער שאַרפער מוח און עס לאַשטשעט די פאַלקסטימלעכקייט פון זיין געבוירן־שטעטל אָס־טראָפּאָליע.

מנחם ברעסלער איז דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. ער געהערט אויך צו די געציילטע פּיאָנערן פון באַנדס־קאַמפּיין. ער איז דער פאָרזיצער פון שיקאַגער באַנדס־קאָמיטעט און וויס־טשערמאַן פונעם אַמעריקאַנער לאַנד־קאָמיטעט. זיין באַליבטע געזעלשאַפט־לעכע אַרבעט איז אָבער חינוך. — „יידישער חינוך איז דאָס וויכטיקסטע, דאָס עיקר־דיקסטע, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ״ — זאָגט דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אַרגאַניזאַציע.

— צי דענקט איר, אַז מיט ענגליש וועלן מיר קענען אָנהאַלטן אַ נאַציאָנאַלע יידישקייט?

— ניין! — ענטפערט מר ברעסלער אַנט־שלאָסן.

— „דאָס נאַציאָנאַלע פּנים פון אַ פאָלק קומט צום אויסדרוק אין זיין אייגענער שפּראַך, און קען ניט איבערגעזעצט ווערן אין אַנדערע שפּראַכן. מ׳מוז לערנען און שטודירן אין דער אַריגינעלער שפּראַך. סיי די שריפטן פון די חז״ל און סיי די ליטעראַטור און געשיכטע פון אונדזער פאָלק מוזן געלערנט ווערן אין דער אייגענער שפּראַך...

— וואָס איז אייער מיינונג וועגן דער ירושלימער באַנדס־קאָנפערענץ?

— די באַנדס־קאָנפערענץ איז געווען זייער אָפּטימיסטיש. זי האָט זיך פאַרנומען מיטן „פולן האַלבן גלאָז וואַסער״... אַן אַרבעטס פּראָגראַם ווי ווייטער אָנצוגייען מיט דער אַרבעט, איז צום באַ־דויערן ניט אָנגענומען געוואָרן.

— צי איז נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער צייט ווען עס עקזיסטירט מדינת ישראל?

— דער ענדציל פון ציוניזם איז נצח ישראל. דאָס אויפשטעלן מדינת ישראל איז נאָר איינער פון די וויכטיקסטע היסטאָרישע מיטלען צום דאָזיקן ציל. כדי אָנצוהאַלטן דעם גייסטיקן קיום פונעם פאָלק, וואָס געפינט זיך אין די תפוצות, איז אומבאַ־דינגט נויטיק צו פאַרשטאַרקן און פאַרפעסטיקן דאָס יידיש־טראַדיציאָנעלע קולטור־לעבן. דאָס מוז געטאָן ווערן דורך אַן אינטענסיוון יידישן חינוך. עס עקזיסטירט איצטער ניט אין אַמעריקע קיין אַנדערע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל טראָגן אויף זיך דעם עול פון יידישער דערציאונג — אַ חוץ די ציוניסטישע. אויפלייזן די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע וואָלט געווען ניט נאָר אַ פאַרלוסט פון שע־פערישע כוחות, נייערט אויך אַ געפאַר פאַר דער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל גופא. אַזוי לאַנג ווי ס׳וועט זיך געפינען אין ייד אין דער וועלט, וועלכער לעבט ניט אין פרייהייט און גלייכהייט מיט אַנדערע — אַזוי לאַנג וועט דער ציוניזם דאַרפן עקזיסטירן און זיין אַקטיוו.

# אירא גילדין / ניו יאָרק



„ווער עס וויל דעם כוח פון לייב זען — זאָל אין זיין הייל גיין“ — זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל — און ווער עס וויל דערקענען מיסטער אירא גילדין זאָל גיין אין קרית נוער אין ירושלים, זען זיין ווערק, באַוואונדערן, וואָס מ׳קען מיט ענערגיע און גוטסקייט אויפטון.

ווען כ׳האָב אין תל אביב באַקענט מר אירא גילדין, דעם פּרעזידענט פון קרית נוער — האָב איך פאַר זיך געזען אַ שיינעם און ענערגישן מענטשן אין די מיטל־יאָרן, מיט קלוגע און דורכדרינגלעכע אויגן. ער נעמט איך אויף מיט אַן אַנגענעמעם שמייכל. ער דרוקט פריינדלעך אייער האַנט און אין יעדן זשעסט, אין יעדער באַוועגונג זיינער דערקענט איר דעם גוט דערצויגענעם מענטשן מיט מידות טובות. נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָ אין תל אביב האָט ער זייער ווייניק צייט, גייט ער גערן מיט אייך אריין אין א שמועס. בעת׳ן געשפרעך פילט איר נישט קיין שום סימן פון מיליאָנערישער גאווה. ער פירט זיך אויף מיט פשטות און טאַקט. רעדט קלאָר און רעאַל מיט דער כאַראַקטעריסטישער זעלבסטווירדע פון אַן אַמעריקאַן־געבוירענעם יידן. ערשט ווען מ׳קומט אין קרית נוער אין ירושלים, ווען איר באַזוכט די ישיבות, מלאכה־ווארשטאַטן און וווין־הייזער פון די תלמידים אינעם יוגנט־שטעטל קרית נוער דערזעט איר, אז ער איז גאָר אַן אנדערער מענטש. איר דערשפירט אין אים א שטאַרקע פערזענלעכקייט. עס וואקסט פאַר אייך אויס אַ גרויסע יידישע געשטאַלט, און ס׳ווערט קלאָר, אז ניט קיין מיליאָנער האָט איר באַקענט, נייערט א הומאניסט, וועלכער גיט זיך אָפּ בלב ונפש פאַר דער רעליגיעזער יוגנט אין ישראל.

מר אירא גילדין האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אויפצובויען אַ יוגנט שטעטל אין ירושלים און געגעבן פאר דעם צוועק איין מיליאָן דאָלאר. ער האָט אויך איבערגענומען די זאָרג פאַר דער אנטוויקלונג פון דעם תורה־און מלאכה־צענטער.

קרית נוער שטייט אויף א בארג אקעגנאיבער די נייע בנינים פון דעם אוניווערסיטעט אין ירושלים. ס׳איז קיין ספק ניט, אז אין דער נאָענסטער צוקונפט וועט קרית נוער זיין א גייסטיק־רעליגיעזער צענטער, דער גרעסטער אין ירושלים. עס ווערן דאָרט אויפגעבויט ישיבות און רעליגיעזע אינסטיטוציעס. דער אמעריקאַנער קאָמיטעט פון קרית נוער האָט אָפּגעקויפט גרעסערע שטחים לאנד און וועט אויסבויען נייע בנינים. עס איז שוין דאָרטן טעטיק א גרויסע ישיבה־גימנאזיע „מרום ציון“, לערן־ווארשטאַטן פאַר טישלעריי, מעכאניק, דרוקעריי און ליטאגראפיע. אָבער צוגלייך מיטן פאך, לערנט מען אויך תורה. עס זעט אויס ווי עס וואָלט מצד דער הנהלה געווען א דעוויז: „א שוסטער קען יעדער ווערן, אָבער פארבונדן שוסטעריי מיט א בלאַט גמרא — איז ניט אזוי איינפאך!“. כדי דאָס צו דערגרייכן מוז מען ממשיך זיין די אידעע פון ר׳ יוחנן הסנדלר — פאַרבונדן תורה מיט מלאכה.

# ד״ר ישראל גאָלדשטיין / ניו יאָרק — ירושלים

קיין שום מגבית-קאמפּאַניע האָט נישט געקענט געבן אַזאַ גרויסן דערפאָלג, ווי עס איז דערגרייכט געוואָרן מיט ד״ר ישראל גאָלדשטיינס באַזעצן זיך אין ירושלים.



ראַביי ד״ר ישראל גאָלדשטיין, דער גייסטיקער מנהיג פון אַמעריקאַנער יידנטום, איז אַ טיפער דענקער און רעליגיעזער אויטאָריטעט. ער האָט ליב אַרויסצוציען מסקנות פון יידיש-היסטאָרישע פּאַר-גלייכן. אין זיין גייסטרייכן אַרטיקל צו די פייע-רונגען פון צעניאָריקן יובילעאום פון מדינת ישראל שרייבט ד״ר גאָלדשטיין:

„אַ סך דורות פריער ידי די מערב-קולטור האָט געוווסט וועגן דער צענדליק-שיטה האָט דאָס דינאַמישע יידנטום זיך איינגעלעבט מיט דער צאָל צען. מיר האָבן די עשרת הדברות. אַ מנין ביי יידן איז 10. צען דורות פון אדם הראשון ביז נח׳ן. די מכות וואָס פרעה האָט באַקומען זענען געווען צען״.

„איצטער פייערן יידן פון דער גאַנצער וועלט די צאָל 10, זינט דער עקסיסטענץ פון מדינת ישראל״.

פון דעם ציטאט קאָן מען דערגיין. אז ער שעפּט זיין גייסטיקע יניקה פון אונדזער אַלטן קוואַל.

ד״ר גאָלדשטיין איז געקומען קיין ירושלים ממשיך צו זיין די אַרבעט, אין וועלכער ער איז זיין גאַנץ לעבן אַריינגעטאָן — העלפן בויען ישראל. ער פאַרנעמט דעם פּאָסטן פון גענעראַל דירעקטאָר פון קרן היסוד. זיין אַרבעט איז נישט קיין לייכטע. במשך פון יאָר קומט אים אויס אויפצונעמען הונ-דערטער דעלעגאַציעס און טויזנטער יידישע עסקַ-נים-געסט, וואָס באַזוכן דאָס לאַנד. ד״ר גאָלדשטיין האָט פאַר אַלע צייט. פאַר יעדן האָט ער אַ גוט וואָרט, און ווען איר שמועסט מיט די מענטשן איז יעדער צופרידן און גליקלעך פון זיין צוזאַמענ-טרעף מיטן רעליגיעז-גייסטיקן דערציער פון צוויי דורות אַמעריקאַנער יידן — ראַביי ד״ר ישראל גאָלדשטיין.

וועגן ירושלים פון דוד המלך׳ס צייטן שטייט געשריבן: „לא אמר איש צר לי המקום שאלון בירושלים״. וועגן ירושלים פון מדינת ישראל קאָן קיין געלערנטער נישט זאָגן אַז עס איז אים גייסטיק ענג אין ירושלים. אונדזער הויפּט-שטאָט איז גע-וואָרן אַ גייסטיקער צענטער מיט וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אן אינטעלעקטועלער סביבה. אין ירושלים פון היינט, וווינען אַ סך געלערנטע, רעלי-גיעזע ווי וויסנשאַפטלער, רבנים, פּראָפעסאָרן און שריפטשטעלער. אָבער וועגן ד״ר גאָלדשטיין קאָן מען זאָגן, אַז ער איז נישט פאַרשלינגען גע-וואָרן צווישן ירושלים׳ס אויטאָריטעטן. מען זעט אים אַרויס. זיין נאָמען איז פּאָפּולער און זיין באַציאונג צו מענטשן איז אַ מוסטערהאַפטע. אין אַ סך פאַלן איז מען עולה רגל קיין ירושלים כדי צו זען ד״ר גאָלדשטיין, שטיין אין זיינע ד׳ אמות און הערן זיינע רייד. דאָס איז די גרויסע גייסטיקע מתנה וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט אונדז געגעבן, און ווי געזאָגט איז זי ביי אונדז טייערער ווי די גרעסטע דערפאָלגן פון מגבית.

יהי רצון, אַז אַ סך פון זיינס גלייכן זאָלן גיין אין זיינע וועגן, און ביים סאַמען שפּיץ פון זייער קאַר-יערע זאָלן זיי עולה זיין קיין ירושלים.

טשילע איז אַ לאַנד, וואָס איר שטח איז 35 מאָל גרעסער פון מדינת ישראל. די באַפעלקערונג ציילט 7 מיליאָן. יידן זענען פאַראַן 35 טויזנט, פון וועלכע 30 טויזנט וווינען אין דער הויפּט־שטאָט



עדיט און ישראל פּאָלאַק

סאַנטיאַגאָ.

אין יאָר 1960 האָט דאָס לאַנד געליטן פון גרויסע נאַטור־קאַטאַסטראָפעס. אין מדינת ישראל זענען די דאָזיקע טרויעריקע ידיעות אויפגענומען געוואָרן מיט מיטגעפיל צום טשילענער פאָלק.

אינעם לאַנד האָט געוויילט מר ישראל פּאָלאַק, דער פּרעזידענט פון דער פאַראייניקטער ציוניסטישער פעדעראַציע אין טשילע, מיט וועמען מיר האָבן געשמועסט וועגן דאָרטיקן יידישן לעבן.

ווען איר רעדט מיט מר פּאָלאַק, דערפילט איר דיקן רוח החיים. ער שטאַמט פון א פרום־חסידיש גלייך אין אים דעם וואַרעמען יידן מיטן התלהבות'־הויז פון בוקאָווינע. שוין אין זיין יוגנט איז ער גע־ווען דער אידייען-מענטש און ווידמעט זיך קולטור־נאַציאָנאַלער טעטיקייט. דער „וויטער שפּרונג״, פון טשערנאָוויץ ביז סאַנטיאַגאָ, האָט אים נישט געשטערט ממשיך צו זיין זיינע אידייען. נאָך מער, אין טשילע, ווו דאָס יידישע לעבן האָט נישט דעם גלאַנץ ווי אין דער אַלטער היים — ווידמעט ער זיך נאָך מער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און דער עיקר דער אַרבעט, וואָס דאַרף געטון ווערן צו פאַר־שטאַרקן די בריק מיט מדינת ישראל.

און כאָטש מר ישראל פּאָלאַק איז איצט געוואָרן אַ בן־חמישים, איז ער אָבער אין גייסט און ענער־גיע פול מיט יוגנט־כוח. עס שפּרודלט פון אים אַ זעלטענער ראָ־מאַנטיזם, באַגלייט מיט טרוים און גלויבן. ער גלויבט, אַז דאָס יידי־שע פאָלק אין די תפוצות איז אויף אייביק פאַרקנופּט און פאַרבונדן מיט דער מדינה און אירע תוש־בים, און האָט געניג קראַפט צו זיין דער אָנשפּאַר אין אַלע עווענ־טועלע עטאַפּן, וואָס מדינת ישראל וועט אויסקומען דורכצומאַכן. ווי־דער טרוימט ער וועגן די גרויסע ליכטער, וואָס דער גייסטיקער יש־ראל־צענטער וועט אָנצינדן און באַלייכטן סיי די יידישע תפוצות און סיי די קולטורעלע וועלט.

אָבער אויסער דער גייסטיקער השפּעה, איז אויך נויטיק, אַז יידן זאָלן זיין מאַטעריעל פאַרבונדן מיט דער מדינה. ווייזט טאַקע מר פּאָלאַק א מוסטער און בויט אויס א גרויסע וואָל-פאַבריק אין ישראל.

די ערשטע זאָרג, וואָס דער פּרעזידענט פון דער טשילענער ציוניסטישער פעדעראַציע האָט אויסגעדריקט — איז געווען דאָס פּראָבלעם, וואָס נאָר 25 פּראָצענט פון דער טשילענער יידישער יוגנט אין יידישע שולן.

מר פּאָלאַק איז אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן ווי־לן, מיט זיין ענערגיע פאַר געזעלשאַפטלעכער טע־טיקייט האָט ער געשאַפן נוצלעך־קולטורעלע אינ־סטיטוציעס. זינט ער איז אריינגעטראָטן אין ועד החינוך, ווו ער איז געווען אַ סך יאָרן דער פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציעס — איז דאָרט אויסגעבויט געוואָרן אַ פּראַכטפולער שול-בנין פאַר

1200 טשילענער יידישע קינדער. אין דער ציוניס־טישער באוועגונג און אירע אָפּצווייגן האָט ער אריינגעהויכט א נייעם גייסט, דעם גייסט פון שטעלן דעם טראָפּ פון ציוניסטישער טעטיקייט אויף חינוך, און פאַראינטערעסירן די יוגנט מיט אונד־זערע קולטור אוצרות.

ווי מיר דערוויסן זיך פון א פראמינענטן טשי־לענער שריפטשטעלער, האָט מר פאָלאַק גרויסע פארדינסטן אויפן געביט פון העלפן ארויסגעבן ביכער פון יידישע שרייבער.

אויף אַ פייערלעכקייט אין סאַנטיאַגאָ האָט ער זיך אַזוי אויסגעדרוקט: „אין מדינת ישראל בויט זיך א געזעלשאפט אויף יסודות פון יידישער עטיק און מענטשלעכן יושר. אין דעם לאַנד וועט איר קאָנען שטילן דעם דורשט נאָך אייביקע אמת׳ן, דאָרט, ביי דעם קוואל, ווו די דאָזיקע באגריפן זענען אַנטדעקט געוואָרן״.

די שענסטע און נישט־געדרוקטע „וויזיט קאַרטע״ וואָס מיר געפעלט ביי מר פאָלאַק איז, וואָס אין ישראל, אין די קינסטלעריש־שעפערישע קרייזן אין ישראל קאָן מען זיין נאָמען ווי א שעפערישן סינאָ־נים. ער ווערט אויך געשעצט דורך די העכסטע אויטאריטעטן פון מדינת ישראל. מר פאָלאַק איז אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה פרעזידענט, צוזאמען מיט פיאָנערן און וותיקים פון דער ציוי־ניסטישער באוועגונג.

אינעם וויטערדיקן שמועס, דערציילט אונדז דער חשובער עסקן, אז אין סאנטיאַגאָ עקסיסטירן דריי באזונדערע קהילות: א קהילה פון דייטשע יידן, ספרדישע און מזרח־איראָפּעאישע. אָבער אין דער ציוניסטישער פעדעראציע זענען אלע פאראייניקט. די ציוניסטישע פעדעראציע אין טשילע איז איינע פון די זעלטענע פעדעראציעס אין דער יידישער וועלט, וועלכע איז די צענטראלע אינסטיטוציע פונעם דאָרטיקן ישוב. עס ווערן איצט געפירט פאַרהאנדלונגען צו פאראייניקן די באזונדערע קה־לות אין איין קערפערשאפט.

מיר שטעלן דעם חשובן עסקן עטלעכע פראַגן:

— צום וויפלסטן מאָל זענט איר אין לאַנד?

— צום 4־טן מאָל.

— וואָס פאַרע אונטערשייד זעט איר אין פארגלייך מיט אייערע פריערדיקע באזוכן? —

— אויסער דעם אויפבוי, וואָס מ׳זעט אין יעדן ווינקעלע פונעם לאַנד — אינטערעסירט מיך אַן אנדערער אספעקט. איך באמערק איצט א זייער פאזיטיווע דערשיינונג אין עקאָנאָמישן מצב און אין דער פסיכאָלאָגיע פון די תושבים. ווען איך בין דאָ געווען אין יאָר 1957 האָב איך באמערקט, ווי מענטשן פילן זיך עקאָנאָמיש נישט זיכער. פיל האָבן געטראַכט וועגן פארלאָזן דאָס לאַנד. אויף דעם געביט איז אריינגעטראָטן א פארבעסערונג. דער מיטלקלאס לעבט אפשר דאָ בעסער, ווי די זעלבע שיכט אין די אמעריקאַן־לאטייניש לענדער.

— וואָס פאַרע אויפגאַבע האָט איר בעת אייער איצטיקן באזוך אינעם לאַנד?

— אין המשך מיט די פארהאנדלונגען, וואָס מיר האָבן געפירט מיטן האנדלס־מיניסטער מר ס א־פ י ר, בעת זיין באזוך אין טשילע וועגן אינוועסטי־ציעס אין מדינת ישראל — בין איך איצט געקומען בראש פון א פינאנסיעלער גרופּע, וואָס איז גרייט איינוועסטירן גרעסערע קאַפּיטאלן אין ישראל. איך פון מיין זייט וועל נישט שפּאָרן קיין מי די טראַנזאקציע דורכצופירן. דער ציל איז — העלפן עקאָנאָמיש אויפבויען די מדינה. (מר ישראל פאָלאַק איז איינער פון די באדייטנסטע אינדוסטריעלער אין טשילע).

— וואָס זאָגט איר וועגן יידיש אין ישראל?

— אין ישראל הער איך יידיש אויף טריט און שריט. אין קיין שום אנדער לאַנד איז דאָס נישטאָ. מען דאַרף זיך אבער נישט פאַרלאָזן, אָדער פאַר־לאַנגען, אז די רעגירונג זאָל זיך זאָרגן פאַר יידיש... בעסער וואָלט געווען, אז די חובבי־יידיש זאָלן פארשטיין, אַז מיט פריוואַטער איניציאַטיוו קאָן מען אויך עפּעס אויפטון פאר מאַמע לשון...

— וואָס איז אייער שטארקסטער איינדרוק?

— מיין שטארקסטער איינדרוק איז דער קי־בוץ; זיינע מענטשע, מיט זייער אידעאליזם און לעבנס־פילאזאפיע. אַזאַ פאָלקס־שיינע ווירטשאפט און סאָציאלער שיכט, וועט איר נישט געפינען אין דער גאנצער וועלט.

מר ישראל פאָלאַק מיט זיין לעבנס־באַגלייטערין פרוי עדיט זענען דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן: אין בית הנשיא אין ירושלים, דורכן ראש הממשלה ד. בן־גוריון, דורך דער אויסערן מיניסטאָרין גב׳ גאָלדע מאיר, דורכן מיניסטער, סאַפיר, ד״ר נחום גאָלדמאַן, זלמן שזר און דורך פיל פערזענלעכקייטן און פריינט.

## ברוכים הבאים!

# ד״ר משה שטיינברוך

ד״ר משה שטיינברוך, דער ענערגישער עסקן פון בראַזיליאַנער יידנטום איז פון פאַך אַן אַדוואָקאַט אבער זיין נשמה איז אַ דיכטערישע. דערמיט, וואָס



ער האָט אַן אָפן אויג פאַר הומאַניטאַרע שיינקייט, און דער עיקר פאַר דעם גרויסן געזאַנג וואָס ער טראָגט אין זיך — אהבת מענטש אין אהבת ישראל.

ער איז אַ געבאָרענער אין בראַזיל. ער זעט אויס ווי אין די בליאָונגס־יאָרן. צוזאַמען מיט זיין אייגן לעבן באַגלייטן אים אידעאַלן לטובת דער געזעלשאַפט און מיט זיין ענערגיע און שטאַרקן ווילן ווערן זיי רעאַליזירט לטובת פאָלק און לאַנד.

פון זיין פריערסטער יוגנט אָן איז ער אַן איבערגעגעבענער ציוניסט. דער נס פון מדינת ישראל האָט אים נאָך מער געשטאַרקט און באַפליגלט און ער דערפילט אין זיין אידיי אַ באַטייט, אַ זינען פון דער נייער צייט.

עס איז כדאי צו דערמאָנען איינע פון זיינע גרויסע רעדעס אין דער צייט פונעם געבורט פון מדינת ישראל. ער האָט דעמאָלט גערעדט אויף אַ מאַסן פאַרזאַמלונג אין בראַזילס הויפּט־שטאָט — ריאָ דע זשאַניירא. דאָס איז געווען אַ רעדע פון אַ פאָן־טרעגער, וואָס איז דערגאַנגען צו זיין ציל. אין זיינע רייד האָט אָפּגעהילכט אי דער טאָן פון אַ שטאָלצן יידן אי דער גלויבן פון נצח ישראל! אין זיינע ווערטער האָט זיך געפילט שטורעם, אָבער דאָס איז נישט געווען דער שטורעם, וואָס רייסט ביימער פון די וואָרצלען, נייערט די קראַפט וואָס ברענגט מיט זיך אַ ברכה־רעגן אויף די פעלדער פון ישראל...

— איך האָב נישט ליב די פאַרטיי ארומרייסעניש אין דער ציוניסטישער מחנה — זאָגט צו מיר ד״ר שטיינברוך — איך שטרעב תמיד צו דער סאַמע אידיי — דער ציל דאַרף זיין ציוניזם לשם ציוניזם, וואָס ביים היינטיקן טאָג מיינט דאָס: דערציען אַ יידיש דור און העלפן מדינת ישראל.

דאָס פּראָבלעם פון אונדזער יוגנט אין די תפוצות, איז דאָס עיקרדיקסטע, דאָס יסודות׳דיקע, וואָס וועט געוויס לייגן דעם חותם פאַרן פאָלק ישראל אין דער נאָענסטער צוקונפט — מיט אַ־די געדאַנקען טראָגט זיך אַרום דער דאָזיקער עסקן. — מען זעט בולט, ווי די יוגנט גייט אוועק. די גאַס איז נישט גינסטיק פאַר יידישקייט און מען מוז אַלץ טאָן כדי צו דערציען אונדזער יוגנט אין דער היים.

אָט די געדאַנקען זענען געווען דער אָנשפּאַר פאַר ד״ר שטיינברוך, וועלכער האָט צוזאַמען מיט טעלעכע עסקנים געשאַפן אַ קאָמיטעט און געלייגט די יסודות פאַר אויפבויען אַ יידישע גימנאַזיע אין פּאָרטאָ אַלעגרע.

די איניציאַטאָרן און בויער האָבן די גימנאַזיע געשאַפן נישט מיטן ציל צו באַרימען זיך מיט אַ פּרעכטיקער געביידע, נייערט אלס מיטל צום ציל — אריינצוציען און דערציען אַ יידיש באַוווסטזיניקע יוגנט, דער רעזערוואַר פון יידיש פאָלק אין די תפוצות.

מיר וועלן פאַרמינערן אליין צו רעדן וועגן דער שיינער דערגרייכונג און בעסער ציטירן די מיינונג פון אַ דאָרטיקן פּובליציסט:

„דריי יאָר, בערך האָט געדויערט דאָס בויען און אויספאַרטיקן דעם פּרעכטיקן 4־שטאָקיקן בנין פאַר דער „יידיש־בראַזיליאַנער גימנאַזיע".

ד״ר משה שטיינברוך, פּרעזידענט פון דער בוי־קאָמיסיע, אידעאָליזאַטאָר און קאָאָרדינאַטאָר פון דער אַרבעט האָט מיט זיין אייזערנעם ווילן און ענער־גיע, ציל־באַוווסטזיניקייט און געשיקטקייט, ממש איבעראַשט דעם יידישן ישוב איבערן גאַנצן לאַנד. איבעראַשט יידן און נישט יידן, מיט מעשים ממש. מיט טאַט האָט ער באַוויזן דאָס, וואָס פּריוואַטע

אינציאַטיוו איז עלול צו רעאַליזירן, אין אַ קורצער צייט און מיט א מינימום פון אויסגאבן. ווי זאָגן אונדזערע חז״ל: „כל שמעשיו מרובין מחכמתו, חכמתו מתקימת״. די תורה און חכמה פון טייערן פריינט משה שטיינברוך האָט א קיום, ווייל זיינע מעשים טובים גייען האנט ביי האנט מיט זיין חכמה און זיין תורה.

שטייט דער פּרעקטיקער בנין אויסגעפּארטיקט און באשיינט איינע פון די הויפּט־גאסן פון פּארטא



די יידיש־בראזילאנער גימנאזיע אין פארטא אַלעגרע

אלעגרע און פילט אן מיט שטאָלץ יעדן יידן און נישט יידן.

צום גליק און זיכערקייט פאַר דער גימנאַזיע אין איר צוקונפט, האָט ד״ר משה שטיינברוך נאָכגעגעבן דעם דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג, אנצונעמען דעם פּרעזידענטן־שטול פון דער גימנאַזיע און איז אויסגערופן געוואָרן אלס איר ערשטער פּרעזידענט. די אלגעמיינע פאַרזאַמלונג און דער גאנצער ישוב האָט אים עפנטלעך אויסגעדרוקט אַ הייסן דאנק, און בלייבט מיט דער האָפענונג, אז דאָס פּראָבלעם פון חנוך איז געלייזט אין פּאָרטאַ אלעגרע״. „אידישע צייטונג״, 2־טן מערץ 1956

מיר שטעלן דעם חשובן גאסט עטלעכע פראגן:

— וואָס פאַר אן איינדרוק האָט געמאכט אויף אייך דאָס לאַנד?

— מיינע איינדרוקן זענען די בעסטע. איך באוונדער דעם אויפבוי פון ישראל, קענענדיק די אומשטענדן און געראנגל צו שאפן דאָס, וואָס ס׳איז דאָ. כ׳וואָלט געקענט אָנווייזן א סך נעגאַטיוועס אויך — אָבער סתם קריטיקירן האָב איך נישט ליב, ווייל מען דאַרף נעמען אין אַכט די אומשטענדן מיט וועלכע עס האָבן זיך אָנגעשטויסן די רעגירונג און דאָס פאָלק ביים אנטוויקלונגס־פּראָצעס. אין א געוויסן זינען בין איך אפילו באגייסטערט, באגייסטערט דערפאר, ווייל צוקוקענדיק זיך פון דער נאָענט און קאָנסטאנטירנדיק, אז אַ קליין הייפעלע מענטשן האָבן געקענט גובר זיין אזויפיל אראבישע מדינות, אינקלוזיוו די נעגאַטיווע שטעלונג פון דער דעמאָלסדיקער ענגלישער בעווין־רעגירונג — איז דער פאַקט אליין גענוג פאר א פּאָזיטיווער פעסטשטעלונג פון די פאַרדינסטן פונעם ישראל ישוב.

צווייטנס ווען איך האָב מיט אייגענע אויגן געזען, וואָס עס איז אינעם לאַנד געשאַפן געוואָרן אין די לעצטע 8—10 יאָר, איז דאָס אזא מין גרויסער אויפטו, אז עס איז נישטאָ קיין פאַרגלייך אין דער גאנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

פאַר א גרויסן פּלוס האַלט איך אויך די שטימונג פונעם פאָלק אין ישראל. איך באגעגן דאָ מענטשן צופרידענע, פריילעכע מיט א גוטן הומאָר און געהויבענעם קאָפּ. דער ייד פילט זיך שטאָלץ און איז אויף יעדן רוף גרייט מיט א געזונטער האנט צו פאַרטיידיקן די רעכט פון זיין לאַנד.

נאָך עפּעס: מען זעט, אז ישראל פאַרנעמט זיך גרויס אין אלע געביטן. די געביידעס, אינסטיטוציעס, ווערן געבויט מאָדערן, נישט ערגער ווי אין גרויסע לענדער, אָבער צוגעפּאסט צו די לאָקאַלע באַדינגונגען. עס איז צו האָפן, אַז אין גיכן וועט ישראל זיין א מוסטער פאַר דער וועלט און א

# ד״ר איגנאצי גלאַטשטיין

ד״ר איגנאצי גלאטשטיין איז אַ יידישער אַרצט פון ווין. ער האָט זיך באצייטנס געראטעוועט פון די נאצי־רוצחים, און אַנטרינעו געוואָרן קיין פּאַנאַ־



מאַ. דאָרט צייכנט ער זיך אויס מיט זיין געזעל־שאפטלעכער אקטיוויטעט. מ׳האלט אים פאַר דעם לעבעדיקן נערוו פונעם יידיש־קולטורעלן לעבן אין פאַנאַמאַ. מדינת ישראל באזוכט ער צום ערשטן מאָל.

— „וואָס איז אייער שטארקסטער איינדרוק פונעם לאַנד ?״

— איך בין אוועקגעלאָפן פון נאצי־גיהנום, אי־בערגעלאָזט מיין סביבה, מיינע נאָענטע. אַוועק ווייט און ווידער געוואָרן אריינגעצויגן אין א ניי לעבן. כ׳האָב נייע פריינט און נאָענטע, אָבער טיף אין די נשמה־טיפענישן איז דאָך עפעס געווען אפגעריסן... דאָרט איז געווען א שטיק ליידיקייט, עפעס אַ מיסטעריעזער רוים, ווו עס פעלט עפעס, פון וואַנעט עס איז עפעס פארשוואונדן... אין די עטלעכע טעג, וואָס איך בין דאָ אין ישראל, פיל איך, ווי אט דער דאָזיקער ליידיקייער רוים איז ווידער פארפולט געוואָרן. אין די גאסן זע איך די אמאָל היימישע פנימער, כ׳הער די קלאנג פון דער שפראך, עס דוכט מיר אויס, ווי כ׳וואָלט פיל פון דעם ליידיקן רוים צוריקגעווינען... דאָס איז מיין גרעסטע באַפרידיקונג ! כ׳האָב דאָ געפונען א שטיק פון מיין וועלט, וואָס פילט מיר איצט אויס די ליידיקייט... כ׳האָב געפונען דעם ווידערגעבורט פון מיין אייגענעם „איך״. אָט דאָס איז מיין שטאַרקס־טער איינדרוק פונעם לאַנד !

ד״ר גלאטשטיין איז דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך די דירעקציע פון קרן היסוד, קולטור אינסטיטוציעס און פערזענלעכקייטן.

ברוך הבא!

---

### המשך ד״ר שטיינברוך

ערשטקלאסיק לאַנד אינעם מיטעלן מזרח.

— וואָס האָט געמאַכט אויף אייך אַן איינדרוק ?

— די דינאמישקייט און די רעאליטעט ! מען זעט וואָס איז געשאפן געוואָרן. מען זעט ווי אזוי עס ווערט געשאפן, און מען דערפילט די אידיי פון די בויער. אט די פאקטן, וואָס קיינער קען נישט אפלייקענען, זענען דער שטארקסטער איינדרוק פונעם לאַנד.

— ווי איז די שטימונג פון בראזיליאנער יידן צו ישראל ?

די באציאונג פונעם בראזיליאנישן יידישן ישוב צו ישראל איז א ברידערלעכע, א וואַרעמע. אגב ביי דער געלעגנהייט וויל איך איבערגעבן א ווארעמען גרוס פון די יידן פון מיין שטאָט פּאָרטאַ אַלעגרע צום ישוב פון ישראל.

צי איז לויט אייער מיינונג נויטיק די ציוניס־טישע ארגאניזאציע, אין דער צייט, ווען עס עקסיס־טירט מדינת ישראל ?

— איך וואָלט נישט געווען קעגן דעם, אז די ציוניסטישע וועלט־אָרגאניזאציע זאָל פארוואנדלט ווערן אין א פראָ־ישראלישער קערפערשאפט, אָן יעדער פארטיי־פאָרם. עס וואָלט אפשר געווען בעסער און א סגולה צו ליקווידירן די פארטיי ארומרייסענישן פון אינעווייניק אין דער ציוניסטישער מחנה. דאָס וואָלט געפירט דירעקט צום ציל.

ד״ר שטיינברוך איז אינעם לאַנד זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך די דירעקציע פון קרן היסוד, קולטור אינסטיטוציעס, חברים און פריינט.

ברוך הבא!

## ישעיהו ראָט / מעלבורן

אויב עס איז ערגעץ־ווו פאַראַן אַ רעיעסטער, ווו ס'ווערן פאַרשריבן די אַלע, וואָס באַרייזן די וועלט — דאַרף מען הער ישעיהו ראָט (ראָטקאָפּ) און זיין



מר ישעיהו ראָט ביים נשיא המדינה

פרוי רעגינאַ דאָרט פאַרשרייבן. מר ראָט געהערט אָבער נישט צו די, וואָס מאַכן אַזאַ רייזע מיט קפיצת הדרך. זיין רייזע איז נישט אַ רייזע, סתם איבער דער וועלט, נייערט אַרום דער יידישער וועלט.

פון האָנאָלולו ביז שוויץ זוכט ער אומעטום זיך צו באַגעגנען מיט יידישן לעבן. ער שטעלט זיך אָפּ אין די פּאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך, און ווו נויטיק, רופט ער צו אַ יידיש־נאַציאָנאַלן לעבן.

געבוירן אין פּאַביאַניץ (פּוילן), אין אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער פאַמיליע, געלעבט אין ברעסלאו, דער־צויגן אין אַ תקופה פון יידישן רענעסאַנס אין אַ נאַציאָנאַל־יידישער סביבה. פון זיינע דאַמאָלסדיקע חברים רעקרוטירן זיך היינט אַ סך פון אונדזערע וויסנשאַפטלער און פּאָליטיקער.

פון דער אַלטער היים האָט ער מיטגענומען מיט זיך תורה און גוטע מידות און דאָס אויסלעבן זיך אין דער מערב קולטור לייגט אויף אים דעם חותם פון אַן אינטעליגענט פערזענלעכקייט.

ער איז געקומען מיט 28 יאָר צוריק קיין אויס־טראַליע, און דאָס לאַנד איז אים זייער געפעלן געוואָרן. אָבער ער איז געווען באַזאָרגט וועגן יידישן לעבן דאָרט. „דער יידישער ישוב דאָ, איז נאָך אַ יונג צווייגעלע״ — באַשליסט ראָט ביי זיך און נעמט דאָס צווייגעלע בויגן צו יידישקייט.

זיין לעבנס־פילאָזאָפיע: יידישקייט איז פאַרבונדן מיט איבערגעגעבנקייט צו תורת משה — און ווער ס'איז אַ כופר בעיקר, פאַרלירט דעם יידישן טעם. דער נאָמען ייד בלייבט ביי אים ווי אַ צוטשעפּעניש, און פאַר זיינע קינדער און אייניקלעך אַ הויקער אָדער אַ געלע לאַטע...

אין די זעלביקע וועגן גייט אויך זיין פרוי רעגינאַ, וואָס שטאַמט פון קאָצקער הויף, זי איז אַן אור־אייניקל פונעם קאָצקער רבין, מיט אַ סך מידות טובות.

דאָס יידישע לעבן אין אויסטראַליע האָט אים פיל צו פאַרדאַנקען. מר ראָט איז אַ מיטגליד פון דער דאָרטיקער יידישער קהילה, אַן ענערגישער עסקן פון די בתי־כנסת, פון יידיש־נאַציאָנאַלע אינסטי־טוציעס, קולטור־געזעלשאַפטן און קאַמפּיינס למען ארץ־ישראל.

דאָ אין ישראל איז ישעיהו ראָט אויפגענומען געוואָרן מיט וואַרעמקייט און פאַרערונג. ס'האָט אים אויפגענומען דער נשיא המדינה מר יצחק בן־צבי. די יידישע פּרעסע האָט אים געווידמעט גרע־סערע נאָטיצן און אינטערוויוען. אַ גאַנצער אימפּאָ־זאַנטער געזעגן־אָוונט אונטערן פאָרזיץ פון הרב ד״ר כהנא איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין תל־אביב, ווו מר ראָט איז געווען דער גאַסט־רעדנער אויף דעם אָוונט. אַלע רעדנער האָבן אויסגעדריקט דעם ווונטש צו זען מר ראָט אַלס תושב פון ישראל.

גוואַטעמאַלאַ איז אַ רעפּובליק אין צענטראַל־אַמעריקע, וואָס גרענעצט זיך אין צפון־מערב מיט מעקסיקע. לויטן שטח איז דאָס לאַנד פינף מאָל



ראָזאַ און לעאָפּאָלד ווינטער אין בית הנשיא

גרעסער, ווי מדינת ישראל. די באַפעלקערונג, וואָס ציילט 3 אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער, איז על פּי רוב רוימיש־קאַטוילישׂ. 59 פּראָצענט פון די תושבים זענען אינדיאַנער. 90 פּראצענט פון דער באַפעלקערונג באַשעפטיקט זיך מיט לאַנדווירטשאַפט. אינעם גאנצן לאַנד געפינען זיך אַן ערך טויזנט יידישע נפשות, פון וועלכע 900 וווינען אין דער הויפּטשטאָט, גוואטעמאלא.

מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט דעם יידישן נאַציאָנאַל־קולטור עסקן לעאָפּאָלד ווינטער, פון גוואטעמאלא, וועלכער האָט געוויילט אין תל־אביב און אָפּגענומען אַ גרוס פונעם דאָרטיקן יידישן לעבן.

מר ווינטער איז אַ היימישער ייד פון לאָדזש. אין זיין יוגנט האָט ער זיך אויסגעלעבט קולטור־רעל אין דייטשלאַנד און עסטרייך. ער איז פון די ערשטע יידן, וואָס האָבן פיל געלייסטעט פאַרן דערהאַלטן דעם יידיש־נאַציאָנאַלן קיום פון די פאַרבלאָנדזשעטע יידן אין גוואטעמאַלאַ. ער האָט אַלץ געטאָן צו העלפן גרינדן דעם „העברעאישן צענטער", אַרום וועלכן ס'זענען פאַראייניקט געוואָרן די יידן פון פאַרשידענע לענדער.

מיר שטעלן דעם חשובן עסקן עטלעכע פראַגן:

— ווי זעט אויס דאָס יידישע לעבן אין גוואַ־טעמאלא?

— אַזאַ יידיש לעבן, ווי ס'איז געווען אינעם יידישן לאָדזש, אָדער ווי מ'זעט דאָ אין ישראל — איז ביי אונדז געוויס נישטאָ — ענטפערט מר ווינטער מיט א גוטמוטיקן שמייכל — אָבער מיר טוען אַלץ, כדי ממשיך צו זיין דעם יידיש־נאַציאָנאַלן קיום, מיר האָבן געגרינדעט א יידישע שולע, אַראָפּגעבראַכט א יידישן לערער פון ישראל, וואָס לערנט רעליגיע, העברעיש און פירט אויך אויס אַלע רעליגיעזע פונקציעס.

— צו הערט מען רעדן אין גוואטעמאלא א יידיש וואָרט?

— פון די 220 יידישע פאמיליעס, וואָס וווינען אין דער הויפט־שטאָט רעדן 56 פאַמיליעס צווישן זיך יידיש. זיי דערציען זייערע קינדער אינעם גייסט פון יידנטום.

— וואָס טוען גוואטעמאלער יידן פאַר מדינת ישראל?

— כ'וואָלט דרייסט געקאָנט זאָגן, אז פּראָפּאָר־ציאָנעל שטייען גוואטעמאלער יידן אויפן ערשטן אָרט מיטן באַשטייערן זיך פאַר ישראל. ס'וועט גענוג זיין צו זאָגן, אז אָט די 220 משפחות פון גוואטעמאלא האָבן אַ ריי יאָרן געגעבן 50 טויזנט דאָלאַר יערלעך פאַרן מגבית און זינט מ'האָט אָנגעהויבן פאַרקויפן די „באָנדס", גיבן זיי 43 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. אויסער דעם האָבן מיר אויך אייגענע, לאָקאלע הוצאות.

— צי שטייט איר אין אַ קאָנטאַקט מיט מדי־נת ישראל.

— ירושלים שיקט גענוג ליטעראַטור און ביל־דער פון מדינת ישראל. איך אַליין בלייב שעהן־לאַנג נאָך יעדער זיצונג פון „צענטער העברעאי־קא" און צעשיק דאָס צו יעדן יידן איבערן לאנד. אָבער דעם ריכטיקן באגריף וועגן ישראל וועלן גוואטעמאלער יידן ערשט באקומען פון מיינע איינ־דרוקן. בכלל ווערן גוואטעמאלער יידן פיל וואַ־רעמער און נענטער צו ישראל און אירע פּראָ־בלעמען, ווען זיי הערן אַ לעבעדיקן גרוס פון דער יידישער מדינה. איך גלויב, אז נאָך מיין באַ־ריכט, וועט אַ לענגערע צייט מער נישט נויטיק זיין אויסצושרייבן שליחים...

— וואָס קאָנט איר אונדז זאָגן וועגן פּרעזידענט פון מגבית אין גוואטעמאלא, ה׳ ענגעל?

— ה׳ ענגעל איז, לויט מיין מיינונג נישט נאָר דער פּרעזידענט פון מגבית ביי אונדז, נאָר אויך אַ פאָרשטייער פון יידישן געוויסן אין אונדזער ישוב. דאָס איז אַ נאַציאָנאַלער ייד מיט אַ טיפער אינערלעכער קולטור און מידות טובות. וועגן דער געשטאַלט ענגעל וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבן אַן אינטערעסאַנט בוך, מחמת זיינע פאַרדינסטן פאַר מדינת ישראל און עם ישראל!

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק פונם לאַנד?

— קודם כל האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק די קיבוצים, ווו אַלץ ארבעט פאַרן לאַנד — אַ דערשיינונג, וואָס מ׳זעט דאָס נישט אין דער גאַנצער וועלט. ווען כ׳זע דאָס נישט מיט אייגענע אויגן, וואָלט איך נישט געקאָנט גלויבן אַז דאָס איז אמת.

כ׳בין אויך אונטערן רושם פון׳ם נייעם טיפּ ייד, וואָס כ׳האָב דאָ באַגעגנט. יידן זענען דאָ מער די־סציפּלינירט, ווי כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט, און כאָטש זיי לעבן נישט אין לוקסוס, פון דעסטוועגן באקלאָגן זיי זיך נישט פאַר אַ גאַסט איבער דער שווערער פּראַצע. זיי שאַפן אַזוי אַרום זייער אייגן גליק. פאַר אונדז איז דאָס זייער וויכטיק. די דאָ־זיקע האלטונג פון די ישראל תושבים גיט אונדז צו מער מוט און ענערגיע פאַר אונדזער טעטי־קייט לטובת מדינת ישראל.

— וואָס זאָגט איר וועגן יום העצמאות?

— איר האָט אָנגערירט אַ וויכטיקע פראַגע, וואָס איז מיר אַמנענטסטן צום האַרצן. ס׳איז מיר שווער איבערצוגעבן אַלע שטאַרקע איינדרוקן פון דעם טאָג. כ׳וויל אייך נאָר זאָגן, אַז זיצנדיק אויף דער טריבונע בעתן פּאַראַד, האָב איך נישט געפילט, ווי די זון באַקט מיך, נישט געפילט דעם שניידיק־הייסן חמסין, נאָר כ׳בין געווען ממש צוגעשמידט צום יידישן מיליטער — צו די בחורים און מיידלעך פון צה״ל. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז נישט שטאָלענע העלמען טראָגן זיי אויף די קעפּ, נייערט גינגאָלדענע און ברילאַנטענע קרוינען זיינען דאָס. זייענדיק פאַר־טיפט אין מיינע געדאַנקען, האָב איך פלוצים באַמערקט, אַז די גלעזער ווערן מיר פאַרלאָפן מיט אַ טוי, ערשט, ווען כ׳האָב אויף אַ ווײַלע אַראָפּגענומען די ברילן, האָב איך באַמערקט, ווי שנירלעך הייסע טרערן קאָלערן זיך פון מיי־נע אויגן. פיל מאָל אין מיין לעבן האָב איך פאַרגאָסן טרערן איבערן חורבן פון מיין פאָלק, פון מיין אומגעקומענער שטאָט. אָבער דאָס מאָל, ס׳ערשטע מאָל אין לעבן זיינען דאָס טרערן פון פרייד.

מר ווינטער, וועלכער איז דער גאַסט פון קרן היסוד איז באערט געוואָרן מיט אַן אויפנעם ביים מדינה־פרעזידענט, מר יצחק בן צבי. צווישן די וואָס האָבן אויפגענומען דעם חשובן עסקן איז געווען דער שר הפנים ישראל בר יהודה, דער ראש העיר, חיים לבנון, דער דירעקטאָר פון קרן היסוד, אליהו דאָבקין און אַנדערע.

מר ווינטער האָט געבראַכט דעם נשיא אַ גרוס פון די גוואַטעמאַלער יידן. אין זיין ענטפער האָט דער פרעזידענט געזאָגט: „מיר זיינען מחותנים מיט אייך דורך דעם גוטן גוואטעמאלער שטאַטס־מאַן און פיינעם שריפטשטעלער גראַסירא גראַ־נאַדאָס, דעם גרויסן דעמאָקראַט און יידן־פריינט".

מר ווינטער האָט זיך אויך באַטייליקט אין די צוגרייטונגען צו פלאַנצן אַ וואַלד פון צען טויזנט ביימער אויפן נאָמען פון גוואַטעמאַלאַ.

מיר באַגריסן מר לעאָפּאָלד ווינטער און זיין פרוי ראָזאַ מיט אַ האַרציקן: ברוכים הבאים!

# יצחק פּאָכאָמאָווסקי

**א**ינעם לאַנד ווײַלן איצט חשובע געסט פון אַר־גענטינע, מר יצחק און רבקה פּאָכאָמאָווסקי, מיט וועמען מיר האָבן געהאַט א געשפּרעך וועגן יידישע



רבקה און יצחק פּאָכאָמאָווסקי

ענינים.

ה׳ פּאָכאָמאָווסקי האָט אונז איבערראַשט מיט זיין זאַפטיקן יידיש. טראָץ דעם, וואָס ער איז א געבאָ־רענער אין ארגענטינע, קלינגט יידיש לשון אין זיין מויל מיטן ווילנער דיאַלעקט.

עס איז געגנוג א קורצער געשפּרעך כדי איר זאָלט דערפילן זיין וואַרעם יידיש האַרץ און פאַרבענקטע נשמה צו עם און מדינת ישראל.

ה׳ פּאָכאָמאָווסקי געהערט צו יענע זעלטענע עס־קנים, וואָס טאָן זייער ארבעט שטילערהייט. ער פאַרנעמט זיך מיט חינוך. ווען ער איז נאָך יונג געווען האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אין דער קולטור־ארבעט. דעמאָלס זיינען נאָך אין ארגענטינע קיין יידישע שולן נישט געווען. עס זיינען אָבער יאָ געווען אידעאַליסטן. פּאָכאָמאָווסקי מיט נאָך עט־לעכע יינגעלייט האָבן זיך געפּעדערט און געשאַפן א צימער פאַר לערנען יידישע קינדער מאַמע־לשון. דאָס איז געווען אזא מין חדר, וו עס האָבן געלערנט א 25 קינדער. ער אליין, פּאָכאָמאָווסקי איז געלאָפן אין יידישע שטובן ווערבירן קינדער פאַרן „חדר", פאַר דער יידישער שולע. טראָץ דעם וואָס מ׳האָט ביי די עלטערן נישט גענומען קיין געלט, האָט מען זיי נאָך געמוזט גוט בעטן, זיי זאָלן מסכים זיין צו שיקן זייערע קינדער אינעם „יידישן חדר".

היינט — דערציילט אונז דער גאַסט — עקזיס־טירט שוין אין ארגענטינע א פאַרצווייגטע נעץ פון יידיש־העברעאישע שולן און עס לערנען דאָרט טויזנטער קינדער, פון קינדער־גאָרטן ביזן ענדיקן אַ לערער סעמינאַר.

ער איז בטבע א שטילער גוטמוטיקער מענטש. ער דינט ניט די „פּאַרטיי־געטשקע" און איז פריי אין זיינע אנשויונגען. זיין געזעלשאַפטלעך־קול־טורעלע ארבעט טוט ער לויטן אינערלעכן רוף פון זיינע איבערצייגונגען. ער דערוואַרט קיינמאָל, און פון קיינעם ניט קיין דאַנק אָדער אויסצייכנונג פאַר זיין מי.

פון דעם לענגערן געשפּרעך מיט אים האָבן מיר באַקומען דעם איינדרוק, אַז, וואָס אנבעלאַנגט גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט — זיינען זיינע אויגן געווענדעט פאָראויס, און ניט אויף צוריק. וויכטיק איז, וואָס מען דאַרף טאָן, און ניט וואָס ס׳איז שוין געטאָן געוואָרן...

זינט דער אנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה איז ה׳ פּאָכאָמאָווסקי אַקטיוו טעטיק אין מגבית. זיין ארבעט טוט ער בשלימות על מנת שלא לקבל פּרס. ער גייט אין יידישע שטובן, רעדט מיט פריינט, דערקלערט און מאָנט צו דערפילן דעם חוב כלפּי מדינת ישראל.

מיר שטעלן דעם חשובן עסקן עטלעכע פראַגן:

— ווי אַזוי ווערט געפירט דער מגבית קאַמפּיין ביי אייך אין לאַנד?

— כדי צו דערגרייכן מער עפעקטיווע רעזולטאַטן, האָבן מיר געמוזט אָפּוואַרפן די אַלטע סיסטעמען פון באַשטימטע כלל טוער, וועלכע האָבן אָפטמאָל רעפּרעזענטירט עטלעכע אינסטיטוציעס צוזאַמען — און שאַפן באַזונדערע קאָמיטעטן און סעקציעס, וואָס פאַרנעמען זיך נאָר מיטן מגבית. יעדע גרופּע פאַרנעמט זיך מיט א באַזונדערע בראַנזשע. איך למשל בין טעטיק אין דער עלעקטריק־ראַדיאָ און טעלעוויזיע בראַנזשע. אַזוי אַרום קענען מיר די באַלאַנסן פון די מענטשן, און ווייסן וויפל פון יעדן

צו בעטן. דער דאָזיקער „בראַנזשע סיסטעם" האָט פיר־פאַך פאַרגרעסערט די הכנסות.

— וועלכע זיינען אייערע איינדרוקן פונעם לאַנד?

— איך אַליין בין אַל־פּאָליטיש. איך בין געקומען מאַכן אַ סטודיע איבער דעם מצב אין מדינת ישראל. אין בין אינעם לאַנד צום ערשטן מאָל. אין דער דיאַספּאָרע האָט מען א שוואַכן באגריף וועגן ישראל. עס ווענדט זיך אויף וואָס פאר א מאפּע מען טרעפט אָן... זעט מען א גרויסע מאַפּע, דוכט זיך, אז ישראל איז גענוג לאנג און גרויס... קומט אונטער דער האנט א קליין מאפּעלע — זעט די יידישע מדינה אויס ווי א פּיצעלע... דאָס זעלבע אין ווען מען לייענט וועגן ישראל. אָט למשל, האָב איך מיט א קורצער צייט צוריק געלייענט אַ ידיעה, אז אין ישראל האָט מען געבראכט וואסער פון איין עק לאַנד אינעם צווייטן. דאָס האָט געמאכט אויף מיר אַן אויסטערלישן איינדרוק. אָבער ווען מען קומט אינעם לאַנד אריין און מען זעט, ווי עס ציען זיך וואסער־רערן איבער הונדערטער קילאָמעטער, אויסגעארבעט דורך יידישע הענט — דאָס מאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק! דאָס גיט די בעסטע סאַטיספאַקציע פאַר אונזער מי!

מיט דער זעלבער באגייסטערונג נעם איך אויף, דעם אויפבוי פון אילת, נגב און גליל. מיר האָבן אַ הנאה פון דעם געלט וואָס מיר גיבן!

— וואָס זאָגט איר צו אונזער יוגנט?

מיטן אויפקום פון מדינת ישראל איז די יידישע יוגנט פון ארגענטינע גייסטיק אויפגעריכט געוואָרן. די ישראלדיקע יוגנט, מאַכט אָבער דעם איינדרוק ווי דער יסוד פונעם פאָלק. אויב אינעם גרויסן אימיגראציע שטראָם, טראכט נאָך ווער פונעם עלטערן דור וועגן „זוכן גליקן" און פאַרלאָזן דאָס לאַנד — איז אָבער די ישראל יוגנט טיף איינגעוואָרצלט. זי וועט שוין דאָ אייביק בלייבן!

אינעם ווייטערדיקן שמועס האָבן מיר אויך באַקענט סעניאָראַ רבקה פּאַכאַמאַווסקי, וועלכע איז טעטיק אין דער דאָרטיקער „וויצאָ". איר גרעסטער פאַרדינסט איז אָבער, וואָס שוין צענדליקער יאָרן דערמוטיקט זי איר מאַן אין זיין פרוכטבאַרער געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט.

די חשובע געסט זיינען דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך די פאָרשטייער פון מגבית — קרן היסוד, פריינט און געזעלשאַפטלעכע טוער.

**ב ר ו כ י ם  ה ב א י ם!**

## מאקס פריילין

**ד**ער באַזוך פון מר מאקס פריילין אינעם לאַנד האָט איבערגעלאָזט א פיינעם רושם.

מיר האָבן זיך געטראָפן מיט אים אין „קינג



דוד האָטעל" אין ירושלים און גלייך ווי דער דאָזיקער עסקן האָט גענומען אויפוויקלען די לענטע פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל, ווי עס הויבט זיך אויף א פאַרהאַנג און עס באַווייזט זיך א שטיק רחבות'דיק לעבן, דורכגעוועבט מיט גאָלדענע פעדים פון צאַרטן אידעאַליזם.

איך האָב ליב די מענטשן, וואָס האָבן זיך זייער גאַנץ לעבן געקלאַמערט אין אַן אידעאַל, נישט געוואָרן פון אים אנטוישט און דערלעבט צו האָבן נחת פון זייער מי. צו אָט די דאָזיקע יחידי סגולה געהערט בלי ספק מר מאקס פריילין.

זיינע ביאָגראפישע נאָטיצן נעמען ארום א תקופה פון פערציק יאָר ציוניסטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער האָט אנגעהויבן מיט ציוניסטישער טעטיקייט נאָך זייענדיק א סטודענט אויפן פילאָזאָפישן פאקולטעט אינעם ווינער אוניווערסיטעט און איז דערגאַנגען ביז דער מדרגה פון פרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין אויסטראַליע. אין דער טעטיקייט פון דעם דאָזיקן וואַרעמען יידן, הערט איר נישט־נאָר, דאַטעס און ציפערן, מענטשן און אידייען, נייערט עס האָט זיך

מיר אויסגעדאכט, אז איך הער די קלאַנגען, זע די פארבן, ליכט־עפעקטן און דעקאראציעס אויף וועל־כע עס האָט זיך אין פאָדערגרונט באוויזן די קאָנס־טרוקטיווע טעטיקייט פונעם אמאָליקן גאליציאַנער יידן מאקס פריילין.

מאקס פריילין מיט זיין לעבנס־וועג, דינאמיק און אידעאליזם קאָן דעריבער נישט אנדערש באַ־טראַכט ווערן ווי אן אָרגאנישער טייל פון דער ציוני־סטישער וועלט באוועגונג.

ער איז געבוירן אין יאָר 1893 אין שטעטל לעסקא ביי סארנאָק, גאליציע. אין 1919 ענ־דיקט ער פיליאָזאָפיע אויפן ווינער אוניווערסיטעט. זינט 1927 וווינט ער אין אויסטראַליע און פון 1932 אין סידניי. זינט 1946 אין אַקציאָנס־קאָמיטעט פון דער ציונ. אָרגאַניזאַציע. אין 1948 אין דער פארוואלטונג פון דער יידישער קהילה. פון 8—1953 איז ער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדע־ראַציע און קרן היסוד אין אויסטראַליע.

נישטאָ כמעט, אין אויסטראַליע קיין שום אנגעזעענע נאַציאָנאַל־יידישע אָרגאַניזאַציע אין וועלכער ער זאָל זיך נישט באַטייליקן, און דורך זיין איניציאַטיוו, איבערגעגעבנקייט און טעטיקייט דערגרייכן גרויסע פאַרדינסטן. ער איז אויסגעקאָכט אין יידישע פּראָבלעמען און האָט זיין אייגענער אָריענטאַציע און מיינונג וועגן ישראל.

מיר ברענגען דאָ עטלעכע פּרטים פון אונדזער שמועס מיטן חשובן גאַסט:

— צום וויפלסטן מאָל זייט איר דאָ אין ישראל?

— צום 9־טן מאָל! דאָס ערשטע מאָל האָב איך באזוכט ארץ ישראל אין יאָר 1932. דאַמאָלס־שוין האָב איך געקוקט אויף דעם לאַנד, ווי אויף דער איינציקער האָפענונג פונעם יידישן פאָלק. דערנאָך ווען כ'בין דאָ געווען אין 1947 האָב איך שוין דערפילט, אז עפּעס וועט זיך דאָ שאפן... די לופט האָט געשמעקט מיט דער הגנה'ס־טעטיקייט און די יידן האָבן דערוואַרט די זעלבסשטענדיקייט פונעם לאַנד.

— וואָס פאַרע אונטערשייד זעט איר איצט?

— אין מיינע לעצטע 7 וויזיטן אינעם לאַנד האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אנטוויקלונג פון דער אַגראַקולטור און אינדוסטריע. באַזונדערס דאַרף מען אויפנעמען ווי א דערפרייענדיקע דער־שיינונג די שטאַנדהאַפטיקייט און סטאַבילקייט פונעם לעבן, וואָס עס האָט זיך דאָ געשאפן.

אָבער טראָץ דער פאַרבעסערטער עקאָנאָמישער לאַגע און דער ליבעראַליזירונג פון דער ווירטשאַפט, בין איך אין דער מיינונג, אז נאָך וויניגסטנס דריי דורות וועלן דאַרפן אַרבעטן, אַז מען זאָל דאָס לאַנד אויפבויען אויף א שטייגער, ווי בעלגיע אָדער האָלאַנד.

וואָס עס וואַרפט זיך אין די אויגן אין ישראל איז דער קאָנפליקט פון צוויי שטרעמונגען: פון איין זייט דער קאָלאָסאַלער דינאַמישער אויפבוי פונעם לאַנד און פון דער צווייטער זייט דער גרויסער פאַר קבוץ גלויות. דאָס פּראָבלעם פון קבוץ גלויות, וואָס איז געווען כמעט פאַרגעסן אין פאַרלויף פון צוויי טויזנט יאָר, קאָן מער נישט אָפּגעלייגט ווערן. מען מוז אָרגאַניזירן מעכטיקע קאַפּיטאַלן כדי צו רעאַליזירן די קאָלאָסאַלע אידיי; צוריקברענגען די יידן צום אורשפּרונגלעכן קוואַל.

פון די לעצטע געאָלאָגישע אויסגראָבונגען, וואָס ווערן געמאַכט אויף דער טעריטאָריע פון מדינת ישראל — ווייזט זיך אַרויס, אז שוין פון דער „תנ"ך צייט"־אָן איז דאָ געווען א הויכע ציוויליזאַציע וואָס האָט אנגעהאַלטן ביז דער צעשטערונג פון בית שני.

— ווי זעט איר די פּאָליטישע סיטואַציע אין ישראל?

— דאָס „קרוין פּראָבלעם", וואָס מדינת ישראל האָט — איז בלי ספק די שלום שטרעבונגען מיט אירע שכנים. איך בין זיכער, אז ישראל'ס אַראַבישע שכנים וועלן סוף כל סוף שליסן סטאַבילן שלום מיט מדינת ישראל. צואיילן דעם דאָזיקן שלום קאָן מען נאָר דורך שטאַרקן און באַרייכערן דאָס יידישע לאַנד!

מר פריילין איז דאָ געווען עטלעכע וואָכן און איז געווען דער גאַסט פון קרן היסוד און פון א ריי הויכע פּערזענלעכקייטן און אינסטיטוציעס. ער איז אויפגענומען געוואָרן דורך די שרת החוץ הגב' גאָלדאַ מאיר און דורך דעם האַנדלס מיניסטער מר סאַפּיר. אויך מר פריילינס פרוי מיסיס צפורה פריילין איז וואַרעם באַגעגנט געוואָרן דורך פאַר־שטייערינס פון „וויצא", צו וועלכער אָרגאַניזאַציע זי געהערט און איז טעטיק א ריי יאָרן.

מיר האָבן אויפגענומען די חשובע געסט מיסיס און מיסטער פריילין מיט א וואַרעמען ברוכים הבאים און געזעגנט זיי מיט אונדזער טראַדיציאָ־נעלן:

צאתכם לשלום!

## יעקב מ. לאַזאַרוס / בעווערלי הילס

**אין** דעם Jessie Cohen Quarter אין חולון שפּילט זיך דער ווינט מיט די ברוינלעכע זאַמדן. ווו ווייט נאָר דאָס אויג דערזעט, ביזן ים־ברעג קוקן אַרויס



שפּיץ בערגלעך ווי נאַקעטע פּליכעוואַטע קעפּ. אַרום רוישן גראַבמאַשינעס. ס'הויבן זיך אויף רושטאָ־וואַניעס און צוזאַמען מיט זיי אָן אַ שיער בנינים. דאָ גייט מיטן פולן אימפּעט אָן די אַרבעט פון באַ־צווינגען די זאַמדיקע שטחים פון דער שטאָט.

אויף איינעם אַזאַ בערגל קומט איצטער פאַר די צערעמאָניע פון לייגן א גרונטשטיין פאַר אַ J.M. Lazarus Youth Centre

ביי דער פּראָוויזאָריש אויפגעשטעלטער טריבונע פאַרזאַמלען זיך: ה' פּנחס אילון, דער דינאַמישער ראש העיר פון חולון, ח"ח יהושע לוי און אריה טענענבאום, פון ועד הפּועל פון הסתדרות, דער פאַרדינסטפולער געזעלשאַפטלעכער עסקן מר י. מי טאַקאַטלי, מר עדוואַרד מיטשעל פון אמעריקע און פאַרבעטענע געסט.

דער זשעסי כהן־קוואַרטאַל איז דער אָרעמסטער פון יענער געגנט. אין דער שכונה ווינען נייע עולים פון די אַראַבישע לענדער. אַרום אויף די זאַמ־דן האָבן זיך אויסגעזעצט באָרוועסע קינדער מיט צעפליקטע העמדלעך. זיי קוקן מיט נייגער אויף די מענטשן פון דער בינע. עפּעס פילן זיי ווי מען מיינט זיי. וועט מען טאַקע דאָ בויען אַ קלוב, וווּ זיי וועלן קענען צוזאַמען פאַרברענגען?

עס האָבן שוין גערעדט עטלעכע רעדנער. איצ־טער ווערט מר. טאַקאַטלי פאַרבעטן צו זאָגן עפּעס וועגן מיסטער לאַזאַרוס. מר טאַקאַטלי איז א סאַ־ברע. זיין עברית האָט אין זיך מוזיקאַלישע קלאַנ־גען און די שפּראַך איז לויטער ווי די ישראל הימ־לען. די באָרוועסע קינדער זיצן פאַרגאַפט און שלינגען די רייד פון רעדנער, וועלכער דערציילט וועגן דער פערזענלעכקייט פון מיסטער לאַזאַרוס און זיין טעטיקייט פאַר מדינת ישראל.

מיר פרעגן מיסטער לאַזאַרוס:

— פאַר וואָס איז אייך וויל געפעלן זיך צו פאַר־בינדן מיט חולון?

— איך האָב בערך 30 יאָר געוווינט אין שכינות מיט די פריינט מאַקס און זשעסי כהן. זייער גאַנץ לעבן האָבן זיי זיך אָפּגעשפּאָרט געלט פאַר א וווּיל־טעטיקן צוועק, און ווען זיי זענען אוועק פון דער וועלט האָבן זיי דאָס גאַנצע פאַרמעגן איבערגע־לאָזט אויף צו בויען הייזער פאַר נייע עולים אין חולון. ווען כ'בין דאָ געווען מיט צוויי יאָר צוריק, האָב איך באַזוכט דעם אויפגעבויטן קוואַרטאַל וואָס טראָגט זייער נאָמען און געזען, אַז ס'זענען דאָ פאַ־ראַן אַ סך קליינע קינדער. דעריבער האָב איך באַ־שלאָסן אויפצובויען אויף דעם פּלאַץ אַ יוגנט־צענטער אין אָנדענק פון מאַקס און זשעסי כהן. דער דאָזיקער בנין וועט דינען פאַר דער יוגנט ווי א קלוב און קולטור־הויז.

מיסטער לאַזאַרוס איז באַקאַנט אַלס איינער פון די ערשטע אינוועסטאָרן אין דער ישראל ווירט־שאַפט. ער איז א שותף צו דער פאַבריק פון גומי־רעדער „אַליאַנס" און צום ערשטקלאַסיקן האָטעל „השרון".

מיסטער לאַזאַרוס מיט זיין פרוי גיטאַ זענען אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה פּרעזידענט מר יצחק בן צבי, דירעקציע פון העברעישן אוניווער־זיטעט און הסתדרות.

# צבי ש. לעדער, באַזינגער פון ריישער יידן / וואַשינגטאָן

ס'וואָלט אפשר כדאַי געווען איבערצובעטן אייער כבוד פאַרן אויסדרוק וואָס כ'וויל זאָגן, אַז „יידישע שרייבער זענען די געטרייע הינט פון פאָלק".



אייגנטלעך האָב איך זיך געקענט באַנוצן מיט פיל אַנדערע אויסדרוקן, און זאָגן „אַ שרייבער איז דער געטרייער שומר פונעם פאָלק", אָבער דאָס וואָלט נישט געווען דער ריכטיקער אויסדרוק פון מיין געדאַנק. אַ שומר היט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס איז דאָ וואָס צו היטן, אָבער ווי־נאָר ער דערזעט, אַז ס'איז מער נישטאָ וואָס צו היטן, גייט ער אַוועק. אַנדערש איז אָבער אַ געטרייער הונט. ער פאַרלאָזט נישט זיין בעל הבית אין דער גרעסטער סכנה. זיין נאַטור־אייגנשאַפט איז, אים צו באַגלייטן אין אַלע וועגן, און ער פאַרלאָזט אים נישט, אַפילו ווען ס'איז שוין נישטאָ וועמען צו היטן...

צבי ש. לעדער איז פון די געטרייע יידישע שרייבער, וואָס האָבן נישט פאַרלאָזט דאָס יידישע פאָלק אין אַלע זיינע עטאַפּן. און דעמאָלט ווען דאָס ריישער יידנטום איז אומגעקומען און עס איז שוין נישט געווען וואָס צו היטן — טרעט ער אויך נישט אָפּ פון זיין פאָלק און בלייבט ביי אים שטיין צוקאָפּנס מיט זיין בוך „ריישער יידן".

זיין וועג פירט פון שמהה'לע, דעם ישיבה־בחור, וואָס האָט געשפּאַנט צום קלויז איבער די נישט געפלאַסטערטע ריישער גאַסן, אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט — ביז צו די רעדאַקציע־טישן פון „וואַשינגטאָנער פּאָסט" און אַנדערע ערנסטע צייטשריפטן אין ענגליש און יידיש.

דאָס כאַראַקטעריסטישע ביי לעדערן איז, וואָס ער ווערט אפילו מיטגעריסן מיט די שפּראַכלעכע קאַפּריזן פונעם פאָלק. זיין ליטעראַרישער דעביוט הויבט זיך אָן מיט דער שפּראַך פון די אַמאָליקע משכילים, אין די ערשטע צענדליק יאָר פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — אַ מין השכלה־העברעיש, ווען ער ווערט אַ ביסל מער דינאַמיש — דערפילט ער באַלד, אַז דאָס קינדער־בעטל פון אָט דעם העברעיש איז פאַר אים צו ענג — און ער נעמט זיך קירעווען אויף ברייטערע שליאַכן — שרייבן אין יידיש. אין די דרייסיקער יאָרן וואַרפט ער זיך איבער אין ענגליש. אַזוי איז ער אַריינגעבירגערט אַ צוויי צענדליק יאָרן אין דער ענגלישער שפּראַך — און ערשט אין די לעצטע יאָרן, ווען אין אַמעריקע הייבט אָן פליסן דער „וואַרעמער שטראָם" צוריק צום מקור, איבערוקט זיך זיין פען פון רעכטס אויף לינקס — ער נעמט ווידער שאַפן אין יידיש.

אָט דעמאָלסט שיינט אַראָפּ דער נאָמען לעדער פון דער יידישער בעסערער פּרעסע אין אַמעריקע.

איך האָב געלייענט אַ סך ווערטפולע אַרבעטן פון צבי. ש. לעדער אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן. אינעם געדאַנק זענען מיר נאָר געבליבן עטלעכע קריטישע אָפּהאַנדלונגען: וועגן הערי סימאַנהאָפּ'ס בוך „יידישע פערזענלעכקייטן אין אַמע־

ריקע", וועגן פלטיאל בירנבוים'ס בוך „אוצר פון יידישן וויסן". די בילדערישע באשרייבונג „ד"ר אליעזר מאַרוויק פירט אָן מיט דעם יידיש־אפטייל פון דער וואשינגטאָנער ביבליאָטעק", א היסטאָרישע נאָוועלע „סאָנצער חסידישע דינאסטיעס". צווישן דער שטענדיקער רובריק „פון דער ענגליש־יידישער ביכער־וועלט" איז געווען א געלונגענע ארבעט וועגן „דון יצחק אברבנאל", אן אפשאצונג וועגן „קול ישראל פון אבא אבן", א גאָר פיינער רעפּארטאזש וועגן „יום ה־עצמאות אין תל אביב" און דער שיינער פּארטרעט פון משה פרענק, וואָס מיר דרוקן אין דעם נומער. דאָס אויסגערעכנטע איז טאקע גוט און פיין — אָבער ווען מ'פרעגט מיין מיינונג, וואָלט איך אלץ געזאָגט, אז צבי ש. לעדער האָט אויסגענומען מיט זיין בוך „ריישער יידן".

„ריישער יידן" וועט בלייבן זיין קרוין־ווערק, מיט וועלכן ער האָט זיך קונה שם געווען אין דער יידישער וועלט. דאָס איז א מאנומענט, נישט־נאָר פאר ריישער יידן, נייערט פארן גאנצן שיינעם גאַליציאַנער יידנטום.

„לעדער איז אוועק פון חסידות אָבער ער איז געבליבן א חסיד, פול מיט התלהבות און פארשיכורט מיט אלט־זאפטיק יידישקייט, טראָץ דעם וואָס ער איז געוואָרן אן ענגלישער צייטונגס־מאַן".

גראָד אין מיטן דערינען, ווען לעדער איז געזעסן אין וואשינגטאָן און געווען פארטאָן אין זיינע „קאלומס", האָט ער זיך ווי אויפגעכאפּט און באַמערקט, אז מען הערט נישט מער פון ריישע. פון זיין ריישע, פון דעם יידישן ריישע — און ווען ער איז ארויס אין דער יידישער גאַס אַ פרעג טאָן, וואָס סאיז געשען מיט זיין שטעטל — האָט ער דערהערט:

— ס'איז מער נישטאָ ריישע!

דער ענטפער האָט א טיפן שניט געטאָן אין הארצן פון שרייבער, אָבער ער האָט זיך א טרייסל־אָפּ געגעבן פון דעם האַרבן גזר דין — ער האָט נישט מסכים געווען און פּראטעסטירט:

— נישט אמת, ריישע איז נישט אונטערגעגאנגען!

20 דורות יידיש לעבן קענען נישט אונטערגיין!

דאָס טאַקע האָט אים א שטויס געטאָן אנצושרייבן זיין גרויסן בוך „ריישער יידן".

און ער האָט געוווּנען — ריישער יידן זענען פאראייביקט געוואָרן דורך זיין פען.

25 ווארעמע רעצענזיעס, דערונטער 5 אין ענגליש, זענען געשריבן געוואָרן דורך שרייבער און קריטיקער — פון ד"ר שלמה ביקל אין „פאר־ווערטס" ביזן ענגלישן שרייבער ליאָן וויזנפעלד אין „דזשואיש וואָיס". דאָס איז געווען די „סמיכה" פון ערנסטע ליטעראטור־קריטיקער אין וואגיקע צייטשריפטן.

אין בוך „ריישער יידן" קאָנט איר זען געשטאלטן און שטייגערלעבן פון א יידיש שטעטל. ריישער יידן געהערן צו די קדושים, וואָס זענען פארשניטן געוואָרן — אָבער דורך לעדערס בוך זענען זיי געבליבן לעבעדיק. דאָרט שווימען אויף שטיקער פון זייער לעבן. עס זענען פארפיקסירט זייערע דאגות און פראָבלעמען, איר הערט ממש זייערע רייד, זייערע ניגונים און טרויער. און נישט נאָר זייערע געשטאלטן קומען פאַר אייערע אויגן, נאָר איר קאָנט אויך אריינקוקן צו זיי אין די שטובן, זען זייערע הייזקעס, מעבל און באלעבאטישקייט, א בליק טאָן אויף די יידישע גאַסן:

„אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן האָט ריישע נישט געהאט קיין געפלאסטערטע גאַסן. עס זענען בלויז געווען שטיינערנע טראָטוארן". (זייט 135)

אינעם בוך גייען אדורך א גאַלעריע יידישע טיפּן, פון שטאָט־נגיד ביזן שטאָט־משוגענעם. איר האָט דאָרט אַלע יידישע אינסטיטוציעס און אפילו א חסידיש־נגידישע באַנק:

„אין ריישע איז געווען א יידישע באנק, געגרינדעט פון דעם באַוווסטן גביר ר' נח שפּירא, א זשיקאָווער חסיד. אזוי ווי דאָס רוב פון די דירעקטאָרן זענען געווען זשיקאָווער חסידים, האָט מען די באַנק גערופן די זשיקאָווער באַנק". (זייט 145)

יידישע ימים טובים פארנעמען א ספּעציעל אָרט אין דעם בוך, און דער מחבר שילדערט זיי מיט אַזאַ עונג־יום־טובדיקייט, אַז איר ווערט געריררט פון דער וואַרעמער אטמאָספער:

„סוכות: אין ריישע איז נישט געווען קיין איינציק יידיש הויז אָן אַ סוכה. די פיר טעג פון יום כפור ביז סוכות האָט מען געזען, ווי אין אַלע יידישע הויפן ארבעטן יידן ביי דער

סוכה מיט ברעטער, טשוועקעס און האַמער״. (זייט 101)

„שבועות: דרויסן איז זומער. די לופט איז ווארעם, די זון־שטראַלן רייסן זיך אריין אין קלויז דורך די גרויסע אָפענע פענצ־טער. די ענגלייכטער זענען באַצירט מיט פרישע גרינע בלעטלעך. די קלויז איז נישט איבערפולט מיט מתפללים ווי אַלעמאָל, ווייל אַ גרויסער טייל פון די באַלעבאַטים זענען געפאָרן יעדער צו זיין רבין, אָבער די יידן, וואָס זענען אין קלויז, דאַווענען מיט גרויס התלהבות. היינט איז שבועות, דער יום טוב פון בכורים און קבלת התורה״ (זייט 95)

„פורים: די גאַסן זענען פול מיט שליחים, משלוח־מנות־טרעגערס, וואָס גייען מיט די פאַרדעקטע טעלער. געשיקט האָט מען שטיק־לעך לעקאַך, מאַראַנצן, אַ ציגאַר, פּרוכטן. (זייט 107)

לעדערס סטיל צייכנט זיך אויס מיט קלאָרקייט און פשטות. אָבער דווקא אין דעם „איינפאַכן״ באַ־שרייבן ליגט גרויסער טאַלאַנט.

און דאָס איז די פאָרם פון זיינע טאַלאַנטפולע רעפּאָרטאַזשן:

„איבער דער צייט פון מיין באַזוך אין מדינת ישראל, האָב איך באַזוכט גרויסע שטעט, קליינע שטעטלעך, דערפער און קבוצים. איך האָב געזען דעם פּלאַץ, ווו עס האָבן מאַרשירט די רוימישע לעגיאָנערן. איך בין געווען אין גת, די שטאָט פון פלשתים, ווו דער קליינער פּאַסטעכל דוד האָט דערהרגעט דעם ריז גלית מיט איין שטיינדל. איך בין געשטאַנען אויפן הר גלבוע, ווו שאול, דער ערשטער מלך פון ישראל האָט זיך דערשטאָכן מיט זיין שווערד, ווען ער האָט געזען אַז ער פאַר־לירט די מלחמה מיט די פלשתים. איך בין געווען אין סדום, די שטאָט ווו עס האָט געוווינט לוט, ווו זיין פרוי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק זאַלץ. איך בין געשטאַנען אויפן פּלאַץ פון וואַנען יהושע האָט געשיקט צוויי מרגלים קיין יריחו. איך בין געווען ביי די קברים פון דוד המלך, ר׳ שמעון בר יוחאי, ר׳ יוחנן בן זכאי און רמב״ם. איך האָב באַזוכט די שטאָט צפת ווו עס האָבן געלעבט און געשאַפן די באַרימטע גאונים, ר׳ יוסף קאַרו, דער מחבר פון שולחן ערוך, ר׳ חיים וויטאַל, ר׳ יצחק לוריא און אַנדערע. איך בין געווען אין באר שבע די היים פון אברהם, יצחק ויעקב. איך בין אויך געווען אין טבריה און האָב געוואַשן מיינע הענט אין די חמי טבריה, ביים ים כנרת, נעבן קבר פון ר׳ מאיר בעל הנס. איך בין געווען ביים ים המלח, וואָס ליגט 1450 פוס אונטערן ים־פלאַך.

„דאָס איז מדינת ישראל, דאָס לאַנד ווו עס בליט היינט די ציוויליזאַציע אין יעדן ווינקל. דאָס לאַנד פון ישראל, ווו יעדער ייד איז גרייט אָפּצוגעבן זיין לעבן פאַר דער עקזיסטענץ פון דער מדינה. ישראל, דאָס לאַנד פון תנ״ך, ווו דער פּראָגרעס מאַרשירט פאָראויס. ישראל, דאָס לאַנד פון גע־שיכטע. יאָ, ישראל איז היינט די וווּנדער־מדינה פונעם מיטעלן מזרח״.

אהבת ישראל דרינגט אַרויס פון יעדער שורה זיינער. ער קומט אויך נישט אָפּ מיט „ליבן מדינת ישראל, זיצנדיק אין וואַשינגטאָן״, נאָר קומט פון צייט צו צייט וווינען עטלעכע חדשים אין ישראל. זיין באַליבטע סביבה, ווען ער קומט אינעם לאַנד איז — צווישן יידישע שרייבער און קינסטלער.

אויף אונדזערע פראַגן וועגן יידיש אין אַמעריקע, ענטפערט לעדער:

— איך בין איבערצייגט, אַז די יידישע שפּראַך וועט נישט אונטערגיין״. זי וועט אפשר נישט וואַקסן, אָבער עקסיסטירן וועט זי, נישט נאָר אין מדינת ישראל נייערט אויך אין חוץ לארץ.

לעדערס שרייבערישע פּלענער אויף דער צו־קונפט, איז שרייבן אַ בוך וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע (אין ענגליש). ער איז אויך באַגייסטערט פון דעם נאַציאָנאַלער אויפוואַכונג וואָס איז איצט צו מערקן ביים אַמעריקאַנער יידנטום, און פון דער צוגעבונדקייט פון אַמעריקאַנער יידן צו דער יידישער מדינה.

דער חשובער שרייבער איז דאָ אויפגענומען געוואָרן מיט אַ וואַרעמען קבלת פנים אין יידישן ליטעראַטן־פאַריין אין תל אביב. אַ גרויסער באַנ־קעט איז פאַר אים אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אין „בית ציוני אמריקה״.

מיר נעמען אויף קאָלעגאַ און פריינט צבי שמחה לעדער מיט דער וואַרעמער ברכה:

ברוך הבא!

משה פּרענק / צ. ש. לעדער / וואַשינגטאָן

וואַשינגטאָן איז דער גרעסטער נערוו־צענטער פון דער וועלט. פונקט ווי עס ציט אַ פרומען מוסלמע־נער צום מזרח פינף מאָל אין טאָג, אַזוי שוועבן


משה פּרענק

די געדאַנקען פון דיפּלאָמאַטן איבער דער גאָרער וועלט אַרום וואַשינגטאָן טאָג און נאַכט. וואַשינגטאָן איז אויך דער נערוו־צענטער פון דער וועלט־פּרעסע־אַגענטורן, צייטונגען און זשורנאַלן פון אַלע וועלט־טיילן האָבן זייערע קאָרעספּאָנדענטן און פּאַרטרעטער אין וואַשינגטאָן, חוץ די גרויסע צאָל קאָרעספּאָנדענטן פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע אין די 49 שטאַטן. די פּרעסע־גאַלעריעס פון סענאַט און קאָנגרעס, באַזעצט מיט פּאַרטרעטער פון דער גאָרער וועלט, קומט אויס ווי אַ מאָדערנער „בבל". איר זעט דאָרט זיצן מיאשי אסאמי פון דער מאיא־נישי פּרעסע אין יאַפּאַן און עמוס ד. פון דער טע־גליכער צייטונג „הארץ" אין ישראל. עס זיצט דאָרט אויך אַלעקסאַנדער נעגאַנדאַוויץ פון די „פּאָלי־טיקאַ" פון יוגאָסלאַוויע און קאַי טאַאָ פון דרום וויעטנאַם. דאָרט זיצן אויך פּ. י. זוסי פון סאָוויע־טישן „טאַסס". אויך זעט מען דאָרט זיצן מילטאָן פרידמאַן פון דער יידישער טעלעגראַפן אַגענטור און י. טשיאַנק פון כינעזישן נייעס אַגענטור, א. אז .וו.

די צאָל קאָרעספּאָנדענטן און זשורנאַליסטן אין וואַשינגטאָן ווערט געשאַצט אויף אַריבער צוויי טויזנט. די קאָרעספּאָנדענטן האָבן דאָ זייערע אָפּי־סעס און זיינע רעגיסטרירטע פּאַרטרעטער פון זייע־רע פּרעסע־אַגענטורן. די „אַסאָסיאייטעד פּרעס" האָט דאָ 94 קאָרעספּאָנדענטן און פּאַרטרעטער, חוץ דעם גרויסן שטאַב פון אָפיס־אָנגעשטעלטע. די „ניו־יאָרק טיימס האָט דאָ 42 קאָרעספּאָנדענטן. די „איט־טערעשיאָנל ניוס־סערוויס" האָט 93 פּאַרטרעטער און די „יונייטעד־פּרעס" האָט 53 פּאַרטרעטער, חוץ די גרויסע צאָל פּרעסע־קאָרעספּאָנדענטן פון די מדינות אין אַזיע, אַפריקע, אייראָפּע, אויסטראַליע און דרום אַמעריקע.

די פּרעסע קאָרעספּאָנדענטן און זשורנאַליסטן זיינען דאָ אָרגאַניזירט אין אַ „פּרעסע קלוב". זיי האָבן זייער אייגענעם גרויסן שיינעם בנין וואָס געפינט זיך אין צענטר פון שטאָט, נישט ווייט פון „ווייסן הויז". אַלע וועלט באַרימטע פּערזענלעכקייטן, מדינה פּרעזידענטן, פּרעמיער מיניסטאָרן און הויכע אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן פון דער רעגירונג, ווערן אויך איינגעלאַדן אַלס געסט פון פּרעסע־קלוב וווּ עס ווערט פאַר זיי צוגעגרייט אַ קבלת־פּנים.

צווישן די פּרעסע קאָרעספּאָנדענטן און זשורנאַליסטן וואָס פּאַרטרעטן די אַמעריקאַנער און אויס־לענדישע פּרעסע און נייעס־אַגענטורן, געפינען זיך אויך דאָ קאָרעספּאָנדענטן פון דער יידישער און יידיש־ענגלישער פּרעסע. איינער פון זיי איז דער באַוווסטער משה (מאָרי) פּרענק, אָפיציעלער קאָרעס־פּאָנדענט פון „טאָג מאָרגן־זשורנאַל" אין ניו־יאָרק און פון „דזשואיש קראָניקל" אין לאָנדאָן, ענגלאַנד.

די לייענער פון די אויבן דערמאָנטע צייטונגען, אויך יידישע לייענער אין אַנדערע וועלט־טיילן ווו עס איז פֿאַראַן אַ יידישע פרעסע און קולטור איז מ. פרענק נישט פרעמד. ווען איך בין מיט צוויי יאָר צוריק געווען אין מדינת ישראל און באזוכט דעם יידישן שרייבער און זשורנאַליסטן פֿאַריין אין תל אביב און באַקענט זיך מיט די יידישע שרייבער דאָרטן, דער־ווייסנדיק זיך אַז איך קום פון וואַשינגטאָן, האָבן זיי באַלד זיך נאָכגעפרעגט אויב איך קאָן משה פרענק. זיי האָבן באַוואונדערט זיינע רעפּאָרטאַזשן, ווי קלאָר ער ברענגט ארויס די פאַקטן פון פּראָבלעמען וועל־כע ער באַהאַנדלט. אַלע האָבן צוגעגעבן אַז משה פרענק איז דער איינציקער פון די יידישע פּרעסע קאָרעספּאָנדענטן אין אַמעריקע וואָס באַרירט גרונטלעך פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענינים, שרייבט מיט דיפּלאָמאַטישן סטיל.

דאָס זעלבע, אין 1956, ווען איך בין געווען אין בוענאָס איירעס, ווו איך האָב זיך באַקאַנט מיט אַ צאָל דאָרטיקע באַוווסטע זשורנאַליסטן און שריי־בער, איז זייער ערשטע פראַגע געווען: וואָס ווייס איך פון דעם וואַשינגטאָנער יידישן קאָרעספּאָנדענט משה פרענק. איך האָב יעדן געענטפערט אויספיר־לעך אויף די פראַגן. פאַרשטייט זיך, עס האָבן נישט געפעלט קיין לויב־געזאַנגען פון יעדן פון זיי פאַר מ. פרענקן. דער רעדאַקטאָר יצחק גלאַזער און די מיטאַרבעטער און שרייבער פון דער דאָרטיקער טעגלעכער צייטונג „די אידישע צייטונג“, ווו משה פרענק איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער, האָבן וועגן אים גערעדט מיטן גרעסטן יראת הכבוד. נישט נאָר זשורנאַליסטן און שרייבער, אויך אַ גרויסע צאָל לייענער פון דער „אידישער צייטונג“ מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן אין בוענאָס־איירעס, זיינען נישט געווען פאַראינטערעסירט וואָס איך האָב צו דערציילן פון וואַשינגטאָן, נאָר געפרעגט וואָס איך ווייס פון משה פרענקן. דאָס זעלביקע איז געווען ווען איך בין געקומען קיין ריאָ־דע־זשאַנעירא און אין אַנדערע יידישע ישובים אין דרום אַמעריקע, און אין לאָנדאָן, ענגלאַנד.

דער נאָמען משה פרענק איז באַוווסט און באַ־ליבט ביי די לייענער פון יידישע און ענגליש־יידי־שע צייטונגען און זשורנאַלן. זיינע אַרטיקלען פון וואַשינגטאָן בנוגע דיפּלאָמאַטישע ענינים, פּאָליטי־שע פּערזענלעכקייטן און פון אַלץ וואָס האָט אַ שייַ־כות מיט רעגירונג־ענינים זיינען אינפאָרמאַטיוו און אינטערעסאַנט. פרענק איז געבענטשט מיט שריי־בערישן טאַלאַנט און ברענגט אַרויס מיט דער פעַ־דער יעדע אַנאַליזירונג אויף אַ קינסטלערישן אופן.

*

משה פרענק איז אויך אַ באַוווסטער כלל־טוער און עוסק בצרכי צבור באמונה. ער אינטערעסירט זיך מיט יעדן ענין וואָס האָט אַ שייכות מיטן יידנ־טום בכלל, און ישראל בפרט און איז גרייט צו יעדער צייט אויסנוצן זיין איינפלוס אין די רעגי־רונגס־קרייזן פאַר די נויטיקע הילף.

איינע פון זיינע גרויסע אויפטואונגען איז פאַר־געקומען אין אָנהויב פון דער לעצטער וועלט־מל־חמה. ווען די נאַציס י״ש האָבן אַטאַקירט פוילן אין סעפּטעמבער 1939 און שפּעטער פאַרנומען אויך אַנדערע אייראָפּעאישע מדינות, בעת עס זיינען טויזנטער יידן אַנטלאָפן און געוואַנדערט זוכענדיק אַ מקום מקלט. אַ גרויסע צאָל יידן האָבן געוואַנ־דערט איבער רוסלאַנד און סיביר, דערגרייכט יאַ־פּאַן, שאַנכיי, האָנג־קאָנג און אַנדערע אַזיאַטישע מדינות. אַנדערע האָבן זיך געראַטעוועט קיין פראַנקרייך, ענגלאַנד און אין די סקאַנדינאַווישע מדינות. זייער לאַגע איז געווען אַ קריטישע. די צאָל פליטים איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, אונטער דער פירערשאַפט פון דעמאָלטיקן די־רעקטאָר ישעיה מינקאָף, האָט אָנגעפירט אַן אַק־ציע צו העלפן ברענגען אַ צאָל יידישע פליטים קיין אַמעריקע. די פּראָצעדור איז געווען אַ שווערע צו־ליב די שטרענגע אימיגראַציע געזעצן. מינקאָף איז בשעתו געקומען קיין וואַשינגטאָן און זיך געווענ־דעט צו משה פרענק ער זאָל אים העלפן דורכפירן די אַקציע. פרענק האָט גענומען די ליסטע מיט די נעמען פון די פליטים און געהאָלפן אַראַנזשירן קאָנפערענצן מיט סענאַטאָרן און קאָנגרעס־לייט. ער האָט זיך אויך געווענדעט מיט אַן אַפּעל צום סטייט־דעפּאַרטאַמענט. זיין אַפּעל האָט געבראַכט גוטע רע־זולטאַטן. דער סטייט־דעפּאַרטאַמענט האָט תיכף אַרויסגעגעבן אַ דערלויבעניש פאַר די פליטים צו אימיגרירן קיין אַמעריקע, און אין פאַרלויף פון אַנ־דערהאַלבן יאָר זיינען 1.800 יידישע פליטים פון אייראָפּע און אַזיאַטישע מדינות געקומען קיין אַמע־

ריקע. זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק משה פרענק.

זיין קאַריערע אַלס אַדמיניסטראַטיווער אַסיסטענט צו מיטגלידער פון קאָנגרעס הויבט זיך אָן אין 1945, ווען עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן די „יונייטעד ניישאָנס" אין סאַן־פראַנציסקאָ (פּרעזידענט רוזוועלט איז געשטאָרבן איידער די קאָנפערענץ איז פאָרגע־קומען). דער יידישער קאָנגרעס־קאָמיטעט פאַר אויסערלעכע אָנגעלעגנהייטן, איז געווען איינער פון די אַכט דעלעגאַטן וואָס דער פּרעזידענט האָט דעליגירט צו פאַרטרעטן די פאַראייניקטע שטאַטן ביי דער קאָנפערענץ. יעדער פון די דעלעגאַטן האָט געהאַט אַ ספּעציעלע מיסיע. צו קאָנגרעס־מאַן בלום איז איבערגעגעבן געוואָרן די מיסיע פון „רעליגיע־זע ענינים" און דאָס אויסקלייבן ראַטגעבער פון די דריי רעליגיעס: יידישע, פּראָטעסטאַנטישע און קאַטוילישע. אַלס ייד האָט בלום זיך געהאַלטן פאַר אַן אָרטאָדאָקס. ער האָט אָבער וויניק וואָס געוווסט פון יידישן לעבן בכלל און פון רעליגיעזן יידנטום בפרט.

משה פרענק אַלס יידישער זשורנאַליסט איז אין יענער צייט געווען באוווסט אין וואַשינגטאָנער רע־גירונגס קרייזן אַלס אַן אויטאָריטעט איבער יידי־שע ענינים. ער האָט זיך אָפט באַגעגנט מיט סענאַ־טאָרן, קאָנגרעס־לייט און הויכע רעגירונגס־לייט ביי פאַרשידענע פּרעסע־קאָנפערענצן. האָט טאַקע בלום זיך געווענדעט צו אים ער זאָל אים ארויס־העלפן מיט די נויטיקע אימפאָרמאַציעס און עצות, וואָס ער נויטיקט זיך אין זיין מיסיע. פרענק האָט די איינלאַדונג אָנגענומען און אַ דאַנק אים האָט סאָל בלום מיט דערפאָלג דורכגעפירט זיין מיסיע.

זינט דעמאָלט איז פרענק געוואָרן בלומס ראַטגע־בער אין יידישע ענינים. ער האָט אויך פיל געהאָלפן בלומען אין 1949 צו באַאיינפלוסן פּרעזידענט טרו־מאַן און הויכע רעגירונגס־לייט לטובת ישראל, וואָס האָט געפירט דערצו אַז פּרעזידענט טרומאַן האָט אַנערקענט די אַנשטייונג פון מדינת ישראל.

קאָנגרעסמאַן בלום איז געווען שטאַרק צופרידן פון משה פרענקן און זיין ראַטגעברישע הילף און האָט אים באַשטימט אַלס זיין אַדמיניסטראַ־טיווער אַסיסטענט. פרענק האָט דערפאָלגרייך דער־פילט זיינע פליכטן צום קאָנגרעסמאַן בלום, ביז דער צייט פון בלומס טויט אין 1949.

נאָך דעם ווען בלום איז אַוועק פון דער וועלט האָט פרענק אָנגענומען דעם אַמט אַלס קאָנסול־טאַנט, ראַטגעבער פון יידישע ענינים און אדמיני־סטראַטיווער אַסיסטענט צום יידישן קאָנגרעסמאַן אברהם מולטער פון ניו־יאָרק. אין יאָר 1951 איז ער געוואָרן דער אַדמיניסטראַטיווער אַסיסטענט צום קאָנגרעסמאַן לואיס ב. העלער און אין 1954 איז ער אַריבער צום קריסטלעכן קאָנגרעסמאַן וויקטאָר ל. אנפיוזא פון ניו־יאָרק, מיט וועמען ער איז פאַר־בונדן ביזן היינטיקן טאָג.

פרענק האָט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע צו באַשיצן די יידישע שחיטה אין דער צייט ווען עס האָט אָנגעהויבן די באַוועגונג פון צער־בעלי־חיים ארגאַניזאַציע צו ענדערן די מעטאָדן פון אומברענ־גען לעבעדיקע חיות און עופות, וואָס זייער פליייש ווערט באַנוצט צום עסן.

דער קאַמף פון שחיטה־געזעץ ציט זיך שוין אי־בער 4 יאָר. דער קאָנגרעס האָט געהאַט פאַר זיך אַ ביל און איז אויך גרייט געווען דורכצופירן אַ געזעץ פון וועלכן די יידישע שחיטה וואָלט געווען באַדראָט צו ווערן פאַרבאָטן אָדער דערקלערט אַלס נישט הומאַניטאַר.

אזוי ווי די אַקטיוויטעטן אין קאָנגרעס זיינען פאַרבונדן מיט זיין טעגלעכער רוטין, האָט משה פרענק נישט געערוט. ער האָט זיך תיכף פאַרבונדן מיט יידישע און נישט־יידישע קאָנגרעס־לייט און מיט באוווסטע יידישע אָרגאַניזאַציעס. ער האָט אָראַנזשירט באַראַטונגען און קאָנפערענצן מיט די פירער פון קאָנגרעס און סענאַט און האָט אויסגע־ווירקט אַז מ'זאָל אין דעם שחיטה־ביל אַריינ־שטעלן צוויי פונקטן: 1) אַז יידישע שחיטה איז הו־מאַניטאַריש, 2) אַז רעליגיעזע מענטשן האָבן דאָס רעכט צו שעכטן לויט זייערע רעליגיעזע טראַדי־ציעס.

קאָנגרעסמאַן אַנפיוזא איז אַ מיטגליד פון אַגרי־קולטור קאָמיטעט וואָס האָט געדאַרפט באַשטימען דעם שחיטה־געזעץ. האָט טאַקע פרענק אים באַוויגן ער זאָל אָנווענדן אַלע מיטלען, אַז די אויבן דער־מאָנטע צוויי פונקטן זאָלן אַריינגעשטעלט ווערן אין דעם שחיטה־געזעץ. פרענק האָט אויך אויסגע־נוצט זיין איינפלוס אויף אַנדערע נישט־יידישע קאָנגרעסלייט, וואָס טאַקע אַ דאַנק אים האָט מען דעם שחיטה־געזעץ געענדערט און אריינגעשטעלט

די צוויי פונקטן. דער שחיטה־ביל איז דורכגעפירט געוואָרן אין קאנגרעס און אַזוי ארום איז פאַרמידן געוואָרן די געפאַר פאַר יידישע שחיטה — אַ דאַנק משה פרענק.

אין וואַשינגטאָן איז פרענק באוווסט אַלס לעקטאָר און אינטעלעקטועלע פערזענלעכקייט. ער האַלט זיינע לעקציעס ביי פאַרשיידענע וויכטיקע אָרגאַניזאַציעס. ער איז אויך דער לעקטאָר פון טעמפל „סיני", וו ער האַלט זיינע לעקציעס איינמאָל אַ וואָך אין די ווינטער חדשים. ער איז אויך אַקטיוו און האַלט לעקציעס ביים היגן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אַרבעטער־רינג, בני־ברית, ציוניסטישע און אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס.

★

משה פרענק איז געבוירן אין ניו־יאָרק אין 1908. זיין פאָטער פ. פרענק, געבוירן אין נאָווישעליץ, לעבן טשערנאָוויץ, בוקאָווינע, איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1905. זיין מוטער, שרה פערל (וואַקסמאַן), געבוירן אין כאטין, לעבן קאַמעניץ, בעסאַראַביע. אין ניו־יאָרק האָט פרענק שטודירט אין יידישן לערער־סעמינאַר און אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט. אין יאָר 1934 האָט ער זיך באַזעצט אין וואַשינגטאָן, שטודירט אין „דזשאָרזש וואַשינגטאָן אוניווערסיטעט", וו ער האָט גראַדואירט אין 1936 מיט אַ „בעטשעלאָר אָוו אַרטס דעגרי". ער איז נאָכדעם אַריבער צום „אמעריקאַן אוניווערסיטעט" וו ער האָט מיט אַ יאָר שפּעטער גראדואירט אלס „מאַסטער אָוו אַרטס". ער האָט חתונה געהאַט מיט הויכער אינטעליגענץ. זי האָט שטודירט אין ניו־יאָרק סיטי קאָלעדזש, איז אַקטיוו אין וואַשינגטאָנער יידישע אָרגאַניזאַציעס וו זי האַלט אָפט לעקציעס. זי איז די פרינציפּאַל פון „חיים וויצמאַן פאָלקס שול". אין די וואַשינגטאָנער יידישע קרייזן איז זי באוווסט אַלס אַן אינטעלעקטועלע פערזענלעכקייט.

נאָכדעם ווי משה פרענק האָט פאַרענדיקט זיינע שטודיעס אין די אוניווערסיטעטן אין 1937, אין דער צייט ווען היטלער האָט אָנגעהויבן די אַקציעס צו פאַרטיליקן די יידן אין די גאַנצער אייראָפּע, האָט פרענק אָנגענומען אַ שטעלע אַלס לערער אין די היגע פאָלקס־שולן. אָבער זיין אַמביציע איז געווען זשורנאַליזם, קולטור און ווערן אַקטיוו אין יידישע אָרגאַניזאַציעס, ווערן באַפריינדעט מיט הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, כדי צו העלפן די אומגליקלעכע אייראָפּעאישע קרובים, וואָס וואָלטן אַנדערן אַרום זוכנדיק אַ וועג צו ראַטעווען זיך פון נאַצישן גהינום. אַלס זשורנאַליסט וועט ער האָבן אַ פרייען צוטריט צו די הויכע פענצטער אין וואַשינגטאָנער „קאפּיטאָל היל". ער האָט טאַקע דערגרייכט זיין אַמביציע.

פרענקס זשורנאַליסטישע קאַריערע הויבט זיך אָן אין 1941, ווען ער איז געוואָרן דער וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט פון „מאָרגן זשורנאַל" אין ניו־יאָרק (היינט „טאָג־מאָרגן זשורנאל"), אויך פון ענגלישן „דזשואיש קראָניקל" אין לאָנדאָן און אין די „יידישע צייטונג" אין בוענאָס איירעס. ער איז אויך געוואָרן דער מיטאַרבעטער פון די ענגליש־יידישע צייטונגען „די נעשיאָנאַל דזשואיש פּאָסט" און „די אַמעריקאַן זיאָניסט". שפּעטער איז ער אויך געוואָרן דער קאָרעספּאָנדענט פון דער טעגלעכער צייטונג „דבר" אין תל־אביב.

פרענק איז אויך פאַר אַ צייט געווען דער וואַשינגטאנער רעפּרעזענטאנט פון אַמעריקאַן צ[illegible] קאָנסול און פון אמעריקאן דזשואיש קאָנפערענץ. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דירעקטאָרן ראַט פון דזשואיש טאָשעל סערוויס און פון דזשואיש קאמיוניטי קאָנסול. ער איז אַקטיוו אין לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, פאָרזיצער פון באָארד אָוו דירעקטאָרס פון חיים וויצמאַן פאָלקס־שול און פון דירעקטאָרן־ראַט פון דער באַוווסטער וואַשינגטאָנער לערן אינסטיטוציע „די היברו אַקאַדעמיע". חוץ דעם איז ער אויך אַ מיטאַרבעטער אין רעגירונגס זשורנאַלן, שרייבט אין זשורנאַל „פאָרעין קאָמערס" וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון האַנדלס מיניסטעריום. אויך אין זשורנאַל „אַמעריקאַן היסטאָריקל רעוויו". שרייבט אָפט אין די זשורנאַלן „שיקאַגאָ דזשואיש פאָרום", „ייוואָ־בלעטער" און אין אַנדערע צייטונגען און זשורנאלן וואָס דערשיינען איבער דער גאָרער וועלט.

# אברהם און עליזאַבעט שולעוויץ

אינעם לאַנד האָט געוויילט די אנגעזעענע משפּחה **אברהם** און **עליזאבעט שולעוויץ** פון דע־טראָיט.


עליזאַבעט און אברהם שולעוויץ

מר אברהם שו־לעוויץ שטאַמט פון א למדנישער משפּחה פון אש־מיאַני, ביי ווילנע. זיין פאָטער ר' יצחק יוסף ז"ל איז געווען פון די ערשטע חובבי־ציון פערזענלעכקייטן אין זיין צייט. ער איז געווען א טעאַרעטיקער, קענער און גרויסער לערער פון דער העבראַישער שפּראַך. ער האָט געשאַפן און אנגעפירט מיט די ערשטער העבראַישער שו־לע אין אַשמיאַני. שולעוויטש'ס הויז איז געווען באַקאַנט, ווי א מקום פון דער מאדערנער השכלה.

און כאָטש מר אברהם שולעוויץ געפינט זיך שוין מער ווי דריי צענדליק יאָרן אין אמעריקע, דערקענט מען דאָך אין אים דעם בן תלמיד חכם. ער איז דער היינטצייטיקער טיף־קולטורעלער ייד, פול מיט אהבת ישראל און האָט א באַזונדערע וואַרעמע באַציאונג צום יידישן פּען־מענטשן, וועלכער שאַפט אין ישראל.

מיר האָבן דעם חשוב'ן גאַסט געשטעלט עטלע־כע פראַגן:

— זאָגט אונדז, ווי האַלט עס מיט יידיש און יידישקייט אין אמעריקע?

— „מיט יידישקייט האַלט עס אפשר בעסער, ווי מיט יידיש לשון!"

— דער רוב אמעריקאַנער יידן רעדן ענגליש, זיי פילן זיך אָבער נישט ווייניקער אלס נאַציאָנאַלע יידן, ווי די יידיש־ריידנדיקע, דעריבער דאַרף מען זיך נישט שרעקן פאַר דער שפּראַכלעכער אַסימי־ליאַציע, וואָס גייט אָן אינעם גרעסטן יידישן קיבוץ פון דער וועלט. איר דאַרפט וויסן, אַז די אמעריקאַנער יידן רעדן ענגליש, זיי דענקן אָבער יידיש און זענען מיט גייסט און וואַרעמען הארצן איינגע־וואָרצלט אינעם יידישן פאָלק.

— ווי האַלט עס מיט דער יידישער יוגנט אין אמעריקע?

— אויף דער פראַגע האָב איך פאַר אייך א גוטע בשורה. די יוגנט הויבט אָן צוריקצוקומען צו אונדז — רופט אויס ה' שולעוויץ מיט פרייד. מיינע איי־ניקלעך לערנען אין יידישע נאַכמיטיק און זונטיק־שולן און ווערן דערצויגן אין א נאַציאָנאַלן גייסט, בעסער ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, שוין היינט־צו־טאָג דערמאָנען די אייניקלעך זייערע זיידעס צו גיין אין שול אריין און מאַכן שבת קידוש. די דאָזיקע דערשיינונג וועט קענען זיין דער יסוד, פאַרן המשך פון נאַציאָנאַל־יידישן קיום פונעם אמעריקאַנער יידנטום.

— ווי געפעלט אייך דאָס לאַנד?

— דעם אמת־זאָגענדיק געפעלט מיר דאָס דאָרף מער ווי די שטאָט. ווען כ'בין געפאָרן אין נגב, האָב איך מיר פאָרגעשטעלט א סאַהאַראַ, א וויסטן זאַמדיקן מידבר. כ'בין אָבער איבערראַשט געוואָרן דערזעענדיק אינעם צענטראַלן נגב און אין דימונה־געגנט גרינע פליינען און קולטווירטע פעלדער. ווען מען זעט דאָס מיט אייגענע אויגן, באַגרייפט מען, וואָס פאַר א קאָלאָסאַלן ווערט דער נגב האָט פאַרן לאַנד, סיי פאַר התישבות און סיי פאַר דער לאַנדווירטשאַפטלעכער זעלבסשטענדיקייט.

— וואָס איז אייך אמיינסטן געפעלן געוואָרן אי־נעם לאַנד?

די צוגעבונדנקייט פון די בירגער צום לאַנד. דאָס פילן פון דעם יידן אַז ער איז אין זיין אייגענער היים. דאָס איז א גרויס נייעס אין דער פאָלקס פּסיכיק.

די משפּחה שולעוויץ זענען דאָ זייער ענטוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן דורך זייערע פריינט, שרייבער און קולטור טוער.

מיר באַגריסן די חשובע פריינט שולעוויץ מיט אונזער טראַדיציאָנאַלער ברכה:

**ברוכים הבאים!**

# טוביה ראָזענשטיין

ווען ער איז יונג געווען האָט ער געזונגען מיט די דינסטע טענער. אַז ער איז אויסגעוואַקסן און זיין ברוסט איז געוואָרן שטאַרקער האָבן זיך די טענער געביטן, אָבער דאָס איז נאָר פאָרגעקומען אין זיין שטימע. טיף אין זיין נשמה זענען געבליבן די דינסטע טענער. מיט וועלכע מען דערקענט קונסט און קינסטלער.



שוין אַלס 10־יעריק יינגל זינגט ער ביי די חזנים פון זיין שטעטל לובא (נעבן בערדיטשעוו), שפּעטער האָט ער געזונגען ביי גרויסע אייראָפּעישע מייסטערס.

דעם גרעסטן אוצר, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגענומען קיין אמעריקע איז געווען דאָס געזאַנג. דעם יידישן ניגון האָט ער אומעטום געלאָזט הערן. 17 יאָר איז ער כאָר־דיריגענט פונעם „הר ציון טעמפּל" אין פילאַדעלפיאַ. שרייבט פיל מוזיק שאַפונגען, און דער עיקר זיין נשמה איז א זינגענדיקע, פול מיט יידיש געזאַנג.

ער איז ממש צוזאַמענגעוואַקסן מיט געזאַנג בכלל און יידישן ניגון בפרט. אין זיינע א בראָשור "Why a choros?" זאָגט ער אזוי:

„געזאַנג ברענגט טרייסט און פאַרגעניגן פאַר יעדן פאָלק. באַזונדערס ביים יידישן פאָלק אין זיין לאַנגן וואַנדער־וועג איבער לענדער און קאָנטינענטן — האָט זיך אנגעזאַמלט א גרויסער אוצר פון רעליגיעזן און פאָלקס־געזאַנג, אנהויבנדיק פון כל נדרי ביז שבת־זמירות און חסידישע ניגונים. „דער ניגון אָן ווערטער", איז גאָר א הויכער שטאַפּל פון געזאַנג אַן אויסדרוק פון דער פאָלקס־נשמה.

דעם דאָזיקן קולטור־אוצר האָבן יידן אָפּגעהיטן אין אלע צייטן און ביי אלע אומשטענדן. העריבער מוזן מיר אויך אין דער איצטיקער תקופה וויסן ווי אים צו שאַצן, און אויפהאַלטן דורך שאַפן יידישע כאָרן".

יידיש געזאַנג, יידישער ניגון פאַרלאַנגט אָבער אויך יידישע סביבה. אָבער אין אמעריקע ווער עס בענקט נאָך יידישער סביבה מוז זי אַליין שאַפן. אין טאַקע ה׳ ראָזענשטיין געווען פון די ערשטע וואָס האָבן געגרינדעט אין פילאַדעלפיע דעם שלום עליכם פעראָיאַסלאַווער קלוב. פעראַיאַסלאַוו איז שלום עליכמ׳ס געבאָרן שטאָט און דער קלוב איז א וואַרעם ווינקל פאַר יידישער קולטור. ה׳ ראָזענשטיין איז דער פּרעזידענט פון דעם קלוב און ער היט אים טאַקע אָפּ. ווי אן אויג אין קאָפּ.

דער קלוב איז שטאָלץ דערמיט וואָס ער האָט איינגעאָרדענט א קבלת פנים פאַר שלום עליכמ׳ן בעת ער איז געווען אין אמעריקע. ה׳ ראָזענשטיין האָט דעמאָלט דיריגירט מיטן כאָר. שלום עליכם האָט געלייענט עטלעכע זיינע שאַפונגען.

ווען איר רעדט מיט ה׳ טוביה ראָזענשטיין דערקענט איר באַלד אַז דער אמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ האָט זיין יידישקייט נישט געקענט צעשמעלצן. זיין נאָמען טוביה האָט ער צו להכעיס נישט פאַרענדערט. צי א יידן רעדט ער יידיש. אָט דערציילט אונדז ה׳ ראָזענשטיין אזא עפּיזאָד:

— מיר פאָרן א גרופּע אין וויצמאַן אינסטיטוט. דער מדריך דערקלערט אונדז אַלץ אין ענגליש, דערנאָך פרעגט ער „ווער עס קען נישט ענגליש וועט ער פאַרטייטשן אין יידיש". פרעג איך אים: „פאַר וואָס האָט איר צוערשט נישט גערעדט יידיש, און דערנאָך געפרעגט ווער עס פאַרשטייט נישט, וועט איר איבערזעצן אין ענגליש?, אלע יידן אין דעם אויטאָבוס האָבן פאַרשטאַנען יידיש פון דעסטוועגן רעדט מען צו זיי בגעוואַלט אין אן אנדערער שפּראַך... לויט מיין מיינונג איז יידיש די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך פאַרן יידישן פאָלק.

ביי אונדזערע פילמאַליקע שמועסן מיטן גאַסט, האָבן מיר געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ „ביר־סיד שאינו מאבד טיפּה־יידישקייט". ער ציט

נאָך זיין יניקה פונעם אַלטן קוואַל. אַז אַזאַ ייד קומט קיין מדינת ישראל, דערוועקן זיך אין אים אַלע פאָלקס־זאַפטן. עס עפנט זיך אַ פענצטערל אינעם זכרון־אַרכיוו מיט אַן אַרויסבליק אויפן אַמאָליקן לעבן. עס נעמט זיך וויקלען אַ קאַלירפולע לענטע פון בילדער און געשטאַלטן פונעם יידישן בערדיטשעוו. טוביה ראָזענשטיינ׳ס זכרונות זיינען אָנגעפיקעוועט מיט הומאָר און פאָלקסטימלעכקייט. ער האָט אויך ליב צו דערציילן „קוריאָזן וועגן חזנים און חזנות", וואָס האָבן אַ שייכות מיט די חזנים, ביי וועלכע ער האָט געלערנט און געזינגען. אַ שאָד־נאָר וואָס ער האָט זיך ביז איצט נישט געגעבן די מי צו פאַרצייכענען דאָס בכתב. מיר האָבן טאַקע אויסגענוצט די געלעגנהייט און געזאַמלט עטלעכע, ה׳ ראָזענשטיינס פאָלקסטימלעכע־מעשה׳לעך, פאַרן היגן „פאָלקלאָר־אינסטיטוט".

— וואָס הערט זיך מיט יידיש אין אמעריקע?

— ס׳פילט זיך צוריק אן אויפלעבונג פון דער יידישער שפראַך אין גאַנצן לאַנד. עטלעכע אוניווער־סיטעטן האָבן אויפגענומען יידיש אלס שפראַך. אין פילאַדעלפיע אליין האָבן מיר פאראייניגט די קולטור אָרגאַניזאַציע פון ארבעטער־רינג מיט דער אלגע־מיינער קולטור־אָרגאַניזאַציע און דערמיט דער־גרייכט א גרויסן דערפאָלג.

— וואָס זיינען אייערע איינדרוקן פונעם לאנד?

ווען מען קומט אין א קליין לאנד אריין, שטעלט מען זיך פאָר צו זען זאכן אין א קליינעם פאָרמאַט, אין פארגלייך מיט אמעריקע — אין מיניאַטור. דאָ געשעט אָבער דאָס פאַרקערטע. מען זעט ממש גיגאנטישע אויפבוי־ווערק, למשל א „וויצמאַן אינ־סטיטוט", אַ „היכל התרבות", א „ועד הפועל" — דאָס מאַכט א געוואלדיקן איינדרוק!

אזוי ווי מיר קאָנען ה׳ ראָזענשטיין אויך אלס אייגענטימער פון א קונסט־גאַלעריע, האָבן מיר אים געשטעלט די פראַגע:

— וואָס איז אייער מיינונג וועגן דער מאָלער־קונסט אין ישראל?

— די קונסט אין ישראל — ענטפערט דער חשובער גאַסט — מאַכט נישט קיין גרויסן איינדרוק. דער פעלער באשטייט דערין וואָס די קינסטלער שאַפן נישט ספּעציפיש ישראלדיקס, עס זאָל מיט עפּעס ווארעמען — א זאַך, וואָס די וועלט זוכט. קלימאַט, סביבה זעט מען נישט אין די פעלדער פון ישראל־מאָלער. זיי ברענגען נישט אריין קיין נייעס, קיין אידייען. אזא מאָלעריי קאָן זיין אפשר גוט פאַר פשוטע מענטשן, אָבער זי האָט נישט קיין אויסזיכטן ארויסצוטרעטן אויפן פאָרום פון אייגנ־ארטיקער ישראל־קונסט.

מיר מוזן מודה זיין אז ה׳ ראָזענשטיין האָט אונדז נישט איבעראשט מיט זיין טרעפלעכער אָפּשאַצונג, ווייל די זעלבע מיינונג וועגן דער ישראל־מאָלעריי האָבן אויך אונדז געזאָגט די באַקאַנטע מאָלער מאַנע כץ, שאול ראַסקין און אנדערע.

וואָס זאָגט איר וועגן אונדזער יוגנט?

— א גרויסע פרייד וואַכט אויף אין מיר, ווען איך זע ווי עס וואַקסט אויף אַזאַ שיין דור יידישע קינדער אין ישראל. קינדער, וואָס פילן זיך פריי און שטאָלץ אויף זייער באָדן. ביי מיר זיינען אָט די קינדערלעך נישט־נאָר, נאָענט און טייער, נייערט אויך הייל׳יק.

וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק?

— דער שטאַרקסטער איינדרוק איז דער שנעלער טעמפּאָ וואָס גייט אָן אינעם לאַנד. מען האָט קיין צייט נישט. „דאָ איז א לאנד וואָס מ׳דאַרף בויען שנעל" — האָט מיר געזאָגט אַן ארבעטער.

אַ גרויסן פאַרדינסט אינעם לעבן פון קינסטלער האָט תמיד זיין פרוי. מיסיס מינא ראָזענשטיין האָט געוויס א גרויסן חלק אינעם יידישן געזאַנג פון איר מאַן און זי ווייסט ווי צו שאַצן זיינע קינסטלערישע אספּיראַציעס.

די חשובע געסט זיינען דאָ ווארעם אויפגענומען געוואָרן דורך „הסתדרות־העמלין הויז" באַקאַנטע זינגער, מוזיקער און „הדסה"־פאַרשטייערינס ווי מיסיס ראָזענשטיין איז טעטיק.

אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל" לייענען מיר:

„די יידישע קולטור אָרגאַניזאַציע", וואָס פירט אָפּ דורך קולטור־אונטערנעמונגען, סיי עפנטלעכע, סיי אינטימע, האָט לעצטנס געגעבן א חבר׳ישן צאַתך לשלום פאַר איר חשוב׳ן מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו און באַקאַנטן כלל־טוער טוביה ראָזענ־שטיין און זיין פרוי, צו זייער אָפּפאָרן קיין מדינת ישראל".

און אין מדינת ישראל נעמען מיר אויף די חשובע געסט מיט א הארציקן —

ב ר ו כ י ם  ה ב א י ם !

# מאיר בראון

מיר דוכט זיך, אז מ׳וואָלט באַדאַרפט אקרעדיטירן אין ירושלים אַן אמבאסאדאָר פון די יידן אין די תפוצות — וואָלט דער פאסיגסטער מאַן



דערצו געווען מ א י ר  ב ר א ו ן, דער פרעזידענט פונעם נאַציאָנאַלן יידישן ארבעטער־פארבאנד אין אַמעריקע.

מאיר בראון האָט אין זיין לעבן מצליח געווען סיי אַלס ארבעטער־מנהיג און סיי אַלס גלענצענדיקער רעדנער און אָרגאַניזאַטאָר, אָבער זיין נשמה איז געבליבן א דיכטערישע. ער פארמאָגט די פּאָעטישע וווייכקייט, איז געבענטשט מיט חוש פאַר נשמה־שיינקייטן. ער איז דער ליריקער, וואָס באַזינגט דעם מענטש. ער באַנעמט אים מיט דיכטערישער צאַרטקייט. ער האָט ליב די דרייסטקייט זיך ארויסצורייסן פון די אנגענומענע באגריפן און דאָגמעס און ארויסקומען מיט נאָוואציעס סיי אין דער קולטור און סיי אין דער קונסט.

ער איז דער מחבר פון א שיינעם בוך: „מיט יידישע אויגן״ און דער מחבר פון הונדערטער אַרטיקלען, צעוואָרפענע איבער צייטונגען און צייטשריפטן אין דער יידישער וועלט. מיט ליבשאפט שילדערט ער געשטאלטן און טיפּן פון זיין דור, פון חברים מיט וועלכע ער האָט געאַרבעט צוזאמען, מיט זיין פעדער באלעבט ער אידייען און מענטשן מיט זייערע צילן. ער מאָלט בעיקר דעם אויפגאַנג פון דער געזונטער יידישער ארבערטערשאפט אין אַמעריקע.

מאיר בראון איז געבאָרן אין ביאַליסטאָק. אין 1901 פארלאָזט ער זיין היימלאנד און קומט אין די פאראייניקטע שטאַטן. ער ווערט פארערעכנט צווישן די ערשטע גרינדער פונעם יידיש־נאציאָנאַלן אַרבעטער פארבאנד און איז זיין ערשטער גענעראַלסעקרעטאר. פון 1922 ביזן סוף 1933 פארנעמט ער דעם בכבודיקן אמט אלס פּרעזידענט פון פארבאנד. כדי צו האָבן א באגריף, וואָס פארא ראָלע דער פארבאנד שפּילט אינעם יידישן לעבן פון אמעריקע, איז כדאי צו לייענען דאָס דערמאָנטע בוך פון מאיר בראון וועגן דער אַנטוויקלונג פון פארבאנד. „מיט יידישע אויגן״ איז א גרויסער ביישטייער צו דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין אמעריקע פאר די לעצטע 50 יאָר.

שוין אין די דרייסיקער יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט, ווען בראון איז געווען ארייגעטאָן בראשו ורובו אין דער ארבעטער־באוועגונג, ציט אים קיין ארץ ישראל.

אין יענע צייטן האָט מען אויף דעם קליינעם יידישן ישוב אין ישראל געקוקט ווי אויף א גרופּע געפאנגענע, וואָס געפינען זיך אונטער דער השגחה פון ענגליש־אראבישע באוואָפנטע וועכטער. נישט געווען קיין סך אמאָטאָרן צווישן די אמעריקאנער יידן, וואָס זאָלן וועלן פארלאָזן ניו־יאָרק און קומען קיין ארץ ישראל. מאיר בראון האָט עס אָבער יאָ געטאָן און ער וווינט דאָ $7\frac{1}{2}$ יאָר, ביז יוני 1941.

פארוואָס האָט ער פלוצים פארלאָזט די יידישע ארבעטער אין אמעריקע און געפאָרן זיך באזעצן אין ישראל?

ער איז בטבע באַשאַנקן מיט אינטואיציע. שוין מיט 25 יאָר צוריק האָט ער געזען, אַז אַ שטאַר־קער כוח נעמט וואקסן אין ארץ ישראל. דאָס איז די יידישע ארבערטערשאַפט. די וועלט האָט זיך דאמאָלט נישט גערעכנט מיטן יידישן ארבעטער אין ארץ־ישראל. מיט וועמען איז דען געווען צום טיש צו גיין? מיטן יידישן פרדס־ארבעטער, וואָס האָט קאָנקורירט מיטן אראבער און געארבעט פאר 6 פיאסטער א טאָג, פון זון־אויפגאנג ביז זון־אונטער־גאַנג. קיין אינדוסטריע איז אינעם לאַנד נישט געווען און די ענגלענדער האָבן געזאָרגט דערפאַר, ס'זאָל אויך נישט זיין. די חלוצים וואָס זענען דאמאָלט דאָ געווען — האָט מען נישט געוווסט, ווי זיי אָנצורופן. דאָס זענען געווען ארבעטער, אָבער אויך גרויסע אידעאַליסטן. זיי זענען געווען מער הונגעריק ווי זאַט. אָבער מאיר בראון האָט דאָס געזען מיט אנדערע אויגן, און ווען ער האָט באקומען אַן איינלאדונג פון דער הסתדרות צו קומען אין ישראל, האָט ער זיך אינעם פאַרשלאָג אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט. זיין ערשטער באזוך אין לאַנד איז געווען אין 1926. ער איז געקומען אויף דער איינ־לאַדונג פון דער „הסתדרות העובדים" צו אונטער־זוכן די מעגלעכקייט צו גרינדן אַ יידישע אַרבעטער געזעלשאַפט. ער שטעלט אויך צו אַ פּלאַן צו גרינדן אַן אַרבעטער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט „הסנה", פאַר וועלכער ער שאַפט אין אַמעריקע די ערשטע 25 טויזנט דאָלאַר.

אָפּגעטאָן א שפּאָר ביסל ארבעט אין ישראל קערט זיך מאיר בראון צוריק קיין אמעריקע.

און וואָס לאָקט אים דאָרט ווידער אָן? חינוך. דאָס דערציען יידיש־נאציאָנאלע יוגנט איז דאָס געבאָט פון דער שעה.

ווערט ער דער אָנפירער פונעם יידישן לערער־סעמינאַר און פון די פאָלקס־אוניווערסיטעטן און איז טעטיק דערין ביזן היינטיקן טאָג.

אין 1949 ווערט מאיר בראון דער פרעזידענט פון יידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד.

ער פילט זיך אָבער באזונדערס באקוועם דאָרט ווו ער האָט צו טאָן מיט שרייבער און ביכער. ער איז אקטיוו אין שול־וועזן. אויף דער איצטיקער סעסיע פונעם אקציאָנס קאָמיטעט אין ירושלים איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין דער „ועדה לחינוך ותרבות לגולה".

מיר שטעלן דעם חשובן גאַסט עטלעכע פראַגן:

— ווי זעט איר די יידישע יוגנט אין אמעריקע?

— מען קען נישט גענעראַליזירן די יוגנט. זי איז פארשיידנארטיק. עס ווענד זיך, צו וועלכע אָרגאַ־ניזאַציעס זי געהערט: צו „הבונים", אָדער די רע־ליגיעזע פאָלקס אָרגאַניזאַציע „יונג ישראל". איין זאַך איז קלאָר, אַז די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל האָט א געוואלדיקע השפעה אויף דער יוגנט. איך האַלט אָבער, אז עס דאַרף מער געטאָן ווערן כדי צו דערנענטערן די יוגנט צום ציוניזם און מדינת ישראל.

— ווי איז די באַציאונג פון די אמעריקאנער אר־בעטער צו יידישע פּראָבלעמען?

— וואָס אנבעלאַנגט די אמעריקאנער ארבעטער־באוועגונג, וואָס ציילט 15 מיליאָן מענטשן — זענען זיי געשטימט פריינטלעך צו ישראל, און ביי פארשיידענע געלעגנהייטן האָבן זיי פּאָליטיש גע־האָלפן דער יידישער מדינה. דער פרעזידענט דזשאָרזש מ י נ י און וויצע־פרעזידענט ר ו י ט ע ר מ עַ ק ד אָ נ אַ ל ד זענען די פראָמינענטסטע ארבע־טער־פירער און זיי זענען גרויסע פריינט פון ישראל און פון דער הסתדרות.

— וואָס זאָגט איר וועגן יידיש אין ישראל?

— אַז העברעאיש איז די שפּראַך פון לאַנד ווייסן מיר אַלע. אָבער יידיש איז וויכטיק, ווייל אין יידיש זענען געשאַפן געוואָרן קולטורעלע כלי זין. איך האָב באמערקט, אז דער אמאָליקער אַנטאַגאָניזם צווישן די העברעאיסטן און יידישסטן הויבט אָן פארשווונדן. דאָס איז א גוטער סימן. איך האַלט אויך, אַז די יידישע יוגנט דאַרף זיין באקאַנט מיט יידישע שאפונגען אין מאַמע לשון. אין די מיטל־שולן אין ישראל דאַרף איינגעפירט ווערן דער לימוד פון יידיש. דאָס וועט געוויס נישט זיין קיין געפאַר פאר העברעאיש. דאָס וועט גיכער שאַפן מער פארשטענדיש פאַרן צוזאמענלעבן מיט יידישע קיבוצים אין גאָר דער וועלט.

מיר באגריסן דעם חשובן גאַסט מיט א הארציקן

ב ר ו ך ה ב א!

# לואי סיגאל

דער גרויסער זאל פונעם „דוד המלך האָטעל" איז דעם אָוונט געווען „קעניגלעך" אויסגעפוצט. זיינע מאסיווע פילארן — אַ שטייגער ריזן־שומרים



פון אינוויייניק — מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן אפּהוז־קן פון די געסט, וואָס דערגרייכן זיי קיים צום „קנעכל". אינעם גרויסן און הויכן זאַל ווערן איינצלנע מענטשן כמעט ווי פאַרשלונגען און ס׳איז זיי שווער ארויסצוזען פונעם מאסיוון אַרום. דאָ און דאָרט זיצן ביי די טישלעך עטלעכע פאַר־דרימלטע טוריסטן און נאָגן לאנגע, דיקע ציגארן, וואָס סטאַרטשען נאכלעסיק פון די מיילער. זיי זעען אויס מיד פון וואַנדערן איבער היסטאָרישע ערטער פון דער שטאָט, זייערע אויגן קלעפּן זיך און דאָס אינטערעסאַנטסטע, וואָס מ׳קאָן פון זיי איצט דער־ווארטן: איז א ברייטער גענעץ אינעם רחבותדיקן הלל אריין.

נאָכן הייסן יוני־טאָג פלירטעוועט איצט אין דרויסן א קיל ווינטל. די ירושלימער איינוווינער קענען דאָס מהיה׳דיק ווינטל וואָס דערפרישט אין די פארנאכטן, מענטש, פלאנץ און בוים.

אזוי זיצנדיק פארטיפט אין רעפלעקסן, זע איך פּלוצעם, ווי עס דרייט זיך אריין דורך די מאסיווע טיר א באקאנט גוטמוטיק פנים. יידישלעך פייער־דיקע אויגן גיבן א בליץ אויף אין מיין ריכטונג און מיט ראשיקע טריט דערנעטערט זיך צו מיר מיין פריינט לואי סיגאל.

ער זעט אויס צו זיין א דערפרישטער און מונ־טערער. ער וועקט מיך אויף מיט זיין ווארעמען באגריסן זיך. די מאַנאטאניקע אידיליע צעגייט זיך ווי א געדיכטער נעפּל.

לואי סיגאל איז א גוטער דערציילער. קומט ער אריין אין טראַנס פון ריידן און שילדערן — דוכט זיך דיר אויס, ווי די גרויסע מאסיווע זיילן פון אט־דער געביידע זענען גאָר קליינינקע דרענגעלעך, וואָס שפּאַרן אונטער יונגע ביימעלעך, נעבן זיי זעט דער גערטנער אויס ממש ווי א ריז... דער גרויסער האָל פונעם „קינג דוד האָטעל" הערט אויף צו באהערשן דיין אויג און באקומט דעם אויסזען פון א געצעלט, וואָס א וואנדערנדיקע ענגלישע עקספּעדיציע האָט אים אוועקגעשטעלט. עס ווערט לעבעדיקער אינעם זאַל. עס שיילט זיך ארויס דער מענטש אין זיין פולער פּראַכט, אינעם צלם אלהים.

לואי סיגאל האָט א גרויסן טאלאנט צו שילדערן שטיקער יידיש לעבן מיט אזא פארנעם און כוח, אזש מען קען די פאקטן אנטאפּן ממש מיט די הענט. ער איז ווייך און פאלקסטימלעך, מאמענטנ־ווייז — אפילו סענטימענטאל, ווי ער וואָלט געווען פון ווייגל־אויס דערצויגן אין „בית הלל", אָבער שטענדיק קערנדיק און פארנופטיק.

מיר דוכט זיך: וואָלט איך געהאט די געלעגנ־הייט אדורכצובלעטערן זיין ספר החיים, וואָלט איך דערזען, אז די שטארקסטע מעלה זיינע איז, וואָס ער איז ערלעך צו זיך אליין. אין פלוג גענומען, וועט איר מיינען, אז דאָס איז א קלייניקייט, אָבער אביסל ערנסטער — קומט אויס, אז דאָס איז דער גייסטיקער יסוד ביי א מענטשן און בפרט ביי א מנהיג. אז מ׳איז ערלעך צו זיך אליין, קאָן מען זיך גופא מוסר זאָגן. ביי אינערלעכער ערלעכקייט האָט אזא מין מענטש אויף זיין הימל קיין טונקעלע וואלקנס נישט, וואָס מאכן חושך אין דער נשמה. לואי סיגאל האָט זיך דערגרונטעוועט צו דעם שכל׳דיקן לעבנס־סוד. פון דאנעט נעמט זיך אפשר זיין ענערגיע און שווונג, וואָס שפּרודלט פון אים ווי א מים־חיים׳דיקער קוואַל.

א יוצא מן הכלל פון „סתם עסקנים", איז לואי סיגאל דערמיט, וואָס ער שאצט אָט די חשיבות פונעם יחיד. דער יחיד איז א רינגעלע אין דער לאנגער קיים פון איינסן, דער טייערער יסודות׳־דיקער איינס, פון וועלכן עם באשטייט די גוזעל־שאפט. ווערט אזא רינגעלע צופיל באלאסטעט פון

אַ שטאַרקן דרוק, אָדער ווערט געריבן און אָפּגעשוואַכט — מוז עס די גאַנצע קייט דערשפּירן.

ווען איר פאַרברענגט עטלעכע שעה מיט לואי סיגאַלן, דעם גענעראַל סעקרעטאַר פונעם יידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער־פאַרבאַנד אין אמעריקע, בעת איר הערט אים ריידן און דערציילן — האָט איר דאָס געפיל, ווי איר הערט די שטימע פונעם אַמע־ריקאַנער יידנטום. איר דערזעט דאָס פּנים פון דער אַקטיוו־שעפערישער יידישער אַרבעטער־וועלט אינעם גרעסטן יידישן ישוב אין דער וועלט. סיגאַל רעדט אַ פּערלדיק־זאַפטיקן יידיש, כאָטש עברית לאָקט אים מחמת מדינת ישראל.

מיט אים האָט איר נישט קיין סך ארבעט. ער ענטפערט בליק־שנעל אויף אייערע פראַגן און טיילמאָל נעמט ער זיי אייך אפילו ארויס פונעם מויל...

מיט ישראל איז ער פאַרבונדן, ווי מיט זיין אייגענער היים. שוין צוואַנציק מאָל האָט ער באַזוכט דאָס לאַנד. דאָס ערשטע מאָל אין 1931 יאָר. ווי מיר דוכט זיך איז אין מדינת ישראל נישט פאַראַן פאַר אים קיין סוד, אפילו נישט די געהיימסטע ידיעות. דעריבער איז טאַקע כדאי צו הערן זיינע מיינונגען וועגן אַקטועלע יידיש־ישראַל׳דיקע פראַגן פון ביידע זייטן אַטלאַנטיק.

מיר פרעגן:

— וואָס האָט געמאַכט אויף אייך דעם שטאַרקסטן איינדרוק בשעת אייער באַזוך אין אונזער מדינה?

— ביי מיינע פון מאָל־צו־מאָל באַזוכן אין ישראל זינט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה קריצן זיך איין ביי מיר פאָלגנדיקע פאַקטאָרן:

קודם כל די פעאיקייט צום בויען. כדי איר זאָלט פאַרשטיין מיין כוונה, וויל איך צוגעבן:

— „אפילו אין דער גרויסער אינדוסטריעלער אמעריקע פאַרנעמען יידן פּלעצער אין דער עקאָנאָ־מיק, וואָס זענען נישט פּרימאַר־ווירטשאַפטלעך פאַרן לאַנד. מ׳טרעפט ווייניק יידן צווישן באַן־ארבעטער, זייער ווייניק אין די שטאָל און אייזן־פאַבריקן. ווייניק יידן זענען איינגעוואָרצלט אויפן באָדן. יידן פאַרנעמען גרויסע פּאָזיציעס אין דער שניידער־אינדוסטריע. טיילווייז אויך אין דער בוי־אינדוס־טריע, אָבער אין אַ גרויסער מאָס אין די אינטעלי־גענטע פּראָפעסיעס.

אַז מען קומט אין מדינת ישראל אריין זעט מען, אַז די לעבנס־נערוון אויף יעדן געביט זענען לויטער יידישע. ווען מ׳זעט ווי אויף די רושטאָ־וואַניעס שטייען יידן און מויערן. ווי יידן פּלאַסטערן גאַסן און כבישים. און אַז אין דער שווער־אינ־דוסטריע אַרבעטן יידן — מאַכט דאָס אויף אַ יידן פון חוץ לארץ דעם שטאַרקסטן איינדרוק, און כ׳מיין אַז נישט־נאָר דווקא אויף יידן. באַזונדערס שטאַרק איז דער איינדרוק דערמיט, ווייל מיר האָבן זיך אליין איינגערעדט — און די קעגנער פון ציוניזם און שונאים פון יידן האָבן געזוכט אונדז און די וועלט איינצורעדן, — אַז יידן זענען בכלל נישט פעאיק צו בויען שטעט, אויפשטעלן לאַנד־ווירטשאַפטלעכע ישובים, פירן באַנען און בויען מיט די הענט ממש. אָן דער זייטיקער הילף — מיט איין וואָרט: נישט פעאיק צו פירן אַ געזונטן פאָלקס־לעבן מיט פעלקער צוגלייך.

— וואָס נאָך האָט אייך דאָ באַאיינדרוקט?

אין לואי סיגאַלס אויגן בליצט אויף אַ פייערל און אַ צופרידענער שמייכל באַווייזט זיך אין זיינע מויל־ווינקלען

א) — די זיכערקייט פון די מענטשן אין ישראל, אַז זיי וועלן איבערוועגדן אַלע שוועריקייטן.

ב) — דער טאַלאַנט איינצוגלידערן אינעם ישוב פאַרשיידנאַרטיקע שבטים, קולטורן, און טעמ־פּעראַמענטן — וואָס מען רופט דאָס אָן „קבוץ גלויות“.

ג) — דאָס הארציקע, זאָרגן פאַרן וואַקסנדיקן דור.

— דאָס זעט איר די ליכט־זייטן. און וואָס איז מיט דער שאָטן־זייט?

— אַ שווערן איינדרוק מאַכט דאָ די וואַל־סיסטעם, וואָס איך דערלויב מיר צו באַצייכענען אלס איבער־געטריבענע דעמאָקראַטיע. איך האַלט פאַר אַ גרויסן שאָדן פאַרן פּאָליטישן לעבן אין לאַנד — די מעג־לעכקייט פון קליינע גרופּירונגען צו ווערן פּאָלי־טישע פאַקטאָרן און צו האַלטן אין זייערע הענט דעם גורל פון דער רעגירונג.

אמעריקע, למשל, איז אַ גרויס דעמאָקראַטיש לאַנד מיט אַ גרויסן דרך ארץ און טיפן גלויבן אין דעמאָקראַטישע טראַדיציעס און פּירונגען. אָבער די בירגער פון לאַנד ווייסן, אַז ביי וואַלן, געווינט יענע פּאַרטיי, וואָס באַקומט די מערהייט שטימען פון די וויילער. אט די פּאַרטיי, וואָס האָט

זוכה געווען צום זיג, פירט דאָס לאַנד (אויך די שטאַט־פּראוואַלטונגען און באַזונדערע שטאַטן) ביז דער נייער קאָדענץ. עס קומט נישט פאַר נאָך די וואַלן קיין דינגעניש וועגן צוזאַמענשטעלן די רע־גירונג, ווייל די ווײַלער האָבן עס פריער באַשטימט. עס איז נישט נויטיק קיין קאָאַליציעס פאַר אַ פרייז, וואָס מען מוז דערפאַר באַצאָלן. פון איין וואַל־פּעריאָד ביזן צווייטן קאָן די רעגירונג, רואיק אָנפירן מיט איר אַרבעט און דערפילן אירע פליכטן.

איז מיין מיינונג, אַז ביז אין מדינת ישראל וועט נישט קומען אָט צו דעם וואַל־סיסטעם וועלן דאָ אויפקומען יעדעס מאָל נייע פּאַרטייען. און ווען אַ פּאַרטיי וויסט, אַז זי קאָן אפילו מיט דריי שטימען שפּילן אַ ראָלע אין דער כנסת, וועט זי קיינמאָל נישט מוותר זיין אויף איר עקזיסטענץ. איך האָף אויף דעם טאָג, ווען דאָ ס׳וועט געשטעלט ווערן צו אַ פּאָלער רעפערענדום די פראַגע. צי זיי ווילן טאַקע בלייבן ביי דער איצטיקער סיסטעם, וואָס שאַפט גרויסע שוועריקייטן פאַר דער פּאָלשטיטער סטאַ־ביליזאַציע פונעם לאַנד — אָדער זיי ווילן אָננעמען די סיסטעם פון ענגלאַנד, אָדער אַמעריקע, וואָס איז פיל סטאַבילער, פּראַקטישער און דעמאָקראַ־טישער אין יעדער הינזיכט.

— דערלויבט מיר, פריינט סיגאַל, אויך אַן אפּיקורסישע פראַגע: צי איז פאַר די אַמעריקאַנער יידן מדינת ישראל נאָר אַ „האָבי״, אָדער צו באַ־טראַכטן זיי די יידישע מדינה אַלס אַן אינטעגראַלן טייל פון זייער לעבן?

— דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז אין דער גרוי־סער מאַיאָריטעט מיט הארץ און נשמה צוגעבונדן צו ישראל. עס איז ביי יידן אינגאַנצן פאַרשוווּנדן די מורא פאַר אַ חשד, אַז ווען מ׳איז געטריי ישראל — קאָן מען חושד זיין, אַז מ׳איז ווייניק געטריי אַמעריקע. אַלע ענערקענען שוין (יידן און נישט יידן), אַז דעם פּחד פאַר „דאָפּלטער לאָיאַליטעט״ האָבן אויסגעטראַכט שונאים פון ציוניזם און שונ־אים פון ישראל. אַמעריקאַנער יידן זענען שטאָלץ מיט דער מדינה און אין זייערע רייד און זייערע האַנדלונגען מאַכן זיי אַלעמאָל קלאָר, אַז מדינת ישראל געהערט צום גאַנצן יידישן פאָלק, פון וועלכן זיי זענען אַ טייל.

— צי זענען די אַמעריקאַנער יידן נאָך אַזוי באַגייסטערט פאַר דער יידישער מדינה, ווי זיי זענען געווען מיט צען יאָר צוריק?

— אין די ערשטע יאָרן פון דער מדינה־עקזיסט־טענץ האָט מען זיך געשראָקן, אַז די יום־טוב־שטימונג בנוגע דער מדינה, וועט לאַנג נישט אָנ־האַלטן, ס׳וועט ווערן אַ וואָכעדיקער ענין, וואָס וועט קומען צום אויסדרוק מיט העלפן פון צייט צו צייט דער יידישער מדינה. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אינעם צוועלפטן יאָר פון ישראלס עקזיסטענץ איז די צוגעבונדקייט פון די אַמעריקאַנער יידן צו יש־ראל, בשום אופן נישט שוואַכער, פאַרקערט, יידן אינטערעסירן זיך אַלץ מער מיט ישראל־פּראָבלע־מען, פרייען זיך מיט די דערגרייכונגען און ווייזן אַרויס גרייטקייט אויף פאַרשיידענע אופנים איבער־צוווינדן די שוועריקייטן.

— מילא, אַז יידן פרייען זיך מיט דער מדינה, איז עס אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, ווי איז אָבער די באַציאונג צו ישראל מצד דער גאַנצער באַפעל־קערונג פון אַמעריקע?

— פון באַזונדער גרויסער וויכטיקייט באַטראַכטן מיר אין אַמעריקע די וואַרעמע באַציאונג, וואָס ס׳האָט דאָרט די אַרבעטער־באַוועגונג צו דער מדינה און צו דער הסתדרות. אין אַמעריקע זענען אָרגאַ־ניזירט אַרום 18 מיליאָן מיטגלידער אין די אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציעס. זיי שטעלן מיט זיך פאָר דעם גרעסטן און שטאַרקסטן אָרגאַניזירטן כוח אין לאַנד. אויף אַלע קאָנפערענצן ווערט דורך די אַרבעטער־פאָרשטייער אַרויסגעבאַכט זייער באַגייסטערונג פאַר דער יידישער מדינה, זייער אָפּשאַצונג פאַר דער הסתדרות און זייער גרייטקייט צו העלפן דער מדינה מאָראַליש און פינאַנסיעל. אָט דער פאַקט דינט אָפּטמאָל פאַר פּאָליטישע צוועקן.

— אַלס גענעראַל סעקרעטאַר פונעם יידישן אַר־בעטער פאַרבאַנד, — דערציילט אונדז עפּעס וועגן זיין טעטיקייט?

— דער יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט סוף חודש מאַי 1959 אָפּגעהאַלטן אַ נאַציאָנאַלן קאָנווענשאַן אין מיאַמי, מיט 50 דעלעגאַטן און טויזנט געסט. דער דאָזיקער קאָנווענשאַן איז געווען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פאַר יידישער קולטור און דערציאונג, פאַר מדינת ישראל, פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר נאַציאָנאַל־יידישער פאָלקסטימלעכקייט. אבא חושי, דער ראש העיר פון חיפה, האָט אין זיין באַגריסונגס־רעדע אויסגע־

רופן: „דאָ האָט זיך פאַר מיר געעפנט דאָס האַרץ פונעם יידישן פאָלקס־מענטשן. די שכינה פון יש־ראל באַווירקט דאָ אַלעמען! די אַנטשלאָסנקייט ממשיך צו זיין יידיש פאָלקס־לעבן פילט מען אין יעדן איינעם פון די אַנוועזנדיקע".

איך מוז צוגעבן, אַז ער האָט געזען די פאַקטן מיט דורכדרינגלעכע אויגן. יעדער צווייג, יעדע גרופּע פונעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד שטעלן מיט זיך פאָר פיאָנערן פאַר יידיש־נאַציאָנאַלן לעבן, פאַר יידישן המשך און פאַר פאַרשטאַרקן די בריק צווישן יידן אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל".

— צי האָט איר געפונען דעם וועג צו אייער יוגנט?

— צווישן דער מיטגלידערשאַפט פונעם פאַר־באַנד, וואָס דערגרייכט אַרום 35 טויזנט, האָבן מיר בערך 15% חברים אין עלטער פון 25—45 יאָר. מיר באַגנוגענען זיך נישט דערמיט און מאַכן גרויסע אָנשטרענגונגען, אַז די דערוואַקסענע קינדער פון די פאַרבאַנד־מיטגלידער, וואָס מיר שאַצן אין א צאָל פון 100 טויזנט, זאָלן אין א גרויסן טייל זיך אָנ־שליסן צו דער אָרגאַניזאַציע און ווערן אַ פירנדיקער, פאַקטאָר אינעם פאַרבאַנד און אינעם יידישן לעבן בכלל.

— וואָס הערט זיך מיט יידיש לשון אין אַמעריקע?

— איך קאָן נישט זאָגן, אַז יידיש האָט אין די לעצטע יאָרן, זיך מער פאַרשפּרייט און טיפער זיך פאַרוואָרצלט אין יידישן לעבן. נישט געקוקט אויף דעם, זענען נאָך היינט צו טאָג דאָ אין אַמעריקע הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס לעבן זיך אויס געזעלשאַפטלעך אין דער יידישער שפּראַך. די יידישע פּרעסע האָט נאָך א גרויסע ווירקונג אויפן אַמעריקאַנער יידישן לעבן. ווען מ'וויל דורכפירן מאַסן אימפּרעזעס פאַר ישראל מיטן אָנטייל פון צענדליקער טויזנטער יידן — קען מען דאָס נישט מאַכן אָן דער אַקטיווער הילף פון דער יידישער פּרעסע.

עס מערקט זיך אין דער לעצטער צייט א ווילן פון פיל אַמעריקאַנער־געבוירענע, וואָס האָבן יידיש נישט געלערנט, צו קענען רעדן און פאַרשטיין יידיש. אַמעריקאַניזירטע עלטערן זענען לעצטנס געוואָרן אַקטיוו אין דערציאונגס־אַנשטאַלטן, וואָס שליסן איין אין זייער פּראָגראַם יידיש און העברע־איש. אין ניו־יאָרק האָבן עטלעכע הויך־שולן, וואָס געפינען זיך אין קאָמפּאַקטע יידישע געגענט, איינ־געפירט דעם לימוד פון יידיש אין קלובן און ספּעצ־יעלע קלאַסן. אויף פייערונגען פון אַמעריקאַניזירטע יידן, ווו עס ווערט געזונגען א יידיש ליד, ווערט אַזאַ פּראָגראַם אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטע־רונג.

„סאיז צום גליק שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן די אומנויטיקע דיסקוסיע וועגן „קאָנקורענץ" צווישן יידיש און העברעאיש. אַלע האָבן זיך שוין איבער־צייגט אַז ווען יידיש ווערט אָפּגעשוואַכט, געווינט פון דעם ענגליש און נישט העברעאיש! דערפאַר איז לעצטנס פאַרגעקומען א דערנענטערונג צווישן די יידישע קולטור־כוחות אין אַמעריקע, וואָס ווילן אָפּהיטן ביידע שפּראַכן און די קולטור־אוצרות, וואָס זענען אויף זיי געשאַפן געוואָרן.

★ ★ ★

לואי סיגאַל, וועלכער האָט אַנטיילגענומען אין דער סעסיע פונעם אַקציאָנס־קאָמיטעט — האַלט, אַז די קאָנפערענץ האָט געהאַט ווייניק דעמאָנסטראַ־טיווע מאָמענטן, דערפאַר איז פאַרגעקומען אַן אײ־נערלעכע פּאַרטיסיפּונג אין די אַקטועל־ציוניסטישע פּראָבלעמען.

דער גרעסטער פאַרדינסט פון דער ירושלימער סעסיע — זאָגט לואי סיגאַל — איז דאָס, וואָס דער אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט געגעבן פולמאַכטן ד"ר נחום גאָלדמאַן מיט דער עקזעקוטיווע צו פירן פאַר־האַנדלונגען מיט וויכטיקע יידישע אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי זאָלן ביי באַשטימטע אָרגאַניזאַציאָנעלע רע־פאָרמען אַריינטרעטן אין דער אַלוועלטלעכער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע. דורכדעם קאָן די ציוניס־טישע באַוועגונג געווינען הונדערטער טויזנטער נייע מיטגלידער.

★ ★ ★

אַרום חצות האָב איך זיך געזעגנט מיטן גע־קרוינטן אַרבעטער־מנהיג. די ירושלימער גאַסן זענען שוין געווען פוסט און טונקל. כ'בין מיט ראַשיקע טריט דורכגעלאָפן די ליידיקע פּלעצער, וואָס ביי דער אַלט־שטאָט. כ'האָב געזוכט עפּעס, וואָס זאָל באַלויכטן מיין וועג. דער הימל איז געווען אין זיין פולן גלאַנץ און ווען כ'האָב א קוק געטאָן פאָראויס האָט עפּעס א בליץ געטאָן פאַר מיינע אויגן. אויפן יידישן טייל פון ירושלימער הימל האָב איך פּלוצים דערזען א נייעם אויפגייענדיקן שטערן.

ב ר ו ך ה ב א!

# ישראל סטאָלאַרסקי

איך האָב מיר אַליין מתיר געווען ציצירעכענען ישראל סטאָלאַרסקין צום „חוט המשולש" פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אַרבעטער טוער אין אַמע־



ריקע. צוזאמען מיט לואי סיגאַל און מאיר בראון איז דאָס אַ שטאַרקער פּאָדים וואָס פאַרבינדט די ידישע אַרבעטער־וועלט מיט מדינת ישראל.

ישראל סטאָלאַרסקי איז דער יינגסטער, דער סענטימענטאַלסטער פונעם „דריילינג". ער מאַכט דעם איינדרוק ווי יענער מוזיקער, וואָס איז פאַרטוען אין די טעכנישע צוגרייטונגען צום קאָנצערט, אָבער אינעווייניק זינגט ביי אים דער ניגון, פון זיין קאָמפּאָזיציע, פון זיין דיריזשיר־שטעקעלע...

סטאָלאַרסקי איז דער גוטער אָרגאַניזאַטאָר, אַדמיניסטראַטאָר, רעדנער און מגבית־אָנפירער, אָבער טיף אינעווייניק זינגט ביי אים דער ניגון... דער ניגון פון אייביקייטן, פון ליטעראַטור, קונסט, און אידעען וואָס זענען פאַרבונדן מיט אהבת מענטש און אהבת ייד.

געבוירן אין שטעטל קרינקי, ביי גראָדנע, לערנט ער אין חדר, שפּעטער אין דער ישיבה און גימנאַזיע. געווען אַ לערער אין די ציש"א־שולן אין קרינקי און ביאַליסטאָק. אין 1923 ווערט ער געשיקט דורך דער פּ"צ־פּאַרטיי קיין לאָדזש. געווען דאָרט טעטיק אין דער יידיש־פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. דערנאָך פון 1934 אין דער לינקער פּ"צ אין וואַרשע ביז סוף 1939.

צום ערשטן מאָל באַזוכט סטאָלאַרסקי ארץ ישראל אין די יאָרן 38—1937. ער קומט דאַמאָלט מיט אַ דעלעגאַציע פון פּוילן צו דער 10־טער וועלט־קאָנפערענץ פון פּ"צ. ווי באַוווּסט האָבן אין יענער צייט די לינקע פועלי ציון באַקעמפט די ציוניסטישע קרנות — קרן הקימת און קרן היסוד. סטאָלאַרסקי האָט געהערט צום רעכטן פליגל, וואָס האָט באַקעמפט די „באָיקאָט־ליניע" און פאַרלאַנגט אַקטיווע טעטיקייט, אַריינצוטרעטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין „החלוץ" און צו שטיצן די קרנות. די וועלט־קאָנפערענץ פון די לינקע פּ"צ פון אַפּריל 1938 האָט די דאָזיקע באַשלוסן אָנגענומען. נאָך דער קאָנפערענץ וויל סטאָלאַרסקי בלייבן אין לאַנד, אָבער די קעגנער פון די באַשלוסן מיט בוקסבוימען בראש רופן אים צוריק קיין וואַרשע. צוריקקומענדיק וואַרפט ער זיך אַריין מיטן גאַנצן ברען אין דער שקל־קאַמפּאַניע און אין דער אַקטיווער ציוניסטישער טעטיקייט.

ער איז אויך געווען צווישן די אומגליקלעכע ציוניסטישע מנהיגים, וואָס האָבן באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין פּוילן פונעם 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין זשענעווע אין אויגוסט 1939. צוזאַמען מיט אַנדערע דעלעגאַטן, פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען, קומט ער צוריק דעם 6־טן סעפּטעמבער 1939, ווען וואַרשע איז שוין געשטאַנען אין די פלאַמען פון דער דייטשער באָמבאַרדירונג. ער האָט

אין דער שטאָט אפילו נישט באַוויזן איבערצו־נעכטיקן און געמוזט אַנטלויפן פון דער אָנקומענ־דיקער נאַצי־בעסטיע. ער אַנטלויפט קיין רוסלאַנד און דורך וואָלגענישן און גנבענען גרעניצן קומט ער אָן אין 1940, דורך יאַפאַן קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע הויבט ער אָן אַ ניי לעבן. אין אָנהויב פאַרנעמט ער זיך מיט זשורנאַליסטישער אַרבעט און איז אויך אַ לעקטאָר, שפּעטער אַרבעט ער 7 יאָר אין אַ שאַפּ, זייענדיק גלייכצייטיק טעטיק אין דער הסתדרות־קאַמפּיין. שפּעטער ווערט ער וויצע־דירעקטאָר פון לאַטיין־אַמעריקאַנישן דעפּאַר־טאַמענט פון דער הסתדרות, ביז ער ווערט נאָמי־נירט אַלס וויצע־דירעקטאָר פון דעם הסתדרות־מגבית. דאָס איז זיין הויפּט־טעטיקייט ביז היינט צו טאָג. ער איז אויך אין דער פאַרוואַלטונג פון יידישן קולטור־קאָנגרעס און נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אינעם יידישן קולטור־לעבן.

— איך האָב ליב יידיש ! — זאָגט מיר סטאָלאַר־סקי.

— ווי איז היינט צו טאָג דער מצב פון יידיש אין אַמעריקע ?

— אין אַמעריקע האָבן מיר היינט 80% יידן, געבוירענע אַמעריקאַנער. זייער שפּראַך איז ענג־ליש. די שפּראַכלעכע אסימילאַציע איז אַ פאַקט. דאָס זאָגט אָבער נישט, אַז די אַמעריקאַנער יידן גייען אויפן וועג פון אַסימילאַציע בכלל. פאַרקערט זיי גייען אין די וועגן פון נאַציאָנאַלער אויפוואַכונג. דער איצטיקער אַמעריקאַנער ייד האָט אַ גרעסערן אינטערעס פאַר יידישער דערציאונג ווי דער ייד פון די פריערדיקע דורות. עס וועט זיך אויס־פאַרעמען אַ יידנטום אין אַמעריקע, וואָס האָט נישט זיין גלייכן אין דער געשיכטע פון יידן אין גלות. זיין אידענטיפיקאַציע מיט יידישקייט וועט זיין די רעליגיע, און נישט די שפּראַך.

היינט צו טאָג געהערן די פאָן־טרעגער פון יידיש נאָך צום אימיגראַנטישן דור, אָבער עס זענען שוין דאָ קליינע קרייזן פון אַמעריקאנער געבוירענע, וואָס האָבן אַן אינטערעס פאר אויפהאַלטן יידיש.

— צי דענקט איר, אַז מיט ענגליש וועלן מיר דערציען יידישע יידן ?

— יאָ ! עס שאַפט זיך אַ יידישע ליטעראַטור אין ענגליש. עס פאַרמערט זיך די צאָל יידיש־ענגלישע שרייבער, וואָס שאַפן אויף יידישע טעמעס.

עס ווערן איבערגעזעצט אויף ענגליש יידישע קלאַ־סיקער און עס ווערט געשאַפן אַ רייכע און קאָליר־פולע יידישע ליטעראַטור אין ענגליש. גלייכצייטיק וועלן אויך בלייבן קליינע גרופּעס, וואָס וועלן זיין פאַראינטערעסירט צו לערנען יידיש. דאָס מיינט, אַז די יידישע שפּראַך וועט קיינמאָל נישט פאַר־שטומט ווערן.

— וואָס מיינט דער „הסתדרות־קאַמפּיין״ ?

— די מגבית פאַרן הסתדרות איז נישט סתם אַן אַקציע צו זאַמלען געלט, דאָס איז אַ טעטיקייט, וואָס איז פאַרבונדן מיט אויפקלערונג און דער־ציאונג און פאַרבינדט די אַמעריקאַנער אַרבעטער־שאַפט מיט מדינת ישראל. מיט 36 יאָר צוריק איז די יידישע אַרבעטערשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען אַנטי־ציוניסטיש. אין 1923 זענען געקומען פון ישראל די ערשטע „אייז ברעכער״: בן צבי, בערל קאַצענעלסאָן און יוסף באַראַץ צו ברעכן דעם חרם קעגן ציוניזם און ארץ־ישראל. היינט איז כמעט נישטאָ אין דער יידישער אַרבע־טערשאַפט קיין קעגנער.

— וואָס זענען אייערע איינדרוקן פון ישראל ?

— איך קום נישט קיין ישראל ווי אַ טוריסט צו זען דאָס, וואָס מ׳וויזט אים. איך זע ליכט און שאָטן. די ליכט־זייט איז פּיתוח — אַנטוויקלונג. דאָס לאַנד בויט זיך מיט אַ געוואַלדיקן טעמפּאָ. מען וואָלט געקאָנט ברענגען אַ סךביישפּילן פון פּראָספּעריטי. איך וויל זיך אָבער אָפּשטעלן אויף די נעגאַטיווע זייטן :

קודם כל האָב איך טענות צום לוקסוס. מען זעט דאָ צופיל לוקסוס־אויטאָס. צופיל לוקסוס־אַרטיק־לען, צופיל געפּילדער, מען מאַכט צופיל לוקסוס־רייזעס און מען שטרעבט צו לוקסוס־באַדינגונגען. דער אונטערשיד צווישן תל אביב און אַנדערע פּונקטן איז אַ געוואַלדיקער. וואָס דאַרפט איר פאַרן ווייט ? נעמט יפו — ווו אַלץ זעט אויס פאַרעל־טערט און פאַראָרעמט אין פאַרגלייך מיט תל אביב.

די צווייטע נעגאַטיווע זייט איז דאָס, וואָס עס נעמען זיך אַריינרייסן „פרעשער גרופּס״ אין עקאָ־נאָמישן לעבן. למשל, דער סכסוך מיט די לערערס, דער שטרייק פון די „אל על״־פליער. זיי זעען נאָר זייער ענגן אינטערעס, נישט רעכנענדיק זיך מיטן ווילזיין פון דער מדינה. גראַד זענען דאָס נישט קיין גרופּעס וואָס האָבן קליינע געהעלטער. פאַר־

קערט, זיי זענען באַזאָרגט מיט אַ גוטן לוין. עס וואָלט אין אַמעריקע נישט פּאַסירט אַ שטרייק, אַז די פּילאָטן זאָלן נישט צוריק ברענגען די עראָפּלאַנען אין זייער היים־באַזע און זיי איבערלאָזן אין פרעמדע לענדער. אַזעלכע דערשיינונגען רופן אַרויס זאָרג. דאַקעגן, ווען איר פאָרט אַרויס פון תל אביב אין די קלענער פּונקטן, געפינט איר נאָך דעם חלוצישן גייסט. מען שאַצט נישט ווי געהעריק אָפּ די אַרבעט פון די ראשי העיר אין: צפת, בת ים, פתח תקוה. נאָך מער פאַרדריסלעך איז די לאַגע אין נגב, — ווי אין כפר ירוחם און דימונה. אין כפר ירוחם איז ראש העיר מר מ ו ט ש נ י ק, דער אמת׳ער ל״ו־ניק, ער האָט געבויט די שטאָט אין די שווערסטע באַדינגונגען און צוליב דעם אמתן מיזוג גלויות. אנשטאָט צו שיקן אַהין עולים, וואָס זענען אַרבעטספעאיק, שיקט מען „סאָציאַלע פאַלן״.

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק פונעם לאַנד?

— די גוואַלדיק־דינאַמישע בויאונג, אויך דאָס, וואָס אינעם לאַנד דאָמינירט די יוגנט, די עקשנות פון קליינע גרופּן און יחידים אין פאַרוואָרפענע ווינקעלעך אין לאַנד, מיט זייער חלוצישן גייסט, ווי ביי דער צווייטער און דריטער עליה. נאָך מער בין איך באַווירקט און בין פשוט מקנא דעם אימפּולסיוון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס מיר האָבן לײדער נישט אין אַמעריקע.

— צי איז לויט אייער מיינונג נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער צייט, ווען עס עקזיסטירט מדינת ישראל?

— ציוניזם, לויט מיין באַגריף, איז נישט בלויז אַ ציל צו גרינדן אַ מדינה. והשנית האַלט איך, ווי לאַנג די מדינה איז נישט פּאַרפעסטיקט עקאָנאָמיש, מיליטעריש און פּאָליטיש און ווי לאַנג זי קאָן נישט זיין דער צענטער, וואָס זאָל לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם אין דער וועלט — איז נויטיק אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אָבער איך גיי נאָך ווייטער:

קיינער קאָן קיינמאָל נישט זיין זיכער, אַז אַלע יידן, נישט ציוניסטן, וועלן אין אַ צייט פון ערנסטן קריזיס, ווען די אינטערעסן פון מדינת ישראל וועלן קומען אין קאָנפליקט מיט די אינטערעסן פון זייער וווין־לאַנד, אַז זיי וועלן זיך איינשטעלן שטאָל און אייזן פאַר מדינת ישראל. דעריבער איז נויטיק אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, זי זאָל אין אַלע צייטן באַוואַכן די אינטערעסן פון מדינת ישראל. ואחרון אחרון חביב. די אַלע מוסר רייד, וואָס די ישראלים לאָזן הערן פאַר די יידן אין די גלות־לענדער, וועגן עליה און חלוציות — וועלן נישט העלפן, אויב עס וועט זיך נישט אָנהויבן אַ גרויסע אַרבעט אויפן געביט פון דערציאונג אין נאַציאָנאַלן גייסט אין די גלות־לענדער. דאָס דאַרף הײנט זיין איינע פון די אויפגאַבעס פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. מען דאַרף זיך אויפהערן קריגן מיט דער ישראל־רעגירונג וועגן סטאַטוס. זאָל מען איבערלאָזן די פּאָליטישע אַרבעט פאַר די ישראל־אַמבאַסאַדעס און זיך קאָנצענטרירן אויף דריי הויפּט־געביטן:

א) פינאַנסיעלע און מאָראַלישע הילף פאַר דער מדינה.

ב) חנוך אין יידישע קהילות אין אַלע תפוצות.

ג) אין פאַראייביקן און פאָרשן דעם גרויסן חורבן — דעם אומקום פון אייראָפּעאישן יידנטום.

ישראל סטאָלאַרסקי איז דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך מיניסטער סאַפּיר, מיניסטער בן אהרון, ועד הפועל, די ראשי העיר פון תל אביב, חיפה, פּתח תקוה, צפת און פיל חברים און פריינט.

ב ר ו כ י ם  ה ב א י ם !

## משה טובערט

מ ש ה  ט ו ב ע ר ט, ראש הקהילה פון MENDOZA (אַרגענטינע) איז איינער פון די געצייילטע ציוניסטישע וותיקים פון זיין דור. מיט 58 יאָר צוריק האָט ער געהאַט די זכיה אויפגענומען צו ווערן דורך ד״ר הערצל ז״ל אין ווין.



מר טובערט האָט הינטער זיך אַ יובל יאָרן געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און שטייט ביים געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן רודער אין זיין שטאָט מענדאָזאַ.

ביי זיין איצטיקן, ערשטן באַזוך אין ישראל איז דער חשובער עסקן אויפגענומען געוואָרן דורכן ראש הממשלה, מר ד. בן גוריון און אַ ריי פּערזענלעכקייטן.

# יוסף אַרנאָלד

ביי דער הסתדרות אין ישראל הערשט תמיד אַ יום טוב׳דיקע שטימונג, ווען יאָר איין, יאָר אויס קומען אָן די פאַרבאַנד דעלעגאַציעס פון אמעריקע.



די דעלעגאַטן ווערן וואַרעם אויפגענומען. מען וויזט זיי דאָס לאַנד אין דער לענג און ברייט. מען לאַדנט זיי איין באַזוכן פאַרשידענע אינסטיטוציעס. באַזונדערס וואַרעם ווערן זיי אויפגענומען ביי מסי־בות אין פאַרבאַנד־העמלין הויז אין תל־אביב.

פאַרשטייט זיך, אז יעדער פון די דעלעגאַטן האָט זיינע פערזענלעכע פאַרדינסטן סיי פאַר מדינת ישראל און סיי פאַר דער הסתדרות.

צווישן דער לעצטער דעלעגאַציע האָבן מיר באַגעגנט מר יוסף אַרנאָלד, אַן אייגנאַרטיק פּער־זענלעכקייט, וואָס איז טיף פאַרווארצלט אין דער יידישער געזעלשאַפט און טוט זיין גאנץ לעבן אַ הייליקע אַרבעט — הילף פאַר פאָלק ישראל און מדינת ישראל!

**יוסף ארנאלד** איז געבוירן אין שטעטל קאָזשע־מינקע און אלס קינד געקומען מיט זיינע עלטערן קיין קאליש (פוילן). ער שטאַמט פון אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער משפחה. זיין פאָטער ר׳ אליעזר אַראַנאָ־וויטש ז״ל איז געווען א שטרענג־רעליגיעזער ייד. אָבער סיי פון זיין פאָטער און סיי פונעם זיידן האָט ער שוין געקענט מעשים טובים לערנען. זיין זיידע ר׳ **חיים שייניק** ז״ל פון דער מוטערס צד, אַ פרומער ייד, האָט זיך געפירט, אז ער איז נישט צוגעגאנגען פרייטיק־צונאכטס צום טיש, פריער, ווי ער האָט געהאט באזאָרגט ארעמע לייט מיט חלות און ווייַן אויף קידוש. דאָס איז געווען דעם זיידנס „האָבי" און דאָס האָט זיך איינגעקריצט אינעם זכרון און די געפילן פונעם אייניקל יוסף אַרנאָלד פון ניו־דזשערסי — און אזוי באגלייט עס אים אין אן אויסגעברייטערטן מאסשטאַב אין זיין גאנץ לעבן.

דער מלאַך, ממונה איבער מזל, איז אָבער געווען אַ ביסל אומברחמנות׳דיק צו יוסף אַרנאָלד אין זיינע יונגע יאָרן, און ער האָט אים געלאָזט אַ שפּאָר ביסל זיך אנמאַטערן ביז ער איז געקומען צו זיך.

שוין אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, ווי־נאָר קייסער ווילהעלמס דייטשן האָבן פאַרנומען קאליש, האָבן זיי די שטאט פאַרניכטעט און די מענטשן זענען געבליבן אָן אַ היים און געוואָרן נע ונעדניקעס. צוזאמען מיט זיינע עלטערן אנטלויפט ער פון דער פאַרניכטעטער שטאָט אינעם שכינות׳דיקן שטעטל קאזשעמינקע. דאָרט פאַרנעמט ער זיך מיט העלפן די קאַלישער פליטים און שפּאַנט זיך איין אין דער מיפּולער אַרבעט פון באַזאָרגן די היימלאָזע מיט ברויט און טיי, וואָס ווערט צו זיי טאָג־טעגלעך פאַרטיילט. שפּעטער פאַרזוכט ער אַ נאָך מער האַרטער לעבן. אינעם יאָר 1915 ווערט אַרנאָלד דורך די דייטשן פאַרשיקט אויף צוואנגס־ארבעט אין די קוילן גראָבן. 4 יאָר אַרבעט ער דאָרט אָפּ עבודת פרך, און ווען ער

קומט צוריק אהיים אין יאָר 1919 איז ער פעסט אַנטשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן און עמיגרירן קיין אַמעריקע. אין יאָר 1920 הייראַט ער מיט זיין פרוי פּאַולינאַ, פון דער היים סענדזעיעווסקאַ און ער גרייט זי צו צום געדאַנק, אַז זיי וועלן מוזן זוכן אַ נײַ לאַנד און א נייע היים — אַמעריקע.

— דער אנטיסעמיטיזם איז גרויס. סיי דאָ אין פוילן און סיי אין דייטשלאַנד — און קיין גוטס וועט דערפון פאַר יידן נישט ארויסקומען, צי דאָס וועט פּאַסירן איצט, אָדער שפּעטער — דערקלערט ער זיין פרוי ווייך, אָבער אַנטשלאָסן.

אנגעקומען אין 1923 קיין ניו יאָרק באַגעגנט ער זיך פנים אל פנים מיט א שווערן לעבן. דאַמאָלס איז געווען אין דער מאָדע צו באַקומען ארבעט דורך אַן ארבעטס אגענט. דער אגענט האָט אויסגעזוכט פאַר אים ארבעט אלס געפעס־וואשער אין א רעס־טאָראַן.

אָבער מער ווי אַ טאָג האָט אונדזער אַרנאָלד ביי דער ארבעט נישט געקענט פארבלייבן, ווייל מען האָט אויסגעפונען, אז ער איז אַ ייד. ער גייט ווידער צום אגענט:

— סער, גיב מיר אַן אַנדערע אַרבעט!

דער ארבעטס־פּארמיטלער קלערט אַ ביסל. ער וואַרפט אַ בליק אויף דעם געזונטן און עלעגאַנטן יונגעמאַן און רופט זיך אָפּ בזה הלשון:

כ'האָב עפּעס פאַר דיר! טאַקע אַ דזשאָפּ אין אַ האָטעל. אָבער דער דזשאָפּ קאָן בשום אופן נישט זיין פאַר יוסף אראנאוויטש, נאָר פאַר דזשאָזעף אַרנאָלד. אויך איז די אַרבעט נישט אין ניו יאָרק, נייערט אין באָסטאָן. האָסט פארשטאַנען?

— און פון דאַמאָלס אָן הייס איך טאַקע אַרנאָלד!

דאָ אַלס האָטעל ארבעטער — דערציילט אונדז מר אַרנאָלד — איז מיר שוין פיל לייכטער געווען. אָבער איין זאַך, וואָס איז מיר נישט געווען צום האַרצן, איז געווען די ווארנונג פונעם אַרבעטס־אַגענט — כ'זאָל זיך נישט אויסגעבן אַלס ייד. ווייל סיי דער בעל הבית און סיי דער מענעדזשער האָבן נישט געוואָלט האָבן יידישע אַרבעטער.

אָט אַזוי איז דער נייער אימיגראַנט אריין אין דער ארבעט אינעם האָטעל און ער האָט שוין באַלד געהאַט שלום געמאַכט מיטן גורל, ביז איינ־מאָל איז ער דערשיטערט געוואָרן ביז טרערן.

וואָס האָט פּאַסירט?

אינעם האָטעל איז פאָרגעקומען אַ יידישע חתונה. טאַקע א חסידישע חתונה מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג. ס'האָבן געטאַנצט יידן מיט שטריימלעך און גאַרטלעך. אַ בדחן האָט באזינגען די כלה. יידענעס האָבן געהאָפּקעט אין אַ מצוה־טענצל — נאָר איינער וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם אלעם, אַ זון פון חסידישע עלטערן — ער יוסף האָט זיך נישט געטאָרט אויסגעבן אַז ער איז אַ ייד...

יוסף איז אוועק אין אַ ווינקל און זיך צעוויינט מיט הייסע טרערן.

קוים עטלעכע טעג זענען פאַריבער און מען האָט אונדזער יוסף אַרנאָלד דערקענט אַלס ייד און די יידישע בעל הבתים האָבן אים אפגעזאָגט פון דער אַרבעט.

ער פאַרלאָזט די ארבעט און פאָרט צוריק קיין ניו יאָרק. צוערשט טוט ער, צוזאמען מיט זיין פרוי פאַרשיידענע ארבעטן, ביז ער קומט צו זיין פאַך אַלס שטיקער.

אפּגעארבעטנדיק אַ צוויי יאָר אלס ארבעטער אין „שוויץ שאָפּ" הויבט ער אָן טראַכטן וועגן ווערן זעלבסטשטענדיק און עס געלונגט אים צו אָרגאַניזירן אַ קליין פאַבריקל פון שטיקעריי סחורות, וואָס ער אָרדענט איין אין ניו דזשערסי.

פון דאַמאָלט אָן, הויבט אָן זיין וועג פירן באַרג ארויף.

אָבער ווי־נאָר מר אַרנאָלד הויבט אָן דערפילן, אַז ער אליין דיספּאָנירט מיט זיין צייט — ווידמעט ער זיך פיל מער די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. דאָס ערשטע קומט צום אויסדרוק זיין ענערגיע און שטאַרקער ווילן ביים אָרגאַניזירן אַ קאַלישער רעליעף. אין 1934 איז שוין די דאָזיקע אינסטיטוציע טעטיק און טראָגט הילף פאַר די נייע אימיגראַנטן אין אמעריקע און צו די לאַנדסלייט אין קאַליש. דער דאָזיקער גוטער אָנהויב עקסיסטירט ביזן היינטיקן טאָג. און מיר האָבן דאָ אין תל אביב אַ גוט טעטיקע קאַלישער־לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט אַן אייגענעם לאָקאַל אַ דאַנק דעם פּרעזידענט פון דער קאַלישער לאַנדסמאַנשאַפט יוסף אַרנאָלד.

אין דער צייט פון גרויסן חורבן זוכט יוסף אַרנאָלד וועגן, ווי אַזוי צו קומען צו הילף די יידן אין פוילן. אַלע וועגן זענען אָבער דאַמאָלס געווען פאַרמאַכט, דעריבער איז נישט געווען קיין ברירה, ווי די געזאַמלטע הילף צו פאַרטיילן צווישן די

נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט אין אַמעריקע גופא.

אָבער ווי־נאָר די אַליאירטע אַרמייען האָבן באַוויזן צו אָקופּירן דייטשלאַנד — זעען מיר שוין יוסף אַרנאָלד אין אייראָפּע. ער פאָרט קיין דייטשלאַנד, פּוילן, פראַנקרייך און שוועדן און טראָגט די ערשטע מאַטעריעלע הילף צו די געראַטעוועטע יידן. די שארית הפליטה געדענקט גוט יוסף אַרנאָלדן, ווען ער איז צו זיי געקומען, דעמאָלט ווען די ווונדן זענען נאָך געווען אָפן און געטריפט מיט בלוט.

★ ★ ★

אז איר קומט אַריין אין שיינעם קרית־ביאַליק, זעט איר די נייַ אויסגעבויטע מרפאה (מעדיקל קליניק) פון קופת חולים אויפן נאָמען פון יוסף און פּאַולינאַ אַרנאָלד.

די מרפאה האָט 23 צימערן און מר אַרנאָלד האָט דערויף געגעבן 35 טויזנט דאָלאַר. אפילו אין משמר הנגב וועט איר אויך באַגעגענען אין בית בורוכוב־הויז א צימער, וואָס טראָגט דעם נאָמען אַרנאָלד, און די רשימה פון ענלעכע מעשים טובים איז נאָך גענוג לאַנג און נישט דערשעפּט.

— „כ׳וויל נישט זיין קיין רייכער מאַן אויפן בית עולם — האָלט ער אין איין טעהנען — כ׳וויל אַלץ טאָן ביים לעבן, שאַפן, בויען, העלפן און א הנאה האָבן דערפון. „דאָרטן״ האָב איך בכלל קיין חשק נישט מיטצושלעפּן פולע טאַשן געלט, אָדער א פּעט טשעק־ביכל. ווי מ׳האָט מיר איבערגעגעבן קאָן מען „דאָרטן״, ביים טיש פון די מיליאָנערן, אפילו פאַר א רענדל, קיין שמעק טאַבאַק נישט באַקומען״...

מיר שטעלן דעם חשובן עסקן עטלעכע פראַגן:

— וואָס פאַרא אונטערשייד זעט איר אינעם לאַנד, זינט אייער ערשטן באַזוך?

— עס איז פשוט שווער אויסצודריקן די פאַרוואונדערונג און באַגייסטערונג פון דעם, וואָס מען זעט דאָ. איך בין נישט קיין פּאַרטיי־חבר, וואָס כ׳זאָל דאַרפן זאָגן אַ מיינונג, ווי אָפּטמאָל עס ווערט דיקטירט פון אויבן — דאָס, וואָס כ׳דערקלער, איז מיין פרייער געדאַנק. אז איך פאָר אויף די וועגן, זע די נייע ישובים, די ערשטע פאַבריקן און אינדוסטריען, וואָס האָבן זיך גענומען בויען דורך די הסתדרות אין פּוסטע געגנטן — דאָס אַליין פאַרבינדט מיך מיט די פּיאָנערן און בויער פון דער הסתדרות. עס איז אויך גוט, וואָס די הסתדרות אָרדנט איין אונדזערע אויספלוגן און באַזוכן. מענטשן וואָס קומען פון אייגענער איניציאַטיוו, וואָלטן דאָס אַלץ ניט געקענט זען. א ספּעציעלן פּאַרדינסט האָט דערביי חבר יצחק פייגענבוים פונעם „פאַרבאַנד״.

— וואָס דענקט איר וועגן דער צוקונפט וועגן מדינת ישראל?

— איך בין זייער אָפּטימיסטיש וועגן דער צוקונפט פון מדינת ישראל. איך האָף אַז סוף כל סוף וועלן די אַראַבישע שכנים אָפּשטעלן דעם באַיקאָט אויף דער מדינה און קומען צום שכל, אַז שלום מיט ישראל, מיינט א ברכה פאַרן גאַנצן מיטעלן מזרח!

— הייסט עס, אַז איר נעמט אַלץ אויף מיט ליכט, און די שאָטן־זייטן זעט איר בכלל נישט?

— נישט ריכטיק מיין פריינט. עס ליגט מיר יאָ אַ געוויס פּראָבלעם אויפן האַרצן און איך וואָלט וועלן דאָס עפנטלעך באַרירן. דאָס מיינט „די נעגאַטיווע באַציאונג צו פּאַרדינסטפולע חברים, נייע עולים, וואָס קומען אין ישראל״.

אָפּטמאָל באַגעגן איך דאָ טייערע חברים, לאַנגיעריקע איבערגעגעבענע ציוניסטישע עסקנים, וועלכע באַקלאָגן זיך פאַר מיר, אַז מען קוקט זיך אויף זיי נישט אום. מ׳קאָן זיי נישט, אָדער מען וויל זיי נישט קענען. ביי מיינע ווייטערדיקע באַזוכן איז דאָס פּראָבלעם פאַר מיר דערשינען נאָך הארבער און ביטערער... דאָס טוט מיר זייער ווי. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ ביטערער אמת און עס דאַרף נישט זיין אַזוי, איבערהויפּט, ווען מען האָלט אין איין רופן חברים זאָלן קומען אינעם לאַנד. דאָס דאַרף מען נישט גרינגשעצן. מ׳דאַרף אַזאַ חבר פרעגן, ווי עס גייט אים? וואָס ער מאַכט? און דאָס באַקומט ער נישט! נישט־נאָר מאַטעריעלע הילף איז וויכטיק — א ריין חברישע, אָדער וואַרעם יידישע באַציאונג איז ממש נויטיק.

מר יוסף אַרנאָלד האָט מיטגעווירקט ס׳זאָל געפלאַנצט ווערן אַ יער קדושים אויפן נאָמען פון קאַליש. ער האָט אויך געגעבן דעם קרן קימת לישראל א סומע געלט פאַרן פלאַנצן א גאָרטן אויף זיין און זיין פרוי פּאַולינאַס נאָמען.

יוסף אַרנאָלד איז אַן עסקן, וואָס ווייסט קודם כל פון זיך אַליין צו פאָדערן און באַשטייערן, און דערמיט גיט ער דעם מוסטער אויך פאַר אַנדערע.

# שמואל באַנטשעק / ניו יאָרק

דעם אמת זאָגענדיק פּאַסט זיך גאָרניט ש. באַנט־שעק אַריין אינעם רוישיקן ניו יאָרק. פונקט ווי עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז מען קאָן געפינען



אַ למד וואָווניק אויף דער ניו יאָרקער בירזשע, אַזוי קומט מיר אויס מאָדנע, ווו קומט דער טרוי־מישער, פאָלקסטימלעכער ש. באַנטשעק אינעם געפילדער פון דער גרעסטער וואָלקנקראַצער־שטאָט אין דער וועלט.

באַנטשעק און עמך — איז חד הוא. ניטאָ היינט קיין יידישער אַרבעטער־מנהיג, וואָס זאָל זיין נענ־טער צום יידישן אַרבעטס־מענטש ווי באַנטשעק.

און כאָטש ער זיצט אינעם דינאַמישן ניו יאָרק, איז ער נאָך אַלץ דער עמך׳דיקער באַנטשעק.

פון באַנטשעקן קאָן מען אנטציקט ווערן מחמת זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן. זיין חברישער באַציאונג צו מענטשן, זיין טריישאַפט צו דער יידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער באַוועגונג — אין וואָרט און שריפט — אָבער אויף מיר ווירקט אַ סך שטאַרקער דער פאָלקסטימלעכער באַנטשעק, דער באַנטשעק פון ר׳ לוי יצחק׳ס שניט.

ווייל, פאַרשטייט איר מיך, טרייע חברים, גוטע חברים, איבערגעגעבענע און באַרימטע אַרבעטער־מנהיגים האָבן מיר אַ סך — אָבער אַ באַנטשעק האָבן מיר נאָר איינעם!

ער ווירקט מיט זיין טרוימערישקייט, מיטן גע־וועב פון לעגענדע און ווירקלעכקייט, מיטן אַרויס־ברענגען דעם „משל מיטן נימשל". זאָגט ער עפּעס צום עולם, דערקענט מען גלייך, אַז דאָס איז פאָלקסטימלעך, ס׳האָט אַ יידישן טעם!

און אַזוי רעדט באַנטשעק:

— „עס דערציילט זיך אין אַ לעגענדע — און אויף אַ לעגענדע פרעגט מען ניט קיין קשיה — אַז בעת די חיילות פון טיטוס הרשע האָבן זיך דערנענטערט צום בית המקדש און אַלע האָפענונגען אָפּצוראַטעווען דעם בית המקדש זענען געווען פאַרלאָרן, האָבן זיך צוזאַמענגענומען די כהנים און לויים, און באַשלאָסן, אַז זיי וועלן אים ניט לאָזן מטמא זיין. האָט דער כהן גדול זיך אוועקגעשטעלט אינמיטן בית־המקדש און אָנגעהויבן בעטן: „רבו־נו של עולם — האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל — דו האָסט אונדז געגעבן דעם בית שני, נעם עס דו צו! (און ער האָט אַ וואָרף געטאָן די שליסלען אין דער הויך). איצטער, ווען דער איי־זערנער רינג פון שונא ציט זיך אַלץ מער צונויף, קענען מיר מער די שליסלען ניט האַלטן!"

„אין דעם מאָמענט האָבן די לויים דעם בית המקדש אונטערגעצונדן. די פלאַמען האָבן זיך גע־הויבן העכער און העכער, ביז וואַנען זיי האָבן דערגרייכט צו דער סטעליע און צום דאַך. און אַז די פייער־צינגער האָבן אַרומגענומען דעם דאַך, איז אונטערגעבערענט געוואָרן דער שטעקן, אויף וועלכן עס האָט געפלאַטערט די יידישע פאָן. דער שטעקן האָט זיך אָפּגעבראָכן און אַ שטאַרקער ווינט האָט אונטערגעכאַפּט די פאָן. די פאָן איז אוועקגעפלויגן פון ירושלים און איז אריינגעפאַלן אין ים אריין.

„און אַזוי האָט די יידישע פאָן געוואַנדערט אי־בער ימים צוזאַמען מיטן פאָלק.

„וואָס עס איז געשען מיט דער יידישער פאָן ביים וואַרשעווער אויפשטאַנד איז שוין גאָר ניט געווען קיין לעגענדע. דאָס זענען פאַקטן! נאָך עטלעכע וואָכן קאַמף איז אין לעצטן הויז ארויפגעצויגן געוואָרן די יידישע פאָן אויפן ערשטן שטאָק. די פאָן איז דורכגעלעכערט געוואָרן פון קוילן. די נאַציס האָבן שוין געשטורעמט דעם ערשטן שטאָק — זענען די קעמפער אַרויף מיט דער פאָן אויפן צווייטן, אַזוי איז געשען ביזן לעצטן שטאָק. און אַז דער לעצטער שטאָק איז שוין געווען פאַרכאַפּט דורך די דייטשן, איז די לעצטע קעמפערין, אַ יונג יידיש מיידל, ארויף מיט דער פאָן אויפן דאַך. זי האָט ארומגעוויקלט די ווייס־בלויע פאָן אַרום איר קערפּער און איז אַראָפּגעשפרונגען פון דאַך אין די פלאַמען אַריין.

אָט די ווייס בלויע פאָן — האָט ערשט באַקומען אַ תיקון אין מדינת ישראל!"

אַזוי האָט באַנטשעק געזאָגט ביים פסח׳דיקן סדר־טיש אין „פאַרבאַנד הויז", אין תל אביב.

דאָס איז אַ שטיקעלע באַנטשעק...

באַנטשעק קוקט אויף מדינת ישראל דורך דער פּריזמע פון בית שני און וואַרשעווער אויפשטאַנד.

פאַר אים איז ישראל אַ סך מער ווי אַ יידיש לאַנד, מיט אַ רעגירונג און הסתדרות, מיט עולים און אַ סוכנות. ער פילט די קדושת ארץ־ישראל. פאַר זיינע אויגן שוועבן די געשטאַלטן פון כהן גדול מיט די אויפגעהויבענע הענט אינעם ברע־נענדיקן בית המקדש און די לעצטע געטאָ־קעמפע־רין, וואָס וואַרפט זיך אין די פלאַמען אריין.

— זאָגט עפּעס וועגן אונדזער לאַנד — בעט איך דעם גאַסט.

— ס׳איז דאָך גאָר אַן אנדער פּאַנאָראַמע — זאָגט ער מיט עקסטאַז — זעט נאָר די גרינקייט פון ישראל, די בלומען־גערטנער. דאָס איז דאָך אַ בלומען־לאַנד! ווען כ׳בין דאָ געווען מיט 35 יאָר צוריק, האָב איך אין חיפה זעלטן־ווו געזען אַ בוים, ווי דאַנקבאַר דאַרפן מיר זיין דערפאַר!

— און ווי זעט איר דאָס יידישע הויז אין ישראל?

— דאָס, וואָס איך זע דאָ, איז דאָס פאַרקערטע ווי ביי אונדז. ווען כ׳גיי אריין אין אַ יידיש הויז אין אמעריקע, איז עס אויסגעלייזיקט פון יידישער קולטור און שפּראַך. דאָ אין ישראל איז די יידישע שטוב איבערפולט מיט די אַלע זאַכן, וואָס פעלן אין אַמעריקע.

— „הונדערטער טויזנטער יידישע ביכער וואַל־גערן זיך אין אַמעריקע און ס׳איז פאַר זיי ניטאָ קיין בעלנים און ניט קיין פּלאַץ אין יידישע שטובן. דער יידישיזם, האָט אַ צוקונפט נאָר דורך מדינת ישראל. איך קאָן אייך זאָגן, אז אין פאַרלויף פון די עטלעכע וואָכן, וואָס כ׳האָב פאַרבראַכט אין ישראל, האָב איך און מיין פרוי גנענדל מער אַדרעסירט יידי־שע פאַרזאַמלונגען, ווי דורך אַ יאָר אין אַמעריקע".

ביי דער געלעגנהייט איז טאַקע פאַר מיר געווען אַ פאַרגעניגן צו באַקענען פרוי גנענדל באַנטשעק. אַ הויך קולטורעלע פרוי מיט יידישער היימישקייט, מיט אַזאַ געמיטלעך־וואַרעמען מאַמע לשון, וואָס דערמוטיקט און דערפרייט. זי שטייט ניט אָפּ פון איר מאַן אין קולטורעל־געזעלשאַפטלעכער טעטי־קייט. זי איז טעטיק אינעם פּרעזידיום פון די אמהות עובדות, אין די פאַרוואַלטונגען פון קינדער־היימען און ארבעטס־שולן.

— כ׳קום צוריק מיט נייע פּלענער וועגן פאַר־שטאַרקטער טעטיקייט פאַר ישראל! — זאָגט מיר פרוי באַנטשעק, מיט באַגייסטערונג.

* * *

שמואל באַנטשעק איז א געבאָרענער אין לאַמזשע. בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער מיט־געאַרבעט מיט יצחק בן צבי און ד. בן גוריון פאַרן „פּאַלעסטינער ארבעטער־פאָנד". זיי האָבן ארויס־געגעבן אַ גרויס ווערק דאָס „ארץ־ישראל־בוך", וואָס איז דערשינען אין ניו יאָרק, אונטער דער רעדאַקציע פון בן צבי און בן גוריון. בן גוריון — זאָגט ח׳ באַנטשעק — האָט דאַמאָלט געשריבן אריגינעל אין יידיש. באַנטשעק איז געווען דער מזכיר (סעקרעטאַר) פון הגדוד העברי. 50 יאָר איז ער טעטיק אין דער פועלי־ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז היינט צו טאָג דער וויצע־פּרעזידענט פון „יידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער קאָמיטעט אין אמער־ריקע און קאַנאַדע" און דער פאָרזיצער פון ניו יאָרק. מען קאָן נאָך דערציילן און דערציילן וועגן זיין פאַרדינסטפולער טעטיקייט. מען קאָן אויסרע־כענען נאָך פיל קולטור־אינסטיטוציעס ווו ער איז טעטיק, אָבער עס איז גענוג, אז מען זאָגט באַנט־שעק!

באַנטשעק איז כולל אַלץ, באַנטשעק זאָגט אַלץ!

# מאיר סאַלאָף / מאונט ווערנאָן

עס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט פון אַ הייסן יולי־טאָג. אין איינעם פון אזעלכע תל־אביבער פאַרנאַכטן, ווען די זון האָט שוין אָפּגעטאָן איר מלאָכה, צעגליט גאַס, בוים און מענטש און זי לאָזט זיך אַראָפּ מיט אַ רויט־צעפלאַמטן פּנים איבערן ים־שפּיגל. אָט דעמאָלסט, ווען אַ חוצפּה׳דיק מערב־ווינטל רייסט זיך אַריין אין שטאָט און שטיפּט מיט די בלעטער פון דיביימער און די שפּיצן האָר פונעם קאָפּ — אין אַזאַ פאַרנאַכט איז מיר ביים אַריינגאַנג אין „פאַרבאַנד־הויז" אַנטקעגן געקומען א גרופּע מענטשן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט מיין אויג.



ס׳זענען געווען אויסגעמישט מאַמעס מיט קינדער. פון דערווייטנס זעען די מאַמעס אויס נישט פיל עלטער, ווי די קינדער, קינדער פריילעכע מיט קעפּעלעך וואָס רייסן זיך אין דער הויך, און מיט גלאַנציקע קאַרשן־אויגן, לויפן אַרום מיט פרייד און נייגער איבער דער גאַס.

אין מיטן פון דער גרופּע איז געגאַנגען אַן אַטלעטיש געבויטער מאַן מיט אַ זילבער־ווייסן קאָפּ האָר, א גוטמוטיקן פּנים און אויגן פול מיט פרייד. ווען די מחנה האָט זיך דערווייטערט, האָט דער גרויער מאַן אויסגעזען, ווי דער זיגל־בוים פון אָט דער לעבעדיקער שיף...

ס׳איז געווען מאיר סאלאָף מיט זיינע דריי דורות אויפן ישראל־באָדן — 18 נפשות!

מאיר סאָלאָף איז אַ באַקאַנט פּערזענלעכקייט, וואָס פאַרקערפּערט דעם טיפּ פון אַ אידעאַלן יידן. וואָס ציט זיין יניקה פון די אלטע דורות ביזן ארבעטער־ציוניזם אין די נייע צייטן. ער איז פון די ערשטע פּיאָנערן פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, וואָס האָבן מיט א יובל יאָרן צוריק אָנגעהויבן זייער טעטיקייט אין זיין געבורטס־שטאָט באָברויסק, צוזאַמען מיט ב. קאַצענעלסאָן ז״ל. א באַוויסטזיניקער שאַצט ער אָפּ די סיטואַציע און מענטשלעכער ווירדע און שפּרודלט מיט אהבת ציון און ליבע צום מענטש.

צווישן די אַלע מעשים טובים, וואָס ער האָט געטאָן אין זיין לעבן, סיי מיט זיין צוגעבונדנקייט צום נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און צו פיל געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פאַר וועלכע ער גיט אַוועק מי און געלט — און סיי מיט זיין גרויסער ליבע צו מדינת ישראל און די אינסטיטוציעס, וואָס ער האָט דאָ געהאָלפן אויפבויען — שטייט אין צענטער די ליבע צום מענטש. אַלץ, וואָס אַרום, קומט אויס, ווי א מיטל צום ציל — פאַרן מענטשן.

ווען אבא חושי איז געקומען אין אמעריקע און דערציילט, אַז יידישע קינדער נויטיקן זיך אין אַ אָפּרו־צענטער און קולטור־הויז אין חיפה — האָט ער אים גראָד צוגעטראָפן צום האַרצן. פאַר סאָלאָפס דמיון האָבן זיך באַוויזן די ישראל־קינדער וואָס נויטיקן זיך אין אַזאַ אינסטיטוציע. אים האָט גע־

לאָקט די פרייד, וואָס ער וועט זיי פאַרשאַפן. ער האָט דערהערט זייער געזאַנג און דערזען זייער טאַנץ — און ער האָט זיך דערנענטערט צום ראש העיר:

— האָסט ביי מיר געפּוילט! דיין באַגער איז אויך מיינער, און די פרייד פון די ישראל־קינדער איז מיין אייגענע פרייד!

אויף די ליידיקע פלעצער פונם צירק אין חיפה שטייען שוין היינט אויפגעבויטע שיינע בנינים. פון דערווייטנס הערן זיך פריילעכע ליאַרמען. 1500 קינדער אין שול־עלטער געניסן פון דעם ייגנט־צענטער אויפן נאָמען פון מאיר און אסתר סאלאף.

מאיר סאלאף פאַרמאָגט אַ טייערע לעבנס־פילאָזאָפיע: „די וועלט איז פארן מענטש‟ און נישט פאַרקערט. אָט דער געטלעכער געדאַנק מאַכט אים תמיד פאַרן האַר פון זיין פאַרמעג און ער דינט נישט קנעכטיש דער דאָלאַר־געטשקע...

אין אויפקום פון מדינת ישראל האָט ער געזען דאָס געבורט פון זיין אויסגעטרוימטער וועלט. ער ליבט זי און שטאָלצירט מיט איר. ער באַרימט זיך מיט איר פאַר זיינע קריסטלעכע פריינט. אָט פאַרבעט ער דעם בירגמייסטער פון זיין שטעטל מאונט ווערנאָן אויף אַ באַזוך אין ישראל פון פאָרט מיט אים ארום איבער אַלע ווינקעלעך פונעם לאַנד. נאַ, זע, פריינט, פון וואַנען מיר יידן שטאַמען, און וואָס פאַר אַ שיינע בת־מלכה עס איז מדינת ישראל!..

בעת זיין באַזוך אינם לאַנד אין יאָר 1957 איז ער געפאָרן קיין ירושלים זיך געזעגענען מיטן בית הנשיא. זאָגט צו אים גב׳ רחל בן־צבי, די פרוי פונ׳ם מדינה פּרעזידענט:

— כ׳האָב צו אייך אַ בקשה, חבר סאלאף, אַז איר וועט ווידער קומען אין לאַנד — ברענגט מיט זיך אייערס אַן אייניקל.

— האָב איך איר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל — זאָגט סאלאף — און איר אַהערגעבראַכט 10 אייניקלעך...

זיינע 10 אייניקלעך זעען איצט זיין אויסגעטרוימטן פּועלי־ציוניסטישן חלום. ער קאָן זיך נישט זעטיקן מיט דער פרייד, מיט דעם גרויסן נס פון „חלום אויף דער וואָר‟. ער באַטראַכט זיינע שטאַרקע דלאָניעס זיינע אויסגעפּראַצעוועטע הענט, אָט מיט דער פּראַצע פון די הענט האָט ער אָנגעהויבן זיך אַדורכצוברעכן אַ וועג אינם לעבן מיט 56 יאָר צוריק אינם שוויץ־שאָפּ פונם נייעם לאַנד פון אַמעריקע.



מאיר סאָלאָף ברענגט זיינע 10 אייניקלעך אין בית הנשיא

ער קאָן נישט מער שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ער זאָל נישט מקיים זיין פּערזענלעך די „מצוה פון ישוב ארץ ישראל". איז ער דערפאַר איצט געקומען, געקויפט אַן אייגן הויז, אַהערגעבראַכט די גאַנצע משפחה — אנשים, נשים וטף, צו דער חנוכת הבית. און אַ פייערונג איז עס געווען כיד המלך.

זינט דער זאַמדיקער בארג־קאָפּ, האָט גענומען באַוואַקסן מיט הייזער און ווילעס און ס'איז פון דעם אַנטשטאַנען דער רייכער ישוב ביים ירקון־ברעג, וואָס מ'רופט „שכון דן", האָט מען נאָך דאָ אַזאַ שמחה נישט געזען.

עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען די פריינט און פאַרערער פון מיסטער סאָלאָף פון אַלע עקן לאַנד. זיינע פריינט פון הסתדרות, די באָברויסקער לאַנדס־לייט פון דגניה ב', די קינדער פונם סאָלאָפס ייגנט־צענטער אין חיפה.

געקומען איז אויך אַן אָרקעסטער פון 90 מאַן. לעבן זיי איז געשטאַנען אבא חושי, דער ראש העיר פון חיפה. דער „צערעמאָניע־מייסטער" איז געווען דער הומאָרפולער גענעראַל סעקרעטאַר פון מפלגת מפא"י יוסף אלמוגי. ער לייענט אַ באַגריסונג פון אַרבעטס־מיניסטער מרדכי נמיר און פון צענ־דליקער אַנדערע פּערזענלעכקייטן פון לאַנד און חוץ לארץ. אָבער מען זעט שוין בפירוש ווי דער לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם האָט זיך דאָ אַריינגעמישט און עס קאָנקורירן צווישן זיך חיפה מיט תל אביב. דאָס קומט טאַקע צום אויסדרוק דורך דער אָנדייטונג פונם חיפה'ער בירגמייסטער „מיר האָבן טאַקע גע־מיינט, אַז אונדזער ליבער חבר סאָלאָף וועט זיך באַזעצן אויפן כרמל, ווייזט זיך אָבער אויס אַז אים ציט צו תל אביב". יצחק חסקין און אייזיק העמלין וואַרפן זיך דורך מיט אַ נצחון־שמייכל. — ס'מיינט, געזיגט האָבן מיר — תל אביב!

ס'גייט אַרויף אויף דער טריבונע דער עלטסטער זון פון מאיר סאָלאָף, ד"ר שלמה סאָלאָף. זיין רע־דע מאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט אויסגעזונ־גען אַ ליד פון כיבוד אב.

אחרון, אחרון חביב — דער בעל שמחה אַליין מאיר סאָלאָף איז געווען גערירט ביז גאָר פון דעם גרויסן טאָג און זיינע רייד האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ אַזאַ שהחיינו, וואָס מען מאַכט נאָר איינמאָל אין לעבן.

נאָכן איבערשניידן די באַנד ביים אַריינגאַנג אין הויז און מאַכן אַ לחיים, צינדן אָן מאיר סאָלאָפס 10 אייניקלעך שטורקאַצן און פירן דעם זיידן אונ־טער דער חופה מיט דער נייער ספר תורה אין שול אַריין, דער אָרקעסטער שפילט און אַ גרויסער עולם טאַנצט און זינגט איבערן גאַנצן וועג: מאַכט אַ וועג פאַר מאיר סאָלאָף מיט דער ספר תורה! גיט אָפּ כבוד דער תורה!

ערשט איצט האָט מאיר סאָלאָף דערפילט דעם טעם פון אַ חנוכת הבית אויף דער אייגענער ערד,


תעודת נטיעה

PLANTING CERTIFICATE

| | |
|---|---|
| אני הסבא | I, THE GRANDFATHER |
| אליהו מאיר בן דוד סולוף | ELYAHU MEYER SOLOFF |
| מאשר בזאת כי: | CERTIFY HEREWRTH THAT |
| יהודית בתיה סולוף | IUDITH B. SOLOFF |
| שנולדה בארה"ב י"ב וו למרץ 1944 | BORN IN U. S. A. ON 11th MARCH 1944 |
| לשלמה סולוף | TO SOLOMON SOLOFF |
| ויטה סולוף | & YATA SOLOFF |
| נטעה עץ בישראל | PLANTED A TREE IN ISRAEL |
| בפרדס הסבא שבשכון "דן" | IN HIS GRANDFATHER'S PARK – SHIKUN "DAN" |
| ביום 30 ליולי 1959 | ON THE 30th OF JULY 1959 |
| תל-אביב, 30 ליולי 1959 | TEL-AVIV, 30th OF JULY 1959 |

SIGN Meyer Soloff ... חתימה

דער זיידע סאָלאָף גיט זיינע אייניקלעך סערטיפיקאַטן פאַר פלאַנצן ביימער אין ישראל.

אינם אייגענעם לאַנד ישראל. וואָס פאַר אַ טעם וואָלט אַזאַ שמחה געקאָנט האָבן אין באָברויסק צי אפילו אין מאונט ווערנאָן? און ער האָט גע מאַכט מיט זיך אַליין אַ פשרה: אַ האַלב יאָר וועט ער וווינען אין ישראל, און אַ האַלב יאָר אין אַמעריקע. און בענקן נאָך ישראל...

נעבן זיין ווילע האָט ער געפלאַנצט 50 ביימ־

לעך. סאָלאָף שפּאַצירט צווישן די בוימלעך און טראַכט זיך:

— אוי, ווי גוט וואָלט געווען, ווען מ׳קאָן דעם יינגן דור אַזוי לייכט איבערפלאַנצן אין ישראל ווי מ׳טוט דאָס מיט די יונגע ביימלעך... ווי גליקלעך וואָלט איך געווען

— מיר מוזן אַהער פאַרבעטן די יוגנט פון אַמעריקע — זאָגט סאָלאָף — אונדזער יוגנט מוז אַהער קומען זיך לערנען און דאָס אויף אונדזערע הוצאות. מיר מוזן טאָן אַלץ די יוגנט אַהערצובריינגען!

מאיר סאָלאָף ווייזט אַרויס אַ סך פאַרשטענדניש פאַרן יינגן דור. ער איז דער זעלביקער ציוניסט, ווי ער איז געווען מיט 56 יאָר צוריק. נישט פאַראַן קיין זאַך אין ישראל, וואָס זאָל אים זיין פרעמד. אין זיין היים אין מאונט ווערנאָן קאָן מען אים שווין מיט זיין וואַרעם יידיש האַרץ. אַז ס׳ברענט ביי אַ יידן, לויפט מען צו סאָלאָפן. ער איז דער איבערגעגעבענער ייד. וואָס נעמט אויף פיל ס.אָ.ס.-סיגנאַלן, און פון וועלכער זייט זיי זאָלן נישט קומען; ניו-יאָרק אָדער ישראל — און ער איילט מיט הילף.

* * *

מאיר סאָלאָף איז געבוירן געוואָרן אין באָברויסק אין יאָר 1886 אין אַ חסידיש-נגידישער משפחה. זיין פאָטער ר׳ דוד (סאָליאָוויאָוו) איז געווען אַ ייד אַ למדן. זיין זיידע פון דער מוטערס צד ר׳ מאיר אליהו (נאָך וועמען ער הייסט) איז געווען רב פון ביכאָוו. אַלס יינגל איז ער געגאַנגען לערנען אין דער ישיבה. זיין באַוווסטזיין האָט אים געפירט צו דער אַרבעטער וועלט, אָבער ער איז געווען פון די רעליגיעזע אַרבעטער און אַזוי איז ער פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג. דער אַמעריקאַנער שמעלץטאָפּ איז געווען צו קאַלט אַז ער זאָל קאָנען צעשמעלצן סאָלאָפס יידישקייט. ער רעדט דעם באַטעמטן זאַפטיקן יידיש, ווי אין באָברויסק און איז געבליבן דער בור-סיד שאינו מאבד טיפה פון יידישער טראַדיציע און מידות טובות.

נאָכן נאַצי-חורבן איז אין סאָלאָפ׳ס שטאָט אָנגעקומען אַן אָפּיל פון יידן פון דער שטאָט טיימוויל (פראַנקרייך) מ׳זאָל זיי שיקן אַ ספר תורה, ווייל די נאַציס האָבן אַלע יידישע הייליגטימער חרוב געמאַכט. די יידישע קהילה פון מאונטווערנאָן האָט אויסגעקליבן מאיר סאָלאָף ער זאָל זיין דער שליח. סאָלאָף האָט זיין שליחות ערנהאַפט אויסגעפירט. ער פליט גלייך אויף אייגענע הוצאות קיין פראַנקרייך, פירט מיט זיך אַ ספר תורה פאַר די יידן אין טיימוויל און גיט נאָך צו דער דאָרטיקער יידישער קהילה אַ פערטל מיליאָן פראַנק אויף צו בויען אַ שול. די יידן פון טיימוויל האָבן אויפגענומען סאָלאָף׳ן מיט גרויס התלהבות און זיך אויסגעדרוקט, אַז זיי זענען מקבל די תורה פון זיינע הענט, גלייך ווי משה אליין וואָלט זי געבראַכט.

אגב איז כדאי צו דערמאָנען זיין צוגעבונדקייט צו דער מסורה און ספרי קודש.

אין ספר „אוצר הפוסקים״, וואָס איז דערשינען אין ירושלים, ווערט געבראַכט אַ ברכה פאַר מאיר סאָלאָף בזה הלשון:

„ברכת למע״כ הנדיב הנכבד והעסקן הגדול רב המעש מאיר סאלאף הי״ו מס. וורנון נ״י, גזבר אוצר הפוסקים, עבור עזרתו החשובה למפעלנו.

ע״י הרה״ג וכו׳ הרי״מ מרמינסקי שליט״א.״

סאָלאָפ׳ס לעבנס-וועג איז אַ גראַד-ליניקער. זיין אויסלעבן זיך אינם נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד במשך פון אַ יובל יאָרן שטערט אים ניט זיך אויך צו ווידמען רעליגיעזע אינסטיטוציעס. ער איז פרעזידענט פון קינדער קעמפּ „מיין קינדער וועלט״ און גלייכצייטיק פרעזידענט פון ועד הכשרות, פרעזידענט פון „סיני גנ״-שול אין מאונט ווערנאָן און ווידמעט זיך געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין פיל אַנדערע אינסטיטוציעס.

פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן לטובת דעם פאַרבאַנד האָט ער באַקומען אַ מתנה — אַן אומזיסטע רייזע נאָך ישראל און אינעם יאָר 1934 באַזוכט ער צום ערשטן מאָל דאָס לאַנד.

* * *

ווען כ׳האָב אַ ביסל אַריינגעטראַכט אין דער געשטאַלט פון מאיר סאָלאָף, איז ביי מיר אויפגעשוווּמען אַ פראַגע: וואָס איז דער סוד פון זיין הצלחה?

עס איז אָבער לייכט צו באַנעמען, אַז זיין דערפאָלג באַשטייט דערין, וואָס ער פאַרשטייט אַרויסצוציען פּראַקטישע מסקנות פונם לעבן און מיט אַ שטאַרקן ווילן זיי צו רעאַליזירן.

דאָס שענסטע און פּראַקטישסטע וואָס ער האָט געטאָן, איז זיין באַזעצן זיך אין מדינת ישראל.

# מאַקס און קיילע איטע העכט / מיאַמי־ביטש

אויפן באַדן פון „נחלת מאַקס וקיילע־איטע העכט" אין דאָרף גמליאל איז עטלעכע טעג פאַרן יום טוב פון מתן תורה — שבועות פאַרגעקומען די פייער־לעכקייט פון לייגן דעם גרונטשטיין פאַר אַ בית־



Mr. & Mrs. HECHT

הכנסת, וואָס וועט אויפגעבויט דורך ה' מ אַ ק ס ה ע כ ט און זיין פרוי, פון מיאַמי ביטש, פלאָרידאַ.

בית גמליאל איז אַ דאָרף מיט 93 משפחות רעליגיעזע יידן פון „הפועל המזרחי". דאָס דאָרף געפינט זיך צווישן רחובות און דעם היסטאָרישן יבנה. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ה' מאַקס העכט אַדורכגעפירט אַ קויף־טראַנזאַקציע מיטן קרן קימת לישראל און דער גאַנצער באָדן פון דאָרף איז געוואָרן זיין נחלה. פון דעמאָלט אָן הייסט עס טאַקע „נחלת מנחם וקילא איטה העכט". אַרומזעענדיק זיך, אַז אין דעם דאָרף איז נישטאָ קיין בית כנסת האָט ה' העכט דעם געדאַנק מיטגענומען מיט זיך קיין אַמעריקע, און נישט פאַרגעסן אין דעם דאָרף. איצט איז ער געקומען רעאַליזירן זיין אידעע און האָט געהאָלפן אויפבויען אַ מקום קדוש פאַר די תושבים פון ב י ת ג מ ל י א ל.

די צערעמאָניע פון לייגן דעם אבן הפינה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אימפּאָזאַנטער פייער־לעכקייט. די איינוווינער פון בית גמליאל האָבן מיט גרויס באַגייסטערונג אויפגענומען די אידעלע מנדבים ה' מאַקס העכט מיט זיין פרוי. אינעם גאַנצן דאָרף איז ממש נישט געבליבן קיין קינד אין וויג און אַלע זענען געקומען אָנטיילנעמען אין דער שמחה. אויסער די דאָרטיקע תושבים האָבן אין דער פייערלעכקייט אָנטיילגענומען פאָרשטייער פון די שכנותדיקע דערפער, פאָרשטייער פון אגוד המושבים, פון הפועל המזרחי, רבנים: ד"ר וויינ־שטאָק פון קרן קימת לישראל, פאָרשטייער פון משרד הדתות, מועצה האזורית, ועד הפועל פון הסתדרות, סוכנות און אַ גרופּע יידן פון מיאַמי ביטש מיטן שרייבער און דענקער, מחבר פון אַ ריי ביכער וועגן חכמת ישראל ד"ר י צ ח ק א ו נ ט ע ר מ אַ ן, ראַביי אלכסנדר ג ר אָ ס, מנהל פון דער מיאַמער ישיבה און מר נ ת ן און ס ע ל מ אַ נ ע ש.

נאָך דעם ווי דער עולם האָט אויסגעהערט די באַגריסונגען און וואַרעמע ברכות פון די רבנים צו די מנדבים איז פאָרגעקומען דאָס חתמענען די מגילת היסוד, וועלכע איז איינגעמויערט געוואָרן אינעם אבן הפינה פון דער נייער שול.

און אַזוי איז געשריבן אין מגילת בית גמליאל:

בע"ה

## מגילת היסוד

**ביום ראשון ראש חודש סיון, תשכ"ב חמשת אלפים שבע מאות ועשרים ושתים שנה לבריאת העולם, 14 שנה לקיום מדינת ישראל.**

**התאספנו תושבי בית גמליאל המאורגן באיגוד המושבים של הפועל המזרחי בנוכחות באי כח הר־בנות הראשית, מוסדות הממשלה, הסוכנות היהודית, הקרן הקימת לישראל, התנועה, ומשפחת הכט מ־מיאמי ביץ', ארה"ב. להניח את אבן הפינה לבנין בית מקדש מעט במושבנו תפילה וללימוד תורה שיוקם על נחלת „מנחם ואיטה קיילי הכט".**

**בתקוה ותפילה לגאולה שלימה, לקיבוץ גלויות, שלום בארצנו, ובנין בית מקדשנו בב"א, ויתגשמו דברי הנביא ישעיהו:**

**כי ביתו בית תפילה יקרא לכל העמים.**

**באנו על החתום.**

ה׳ מאַקס (מנחם בן שמואל) העכט איז געבוירן געוואָרן אין נירנבערג (דייטשלאַנד) אין יאָר 1902. שוין אין זיין פריערסטער יוגנט ווייזט ער אַרויס אַ נייגונג צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער פאַרנעמט זיך מיט דער „ווייס־בלויער פושקע" פון קרן קימת. ווי נאָר די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט ווערט ער אַרעסטירט דורך דער געסטאַפּאָ און ווי דורך אַ נס געלונגט אים, נאָך אַ ציים זיצן אין קאָנצענטראַציע לאַגער, באַפרייט צו ווערן. ער פאַרלאָזט דייטשלאַנד און קומט אין יאָר 1937 קיין אַמעריקע. צוערשט וווינט ער אין ניו יאָרק און דערנאָך באַזעצט ער זיך אין מיאַמי ביטש.

זינט ה׳ מאַקס העכט מיט זיין פרוי האָבן זיך באַזעצט אין מיאַמי ביטש פאַרנעמען זיי זיך מיט קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ה׳ העכט איז אַקטיוו אין אַ גאַנצער ריי יידישע אינסטיטוציעס. ער איז דער וויצע פרעזידענט פון דער אָרטאָדאָקסישער שול „כנסת ישראל" אין מיאַמי ביטש. ער איז אויך אַקטיוו אין יידישן נאַציאָנאַל פאָנד, פאָרזיצער פון די „אַנטוויקלונגס פאָנדאַציעס פון הסתדרות", מיטגליד פון דער ישיבה „היברו אַקאַדעמיע אין מיאַמי ביטש" אַ חבר פון „הפועל המזרחי" און אַ שטענדיקער אָפּנעמער פון די „באָנדס".

אַ זייער בכבודיקן פּלאַץ אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פאַרנעמט פרוי העכט. זי איז באַקאַנט מיט איר אינטענסיווער טעטיקייט אין דער „הדסה", „מזרחי פרויען", הסתדרות און אין אַ ריי אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס אין מיאַמי ביטש.



מאַקס און קיילע איטע העכט ביים לייגן דעם גרונטשטיין אין בית גמליאל

ה׳ מאַקס העכט און זיין פרוי זענען שיינע יידישע געשטאַלטן, אין וועמענס הערצער עס טליעט דער רעליגיעזער התלהבות וואָס זיי האָבן מיט זיך מיט־גענומען פון זייערע עלטערנס היימען. דאָס זענען מענטשן וואָס ברענגען צום אויסדרוק זייערע הומאַ־ניטאַרע אַנשויאונגען דורך מעשים־טובים. זיי זענען פאַרבונדן מיט דער ארץ און נשמה מיט ייד און מענטש. עס האָט זיך באַקומען דעם איינדרוק, אַז זייער איצטיקער באַזוך אינעם לאַנד האָט זיי נאָך מער פאַרבונדן מיט די תושבי ציון און עס איז רייפער געוואָרן זייער אידעע פון בנין הארץ.

— מיין הויפּט אינטערעס, — זאָגט צו מיר ה׳ העכט — איז צו העלפן אָרעמע אימיגראַנטן. איך

געדענק, ווען איך בין אַליין געווען אַן אימיגראַנט...

און ווו אין דער וועלט גייט דער גייער עולה אַדורך אַזעלכע שווערע עטאַפּן פון „חבלי קליטה" ווי אין מדינת ישראל ?...

און עס איז כדאי צו דערמאָנען אַן עפּיזאָד וואָס קען גילטן ווי אַ כאַראַקטער־שטריך פאַר מיסטער און מיסיס העכט:

אין ירושלים האָבן די חשובע געסט באַזוכט דעם הר ציון. בעת זיי זענען געשטאַנען מיט יראת הכבוד ביים קבר פון דוד המלך, פאַרזונקענע אין מחשבות — גייט צו זיי צו אַ ירושלימער רב און זאָגט: „ווינטשט אייך איצט וואָס איר ווילט". זיי האָבן אפילו קיין רגע נישט געטראַכט — און ביידע האָבן געענטפערט:

— שלום און גוטס פאַר כל ישראל! פאַר אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט!".

— און פאַר זיך?

— פאַר זיך אַליין האָבן זיי גאָר נישט געבעטן, גאָר נישט פאַרלאַנגט!

דאָס זאָגט עפּעס, און באַדייט זייער אַ סך...

און לאָמיר פאַרענדיקן מיט דער ברכה פון איינעם פון די רבנים, וואָס מיר האָבן געהערט בעת דער פּייערונג אין בית גמליאל:

„הם עוזרים לשום את שם שמים במקום הזה — שהקב"ה יברך אותם!".

---

## טשאַרלס טזשיזשעווער / שיקאַגאָ

איך בין אַ ציוניסט פון דער אלטער קאָמפּאַניע פון הערצלס צייטן" — שטעלט זיך פאַר מיר פאָר Mr. Charles M. Chizewer.

שוין אין 1947 באַזוכט ער צום ערשטן מאָל ארץ ישראל. ביי זיין צווייטן באַזוך אין לאַנד אין 1953



Mr. & Mrs. Charles Chizewer

באַקענט ער זיך מיט די נויט פון יענער צייט, מיט די עולים, וואָס וואַרטן מ'זאָל זיי איינאָרדענען. מר. טשיזשעווער הייבט אָן צו אַרבעטן פאַר מדינת ישראל. מיט דער הילף פון מועצת הפועלות בויט ער אויף די „טשיזשעווער קינדער-היים" אין תל-אביב. שפּעטער גיט ער אַ צושטייער אַ געלט-סומע אויפצובויען אַ קולטור-הויז אין כפר סילווער, און אַ שול אין אשקלון.

ווי איינער פון די אנגעזעענסטע מיטגלידער אין דער Z.O.A. אין שיקאַגאָ איז ער זייער אַקטיוו אינעם פאַרקויף פון די ישראל-באָנדס. עס האָט אויך באַקומען דעם טיטל „גאַרדיען פון יש-ראל", און אַ ספּעציעלע אויסצייכנונג פון ראש הממשלה מר. דוד בן גוריון.

אין 1959 איז פאַר זיין כבוד וועגן פאַרגעקומען אַ גרויסער באַנקעט אין טעמפּל „מנורה" אין שי-קאַגאָ. מר. טזשיזשעווער איז איינער פון די גרינ-דער און מיטבויער פון דעם גרויסן און שיינעם טעמפּל, און זיין זון דזשעק, איז דער איצטיקער טשערמאַן פון טעמפּל.

מר. טשאַרלס טזשיזשעווער איז געבוירן אין שטע-טל ווישקאָוו, און זיין זיידע האָט אָפּגעשטאַמט פון טזשיזשעוו. זינט 1913 וווינט ער אין אַמעריקע.

אויך מיסיס טזשיזשעווער איז אַקטיוו אין די „פּיאָנערן וואומען" אין „אָרט" און אין דער געזעל-שאַפט צו שטיצן דעם חיפה'ער טעכניאָן.

מר. טשיזשעווער האָט זיך דאָ געטראָפן מיט אַ סך אלטע אידעען-חברים, און אויך אויפגענומען געוואָרן דורך ח"כ גב' בעבא אידלסאָן אין ירושלים.

# נתן ערליך

נתן ערליך, דער פרעזידענט פון די בעקערס יוניאָן אין ניו יאָרק, איז נישט קיין פנים חדשות אין ישראל.



יוליאַנאַ און נתן ערליך מיט מירום־מורמאַנסקי

ביים געבורט פון דער מדינה קומט ער גלייך מיט דער ערשטער הסתדרות־דעלעגאציע אויף א באַזוך אינם לאַנד. אין יענע צייטן איז געווען א גרויסער קריזיס אינם לאַנד און אַ מאַנגל אין בעקערייען. מר ערליך נעמט באַלד אויף זיך די איניציאַטיוו אויפצושטעלן אַ גרויסע מעכאַנישע בעקעריי, וואָס זאָל גלייכצייטיק דינען אלס בעקער־פאַך־שולע. אַ דאנק זיינע באַמיאונגען איז אנטשטאַנען די בעקעריי „לחמינו", וואָס איז דאָס אייגנטום פון דער הסתדרות.

ביי זיין צווייטן באַזוך אין 1954 ווערט באַשלאָסן אויפצובויען דורכן בעקער־יוניאָן אין ניו יאָרק, בשותפות מיט די בעקער בעלי־הבתים אַ קליניק אין ירושלים אויפן נאָמען פון דזשיקאָפּ וואַלטעס, דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון דער בעקער יוניאָן. פאַר דעם צוועק האָט דער בעקער יוניאָן צוזאַמען מיט די בעקער בעלי הבתים אין ניו יאָרק, געגעבן 200 טויזנט דאָלאַר.

איצט ביי זיין דריטן באַזוך אינם לאַנד מיט אַ הסתדרות־דעלעגאציע וועט געוויס ווידער געשאפן ווערן אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע פאַר וועל־כער מיר וועלן אים דאַרפן דאנקבאר זיין.

דער חשובער עסקן דערציילט אונדז, אז דער בעקער־יוניאָן אין ניו יאָרק האָט 2300 מיטגלידער און כאָטש יידן ציילן נאָר 25%, פון דעסטוועגן געפינט זיך דאָס פרעזידיום אין יידישע הענט. מר ערליך פאַרנעמט שוין 10 יאָר דעם פאָסטן פון פרעזידענט.

מיר שטעלן דעם חשובן גאַסט עטלעכע פראַגן:

— וואָס טראַכט אייער דעלעגאַציע צו שאַפן איצט אין ישראל?

— „איך בין אנגעקומען מיט דער ערשטער פאַרבאַנד־ארבעטער דעלעגאַציע און מיר קוקן זיך ערשט אַרום אין לאַנד, וואָס צו טאָן. אַזעלכע באשלוסן נעמען מיר ערשט אָן ביים סוף פון אונד־זער באַזוך אינעם לאַנד.

— וואָס פאַרא אונטערשייד זעט איר אינעם לאַנד, זינט איר זייט דאָ געווען אין יאָר 1954?

— כ'קאָן גאָר נישט באַוואונדערן די גרויסע ענדע־רונג אינעם אלגעמיינעם בילד פון ישראל. בפרט, ווען איך האָב איצט געזען תל אביב האָב איך די שטאָט נישט דערקענט. די נייע קווארטאלן מיט די שיין־מאָדערנע הייזער גיבן צו דער שטאָט אַ פּראַקטישן אויסזען. כ'דערמאָן זיך, ווען כ'בין דאָ געווען מיט אַ דעלעגאציע ביים לייגן דעם גרונט־שטיין אין בית ליעסין — האָט דאָן די געגנט אויס־געזען ווייט און פוסט. היינט איז דאָ אויסגעוואקסן אַ ניי־מאָדערנער שטאָט־קווארטאל. אַ באַזונדערס גוטן איינדרוק מאַכט דער בנין פון ועד הפועל, וואָס גיט צו די אַרבעטערשאַפט אַ סך רעספּעקט און שטאָלץ. ווען אונדזערע מענטשן קומען אהער, זען זיי נישט בלויז א יידישע מלוכה, נייערט אויך אַ גוט־ארגאַניזירטע הסתדרות באַוועגונג. איך בין זיכער, אז אויך דאָסמאָל וועלן מיר אהיימקומען מיט די זעלבע געפילן און איבערגעבן די אַרבעטער מאַסן וועגן דער שיינקייט און אנטוויקלונג פון מדינת ישראל.

— ביי אונדז איז נאָך אלץ די יידישע מדינה אַ שטיק וואונדער. אַ קליין לאַנד, וואָס איז ארימגע־רינגלט מיט שונאים און דאַרף טאָג און נאַכט מורא האָבן פאַר ווערן איבערגעפאַלן — בויט זיך,

וואקסט און באפעלקערט זיך. דאָס אלץ קאָן מען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן, אויב מען קומט נישט, זעט נישט מיט אייגענע אויגן די וואונדער פון יידן אין זייער היימאטס־לאנד.

— ווי אזוי ווערן אונטערשטיצט די „באנדס" אין די ארבעטער קרייזן?

— מיר זענען שטאָלץ דערמיט, אז ניו־יאָרק, די יידישע שטאָט ניו יאָרק, האָט זינט דער אנטשטייאונג פון דער מדינה געקויפט מער, ווי פאר 50 מיליאָן דאָלאר ישראל־„באנדס". אַ סך „באַנדס" זענען אפילו פארקויפט געוואָרן צו נישט־יידן. מיר האָבן באוויזן צו איבערצייגן אונדזערע יידישע און נישט־יידישע פריינט, וואָס ישראל האָט אויפגעטאָן אין אזא קורצער צייט. עס איז אויך א דערפרייענדיקע דערשיינונג, וואָס אין אמעריקע האָבן די ישראל־„באנדס" אַ שטאנדהאפטן ווערט. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די אמעריקאנער בענק גיבן ארויס אַן הלוואה אויף ישראל־„באנד" אין דער הויך פון 75% פונם מינימאלן ווערט. דאָס איבערצייגט יעדן אמעריקאַנער, אז עס איז פאַראַן אַ געזונטע פאַרזיכערונג איינצוואוועסטירן געלט אין ישראל.

— וואָס האָט געטאָן אייער בעקער־יוניאָן פאַר דעם „באנדס" פארקויף?

— מיר האָבן פארקויפט צווישן אונדזערע מיטגלידער פאַר אַ האַלבן מיליאָן „באַנדס". די פארוואלטונג פון יוניאָן האָט איינגעקויפט פון די פאראיין־געלטער פאַר 300 טויזנט דאָלאַר „באַנדס". מיר שטיין אָבער מיטן פנים צו דער ווירקלעכקייט און לייגן נישט קיין אכט דערויף, וואָס מיר האָבן שוין געטאָן, נאָר זוכן מיטלען ווייטער צו העלפן די הסתדרות און מדינה ישראל.

* * *

נתן ערליך איז אַ וואַרשעווער. ער איז דער באַוווסטזיניקער ארבעטער־פירער, אָבער אויך צוגלייך דער וואַרעמער ייד, וואָס שמ'ט מיט זיין אהבת ציון. מיט 39 יאָר צוריק האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע און גלייך פונעם ערשטן טאָג אָן, איז ער פארקניפט און פארבונדן מיט זיין אָרגאַניזאַציע. ער האָט אָנגעהויבן מיט ארבעטן אין שאָפּ, אָבער זיינע חברים האָבן באלד געוווּסט ווי אפּצושאַצן זיינע פעאיקייטן און ער וואקסט פון דעם ארבעטערשאָפּ ביז דער עקזעקוטיווע פון יוניאָן. ער גייט אַלץ זיכערער און העכער ביז ער דערגרייכט דעם שטאפל פון פרעזידענט.

איך מר ערליך׳ס פרוי יוליאנא האָט גרויסע געזעלשאַפטלעכע פארדינסטן. קודם כל האָט זי אַלעמאָל דערמוטיקט איר מאַן אין זיין טעטיקייט לטובת דער ארבעטערשאפט. מיסיס ערליך איז דערצויגן געוואָרן אין א ציוניסטישער סביבה. אַ סך יאָרן איז זי געווען טעטיק אין דער „הדסה" שפּעטער איבערגעגאנגען צו די פיאָנערן־פרויען אָרגאניזאַציע, ווו זי צייכנט זיך אויס מיט פרוכטבאַרער טעטיקייט און איבערגעגעבנקייט. איר אָיצטיקער באַזוך אינעם לאנד וועט איר געוויס צוגעבן כוח און ענערגיע פאַר אַ פארשטאַרקטער טעטיקייט למען ישראל.

אויף אונדזער פראַגע, „ווו־אהין גייט די יידישע יוגנט אין אמעריקע? ענטפערט מר ערליך:

— „די יידישע יוגנט הויבט אָן אריינדרינגען אין יידישקייט, וואָס קומט פון ישראל. ביז דער אנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה, איז דאָס נישט געווען צו באמערקן. אונדזער יוגנט ווייזט איצט ארויס אַ פאראינטערעסירונג אין יידישער ליטעראטור און שטודירט גערן אַ סך יידישע געשיכטע. ווו־נאָר עס שאפט זיך א נייער יידישער ישוב, ווערט גלייך געשאַפן אַ יידישער קולטורצענטער. טויזנטער יוגנטלעכע טרוימען צו קאָנען באַזוכן ישראל."

— וואָס זאָגן צו דעם אלעס נישט־יידן?

— דער פאקט, וואָס יידן האָבן אליין אויסגעקעמפט זייער פרייהייט און היטן זייער מדינה מיט אייגענע כוחות — דאָס מאַכט דעם בעסטן איינדרוק ביים נישט־ייד. איבערהויפּט איז דער פאקט זייער נאָענט צום הארצן אַ זעלכע מינדערהייטן ווי־למשל אירלענדער און אַנדערע, וואָס זייערע פעלקער קעמפן פאַר פרייהייט.

— ווי פילט איר זיך דאָ אין די גרויסע היצן?

— עס איז פשוט א פארגעניגן איצט צו פארברענגען אין ישראל! די מאָדערן־אויסגעבויטע האָטעלן, די באקוועמלעכקייטן, וואָס דער טוריסט באַקומט דאָ זענען צוציענדיק פאַר יעדן מענטשן, וואָס וויל זען דאָס הייליקע לאנד. איך גלויב, אז די טוריסטיק וועט שטייגן פון יאָר צו יאָר.

מיר באַגריסן דעם חשובן ארבעטער עסקן מר נתן ערליך מיט זיין פרוי יוליאַנא מיט א הארציקן

**ברוכים הבאים!**

# ד"ר הערמאַן זיידל / באַלטימאָר

אַ שיין געשטאַלט פון אַ יידישן אינטעלעקט. אַ דאָקטער און דענקער, ציוניסטישער פירער און פינאַנץ־גאון, אָבער אין פאָדערגרונט רוקט זיך



אַרויס די געשטאַלט פון דאָקטער. מען דערזעט דעם גוטמוטיקן יידישן רופא, וועמען, לויט דער פאָלקס־לעגענדע — ס'באַגלייט דער מלאך רפאל ביז צוקאָפּנס פון חולה. פון זיינע קאַרשן־אויגן שטראַלן אַרויס מענטשנליבע און געדולדיקייט. מ'פילט, אַז ער איז צוגעווינט צום מלאך רפאל. אונטערוועגס כאַפּט ער אפשר מיט אים אַ שמועס... זיי ריידן דאָך איין שפּראַך. ד"ר זיידל רעדט אַ געשמאַקן עברית.

ער איז אַ מומחה אין גערַאנטאָלאָגיע (וויסנשאַפט וועגן זיקנה און באַהאַנדלען זקנים). ס'איז קלאָר, אַז כדי צו באַשעפטיקן זיך מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם, מוז מען פון דער נאַטור אַליין זיין אַ גרויסער הומאַניסט און ליבהאָבער פונעם שענסטן קונסט־ווערק אויף אונדזער ערד־קיילעך — דעם מענטש.

ד"ר זיידל איז אין דער מיינונג, אַז מ'קאָן אויסמיידן נעגאַטיווע אַנטוויקלונגען, וואָס זענען אַ פּועל־יוצא פון זיקנה.

— מיר גלויבן אויף וויפל מיר וויסן — זאָגט ד"ר זיידל — אַז זייער פיל זיקנה־באַשרענקונגען קענען אויסגעמיטן ווערן. מיט דער צייט ווען מיר וועלן פאַרשטיין די סיבות, וואָס ברענגען די זיקנה־ענדערונגען וועט מעגלעך זיין צו פאַרבעסערן און צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון דעם זקן.

אין דער אוניווערזיטעט איז ער געקומען פון דער פּאָנעוועזשער ישיבה. אַלס 10־יאָריק יינגל האָט ער „געגעסן טעג" און געלערנט אין דער קאָוונער ישיבה פון הרה"ג ר' יצחק אלחנן. עוסק געווען, אַביסל בשתיקה און אַביסל בפרהסיא אין דקדוק און העברעאישער ליטעראַטור.

געבאָרן אין אַ דערפל לעבן דער שטאָט בויסק, ביי דער גרענעץ פון קורלאַנד, פאַרלאָזט ער אַלס 18־יאָריקער בחור די אַלטע היים און קומט אָן קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע איז זיין ציל געווען וויסן און לערע. מיט אַן אייזערנעם ווילן נעמט ער זיך גרייטן צו דער מאַטורע און ווערט אָנגענומען אין דער מערילענד־אוניווערזיטעט, ווו ער ענדיקט אויף דאָקטער־מעדיצין.

זיין ציוניסטישע טעטיקייט הויבט ער אָן אין יאָר 1901. נאָך פריער איז ער שוין געווען אַ חבר אין דער געהיימער גרופּע פון פּועלי ציון אין דער אַלטער היים — פּאָנעוויעזש.

אין 1905 ווערט ער טשערמאַן פון דער ערשטער אָרגאַניזיר־קאָנפערענץ פון „פּועלי־ציון־פּאַלעסטינ־צעס" אין באַלטימאָר.

פון דאַמאָלס אָן שטייט ער ביי דער אַקטיווער ציוניסטישער טעטיקייט און פאַרנעמט אַן אָנגע־זעענעם פּלאַץ סיי אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און סיי אין דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ד"ר זיידל טעטיק אין דער באַוועגונג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס מיט בראַנדייס בראש און ער רעפּרעזענ־טירט באַלטימאָר אויף די קאָנגרעסן. אין די יאָרן

1915—17 איבערגענומט ער די אויפגאַבע צו מאָבי־ליזירן אין באַלטימאָר רעקרוטן פאַרן יידישן לעגיאָן.

אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן הויבט ער אָן זיך צו אינטערעסירן מיט אינוועסטיציעס אין ארץ־ישראל. אין 1935 קומט ד״ר זיידל צום ערשטן מאָל קיין ארץ ישראל מיט אַ ברייטן פּלאַן פאַרן בנק הפועלים. אין 1937 ווערט ער דער פּרעזידענט פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל״ אין אַמעריקע, און איז אין איר טעטיק ביז 1947, ווען די פּועלי־ציוניסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע האָט באַשלאָסן צו אַבסאָרבירן די ליגע, מיט דער האָפענונג דערמיט צו פאַרשטאַרקן די באַוועגונג.

אין 1938 קומט ד״ר זיידל צום צווייטן מאָל קיין א״י. ער פאַרלאַנגט, מען זאָל שיקן אַ מענטשן קיין אַמעריקע פאַר אָרגאַניזיר־אַרבעט. אַלס דעלעגאַט ווערט דאַמאָלס געשיקט מר אברהם דיקנשטיין.

דער פּלאַן האָט מצליח געווען און די הצלחה האָט שפּעטער דערפירט צום שאַפן די חברת „אמפּל״.

די גרינדונגס פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ד״ר זיידל איז געווען דער ראש המדברים איז פאָרגעקומען אין באַלטימאָר. „אמפּל״ האָט אָנגעהויבן מיט אַ קאַפּיטאַל פון 1,500 $ און איז געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע פינאַנס־אינסטיטוציעס פאַרן אויפבוי פון מדינת ישראל.

היינט צו טאָג איז ד״ר זיידל דער וויס־טשערמאַן פון דירעקטאָרן־ראַט פון „אמפּל״ און דירעקטאָר פון אַ שוועסטער־געזעלשאַפט די „ישראל אַנטוויקלונגס־קאָמפּאַני״.

און אָט איז אַ קורצער שמועס מיטן חשובן גאַסט.

— צום וויפלסטן מאָל באַזוכט איר דאָס לאַנד?

— ס׳איז שוין איצטער, דוכט זיך מיין צוועלפטער באַזוך אין ארץ־ישראל.

— זאָגט עפּעס וועגן אייער רושם, פונעם לאַנד?

— ווען כ׳קוק זיך אום אויף די פאַרלאָפענע 26 יאָר, זינט מיין ערשטן באַזוך אינעם לאַנד — גלויב איך ניט מיינע אויגן און באַנעם ניט מיט מיין שכל, אַז דאָס וואָס איך זע איצט איז אויפגעטאָן געוואָרן אין אַזעלכע געציילטע יאָרן — דער עיקר — די אַנטוויקלונג זינט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה. טראָץ אַלע תירוצים, אַז ישראל האָט באַקומען געלט, הילף און טעכנישע מיטהילף פון פאַרשידענע זייטן שיינט צו זיין די דאָזיקע אַנטוויקלונג ווי אַן איבערנאַטירלעכע.

— וואָס איז אייער מיינונג וועגן דער יידישער דערציאונג אין אַמעריקע?

— ס׳איז היינט בעסער ווי מיט 15 יאָר צוריק. ס׳איז דאָ מער באַוווסטזיין און מער יידישקייט אינעם ברייטן זין, ווי ס׳איז געווען פאַר דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל. אַ גרויסע צאָל יוגנט לערנט אין יידישע טאָג־שולן און דער יידישער זעלבסט־רעספּעקט איז שטאַרק געשטיגן.

— צו איז נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער צייט ווען עס עקסיסטירט מדינת ישראל?

— איך האַלט, אַז בנוגע דעם פּאָליטישן אָנפיר פון דער מדינה, קאָן די יידישע וועלט פון אויסן זיך ניט אַריינמישן. איך בין דערפאַר, אַז קיין אויסערלעכע אָרגאַניזאַציע, אפילו ניט די ציוניסטישע, זאָל זיך מישן אין פּאָליטישן לעבן פון דער מדינה. צו דער זעלבער צייט גלויב איך, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג טראָגט מיט זיך יידיש־געשיכטלעכע באַגריפן, וועלכע האָבן אַ גרויסן ווערט. דער באַגריף פון יידישער סוווערעניטעט, פון יידיש־שטאַטלעכער עקסיסטענץ איז נאָך ניט געווען אַריינגעדרונגען אין באַוווסטזיין פון די ברייטע יידישע מאַסן אין די תפוצות. אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַר די דאָזיקע אידייען איז נויטיק אויך אין ניט־יידישע קרייזן. און אין דעם אַליין האָט די ציוניסטישע באַוועגונג אַ פונקציע, וועלכע זי קאָן זייער גוט דערפילן. ווידער אין דעם קולטורעלן און גייסטיקן זין, זענען די מיטגלידער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג מער דורכגעדרונגען מיטן באַגריף פון יידישער אחדות און היסטאָרישן המשך, ווי אַנדערע, מחוץ שטייענדיקע יידן. די עקסיסטענץ פון אַקטיווע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין די יידישע תפוצות, קאָן דינען אַלס פּערמענט, וואָס קען אַרויסרופן אַ טיפערע פאַרשטענדעניש פאַר יידישקייט.



ד״ר זיידל איז אַן איש צנוע, אָבער גלייכצייטיק אַן איש מעשה. זיין איצטיקער באַזוך אינעם לאַנד איז פאַרבונדן מיט אַ נייעם געדאַנק — אינדוסטריעלע אינוועסטיציעס אין ישראל.

לאָמיר האָפן, אַז ער וועט מצליח זיין, ווי ער איז תמיד מצליח!

# אייזיק ה. טיילאָר / באַלטימאָר

„אַלץ וואָס ס׳איז גוט פאַר ישראל איז גוט פאַר מיר״ — זאָגט צו מיר ה׳ אייזיק טײַלאָר — ביי מיין ערשטער באַגעגעניש מיט אים.



און אַז מען דערקענט אים אביסל נענטער, ווען מען באַנעמט טיפער זיינע אידעען — דערזעט מען, אַז דאָס איז די צענטראַלע אַקס ארום וועלכער עס דרייען זיך זיינע אַספּיראַציעס.

4 צענדליק יאָר שטייט ער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. זינט עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די באַלפור דעקלאַראַציע איז ער באַהערשט פון דער אידעע פון א יידישער נאַציאָנאַלער היים אין א״י.

מר טיילאָר איז דער מענטש פון איניציאַטיוו און אַיסדויער. זיינע פינאַנסיעלע דערגרייכונגען זענען אַ רעזולטאַט פון זיין שטאַרקן ווילן און פעיקייטן. ער איז דער מענטש פון שעפערישער פאַנטאַזיע און פון רעאַלן צוגאַנג צו זאַכן.

ער אליין האַלט, אז „ער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ זיידן העמדל״, און מיט א שמייכל דערציילט ער, אַז ער האָט דערזען גאָטס וועלטל גראד אין חנוכה, קריסטמעס 1892 אין דער שטאָט באַלטימאָר.

זייענדיק א יונגער ביזנעס מאַן, גיט ער זיך אָפּ מיט געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. איצטער נאָך כמעט אַ האלבן יובל ארבעט, קאָן מען שוין דערזען די ליניע פון זיין הומאַניטארער און נאַציאָנאַלער ארבעט. זיינע מעשים טובים גיבן א גרונט איינצו־טיילן זײַן ברייט־פארצווייגטע טעטיקייט אין דריי ריכטונגען:

א) סאָציאַלע און הומאַניטארע לייסטונגען.
ב) נאַציאָנאַלע טעטיקייט למען ישראל און קאָנ־ סטרוקטיווע הילף.
ג) יידיש־נאַציאָנאַלע דערציאונג.

ה׳ אייזיק טײַלאָר איז טעטיק אין פיל יידישע אינסטיטוציעס. אין אַלגעמיין גענומען איז שווער צו באַנעמען, וועלכע פון זיי זענען אים נענטער און פון וואַנען נעמט ער די פאַרבינדונג צווישן זיי. ווילן מיר אָבער זיך באַקענען מיט דער שיינער געשטאַלט פון דעם וואונדערבארן עסקן, דארפן מיר גיין כסדר פון איין אינסטיטוציע צו דער צווייטער:

מר טיילאָר איז, טעטיק אין „באָרד אף עדוקיישן״ (ועדת החינוך). ער איז דער פרעזידענט פון „ראַ־ טערי קלוב״, אַ באָארד מיטגליד פון דער יידישער הילפס געזעלשאַפט״ און אייגנטימער פון Taylor Maner Hospital ווען מיר נעמען די עטלעכע אינסטיטוציעס צוזאַמען, זעען מיר די אייגנשאפטן פון אָט דעם געזעלשאפטלעכן עסקן. ער גיט אוועק זיין ענערגיע, צייט און מי און שפּאָרט אויך ניט קיין געלט פאר די דאָזיקע אינסטיטוציעס.

לאָמיר ווידער נעמען א גרופּע אנדערע אינסטי־ טוציעס ווו ה׳ טיילאָר איז טעטיק: פרעזידענט פון דער באַלטימאָרער סענטראל באַנק. וויס פרעזי־ דענט פון „אמפּל״, וויס־פרעזידענט פון דער „בנק ישראל אמריקה לפתוח התעשיה״. פון זיין פּאָזיציע אין די דריי אינסטיטוציעס קאָן מען שוין האָבן אַ באַגריף וועגן זיינע פינאַנסיעלע דערגרייכונגען אין דער פינאַנס־וועלט.

און דאָס ליבסטע פון דעם אלעם איז — ישראל.

אַט איז מר טײלאָר שוין דאָס דריטע יאָר דער טשערמאַן פון די „באָנדס" אין באַלטימאָר. סגן נשיא פון קרן קימת לישראל, טשערמאַן פון הסת־דרות, לײף־מעמבער אין דער יידישער אגענץ און אַ פּאַרוואַלטונגס מיטגליד אינעם יידישן וועלט־קאָנגרעס.



מיסיס ראָז טײלאָר

מר טײלאָר קומט ניט אָפּ בלויז מיט ליבע־דער־קלערונגען צו ישראל — נאָר ער שטײט טאָג־טעגלעך אויף דער וואַך בײם היטן די גרויסע פּעס־טונג פון וועלט־יידנטום אין איצטיקן דור — מדינת ישראל.

און פאַר זיך אַליין מוז מען דאָך אויך עפּעס טאָן — האָבן מיר טאַקע געהאַט אין ירושלים צוויי אימ־פּאַזאַנטע פײערונגען פונעם יובילאַר מר אײזיק ה. טײלאָר: 1) דאָס פלאַנצן אויף זיין נאָמען אַ וואַלד אין די בערג פון יהודה. 2) און די פײערלעכע דערעפנונג פון אַ שיין הויז — א צענטראַלער יוגנט־צענטער.

עס איז געווען א זייער רירנדיקער מאָמענט, ווען אין די פעלזן־בערג פון יהודה, נאָענט פון דער אַראַבישער גרענעץ, ביי דער אנוועזנהייט פון רעגי־רונגס פאַרשטייער, פאַרשטייער פון הסתדרות און פאַרבעטענע געסט האָבן מיסטער און מיסיס טײלאָר אַנטהילט א טאָוול:

מקום זה מיועד ליער
ע"ש
## אייזיק ה. טײלור
אליקוט סיטי ארה"ב

SITE OF THE
**ISAAC H. TAYLOR**
**ILLICOTT CITY MD.**
**F O R E S T**

באַלד נאָך דער דערעפענונג איז פאָרגעקומען די פײערלעכקייט פון פלאַנצן די ערשטע ביימלעך.

אין דעם זעלבן טאָג האָבן מיר אויך אָנטייל גענומען אין דער אימפּאָזאַנטער פײערלעכקייט פון דערעפנען אין קרית יובל אַ

### בית מרכז הנוער ע"ש אייזיק טײלור
**ISAAC TAYLOR COMMUNITY CENTER**
**in Kiryat Yovel, Jerusalem.**

אין זיין באַגריסונגס רעדע אויף דער פײערלעכ־קייט האָט מר יהושע לוי, גזבר פון ועד הפועל פון הסתדרות געזאָגט, אַז „מר אײזיק טײלאָר ווערט פאַרעכנט צום ערן־לעגיאָן פון די בוני ירושלים".

גאָר אימפּאָזאַנט איז געווען דער מאָמענט ווען מר טײלאָר האָט אין נאָמען פון מערילענדער גאָווערנאָר איבערגעגעבן דעם ראש העיר פון ירושלים די פאָן פון פריי־שטאַט Maryland.

— און ווי פילט איר זיך דאָ, מיסטער טײלאָר?

— איך פיל זיך דאָ ווי אין מיין היים. איך האָב ניט דעם איינדרוק, אַז כ'בין דאָ אַ טוריסט. יעדע גאַס, יעדעס ווינקל קומט מיר פאָר ווי כ'וואָלט זיך געפינען אין מיין היים. איך האָב תמיד ליב געהאַט מיין היים און איך פיל דאָ די זעלבע וואַרעמקייט, ווי צווישן מיינע אייגענע.

די זעלבע באַציאונג צו ישראל האָט אויך מיסיס ראָז טײלאָר. מיסיס טײלאָר איז אַ „לײף מעמבער", אין הדסה און אַ מיטגליד אין דירעקטאָרן־ראַט.

מיסטער און מיסיס טײלאָר זענען דאָ אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה פּרעזידענט מר יצחק בן צבי, דורכן ראש הממשלה, מר דוד בן גוריון, אויסערן מיניסטער גב' גאָלדע מאיר, שר האוצר מר אשכול, פאָרשטייער פון הסתדרות און „אמפּל".

די יידישע שטאָט באַלטימאָר האָט געוויס אַ סך גוטע און אָנגעזעענע יידן, אָבער זי מעג זיין שטאָלץ מיט אַזאַ קאָלירפולער און פאַרדינסטפולער פּער־זענלעכקייט, ווי מיסטער **א י י ז י ק ה. ט י י ל א ר.**




ראש הממשלה
THE PRIME MINISTER

10 July 1961
Jerusalem

Mr. Isaac H. Taylor
Taylor Manor Hospital
Ellicott City, Maryland
U.S.A.

Dear Mr. Taylor,

Thank you very much for the book "Darchei Noam", by Rabbi Jacob Pearlmutter. Please convey my gratitude to Rabbi Pearlmutter for the warm words he inscribed to me.

American Jewry has a great task in our generation. Not only must it continue its key role as a partner in building and developing Israel, it must as well deepen Jewish knowledge and education, the study of the Bible and the Hebrew language.

I extend to you, to Rabbi Pearlmutter and to all our friends in Baltimore, my warmest wishes in the knowledge that you will carry on this historic twofold mission.

On this occasion, I should like to congratulate you on the opening of the Isaac Taylor Community Centre in Kiryat Yovel. This is a wonderful project for strengthening our youth, and is in full consonance with your years of work on behalf of the Jewish people.

Sincerely yours,
D. Ben-Gurion
David Ben-Gurion

פאַקסימיליע פון פרעמיער־מיניסטערס בריוו צו מר אייזיק ה. טיילאָר

# משה ל. שייוועער / דעטראָיט

משה שייוועער געהערט צו די וותיקים און איבער־געגעבנסטע חברים פון דער פועלי־ציוניסטישער באוועגונג אין אמעריקע.



אויף דער יידישער גאַס שמ׳ט ער אלס נאַצ־יאָנאַלער עסקן און פילאַנטראָפּ. פון זיינע פרי־ערסטע יוגנט־יאָרן איז ער געשטאַנען מיטן פּנים צו ישראל. מיט דרייסיק יאָר צוריק באַזוכט ער ארץ ישראל, באקענט די הסתדרות און בלייבט מיט איר פאַרבונדן ביז היינט צו טאָג. ער איז דער מיטגרינדער פון דעם אַרלאָזאָראָוו ברענטש ביים יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. פון 1929 ביז 1945 איז ער פּרעזידענט פון דעם הסתדרות־קאמפּיין אין דעטראָיט, וויצע פּאָרזיצער פון הסת־דרות־מגבית אין אמעריקע, מיטגליד פון דער דעט־ראָיטער קהילה פּאַרוואַלטונג און באטייליקט זיך אויך אין אַנדערע אינסטיטוציעס. ער האָט מיט־געווירקט ביים אויסבויען פונעם שענסטן ציוניס־טישן קולטור־הויז אין דעטראָיט. ער האָט געהאָלפן אויסבויען דאָס גרויסע יידישע שפּיטאָל אין דעט־ראָיט, פון וועלכן ער איז במשך פון 10 יאָר געווען דער מנהל.

מר משה שייוועער האָט זייער פיל געטאָן למען ישראל. ער האָט אויסגענוצט זיין השפּעה אין די קאַפּיטאַליסטישע קרייזן און אריינגעבראַכט אין ישראל אינוועסטיציעס פון צענדליקער מיליאָנען דאָלארן. ער איז אויך באַטייליגט אין „אמפּאַל״ און אַנדערע אונטערנעמונגען. אויף זיין נאָמען איז אויסגעבויט אַ ביבליאָטעק אין „בית ברל״ אין כפר סבא. דער בית התרבות אין רמלה הייסט ע״ש משה שייוועער.

אונטער זיין השפּעה און מיטהילף האָבן זיינע ברידער נתן און דוד אויסגעבויט אין באר שבע אַ גרויס קולטור־הויז — „בית שייוועער״.

און נאָך א מוסטער־מינהג וויזט מר משה שייוועער. ער קומט יעדעס יאָר מיט זיין פרוי עמא און זון יצחק וווינען עטלעכע וואָכן אין ישראל.

אויך מר שייוועערס פרוי די קינסטלערין, עמא שייוועער איז שעפעריש פאַרבונדן מיט ישראל. עס איז נאָך נישט פאַרגעסן געוואָרן איר קאָנצערט פון יידיש־העברעישע לידער אין „הבימה״. דער זאַל איז דאמאָלס געווען פול מיט אַ יומטובדיקן עולם און ס׳האָט געהערשט א געהויבענע שטימונג. טיילמאָל הערט מען אויך איר געזאַנג אין „קול ישראל״.

אין די זעלבע וועגן הויבט אויך אָן צו גיין זייער יונגער זון יצחק.

ביים פאַרענדיקן דעם היי־יאָריקן הסתדרות־קאמפּיין איז מר משה שייוועער באַערט געוואָרן דורך דעם פועלי ציוניסטישן קלוב, אַלס דער בעסטער חבר פון דעטראָיט. ס׳איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט אויף וועלכן זיין פרוי עמא איז ארויסגע־טראָטן מיט געזאַנג און דער זון יצחק האָט געלייענט קאַפּיטלעך תהילים.

זאָל דער חשובער עסקן לאַנג, לאַנגע יאָרן ממשיך זיין דעם אויסגעטראָטענעם וועג!!!

# הערי שומער / דעטראָיט

הערי שומער איז פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט ארץ ישראל נאָך פון יענע צייטן, ווען וויניק יידן האָבן געגלויבט אין דער אידעע פון אַ יידישער



מדינה. „היינט — זאָגט מר שומער — זענען טאַקע אַלע ציוניסטן — אָבער מיט 40 יאָר צוריק ווען מען איז געקומען צו יידן זאמלען געלט פאַר ארץ ישראל האָט מען געקענט הערן אַזאַ פּיזמון: „זעט נאָר די פּוילישע משוגעים, זיי בעטן געלט פאַר אַ מידבר!".

מר הערי שומער געהערט צו די פּיאָנערן פון דער פועלי ציוניסטישער באַוועגונג אין אמעריקע. מיט 40 יאָר צוריק שטעלט ער זיך אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג אין דעטראָיט. מיט אַ טיפן גלויבן און שטאַרקן ווילן געלונגט אים איבערצו־ווענדן אַלע שוועריקייטן און שאַפן אַ פּראָ־ציוניס־טישע געזעלשאַפט אין זיין ווין־שטאָט. זיין ציוי־ניסטיש־געזעלשאַפטלעכע ארבעט ווערט באַקרוינט מיט דערפאָלג און אינעם צווייטן יאָר פון זיין טעַ־טיקייט געלונגט אים צו שאַפן ‎$10,000‎ פאַר דער הסתדרות אין ישראל.

פון דאַמאָלס אָן שטייט מר שומער אומדערמידלעך ביי דער אַרבעט למען ישראל.

מר הערי שומער איז אַ גוטמוטיקער מענטש, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער חיבת הארץ. געבוירן אין טשענסטאַכאָוו (פּוילן) און דערצויגן אין אַ פיינע יידיש־נאַציאָנאַלע היים, ער באַזיצט מיט זיך גוטע יידישע מידות. דעם שטויס צו פאַרלאָזן זיין געבוירן־שטעטל האָט געגעבן אַ קליין „פּאָגראָמל" אויף יידן, וואָס פּוילישע אונטערוועלטניקעס האָבן געמאַכט אין יאָר 1920. ער קומט קיין אמעריקע און האָרעוועט שווער, ביז ער ארבעט זיך ארויף. אָבער צוגלייך מיט זיינע אייגענע טאָג־טעגלעכע זאָרגן פאַרגעסט ער ניט אין דער ציוניסטישער אידעע אוןווידמעט איר פיל צייט. אין יאָר 1937 באַזוכט ער צום ערשטן מאָל ארץ ישראל. שוין דאַמאָלס, האָט אים די הסתדרות ארומגעפירט אי־בערן לאַנד, וויזן וואָס עס ווערט געשאַפן. אָבער צוליב אומרועןן, וואָס האָבן דאַמאָלס געהערשט אין לאַנד האָט ער נאָר געקענט באַזוכן די נאָענטע צו תל אביב ישובים. אין 1950 קומט ער ווידער און דערזעט די פרייע יידישע מדינה. דאָס גיט דעם איבערגעגעבענעם עסקן מוט און כוח זיך צו נעמען מיט פרישער ענערגיע צו זיין טעטיקייט. מר שומער געהערט צו די גרינדער פון ארלאָזאָראָוו ברענטש ביים יידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד. אין דעטראָיט געפינען זיך 5 ברענטש'ס און מר שומער איז דער פאָרזיצער פון די אַלע אָפּטיילונגען. דורך די אַלע יאָרן פון זייער טעטיקייט האָבן די ברענ־טש'ס פון דעטראָיט געשאַפן פאַרן הסתדרות קאַמ־פּיין דריי מיליאָן דאָלאַר.

אין אָנערקענונג פון זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַרן ארבעטער־ציוניזם און דער הסתדרות, האָט דער ועד הפועל פון הסתדרות אויפגעבויט אין עכו אַ בית הסתדרות און עס אנגערופן אויפן נאָמען פון דעם פּראָמינענטן עסקן „בית שומער". אויך דער קרן קימת לישראל האָט אָפּגעצייכנט מר הערי שומערס פאַרדינסטן און געפלאַנצט אַ „יער שומער".

ער איז טשערמאַן פון אלע לאַנדסמאַנשאַפטן אין דעטראָיט, טשערמאַן פון די באַנדס, פאָרזיצער פון

הסתדרות קאמפיין און איז אויך טעטיק אין א ריי קולטורעלע אינסטיטוציעס.

בעת זיין איצטיקן באזוך אין לאַנד האָט זיך מר העריי שומער באטייליקט אין דער פייערונג פון לייגן אן אבן פינה פאר אַ קולטור הויז אין חניתה, וואָס ווערט אויפגעשטעלט דורכן פועלי ציוניסטישן קלוב אין דעטראיט א״נ פון חיים ארלאזאָראָוו. אין דער אנוועזנהייט פון פארשטייער פון דער רעגי־רונג, הסתדרות און פארבעטענע געסט איז אין חניתה אוועקגעלייגט געוואָרן א מגילה מיט אזא אויפשריפט:

IN WITNESS OF

on the 26th day of Av 5721, we have laid on this spot the corner stone for a

## CULTURAL CENTRE

*in Kibbutz Chanita in Western Galilee, on the Lebanese Border.*

With the active and devoted participation of the

## POALE ZION CLUB "CHAIM ARLOSOROFF"

IN DETROIT

In this Cultural Centre will be found historical and cultural heritage of generations of the Western Gelilee and will serve as a symbol and witness for the inhabitants of the area as well as for the thousand of visitors of the strong ties between Israel the Jews of America.

אין זיין רעדע בעת דער פייערלעכקייט האָט מר שומער געזאָגט:

„איך מוז אייך זאָגן, אז דער הסתדרות קאמפיין און ארלאזאָראָוו־ברענטש אין דעטראָיט האָבן נישט געקענט אויסקלייבן אַ פּאַסיקערן פלאַץ פאַר אַ קולטור־צענטער ווי אין קיבוץ חניתה.

ערנדיק דעם מוטיקן קאַמף פון אייך חברים קעגן דער בריטישער אָקופּאַציע־אַרמיי, און דעם אַראַ־בישן מיליטער בעת דער פרייהייטס־מלחמה — דערקלער איך, אז דער פועלי ציון־קלוב אין דעטראָיט איז שטאָלץ, אז מיט אונדזער הילף וועט אויסגעבויט ווערן דער קולטור צענטער.

זאָל זיין אין אַ גוטע און מזל׳דיקע שעה!״.

מיר ברענגען דאָ א פראגמעט פון א געשפרעך מיטן חשובן גאסט:

— דער איצטיקער באַזוך האָט מיך דערפרייט און דערמוטיקט און איך האַלט אים פאר דעם בעסטן און אנגענעמסטן פון אַלע מיינע פריערדיקע באַזוכן אינעם לאַנד — זאָגט מר. שומער.

— מיט וואָס איז פאַרבונדן אייער איצטיקער באַזוך?

— איך האָב זיך באטייליקט אין דער באָנדס־קאָנפערענץ אין ירושלים.

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק פון דער באָנדס־קאָנפערענץ?

— מיין שטארקסטער איינדרוק איז, אז די דעלע־גאַטן האָבן געהאָט די מעגלעכקייט צו זען אַלע אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער מדינה, פון הסתדרות און סוכנות. דאָס האָט געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק. אונדזערע 350 דעלעגאַטן האָבן זיך באַקענט פון דער נאָענט מיט די אָנפירנדיקע מענטשן פון דער מדינה, פון דעם מדינה פרעזי־דענט ביז העכערע בעאַמטע. דאָס גיט יעדן איינעם פון אונדז די אינספּיראַציע ממשיך צו זיין די ארבעט, אין וועלכער מיר זענען אריינגעטאָן — שטאַרקן און פארפעסטיקן מדינת ישראל.

„דערצו איז כדאי צו דערמאָנען די זייער נוצלעכע אויספלוגן איבערן לאַנד. ערגעץ־ווו אויף א מי־ליטערישן לופט־פלאַץ האָבן מיר געזען די אקראַ־באטישע איבונגען פון ישראל־פּילאָטן. דאָס האַרץ האָט געקוואָלן פאר שימחה. די דאָזיקע איבערלע־בונגען האָבן זיך ביי אונדז טיף איינגעקריצט אין זכרון און זיי וועלן איבערגעגעבן ווערן צו צענער טויזנטער יידן, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן מדינת ישראל. דאָס איז לויט מיין מיינונג, דער גרעסטער דערפאָלג פון דער איצטיקער באנדס־קאָנפערענץ״.

ביי דער געלעגנהייט ווילן מיר אויך דערמאָנען מיסיס שומער, וועלכע איז אויך געזעלשאפטלעך טעטיק. זי ארבעט באזונדערס גערן פאר קרן קימת לישראל. פאר דער דאָזיקער אינסטיטוציע שאפט זי פון 3 ביז 5 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

מיסטער און מיסיס שומער זענען דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך די פאַרשטייער פון דער רעגירונג, פון ועד הפועל פון הסתדרות, חברים און פריינד.

## פראָפ. צבי שאַרפשטיין / ניו יאָרק

פּראָפ. צבי שאַרפשטיין שמ׳ט אלס מומחה אויפן געביט פון חינוך. ער איז פּראָפעסאָר לחינוך אין „בית המדרש למורים על יד בית המדרש לרבנים



באמריקה" אין ניו יאָרק. ווער עס קען אים פון דער נאָענט , וועט געוויס זאָגן: „וויל איז צו די תלמי־דים, ווס האָבן אַזאַ רבין"!

זיין שפּעפּרישע שפּראַך איז עברית. די לעצ־טע צען יאָר האָט ער געאַרבעט און פאַרענדיקט אַ גרויס ווערק „אוצר הרעיונות והפתגמים" (אנצי־קלופּדיה של דברי חכמה), וואָס קאָנצענטרירט אין זיך אַ ליטעראַריש־פילאָזאָפישן תמצית פון בערך 800 יאָר יידישע פּען־שעפּערישקייט.

— וואָס קענט איר אונדז זאָגן וועגן דער ישראל יוגנט ?

— די יוגנט אין ישראל — זאָגט פּראָפ. שאַרפ־שטיין — איז מער איניציאַטיוופולער און פּראַק־טישער, ווי די אַמעריקאַנישע. זי איז דורכגענומען מיטן פּראַקטישן אידעאַליזם און ווייסט ווו צו גיין צום לעבנס־ציל. די ישראל־יוגנט זעט אויס פּראַכטפול. זי איז ווייניק סענטימענטאַל און גאָר, גאָר העלדיש. זי דרוקט אויס דעם גייסט פונעם פאָלק. כאָטש צווישן איר און עלטערן דור איז די דיסטאַנץ זייער א ווייטע.

### ברוכים הבאים!



### אַ זעלטענע פאָטאָגראַפיע

**ח. לייוויק** אין אַ מונדיר פון אַן אונראַ־אָפיציר, באַזוכט דעם 9־טן יאַנואַר 1946 די שארית הפליטה אין פערנוואַלד. ס׳באַגלייט אים, **יוסף שטשאַווינסקי** אַ ניצול געוואָ־רענער שרייבער, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפינען אינעם לאַגער.

אין הינטערגרונט : דער העברעישער דיכטער ישראל אפרת, איצטער פּראָפעסאָר אין ישראל.

# ד"ר משה חיים ווײלער *

ווען איך האָב אַנגעקלאַפּט אין זײַן טיר איז דער כּרמל־באַרג נאָך געליגן אַ פאַרשלאָפענער. צופוסנס דעם באַרג, איז ווי אין אַ וויגל געליגן דער שטי־



לער בלאָער ים און זיך געשפּילט מיט די כוואַ־לעס, ווי אַ זויג־קינד מיט די פינגער.

דערווײַל האָט קײגנאיבער מיט זון־פלאַם זיך אָנ־געצונדן די גאָלדענע קאָפּולע פון באַהאַיסטישן טורעם, און אינעם רויטלעכן שײַן, וואָס האָט פאַר־גאָסן דאָס פענצטער האָב איך אים דערזען.

איך האָב זיך געפּרוווט ענטשולדיקן:

— אונטן אין טאָל האָט דער טאָג זיך שוין לאַנג אָנגעהויבן. פון דער צענטראַלער אויטאָבוסן סטאַ־ציע איז שוין דער 10־טער אויטאָבוס אָפּגעפאָרן קיין תל אביב, און די שיכּורע מאַטראָזן זענען שוין צוריקגעקומען אויף זייערע שיפן אין פּאָרט.

אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מײַן ענט־שולדיקונג איז געווען אינגאַנצן איבעריק. ער האָט מיך באַגעגנט מיט א גוטמוטיקן שמייכל און אַרײַנ־געפירט צו זיך אינעם אַרבעטס־צימער.

אויבן־אָן שטייען אויסגעסאָרטירטע ספרי קודש, און אויפן דיל פּריזמעס אָנגעוואָרפענע ענגלישע ביכער, וואָס וואַרטן אויף אַ תּיקון אַרײַנגענומען צו ווערן אין די פרישע ביבליאָטעק־פּאָליצעס. אָבער מײַן אויפמערקזאַמקייט ציט גאָר אַ קליין ספר׳ל — תּניא — מיט אַן אַלטן ווילנער דרוק. דאָס ספר׳ל הייסט „ספר של בינונים" פון מחבר הרב שניאור זלמן ז"ל מליאדי, דעם גרינדער פון חב"ד. אין דער הקדמה פון דעם דאָזיקן ספר׳ל ווערט דערמאָנט זײַן עלטער זיידע: „ועל טוב יזכר החסיד המפורסם הרב ר׳ משה חיים ווײלער".

פון דאָרט שטאַמט זײַן יחוס.

זײַן זיידע ר׳ שמואל ווײלער ז"ל איז געווען דער אומאָפּיציעלער קעניג פון די ריגער חסידים אַ גרויסער מקובל און יראו שמים, וואָס האָט מקפּיד געווען אויף אַ קוצו של יוד פון רבונישער אויפ־פירעכץ. דעם „איבערברוך" האָט ערשט געמאַכט זײַן פאָטער ר׳ שניאור זלמן דב בער ז"ל, וואָס הגם ער איז געווען א מוסמך פון סאַכאַטשעווער רבין, האָט ער אָבער אָפּן זיך געשטעלט אין די רייען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, און שפּעטער, מחמת אהבת ציון אליין עולה געווען קיין ארץ ישראל.

* * *

25 יאָר איז ד"ר ווײלער געווען דער גרינדער און הויפּט פון דער פּראָגרעסיווער רעליגיעזער יהדות אין דרום אַפריקע. געוויינלעך האָט מען אַ ביסל מורא פאַר רעפאָרם־ראַביים, אָבער הרב ווײלער האָט דערמיט גאָר נישט צו טאָן. אין אים טליעט דער פונק פון ליאדי. ווי זאָגט עס הרב שני־אורסאָן פון ברוקלין?: „אַ חסידישער פונק ווערט נישט פאַרפאַלן!"...

---

* צו זײַן נאָמינאַציע אַלס יושב ראש פון דער הנהלה פון „בית התפוצות ע"ש ד"ר נחום גולדמן".

אין זיין אויפפירונג אלס רב האָט ער איינגע־פלאַנצט אין זיין עדה יידישע מידות. צו דער רעפאָרם באַוועגונג האָט ער צוגעצויגן 10 טויזנט מיטגלידער און אויפגעבויט פיל טעמפּלען און שולן. קיינער האָט דערפון קיין הזק נישט געהאַט, ווײַל די מענטשן, וואָס זענען צו אים געקומען זענען סיי־ווי שוין געווען ווייט פון יידנטום. מיט זיין השפעה און פאַרשטענדניש האָט ער זיי צוריק־געוווּנען.

— „אויף דער גאַנצער וועלט — זאָגט ד״ר ווײַ־לער איז אַ מאָל געווען אַ יידישע גאַס מיט אַן אייגנאַרטיק יידישן לעבן: יידישע שילדן, יידישע צייטונגען, יידישע פּלאַקאַטן, יידיש לשון. אפילו ווער עס האָט נישט געהאַט צו טאָן מיטן בית כנסת, האָט זיך אויך געקענט יידישלעך אויסלעבן, אפילו בלויז מיט דער יידישער גאַס. היינט איז אַ סך דערפון פאַרשוווּנדן (אַ חוץ אין מדינת ישראל) און מיר מוזן זוכן נייע וועגן כדי דאָס מתקן זיין.

ד״ר ווײַלער קאָן מען אַזוי לייכט נישט פאַרשטיין. מען דאַרף פריער קענען זיך דערגרונטעוווען צו זיין לעבנס חכמה, וואָס איז באַזירט אויף הומאַני־טאַרער יידישקייט, און יידישקייט מיינט ביי אים אַלמענטשלעכע מידות טובות. ער איז נישט געווען קיין ספּעציפישער רעפאָרט אָדער פּראָגרעסיווער ראַביי. ווײַלער מיינט אייגענע שיטה, אייגענער נוסח, אויב נישט מליאַדי... ווידער נוסח מליאַדי מיינט קודם כל, ווען אַ מענטש קאָן געוועלטיקן איבער זיך. ווען ער האָט געגעבן כוח מקריב צו זיין גשמיות פאַר רחניות און „מה שבפה ובלב — אהת הוא״! דאָס אליין „ווי ער פּרעדיקט אַזוי פּילט ער״, איז שוין אַ גרויסע מדרגה.

געזיצן 25 יאָר אויף אַ רבנות שטעלע, אין כבוד און לוקסוס — קאָן ער מער נישט גובר זיין דעם אומרו זיינעם און קומט מקיים זיין מצוות ישיבת ציון. דעם דיספּוט האָט ער געפירט מיט זיך אַליין: אַ גאַנץ לעבן האָט ער געפּרעדיקט ציוניזם, עליה, און אַליין זיצט ער גאָר אין אַ פּראַכט־ווילע אין יאָהאַנעסבורג? וואָס איז ווערט דער קאָמאַנדיר, וואָס שיקט זיינע זעלנער אויפן פראָנט, און אַליין זיצט ער אין הינטערלאַנד?... ערשט ביים געזעגע־נען זיך מיט זיין קהילה דערפילט ער ווי אַ שווער־ער שטיין איז אים אַראָפּ פון האַרצן „איך האָף — זאָגט ער אין זיין געזעגענונגס דרשה — אַז מיין עולה זיין קיין ישראל וועט געבן אַ ביישפּיל פאַר פיל פון מיינע פריינט אין דרום אפריקע״...

ער איז דאָרט געווען באַקאַנט מיט זיין ליבשאַפט צו עם און מדינת ישראל. עס האָט אים דערפאַר עפנטלעך געלויבט הרב הראשי פּראָפ. ר׳ לוי יצחק ראַבינאָוויטש. די ליבע צום מענטש איז ביי אים איינגעפּלאַנצט אָן אונטערשיד פון גזע און ראַסע. מען האָט אים אויך דאָרטן גערופן „פּאַטערל פון די נעגער קינדער״. ער האָט זיי געשיצט און באַשיצט. די שוואַרצע קינדער פון דער „ווײַלער שולע״ האָבן אים געזעגנט מיט טרערן אין די אויגן. די דאָזיקע ליבע — זאָגט ד״ר ווײַלער — האָט אין זיין פריערסטער יוגנט איינגעפּלאַנצט אין אים זיין מוטער חנה. די טאָכטער פון הרב ר׳ יוסף הלוי שבתי הארואויץ ז״ל, דער זאַמאָשטשער רב אין די י. ל. פּרץ׳ס צייטן. (אַן אור אייניקל פון חוזה פון לובלין).

* * *

ווען איך האָב פאַרלאָזט זיין הויז און ווידער אַראָפּ אין די רוישיקע גאַסן, האָט זיך מיר אויסגע־וויזן, אַז פון כרמל־הצרפתי גייט אויף אַ גרויס ליכט און ס׳האָט מיר געהיידושט פאַר וואָס די מענטשן פון טאָל זען עס נישט. ערשט מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס ליכט וועט באַלייכטן אַ וויכטיקן עטאַפּ אינעם פּאָלקס־לעבן, וואָס מ׳רופט אים „די בריק מיט די תפוצות״. אַזוי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ד״ר ווײַלער איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער יושב ראש פון דער הנהלה פון „בית התפוצות ע״ש ד״ר נחום גאָלדמאַן״. מיט זיין אהבת ייד, פאָלק שזוונג און זאַפטיקן יידיש וועט ער זיכער פיל מחדש זיין צו אַזאַ ווערק. אין טראַנס פון זיין פרוכטבאַרער אַרבעט וועלן אין אים אויפבראַכן אַלע זיסע קוואַלן, וועלכע וועלן שטילן דעם דורשט ביים קענגזייטיקן אויסטויש פון יידישע ווערטן.

לאָמיר אים ווונטשן ברכה והצלחה!

# שמואל קאַברין

**ע**ס וואָלט זייער גוט געווען מ׳זאָל ביי אונדז וויסן, אז צו דעם טייערן פאָלקס־אוצר — מדינת ישראל האָבן מיר אַ סך שותפים אין די תפוצות.

געוויס גרויס און לאַנג איז די רשימה פון די, וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן דעם „גרונט קאַפּיטאַל" — אויסהאָדעווען, אָנהאַלטן און זיך מוסר נפש געווען פאַר דער ציוניסטישער אידעע, די נשמה פון דער מדינה.



איינער פון אָט די פּיאָנערן און געטרייע סאָלדאַטן איז בלי ספק מר שמואל קאַברין פון מאָנטעווידעאָ.

זיין 72 יאָריקן געבוירן־טאָג איז ער געקומען פּראַווען אין מדינת ישראל און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גרויסן גייסטיקן באַגאַזש פון אַ גאַנצן יובל — 50 יאָר, ציוניסטישער און געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט.

דער חשובער עסקן באַזוכט דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל, אָבער דאָס איז נישט דער באַזוך פון אַ טוריסט, נייערט דער נצחון פון אַ טרוימער. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געגלויבט אין דער דאָזיקער אידעע און דערלעבט זי צו זען מיט אייגענע אויגן, אויפנעמען מיט דער אייגענער נשמה.

גרויס זענען אויך זיינע פאַרדינסטן פאַרן יידישן ישוב אין אורוגוויי גופא. דער דאָרטיקער ישוב האָט אים לאַנגע יאָרן אַנפאַרטרויערט די העכסטע פונקציעס פון זיינע רעפּרעזענטאַטיווע אינסטיטוציעס, און עד היום ווייסט ער ווי אים צו שעצן. מר שמואל קאַברין האָט פאַרנומען די ערן אַמטן פון: פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין אורוגוויי, ראש הקהל, פּרעזידענט פון ועד הקהלות, פּרעזידענט פון מגבית און לאַנגיעריקער יושב ראש פון קרן היסוד, פאָרזיצער פון סוחרים פאַריין, פּרעזידענט פון „אָרט" פאַרוואַלטונגס מיטגליד פון „באַנקאָ פּאַלעסטינאַ אורוגוואַזשאַ" און אַנדערע.

מיר פרעגן דעם חשובן גאַסט:

— ווי געפעלט אייך דאָס לאַנד?

— איך באַוואונדער ממש אַלץ, וואָס ס׳איז אויפגעטאָן און אויפגעבויט געוואָרן אין אַזאַ קורצער צייט. נאָך מער האָט אויף מיר געמאַכט אַ רושם, וואָס אַלץ ווערט געשאַפן מאָדערן, ריין און מאַסיוו. איך מוז מודה זיין, אז כ׳האָב מיר פאָרגעשטעלט, אז אַ יידיש לאַנד זעט אויס אביסל אָפּגעלאָזן — און דאָ האָט פאַר מיר אַ גלאַנץ געטאָן דער פולער עפעקט פון שטאָט און דאָרף, פון גאַס און פעלד דאָס האָט געמאַכט אויף מיר אַ גרויסן רושם. מען דאַרף נאָר דערצו געזונט און שלום.

— פון ווו שטאַמט איר, און ווי לאַנג זייט איר אין אורוגוויי?

— איך בין אַ געבוירענער אין יעקאַטערינאָסלאַוו (רוסלאַנד). אין לאַטיין־אַמעריקע געפין איך זיך שוין 55 יאָר. צוערשט געוווינט אין ארגענטינע און געווען פון די ערשטע קאָלאָניסטן פון באַראָן הירש׳ס קאָלאָניזאַציע. שפּעטער זיך באַזעצט אין מאָנטעווידעאָ, ווו איך וווין שוין 33 יאָר. דאָרט דערצויגן צוויי מיינע דורות; קינדער און אייניק־

לעך, און תמיד גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכער און ציוניסטישער טעטיקייט.

— וואָס קאָנט איר אונדז דערציילן וועגן יידישן לעבן אין אורוגוויי?

— אונדזער ישוב ציילט בערך 70 טויזנט יידן, פון וועלכע 10 טויזנט זיינען ספרדישע, 10 טויזנט דייטשע, און די איבעריקע אשכנזישע יידן. מיר האָבן אויסגעבויט אַ גאַנצע ריי שיינע אינסטיטוציעס. אין מיינע אויגן איז דער אורוגווייער ישוב דער סאַמע יידישסטער פון אַלע אַנדערע אין די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער. למשל אויף יידישע שמחות מוז דער בעל שמחה אָנגרייטן כשר עסן — אַ זאַך אויף וואָס מען לייגט נישט קיין אַכט אין די שכנותדיקע יידישע ישובים. מיר האָבן אויך אויסגעבויט אַ שיין שול וועזן. אין די יידיש־העברעישע שולן לערנען איבער 2000 קינדער. די חלוצישע באַוועגונג אנטוויקלט זיך און בערך 60 יוגנטלעכע זיינען יעדעס יאָר עולה קיין ישראל.

— וועלכע געגענטן פון לאַנד האָט איר באַזוכט?

— ביי מיינע 72 יאָר, האָב איך רעאַליזירט מיין לאַנג־יאָריקן חלום און שטענדיקן שטרעבן צו זען מדינת ישראל מיט מיינע אייגענע אויגן. איך האָב באַרייזט דאָס לאַנד, ווי מען זאָגט עס דאָ — „פון מטולה ביז אילת". אין אנהויב האָב איך געמיינט, אַז די אַנטוויקלונג קומט פאָר נאָר אין די שטעט, אָבער איך האָב זיך איבערצייגט, אַז דער אויפבוי קומט פאָר אומעטום, סיי אין שטאָט און סיי אין דאָרף. די דערגרייכונגען פון דער לאַנדווירטשאַפט, זיינען פּרעכטיקע. איך אַליין בין אַ געוועזענער קאָלאָניסט און ווייס, אַז אַנטוויקלען לאַנדווירטשאַפט פאַרלאַנגט פּראַצע און שוויס... איך האָב אויך באַזוכט אַ ריי פּונקטן ביי דער סאַמער גרענעץ און אויך דאָרטן גייט אָן אַ פיבערהאַפטע אַנטוויקלונגס אַרבעט. עס איז גאָר נישט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די מענטשן האַלטן „מיט איין האַנט דעם אַקער־אייזן און מיט דער צווייטער די ביקס" זעענדיק דאָס אַלץ, דערוואַכט אין מיר אַ גרויסע פרייד. אַ פרייד, וואָס דערמוטיקט מיך אַליין צו זוכן פּלענער ווי אַזוי איך זאָל קענען זיך באַזעצן אינעם לאַנד און זיין פון דער נאָענט פאַרבונדן מיט דעם היסטאָרישן רענעסאַנס פון יידישן פאָלק.

— צי בלייבט איר נאָך לאַנג אינעם לאַנד?

— איך וואָלט זייער גערן געבליבן נאָך אַ ביסל צייט, אָבער איך מוז אַנטייל נעמען אינעם „אָרט"־קאָנגרעס, וואָס קומט דעם חודש פאָר אין לאָנדאָן, צום אָפּצייכענען דעם 80־יעריקן אוניווערסאַר פון דער „אָרט"־אָרגאַניזאַציע. איך בין דער דעלעגאַט פון דער מאָנטעווידעער אָרט־שולע און וועל אויך רעפּרעזענטירן אַלס פּרעזידענט פון דער „סאוד אמעריקאַנישע „אָרט־געזעלשאַפט". ביי דער געלעגנהייט וויל איך נאָך דאָ דערמאָנען מיינע באַזוכן אין די „אָרט"־שולן אין ישראל.

עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויס פאַרגעניגן צו זען ווי הונדערטער יוגענטלעכע לערנען אין דער „סיגנאַלאָווסקי שול" און אין דער „אָרט"־שול אין נתניה. עס זיינען מיר געפעלן געוואָרן די טעכנישע איינאָרדענונגען אין די לערן־וואַרשטאַטן, דער סיסטעם פון לערנען און דער חשק פון די תלמידים צו באַהערשן אַ מלאכה. עס איז, לויט מיין מיינונג אַ גרויסער צושטייער פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ישראל־ווירטשאַפט אויסצוהאָדעווען קאַדרען פּראָדוקטיווע יונגע מענטשן. איך בין געווען צופרידן צו זען, אַז מיין לאַנגיאָריקע מי פאַר דער „אָרט"־געזעלשאַפט האָט זיך געלוינט, און נאָך מער זיך איבערצייגט וועגן דער ערשטקלאַסיקער נוצלעכקייט פון דער אינסטיטוציע ביי יידן, סיי אין ישראל און סיי אין די יידישע תפוצות.

ישראל גופא האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ רושם, אַז איך פרעג זיך אַליין: „אַ קאָלאָניסט ביי באַראָן הירש האָב איך געקענט זיין, און פאַר וואָס זאָל איך נישט געניסן פון דער ברכה פון דער ישראל ערד?" איך האָב געזען ביי מיינעם אַ פריינט אַ פרדס איז ער מיר אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז איך האָב דערפילט אין מיר אַן אומרו אויך צו דערגרייכן פּרוכטן־בוימער אין ישראל און באַשלאָסן צו קויפן אַ פרדס אין געגנט פון פתח־תקוה.

מר שמואל קאָברין איז דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דער יידישער אַגענץ, קרן היסוד־דירעקציע קרן קימת „אָרט"־דירעקציע. אין ירושלים איז פאַר אים געגעבן געוואָרן אַן אויפנאַמע אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליגט מר שזר מר צור און אַנדערע פּערזענלעכקייטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ברוכים הבאים!

# משה שוסטער

**ווען** כ׳האָב דערהערט זיין שטימע אינעם טעלעפאָן־טרייבל, האָט זיין עברית געקלונגען מיט אַ סאַברישן דיאַלעקט. דאָס האָט פאַרשטאַרקט מיין פאַראינטערעסירונג און די ערשטע פראַגע וואָס כ׳האָב אים געשטעלט איז געווען:



— פון וואַנען נעמט זיך צו אייך אַזאַ פּרעכטיקער עברית?

— כ׳האָב געענדיקט די תרבות־גימנאַזיע אין גראָדנע — האָט ער געענטפערט באַשיידן.

זיין וועג פון גראָדנע ביז מעקסיקע־סיטי, די וווין־שטאָט פון מר שוסטער — האָט געפירט דורך די זעלבע יידיש־בלוטיקע שליאַכן ווי פונעם רוב אייראָפעישן יידנטום, וואָס איז ניצול געוואָרן אין דער לעצטער חורבן תקופה. מר שוסטער האָט אָבער אויסגעוויילט דעם וועג פון קאַמף. ער האָט זיך די נאַצי־בעסטיעס נישט אונטערגעגעבן, נאָר געקעמפט מיט זיי. ער פאַרלאָזט די געטאָ און טרעט אריין אין די פאַרטיזאַנען אָטריאַדן פון יענער געגנט. קוים דערלעבט די באפרייאונג ווערט ער ווידער מאָביליזירט אין דער רויטער ארמיי און נעמט אנטייל אין אַ ריי שליאַכטן ביז דער שונא ווערט געשלאָגן אויף זיין אייגענע ערד און עס דערהערט זיך דער היסטאָרישער מאַניפעסט:

„די נאַציס האָבן אונטערגעשריבן די באַדינגלאָזע קאַפּיטולאַציע״. יעמאָלט קומט ער צוריק קיין פּוילן. אָבער פאַר אַ יידן מיט געפיל און גראַודואירטן פון אַ העברעישער גימנאַזיע איז שוין שווער צו געפונען אַ טעם אין אַ יידיש לעבן אין אַ יידן־ריינעם פּוילן. ער וואַרט אויף אַ געלעגנהייט און אין יאָר 1946 ווען ער נעמט אנטייל אין דער שלום קאָנפערענץ אין פאַריז, באַשליסט ער מער זיך קיין פּוילן נישט צוריקקערן, און זיין וועג פירט קיין מעקסיקע.

טראָץ די אַלע איבערלעבונגען שטייט איצטער פאַר מיר אַ יונגער פול־ענערגישער מענטש מיט אַ סך וויסן, לעבנס־דערפאַרונג און רוטין אין געזעלשאַפטלעך־ישראלדיקע פּראָבלעמען.

איך פּרוּוו אַ לענק צו טאָן דעם שמועס אין מאַמע לשון:

— אויב איר זייט אַ גראָדנער — דאַרפט איר דאָך קענען יידיש?

— ווו־דען איך קען ניט יידיש? — זאָגט ער צו מיר אין אַזאַ זאַפטיקע שפּראַך, וואָס, אַז מען הערט זי היינט אין תל אביב איז מען זיך מחיה...

— יידיש — זאָגט ווייטער מר שוסטער — איז אמאָל געווען אונדזער טראַדיציאָנעלע שפּראַך. היינט איז זי פּשוט אָן אנהאַלט און דער המשך פון יידישקייט בכלל. נאַטירלעך האָט מאַמע לשון אַ סך געמיינזאַמעס מיט עברית. למשל ווען יידישע קינדער לערנען אין מעקסיקע אין העברעישע שולן קומט נאָך די פאַרשטענדניש מיט די עלטערן אין יידיש. מען העלפט זיך מיט יידיש ווי ווייט נאָר עס לאָזט זיך. אָבער ווי טייער און ליב עס איז ביי מיר די יידישע שפּראַך, האַלט איך פון דעסט וועגן, אַז אין דער צוקונפט וועט עברית זיין די קולטור בריק צווישן די תפוצות און מדינת ישראל.

ווענעצועלאַ האָט אַ באַזונדערן ציציאונגס־קראַפט פאַר ישראל. איר הערט דאָ אָפט העברעאישע פאָלקס־לידער וועגן ווענעזועלאַ. מען דערמאָנט דאָ



דעם גרויסן נאַציאָנאַלן העלד סימאָן באָליוואַר, אַ געבוירענער אין קאַראַקאַס, אויף וועמענס נאָמען ס'איז געפלאַנצט געוואָרן אַ וואַלד אין די הרי יהודה. אפילו מיט זייער טעמפעראַמענט זיינען די מענטשן פון ווענעזועלאַ ענלעך צו די ישראלים.

מיר האָבן געהאַט אַ צונויפטרעף מיט אַן אָנגעזעענעם פאָרשטייער פונעם ווענעזועלער יידישן ישוב, וועלכער וווילט איצט אין תל־אביב.

עס באַגעגנט אונדז זיין זון מאַנועל, אַ סימפּאַטישער בחור אין די בליאונגס־יאָרן, וועלכער שטעלט אונדז פאָר זיין פאָטער מר יצחק קאָן.

עס שטייט פאַר אונדז אַ געמיטלעכער מענטש מיט מילדע יידישע אויגן. עס גלויב זיך קוים, אַז מר קאָן לעבט שוין מער ווי 30 יאָר אין ווענעזועלאַ, ווייל זיין יידיש איז דאָך אַזאַ זאַפטיקער, ווי אַ מאָל ביי אַ טשערנאָוויצער יידן — פון וואַנען ער שטאַמט.

מר קאָן דערציילט אונדז גערן וועגן לעבן פון די יידן אין ווענעזועלאַ. ער באַמיט זיך אָבער אויסמיידן צו רעדן וועגן זיך, אָדער וועגן זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און דאָס וואָס מיר ווייסן יאָ — איז פון דער אינפאָרמאַציע פון שליחים, וואָס האָבן באַזוכט קאַראַקאַס.

קודם כל איז מר קאָן דער גרינדער פון דער יידיש־אשכנזישער קהילה אין ווענעזועלאַ. מיט אָט דער גרינדונג פון דער יידישער קהילה, וואָס איז פאָרגעקומען מיט 30 יאָר צוריק, הויבט זיך אָן דאָס געזעלשאַפטלעך־יידישע לעבן אין ווענעזועלאַ. ער איז אויך דער גרינדער פון דער בני־ברית־לאָזשע און איר ערשטער פרעזידענט. מיטן אנטשטיין פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין ווענעזועלאַ ווערט מר קאָן געוויילט אַלס איר ערשטער וויצע פרעזידענט. אין 1941 באַטייליקט ער זיך אַלס דעלעגאַט צום יידישן וועלט קאָנגרעס אין באַלטימאָר. דאמאָלס, אין די קריגס־יאָרן, ווערט אָנגעשלאָסן אַן ענגער קאָנטאַקט פון די יידן אין ווענעזועלאַ מיטן קאָנגרעס. ווי מ'גיט אונדז איבער פון די קרן היסוד־דירעקציע פארנעמט היינט מר קאָן דעם אַמט אַלס פרעזידענט פון מגבית אין ווענעזועלאַ און צייכנט זיך אויס מיט איבערגעגעבנקייט צו זיין מיסיע.

— וואָס פאַרע באַציאונג האָבן די ווענעזועלער יידן צו ישראל?

— פון רוב ווענעזועלער יידן איז די באַציאונג זייער אַ גוטע. עס קומט אויס, אַז פראָפּאָרציאָנעל צו אנדערע לענדער איז דער ביישטייער פון אונדזער ישוב (10,000 נפשות) פאַר די ישראל קרנות, מגבית און אַנדערע, זייער אַ שיינער.

מר יצחק קאָן איז אויפגענומען געוואָרן דורכן האנדלס מיניסטער מר ספיר, דורך די דירעקציע פון קרן היסוד. אַ ספּעציעל מיטיק האָט פאַר אים געגעבן די יידישע אגענץ מיט מר דולצ'ין בראש. ביי דער געלעגנהייט איז דעם גאַסט איבערגעגעבן געוואָרן אַן אלבום מיט די אונטערשריפטן פון דער יידישער אַגענץ דירעקציע.

# יוסף בערמאַן / מאָנטרעאַל

אין „מאזנים", צייטשריפט פון דער אגודת הסופ־רים אין ישראל, האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמ־קייט אַ נאָטיץ, וואָס זעלטן־ווען ס'הערט געדרוקט אין דעם ערנסטן זשורנאַל:



„בישיבת הועד המרכזי של אגודת הסופרים ביקר יוסף ברמן, נדבן ועסקן־תרבות מקנדה, שבעזרת תרומתו יוקם חדר טשרניחובסקי.
הוא התקבל בברכה ע"י י. אריכא יו"ר הישיבה. בשיחה שהתפתחה אח"כ השתתפו האורח, ישראל כהן, יוחנן טברסקי ואברהם ברוידס".

(„מאזנים", חוברת ג' כרך י"ב)

אין זיין ענטפער אויף די באַגריסונגען האָט מר יוסף בערמאַן געזאָגט:

„ס'איז מיר אנגענעם זיך צו טרעפן מיט די פּאַרוואַלטונגס־חברים פונעם העברעישן ליטעראַטן־פאַריין אין ישראל. איך האָב ניט געטאָן קיין חסד. איך ווייס נאָך ניט, ווער עס האָט געגעבן וועמען. דער אמת איז, אז מיין פאַרמעג און מיינע גרויסע געשעפטן באַפרידיקן ניט מיין גייסט. מיר דוכט, אַז מיט מיין תרומה אויפצובויען אַ „טשערניכאָווסקי צימער" האָב איך געפונען וועלכן עס איז תיקון. **איך בין אייך דערפאַר דאַנקבאַר.**

אויב אַ מענטש זעט זאַכן פון אַזאַ קוק־ווינקל, און האָט זיך דערגרונטעוועט צום סוד, אַז דער „געבער" און „נעמער" זענען גלייכע שותפים — מוז ער זיין אינטערעסאַנט — האָב איך געטראַכט — און מיט עטלעכע שעה שפּעטער זענען מיר שוין ביידע געזיצן און פריי געשמועסט.

און ווער האָט זיך דאָס געזאָלט ריכטן, אז אין אָט דעם יידן געפינט זיך אַזאַ אימפּולסיוו שיינע נשמה, אַ גייסט, וואָס שפּרודלט מיט הומאָר און לעבנס חן!

פאַראַן מענטשן, וואָס אימפּאָנירן, געפעלן, באַ־גייסטערן, אָבער זעלטן־ווען טרעפט איר אַ מענטשן וואָס פאַרכאַפּט אייך. יוסף בערמאַן פון מאָנטרעאַל פאַרכאַפּט אייך מיט דער בליציקייט פון זיינע געדאַנקען, מיט די ליכטער פון זיין נשמה, מיטן אויסגעטאָקטן זאַץ פון זיין זאַפטיקן מאַמע־לשון. ער שמידט אייך צו צו זיך און איר בלייבט זיצן ווי אַ צוגענאַגלטער צום פּאָטעל. איר קענט אפילו זיך ניט אָריענטירן אין דער צייט. ווען כ'בין אַרויס פון זיין צימער אין גאַס, האָב איך מיין זייגער ניט געגלויבט. צי זענען דאָס ווירקלעך געווען $4\frac{1}{2}$ שעה? און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער גאַנצער שמועס צוזאַמען מיטן לייענען דורך אים אויסצוגן פון זיין רייזע־טאָג־בוך האָט געדויערט אפשר אַ פערטל שעה... הייסט עס, אז איינשטיינס זאָג: „צייט איז אַ רעלאַטיווער באַגריף" איז אמת...

יאָ עיקר שכחתי. אַ טאָג־בוך האָט ער גאָר אַ צאַצקע, אַן אוניקום. עס זענען דאָרטן פאַרשריבן מענטשן און לענדער פון גאָר דער וועלט; פון דעם שענסטן פּאַלאַץ אין דער וועלט ביז די דאַכ־לאָזע מענטשן, וואָס פוילן אין די מיסט־הויפנס פון אַלט־דעלהי (אין אינדיע). זיינע בלויע אויגן זענען טיף אריינגעדרינגען אין די ימ'ן פון מענטש־לעכן פּיין און ליידן. ער פאַרמאָגט שפּראַך, ביל־דערישקייט און אַ מייסטערישן זאַץ־בוי. און אַזוי

ווי ער האָט געלייענט, טראַכט איך מיר: ער האָט אַ גוישן מזל, דער חסידישער זון יוסף בערמאַן. ווען ער וואָלט דערשפּירט זיין שרייבער־טאַלאַנט, וואָלט ער דאָך געבליבן אַן אייביקער קבצן...

זיין לעבנס־חכמה באַשטייט דערין, וואָס ער געפינט דעם עיקר פונעם לעבן. ניט אַסקעטיש, אָבער אויך ניט זאָרגלאָז־צעהולעט, אַ געמיש פון עולם הזה מיט עולם הבא. דורך חיי שעה און נשמה יתירה, און ס׳מאַכט ניט אויס, ווען מ׳פּאַלט אַ מאָל אַריין אין אַ „כלו שבת"... צו יעדן רעצעפּט מוז מען צומישן אַ ביסל סם און אַ ביסל זיסקייט. אָבער טאַקע נאָר אַ ביסעלע, חלילה ניט איבערכאַפּן די מאָס...

געבאָרן אין סטאָלין (פּאָלעסיע), פּינסקער געגנט, האָט ער געלערנט אין חדר און ישיבה. זיין פאָטער ר׳ נחום בערמאַן ז״ל איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ חסיד פון ר׳ אהרן קאַרלינער, און די סטאָלינער רביים־דינאַסטיע, און ר׳ אהרן קאַרלינער האָט געלערנט, אַז עצבות איז עבודה זרה. מיט לעבנס־פרייד קאָן מען אפילו אָנשפּאַרן אין היכל הקודש. מ׳קאָן דינען גאָט מיט שימחה און ס׳איז בעסער אָנגעלייגט ווי מיט טרערן. דער עיקר איז אהבת מענטש און אהבת ייד.

אין אים זינגט דער אייביקער יידישער ניגון. ער איז נישט געוואָרן פאַרענגלישט און בכלל נישט פאַרטריקנט. ער גייט מיטן שטראָם און ניט קעגן אים. זיין מוזע איז אַ יידישע און מיט הארץ און נשמה איז ער באַהאָפטן מיטן יידישן לשון, מיט דער יידישער ליטעראַטור און קולטור.

דאָ אין תל אביב, ווו קאָנפליקטן צווישן יידיש־און העברעאיש אָנהענגער זענען אַן אָפטע דערשיינונג — האָט ער צו די העברעיסטן געזאָגט אַזוי:

„ביסט געבליבן געשעכט דורכן גרויסן בראָך, וואָס עס האָט אונדז געטראָפן, אָבער באַוויזן זיך ניט מיט קיין נצחון־שמייכל. גיי ניט פאַרביי ווי עס וואָלט געטראָפן אַ קליינער גאַסן־פאַרפאַל. געדענק, אַז געטראָפן האָט דער בראָך דיין אייגענע שוועסטער. זאָל זיין אַ שפּראַכן־שוועסטער, אָבער ביי קיין פאַל ניט קיין שטיף־שוועסטער. און אַז דו זאָגסט, אַז יידיש גייט אונטער — איז בלייב שטיין פאַרציטערט, באַדויער דאָס, ווי איך טו עס. דאַן וועל איך וויסן, אַז דו ביסט מיינער אַ פריינט".

ער איז דער פיינשמעקער פון מקורותדיקער יידישקייט און ער שילדערט מיר דעם טעם פון אַ שבת אין תל אביב

— „אין מיינע יוגנט־יאָרן" אין שטעטל סטאָלין — זאָגט יוסף בערמאַן — אַז עס איז געקומען שבת האָט מען דערפילט די נשמה יתרה. עס איז געווען אַ שבת, אין וועלכן מ׳איז אַריין מיט אַלע רמ״ח אברים. ס׳האָט גערוט די שבתדיקע מחשבה. אַז עס איז געקומען מוצאי שבת, האָט זיך ניט געגלוסט צוריק אַריינצוגיין אין דער וואָכיקייט. 36 יאָר וווין איך אין קאַנאַדע. רעכנט אויס וויפל שבתים ס׳זענען דאָס געווען. אָבער דעם ריכטיקן טעם פון א שבת האָב איך ערשט דערפילט אין תל־אביב. דאָ בין איך אַריין אין א שבת שכלו שבת! פאַרבראַכט האָב איך דעם דאָזיקן שבת מיט מיינע סטאָלינער און רובלער לאַנדסלייט. און טאַקע דאָ אויף דער תניא־גאַס אין תל־אביב שטעל איך אויף אַן „אולם התרבות לזכר קדושי סטאָלין". ס׳זאָל זיין אַ גייסטיקער צענטער. און לאָז זיי ווויל באַקומען".*)

ווי פון אַ מענטשן מיט אַ לאַנגיאָריקן סטאַזש פון געזעלשאַפטלעכער קולטור־אַרבעט (בפרט ביים גרינדן און אָנפירן די יידיש־העברעישע שולע אין מאָנטרעאַל) — איז אינטערעסאַנט צו הערן פון אים אַ מיינונג וועגן דער יידישער יוגנט אין אַמעריקע.

„איך זע ניט ביי דער אַמעריקאַנער יידישער יוגענט קיין ברעקל באַוווסטזיניקע אַסימילאַציע, — זאָגט ער. אין וואַרשע איז געווען מער באַוווסטזיניקע אַסימילאַציע, ווי אין מאָנטרעאַל און ברוקלין. די אַמעריקאַנער יידישע יוגנט זענען שטאָלצע יידן, כאָטש מען הערט פון פאַלן פון געמישטע חתונות, אָבער אין אַזעלכע פאַלן איז דער גורם די ליבע, און דערפון איז שווער זיך אויסצוהיטן. עס איז אָבער א פאַקט, אַז די יוגנט פון איצטיקן דור

---

* פון ארגון יוצאי סטאָלין, רובליה והסביבה האָט מען אויסגעדרוקט די טיפע דאַנקבאַרקייט מיט יוסף בערמאַנס פונדאַציע. אין דער דערקלערונג זאָגט זיך: אַז „דער ארגון און אַלע לאַנדסלייט זען אינעם „בית בערמאַן" אַ פאַראייביקונג פון די קדושים פון זייערע קהילות".

ס׳איז כדאי צו באַמערקן, אַז דאָס „בית בערמאַן" געפינט זיך אין סאַמע צענטער פון תל־אביב, לעבן רח׳ דיזנגוף אַ פּלאַץ, וואָס איז זייער צוגעפּאַסט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע.

איז מער נאַציאָנאַליסטיש ווי דער פריערדיקער אימיגראַנטן־דור. דער יונגער דור איז אויך מאָ־ראַליש ריינער און גייסטיק שענער. די יוגנט איז אַ מער נאַטירלעכע. מען זעט ווי עס אַנטפּלעקן זיך ביי איר נייע ווערטן. זיי האָבן אַן אינטערעס צו שיינער ליטעראַטור. אָט די יוגנט וועט זיך אויך מיט דער צייט דערוויסן, אַז עס איז פאַראַן אַ גרוי־סע און שיינע יידישע ליטעראַטור. זי וועט זיך וועלן באַקענען מיט אָט דער ליטעראַטור. זי וועט זיך אויך דערפילן ווי דער געזעצלעכער יורש פו־נעם יידישן אוצר און איבערנעמען די פאָלקס־ירושה.

— און וואָס זאָגט איר צום פּראָבלעם יידיש אין ישראל?

— איך מיין, אַז וואָס מער העברעיש וועט זיך איינוואָרצלען אין לאַנד, אַלץ מער וועט פאַרשווינדן דער אַנטאַגאָניזם צווישן די ביידע שפּראַכן. עס וועט שוואַכער ווערן די מורא פאַר דער קאָנקורענץ מצד יידיש. דעריבער וועט אין 10 יאָר אַרום גרינ־גער ווערן צו רעדן וועגן די דאָזיקע ענינים ווי היינט. מ׳וועט אונדז דעמאָלט בעסער פאַרשטיין. עס וועלן פאַרשווינדן די מורא און די שנאה צו מאַמע־לשון, און מ׳וועט אפשר רואיק קענען באַטראַכטן די פראַגע, אויב ס׳וואָלט ניט נויטיק געווען, אַז דווקא אין מדינת ישראל זאָל זיין דער צענטער פאַר יידיש לשון און פאַר דער יידישער ליטע־ראַטור.

מען דאַרף אויך האָבן פאַרן אויג, אַז זינט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה האָבן זיך אין ישראל באַזעצט פיל יידישע שרייבער און קינסטלער, וואָס זייער שעפערישע שפּראַך איז יידיש.

★ ★ ★

מר בערמאַן מיט זיין פרוי אידאַ זענען דאָ וואַ־רעם אויפגענומען געוואָרן. עס האָבן זיי אויפגע־נומען דער נשיא המדינה מר יצחק בן צבי. די פאַר־וואַלטונג פונעם בית הסופר ע״ש טשרניחובסקי און קולטור טוער. אַ ספּעציעלע פייערלעכע אויפנאַמע איז פאַר די געסט איינגעאָרדנט געוואָרן דורכן אר־גון יוצא סטאָלין והסביבה בישראל אין וועלכער ס׳האָבן אָנטייל גענומען שרייבער און געזעלשאַפט־לעכע עסקנים. און אינעם זכרון איז פאַרבליבן דער־שטאַרקער איינדרוק פון אַ פּערזענלעכקייט, וואָס זעט מיט יידישע אויגן וועלט, מענטש און ייד,

# אריה טענענבאום

אַ גוטמוטיקער הבר מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ און גוטן כאַראַקטער.



ח׳ אריה טענענבאום איז דער ממונה איבער פּראָיעקטן אינעם ועד הפועל פון הסתדרות. זיין אַמטשאַפט איז פאַרבונדן מיטן אויפנעמען חברים און פריינד פון הסתדרות. ער איז דער ריכטיקער מענטש אויפן ריכטיקן פּלאַץ! זיין איבערגעגעבנקייט און וואַרעמע באַציאונג צו מענטשן, ווירקן אוממיטלבאַר לטובת די אידייען און פּראָיעקטן, וועלכע ער רעפּרעזענטירט.

במשך זיין טעטיקייט האָט ער שוין אויפגענומען בערך צוואַנציק טויזנט געסט פון הסתדרות, וואָס באַזוכן דאָס לאַנד.

ח׳ אריה טענענבאום געפינט זיך שוין 30 יאָר אינעם לאַנד. ער איז געווען טעטיק אין דער הגנה און אָנטייל־גענומען אין דער פרייהייטס־מלחמה און אין דער סיני־אַקציע.

אויף אַזעלכע ליבע חברים זאָגט מען: כן ירבו!

# באַרני (דב) אהרון / מאָנטרעאַל

ער האָט ביי מיר אויסגענומען מיט זיין איידלקייט און פּאָלקסטימלעכקייט.

אַ ייד אַ למדן, אַ פּקח, וואָס שפּרודלט מיט מש־כילישן גלאַנץ פון דער „הצפירה"־עפּאָכע. ער האָט אַ סך געלערנט „בור סיד שאינו מאבד טיפּה". אויך



זיין זאַפטיקן יידיש האָט ער ניט איבערגעלאָזט אונ־טערוועגס. דער הויכער טיפּיש־למדנישער שטערן און דער לעבעדיקער בליק פון אַ תלמיד חכם, גיבן אים צו אַ באַזונדערן חן.

מר באַרני אהרון איז געבאָרן אין ישוב אַלבאַ, ביי קאַסאווע, גראָדנער גובערניע. אין זיין פאָטערס הויז זאַפּט ער איין תורה און די נטיה צו מעשים טובים. זיין פאָטער ר' יוסף יהושע מאַלטשאַדסקי ז"ל איז געווען אַ שטאַרקער מתנגד, און תורה האָט ער געלערנט לשם שמים. געווען אַן עלוי, געקענט פון אויסנווייניק תנ"ך און משניות און דערצויגן זיינע קינדער על התורה והעבודה.

אין די יונגע יאָרן האָט מר באַרני אהרון גע־לערנט אין דער ישיבה. געגעסן „טעג", געווען אונ־טער דער השפּעה פון דער משכּילישער ליטעראַ־טור פון יענער צייט. געלייענט די „הצפירה", דעם „המליץ" און „השחר" און געוואָרן אַ שטאַרקער אָנ־הענגער פון ד"ר הערצל.

ווען ס'האָט אין צאַרישן רוסלאַנד אויסגעבראָכן דער קעשעניעווער פּאָגראָם, האָט שוין מר אהרון געהאַט זיין פעסטע וועלט־אַנשויאונג. ער פאַרלאָזט רוסלאַנד און זוכט זיין נייע היים אין אמעריקע.

אין דער נייער היים מאַכט דער געוועזענער ישיבה־בחור אַדורך אַ שווער לעבן. אַ געוויסע צייט אַרבעט ער אפילו אין אַ פאַרם ביי לאַנדווירטשאַפט־לעכע אַרבעט, און שפּעטער אַלס העברעאישער לערער. ער פאַרגעסט אָבער ניט אין זיינע נאָענסטע. צוליב די פּאָגראָמען אינעם דאַמאָלסדיקן צאַרישן רוסלאַנד טראָגט ער זיך אַרום מיט אַן אומרו און באַמיט זיך מיט אַלע כּוחות אַרויסצונעמען זיינע עלטערן און משפּחה פון דער אַלטער היים. אין אַ בריוו, געשריבן אין יאָר 1909 רופט ער אָן די עמיגראַציע פון צאַרישן רוסלאַנד — „יציאת מצרים". ער רוט ניט ביז וואַנען ער נעמט אַרויס די גאַנצע משפּחה און ערשט מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער קאָן מען אָפּשאַצן זיין גרויסן זכות.

פון דעמאָלט אָן געפינט ער זיך אין קאַנאַדע, אָבער דער יובל יאָרן האָט ניט פאַרמינערט זיין מקורותדיקע יידישקייט. זיין פאַרגאַנגענהייט האָט ער ניט אָפּגעשלאָסן, ווי מען פאַרמאַכט אַ דורכגע־לייענט בוך. אויף זיין אַרבעטס־טיש ליגט אַלעמאָל דאָס תנכ"ל, אַ משניות, אָדער אַן „עין יעקב". יעדן טאָג, מעג ער זיין ווי פאַרנומען כאַפּט ער אַ בליק אין די ספרים און פרישט זיך אָפּ מיט אַ קאַפּיטל תנ"ך.

ער האָט זיך זיין אייגענעם דרך אין לעבן. ער האָט פיל מענטשן געהאָלפן מיט הלוואות, אָבער ניט גענומען קיין פּראָצענטן און ניט געפאָדערט קיין וועקסל. און אויך זיין זון אַרנולד (אהרן צבי) אָנ־געזאָגט: „זאָלסט וויסן זיין, מיין קינד, אז לאהר מאה ועשרים שנים קומט מיר פון קיינעם גאָר ניט...".

מר אהרון האָט צוויי גראָטענע קינדער און אויך

אייניקעלעך, וואָס גיבן האָפענונג, אַז די גאָלדענע יחוס־קייט וועט ניט איבערגעריסן ווערן. זיין זון אַרנאָלד האָט גענומען פאַר אַ פרוי אַ מיידל פון ישראל, א סאַברע. אין זיין הויז קלינגט די העב־רעישע שפּראַך און עס הערשט דער נאַציאָנאַלער גייסט. זיין טאָכטער ד"ר מרים ראָלאַנד, איז אַן אינטעלעקטועלער מענטש. אַ באַוווסטע לעקטאָרין אויף יידישע היסטאָרישע טעמעס, זי איז אויך ווי־סנשאַפטלעך טעטיק אין „הדסה" (אין קאַלי־פאָרניע).

מיר האָבן געהאַט אַ שמועס מיטן חשובן גאַסט.

— צום וויפלסטן מאָל זייט איר אינעם לאַנד?

— צום צווייטן מאָל. כ'בין דאָ געווען מיט פיר יאָר צוריק.

— וואָס פאַראַ פאָרשריט זעט איר איצטער?

— כ'זע, אַז אין פארלויף פון די פיר יאָר האָט ישראל געמאַכט א גרויסן פאָרשריט אין אויפבויען דאָס לאַנד, אין אַנטוויקלען די אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט. מיט פיר יאָר צוריק איז נאָך דאָ געווען ווייניק עסן. איצטער איז אַלץ פאַראַן בשפע, כאָטש מאַנכע פּראָדוקטן זענען „אַזוי נאָענט און אַזוי ווייט". איך פאַרשטיי בכלל ניט, פאַרוואָס, למשל, עפּל זאָל קאָסטן פון 3 ביז 4 לירות אַ קילאָ? עס איז דאָך אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז אַן אַרבעטס־מענטש זאָל ניט קאָנען געניסן פון דער אייגענער לאנדווירטשאַפטס - פּראָדוקציע. און נאָך אַ פּראָבלעם איז פאַראַן: די ריינקייט פון די עפנט־לעכע עס־לאָקאַלן, רעסטאָראַנען, קיאָסקן און קאַ־פע־הייזער זענען שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט אין דער הינזיכט. די שיינקייט פון ישראל פאַרלאַנגט אויך, ס'זאָלן אָפּגערוימט ווערן עפנטלעכע פלעצער פון שמוץ, ווי למשל דער „שוק הכרמל" אין תל־אביב. עס איז שווער צו גלויבן, אַז א ראש העיר זאָל דערלויבן, אַז אין מיטן פון זיין שטאָט זאָל זיך געפינען אַזאַ פאַרעיפּושטער ווינקל, מיט אַזויפיל מיסט צווישן די קראָמען און געסלעך. איך גלויב אָבער, אַז דאָס אַלץ וועט גיך רעגולירט ווערן.

— צי איז נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער צייט, ווען עס עקסיסטירט מדינת ישראל?

— דער אמת איז, אַז זינט דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן די ציוניסטישע באַוועגונג. מיר דאַרפן ניט פאַר־געסן, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען די פאָן־טרעגערין פון דער יידישער מדינה. ווען מיר זאָלן אויפלייזן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין די תפוצות, איז ווער וועט זאָרגן פאַר מדינת ישראל מיט אַזאַ ברען און מיט אַזאַ מסירת נפש, ווי עס טוט איצטער די דאָזיקע באַוועגונג? און ווער קאָן נאָך אַזוי פאַרקערפּערן די אידייע פון פאַרבינדן מדינת ישראל מיט די יידישע תפוצות אין גאָר דער וועלט ווי די ציוניסט. אָרגאַניזאַציע?

★ ★ ★

מר באַרני אהרון איז פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט ישראל. זיינע עלטערן האָבן עולה געווען מיט 30 יאָר צוריק און די קינדער לעבן היינט אין ירושלים און אין אַנדערע ערטער. זיין ברודער מר מרדכי מאַלטשאַצקי איז אַן אָנגעזעענער מושבניק אין כפר סבא. אינעם לאַנד וווינט אויך זיינע אַ שוועסטער מלכה מיט איר מאַן אריה און זייערע טעכטער מרים און רבקה. אַ צווייטע שוועסטער גיטל מיט אירע זין יוסף, נתן און חיים וווינען אין ירושלים.

ס'איז אים זייער נאָענט דער יידישער חינוך און ער ווידמעט דערצו פיל צייט. מר אהרון איז שוין 40 יאָר טעטיק אינעם קאַנאַדישן ועד החינוך. ער איז אויך א חבר אין בית הכנסת „שערי שמים", פּרעזידענט פון דער קאַנאַדיש־ישראלישער האַנדלס קאַמער און פיל אנדערע אינסטיטוציעס. (כדאַי צו באַמערקן, אַז דער רייכסטער ייד אין דער וועלט— מר סאַמועל בראָנפמאַן איז אַ שוואָגער פון אונדזער חשובן גאַסט).

ביי זיין איצטיקן באַזוך אינעם לאַנד האָט דער חשובער גאַסט געשענקט דעם „אָרט" אין ישראל אַ קאָמפּלעט ווערטפולע דרוק־מאַשינעס, וועלכע ער האָט געבראַכט אין לאַנד אַריין. יידישע קינדער זאָלן האָבן דערפון אַ נוצן. זיי זאָלן לערנען אַ פאַך — אַ מלאכה.

מר באַרני אהרון מיט זיין פרוי דבורה (פון דער היים בראָנפמאַן) זענען דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה פּרעזידענט מר יצחק בן צבי, דורך דער דירעקציע פון דער העברעישער אוני־ווערסיטעט אין ירושלים, הסתדרות - פאָרשטייער און אַנדערע פּערזענלעכקייטן.

# יוסף און לאַטיע ראַזען / ניו־יאָרק

אַז מ׳וויל עפּעס זאָגן וועגן יוסף און לאָטיע ראָ־
זען מוז מען צוריקומען מיט 15 יאָר צוריק, ווען
אָט די געסט פון ניו יאָרק האָבן געמאַכט זייערע
באַזוכן ביי דער שארית הפליטה אין די די־פּי־
צווייפלט אין אייגענעם קיום און אינעם פאָלקס־
קיום.

טאַקע דעמאָלט ווען פאַר אַמעריקאַנער בירגער
איז געווען פאַרבאָטן צו באַזוכן די אַמעריקאַנער



יוסף און לאָטיע ראזען

לאַגערן פון דייטשלאַנד.

און פונקט ווי די שארית־הפליטה איז געווען
די פּאָרויסזעצונג פון מדינת ישראל, אַזוי איז
זייער איצטיקער באַזוך אינעם לאַנד פאַרבונדן
מיט דער שליחות, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן נאָך
פאַר דער אנטשטייאונג פון דער מדינה.

געווען איז דאָס אין יענע צייטן, ווען די רעשט־
לעך ניצול געוואָרענע יידן האָבן גענומען שטראָ־
מען אין די פּליטים־לאַגערן אין מערב־דייטש־
לאַנד. פאַרפּייניקטע און פאַרפינצטערטע מיט פריי־
שע ווונדן אין האַרצן נאָך די דורכגעלעבטע
טראַגעדיעס — האָט דער יאוש זיך טיף איינגע־
בירגערט אין די נשמות. ס׳איז מער נישט געווען
דער גלויבן אין מענטשלעכן יושר. מ׳האָט גע־
זאָנע אין דייטשלאַנד — האָבן זיך יוסף און לאָטיע
ראָזען דורכגעריסן דורך אַלע וועגן און געקומען
צו דער שארית־הפליטה.

ווי אַ פּאָר טויבן זענען זיי געקומען אָנזאָגן די
בשורה, אַז אויף דער אַמעריקאַנער יבשה איז
גרייט דאָס פינף מיליאָניקע יידנטום אויסצו־
שטרעקן מיט הילף זייערע הענט צו די ניצול־
געוואָרענע פון קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן,
און אליין האָבן זיי גלייך געגעבן אַ מוסטער
דערפון.

זיי זענען אַרומגעפאָרן פון לאַגער צו לאַגער
און געלאָזט הערן זייער טרייסטוואָרט. אויסער
דעם האָבן זיי מיט אַ ברייטער האַנט צעטיילט
זייער אייגן געלט צווישן די לאַגער־קאָמיטעטן

צו־הילף די פליטים.

זייער באַזוך איז נישט געווען פֿאַרבונדן מיט טוריסטיק. גיכער איז דאָס געווען אַ „האַרצרייזע" איינצוזאַפּן אין זיך פֿון דער נאָענט דעם צער און פּיין פֿון די לעבנגעבליבענע עדות פֿון דער גרעסטער טראַגעדיע, וואָס ס'האָט געטראָפֿן דאָס יידישע פֿאָלק.

ה. לייוויק, דער גרעסטער דיכטער פֿון אונדזער דור האָט זיך נישט געקענט שענקען, וואָס ער איז נישט געפּייניקט געוואָרן צוזאַמען מיט זיין פֿאָלק און האָט אויסגעדריקט זיינע געפֿילן, זיין דיכטערישן פּאַטאָס אין זיין בוך „אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען". „אָבער אין ניו יאָרקער קאַלטן שניי — זאָגט דאָרט דער דיכטער — האָט ער געפֿילט דאָס פֿייער וואָס האָט געברענט זיין פֿאָלק".

די פֿאָלקסטימלעכע פּריינט יוסף און לאַטיע ראַזען האָבן קיינמאָל קיין לידער נישט געשריבן, אָבער געפֿילט האָבן זיי דעם זעלביקן ווייטיק — און זיי האָבן די דאָזיקע געפֿילן אויסגעדרוקט פֿון דער נאָענט מיטן קומען צו דער שארית־הפליטה און זיך טיילן מיט איר צער, פֿילן דעם ווייטיק פֿון דער פֿרישער פֿאָלקס־וווּנד. דעריבער איז זייער נאָמען ענג פֿאַרבונדן מיט דער געשיכטע פֿון דער שארית הפליטה און זיי פֿאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט אין די כראָניקעס פֿון דער דע־מאָלטיקער יידישער פּרעסע אין דייטשלאַנד*).

ביי זייער איצטיקן באַזוך אין ישראל פֿרעגן מיר די חשובע געסט:

— וואָס איז אייגנטלעך דער ציל פֿון אייער באַזוך אין לאַנד?

— מיט ווערטער איז עס אפשר שווער אויס־צוטייטשן, אָבער איר ווי אַ „פֿערנוואַלדער" וועט אונדז אפשר קענען פֿאַרשטיין. דאָס איז המשך. דאָס מיינט פֿליכט צו באַצאָלן אַ חוב, וואָס מ'איז זיך אַליין געבליבן שולדיק, צו ענדיקן דאָס, וואָס מ'האָט אָנגעהויבן אין די די־פּי־לאַגערן, צי זען יענע אויסגעוואָרצלטע מענטשן אויף אַ פֿעסטן באָדן, צו זען מדינת ישראל און איינצוקאָסירן כאָטש אַ ביסעלע פֿרייד, פֿון אייער פֿרייד.

זיי לאָקט נישט דער לוקסוס פֿון שטאָט און נישט דאָס גערויש פֿון פֿאַבריק־מאַשינעס. דער עיקר איז דער מענטש. זיין מצב־רוח, זיינע זאָרגן און פֿריידן. זיינע אידייען און צוקונפֿט. זיי מיינען טאַקע דעם גרויען מענטשן מיט זיינע טאָג־טעגלעכע דאגות. דער עיקר האָבן זיי אן אינטערעס פֿאַר דעם שוואַכערן און שלימזלדיקן, וואָס קאָן זיך קיין עצה נישט געבן אינעם פּלאָנטער פֿון לעבן.

און פּונקט ווי זיי האָבן אַמאָל געוואַנדערט פֿון לאַגער צו לאַגער — אַזוי זעען מיר זיי דאָ אין ישראל ארומוואַנדערן פֿון אינסטיטוציע צו אינס־טיטוציע, פֿון ירושלים ביז בני ברק, פֿון אַ קינ־דערהיים ביז אַ ישיבה און נישט איין מוסד שטעלן זיי ממש אויף די פֿיס.

איך האָב זיי פֿאַרבעטן אין טעאַטער, אויף אַ קאָנצערט, אָבער אין זייער בליק איז געווען צו באַמערקן דערשטוינונג, ווי איינער זאָגט: „ווייזט אויס, אַז ער פֿאַרשטייט אונדז נישט. ער קאָן אונדז נישט!".

אין דעם זעלבן אָוונט, ווען כ'האָב געוואָלט זיי זאָלן זען אַ לוסטיק טעאַטער־שטיק, טרעף איך זיי גאָר אין „בית לפליטות" אין ירושלים.

מיסיס ראָזען זיצט און האַלט אויף דער האַנט אַ מיידעלע, וואָס מ'האָט נאָר־וואָס אַהערגעבראַכט. דעם קינדס קעפּל איז גלאַטיק פֿאַרקאָמט און אויפֿן בלייכן פּנימל גייט נישט אויף קיין שמייכל. עס זיצט ביי איר אויף דער שויס שטיל און גלייכגילטיק. קוקט מיט אויגן, וואָס זאָגן גאָרנישט און פֿאַרלאַנגען גאָרנישט.

דאָס קינד איז פֿון איראַקער עלטערן, וואָס לעבן אין דחקות. ס'איז שוין געווען פֿאַרשריבן ביי די מיסיאָנערן. ס'זאָל דאָרט דערצויגן ווערן אונטערן צלם. און איצטער, האָט עס אומגעריכט באַקומען טאַטע־מאַמע. די מאַמע ראָזען האָט דאָס קינד אַדאָפּטירט.

אויפֿן בנין פֿלאַטערט אַ גרויסער לייוונט מיט אַן אויפֿשריפֿט לכבוד די געסט יוסף און לאַטיע ראָזען אין שייכות מיטן מועדון (קלוב), וואָס זיי האָבן פֿאַר דער קינדערהיים מנדב געווען און וואָס וועט טראָגן זייערע נעמען.

און ווידער זעען מיר זיי אויף אַ באַרג אין ירו־שלים. אַנטקעגנאיבער שטייט דער ריזיקער „בית האומה", דער גרעסטער בנין אין דער הויפּט־שטאָט. דאָ האָט דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט מיט זיין פּרעזידענט מר איראַ גילדין אויסגעבויט אַ

*) זע „פֿערנוואַלדער אַלמאַנאַך" — 1947.

קוואַרטאַל פאַר יוגנט — קרית נוער.

די ראַזענס באַזוכן די אַרבעטס־וואַרשטאַטן פאַר טישלעריי, דרוקעריי, ליטאָגראַפּיע און אַנדערע מלאכות. אין צענטער געפינט זיך אַ מוסטער ישיבה, ווו תורה און עבודה זענען צונויפגעפלאָכטן אין איין לעבנס־באַרוף. מ׳לערנט ביי גרויסע גמרות, מען אַרבעט אויך אין די לאַבאָראַטאָריעס פאַר פיזיק און כעמיע. עס באַגלייט זיי דער מנהל הרב יעקב לעשצינסקי, — אַ פּעאיקער תלמיד חכם פון לאָמזשע. אין זייערע אויגן טליעט אויף אַ פּייערל. ס׳דערוועקט זיך ביי זיי אַ פרייד, אַ זיסע הנאה.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיי ווידער געזען אין תל אביב.

ס׳איז געווען אַ הייסער חמסין־טאָג. זיי זענען נאָר וואָס צוריקגעקומען מידע און דערשעפּטע פון פתח תקוה.

כשמה כן היא.

פתח תקוה: — פתח — אַ טיר, תקוה — האָפענונג. אָבער וואָס פאַר אַ האָפענונג האָבן די טויזנטער יונגע פּאָרלעך, וואָס שטאַמען פון עמך, פון אַרבעטער משפחות, צו באַקומען אַ דירה? הונדערטער אזעלכע פארליבטע פּאָרלעך דרייען זיך אַרום יאָרן און האָבן נישט חתונה, ווייל זיי האָבן נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ. אַ דירה קאָסט היינט אין שכון עממי איבער 12,000 לירות און מען מוז אויף איר וואַרטן 5 יאָר. וואָס טוט ר׳ יוסף ראַזען? ער האָט אָפּגעקויפט ביי דער רעגירונג, ביים משרד העבודה (די טראַנזאַקציע האָט ער דורכגעפירט מיטן מנהל אגף השכון מר דוד טענא) 4 גרויסע הייזער, וואָס אנטהאַלטן 56 דירות, יעדע דירע צו 2 און 3 צימערן באַצאָלט פאַרויס מיט דאָלאַרן — און די דירות אַוועקגעשענקט פאַר יונגע פּאָרלעך, וואָס גייען חתונה האָבן.

פאַרשטייט זיך, אַז מען באַקומט פאַרויס לעבעדיקע דאָלאַרן, האָט מען זיך באַלד אַוועקגעשטעלט בויען די הייזער. דער גרויסער נדבן האָט צוגעזאָגט צו קומען און זען די יונגע פּאָרלעך, וועלכע ווינען אין זיינע דירות...

כן ירבו!

— נו, קאָן מען אָפּשאַצן ווי גרויס ס׳איז אַ נשמה פון אַזאַ יידן?

איך פרעג די חשובע געסט:

— ווי געפעלט אייך דאָס לאַנד, מר ראַזען?

— מען קאָן זיין צופרידן און שטאָלץ פון א סך שיינקייטן אין דער מדינה. מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט צו טרעפן מדינת ישראל אַזוי שיין, ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט.

— און ווי געפעלט אייך, מיסיס ראַזען, תל־אביב?

— איך וויל זיין אויפריכטיק און זאָגן, אַז עס געפעלט מיר אַלץ. די יידישע גאַס און די יידישע שטוב. שיין איז סיי די שטאָט און סיי דאָס יידישע דאָרף. נאָר ווי אַ מענטשן, וואָס האָט תמיד מדקדק געווען אויף היגיענע און ריינקייט, שאָקירט מיך זייער דער אנטיסאניטאַרער צושטאַנד פון געבעקס און עסנוואַרג, וואָס ווערט פארקויפט אין געוועלבער און קיאָסקן. עס זעט מיר אויס, אַז מען קאָן נישט געניסן פון כלערליי געבעקס און סענדוויטשן אָן אַ געפאַר פאַרן געזונט. אין אַזאַ הייסן קלימאַט, זענען אויפגעדעקט פאַר פליגן און אינזעקטן ברויט, צוקערגעבעקס און שפּייז אין די קיאָסקן (סנעק־באַרן). אַ סך שפּייז אַרטיקלען ווערן אפילו געפאַקט אין צייטונגס־פּאַפּיר. ביי אונדז אין אַמעריקע קומט דאָס ברויט גלייך פון דער בעקעריי פארפאַקט אין פארגאַמענט־פּאַפּיר. אין תל אביב אָבער, טראָגט די בעל הבית׳טע דאָס ברויט אָפן אין דער האַנט, פון געוועלב ביזן שטוב און ס׳פאַלט איר אפילו נישט איין עס איינצוּוויקלען און באשיצן פון פליגן און אינזעקטן, וואָס באַפאַלן עס אונטערוועגנס.

* * *

מר יוסף ראַזען איז אַ געבאָרענער אין שטעטל גאַניאָנדזש, ביי ביאַליסטאָק. ער איז שוין 59 יאָר אין אַמעריקע. מיסיס לאַטיע ראַזען (פון דער היים גרינבערג) איז אַ געבאָרענע אין טאַרנאָוו. זי האָט דאָ אָפּגעזוכט און זיך פאַרבונדן מיטן פאַרזיצער פון דער טאַרנאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל. די חשובע געסט זענען דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך פאַרשטייער פון דער רעגירונג, אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע עסקנים, בראש מיטן באַקאַנטן עסקן מר י. מ. טאַקאַטלי, דורך שרייבער, און ברייטע שיכטן פון זייערע פריינט און פאַרערער.

דעם חשובן נדבן ה׳ יוסף ראַזען אַ באַזונדערער האַרציקער מזל־טוב צו זיין ווערן אַ בן־שמונים — ביז הונדערט מיט צוואַנציק!

# שרה און איזידאָר קאָרין / ניו־יאָרק

ווען כ׳האָב באַגעגנט די העלע בלאָנדינקע מיט שוואַרץ־גלאַנציקע אויגן שרה קאָרין, האָב איך נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ סאַברע פון דריטן דור, וואָס איז נאָך עטלעכע צענדליק יאָר געקומען



באַזוכן איר געבוירן־שטאָט ירושלים.

מיר זענען געזעסן אין אַ ציכטיקן בלומען־גערטנדל ביי אַ שטילן פּענסיאָנאָט אין הרצליה. איך האָב געוווסט, אַז איך געפינען זיך אין דער געזעלשאַפט פון איינע, פון די איידעלסטע און פעיקסטע פרויען פון דער יידישער געזעלשאַפט אין ניו יאָרק, וועלכע האָט מיט איר לאָגיק, איני־ציאַטיוו און זעלטענע פעיקייטן מצליח געווען אין דער פינאַנסיעלער און קאָמערציעלער וועלט. כ׳האָב געוואָלט דערגיין, עפּעס פון אירע קינדער־יאָרן, פון יענע צייטן, ווען ירושלים האָט אויסגעטוישט איר טערקישן בעל הבית אויף אַן ענגלישן.

שרה קאָרין האָט אַ טאַלאַנט צו דערציילן. זי דערציילט בילדעריש. די „געשיכטע פונעם זאַק ווייץ" שניידט זיך בולט אַריין אין אייער זכרון. אָבער נישט נאָר איך אַליין הער מיט שפּאַנונג איר דערציילונג — אָט זיצט לעבן מיר איר מאַן מיסטער איזידאָר קאָרין — אַ קאָנסטרוק־ציע־אינזשיניער און אויך ער, כאָטש ער האָט געוויס שוין די מעשה געהערט, שענקט איר פיל אויפמערקזאַמקייט:

מיסיס שרה קאָרין, די אייגנטימערין פון Croydon Hotel אין ניו יאָרק איז פון דריטן דור אַ געבוירענע אין ירושלים. זי איז די טאָכטער פון יצחק און בתיה ראַבינאָוויטש. דאָס איז איינע פון די שענסטע משפחות פונעם אַלטן דור אין ירושלים. איר פאָטער איז געווען אַ תלמיד חכם און משכיל. ער האָט געאַרבעט אין משרד פון הרב קוק אין לאָנדאָן און געווען אַן אַריינגייער אינעם הויז פון יעקב שיף. דער יחוס פון דער מוטערס זייט שטאַמט פון ר׳ מענדל מונשטער, אַ בעל קבלה און מחבר פון עטלעכע מוסר ספרים און ספרים פון דער תלמודישער ליטעראַטור. ר׳ מענדל מונשטער איז געווען איינער פון די גרינדער פון „דיסקין בית יתומים־הויז" און מושב זקנים אין ירושלים. מיסיס קאָרינס אַ פעטער איז געווען דער שטאָט מגיד פון ירושלים הרה״ג ר׳ בנציון יאַדלער ז״ל. ער האָט געלעבט ביזן טיפן עלטער פון 93 יאָר אין קטמון, אַ פאָרשטאָט אין ירושלים און נפטר געוואָרן אין תשכ״ב. שוין אין דער פריערסטער יוגנט ווייזט שרה׳לע אַרויס אומגעהויערע פעיקייטן, דרייסט־קייט און טאַקט. אָט זענען צוויי עפּיזאָדן פון איר דערציילונג:

און געווען איז עס אין יענע צייטן ווען די ענג־לענדער האָבן אַרויסגעשטופּט די טערקן. שרה׳לע איז דעמאָלט געווען אַ מיידל פון 12 יאָר, אַ שילערין. דאָס עלטעסטע קינד אין שטוב. אירע עלטערן האָבן געוווינט אין די „בתי־מינסק" אין ירושלים. גראָד איז איר פאָטער געווען אין לאָנדאָן און דאַן האָט די ענגלישע אַרמיי מיט געוועהר אַרויסגעטריבן פון ארץ־ישראל די טערקן. און אַזוי ווי זי גייט פון שול, וועגדן זיך צו איר צוויי יידישע

סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדינט אין דער טערקישער אַרמיי, זאָגענדיק: מיידעלע, אפשר ווייסטו ווו מיר קענען זיך אויסבאַהאַלטן? נישט לאַנג קלערנדיק, פירט זי אַריין די סאָלדאַטן אין זייער הויז, קלעטערט אַרויף אויפן דאַך, עפנט דאָס בוידעם טירל און באַהאַלט זיי אויס. קיין סך עסן איז דאַמאָלס אין שטוב ניט געווען, אָבער שרה׳לע פאַרגעסט ניט די סאָלדאַטן און באַזאָרגט זיי מיט עסן. אָבער פלוצים קומט אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דעם ציקל הייזער, וואָס רופן זיך בתי־מינסק. די מוטער וויל נעמען אָפּרוימען די וווינונג. אָט האָט זי שוין פאַרקויפט דאָס גאַנצע מעבל פאַר 12 פונט, אָבער שרהלע זאָגט ענערגיש צו די מוטער: „ניין מאַמע, זאָל זיין וואָס ס׳וועט זיין, צו מיר וועלן בלייבן לעבן אָדער ניט אָבער מיר וועלן ניט פאַרלאָזן דאָס הויז״. אַ גאַנצע נאַכט דונערן די האַרמאַטן אָלע האָבן שוין די הייזער פאַרלאָזט, נאָר די קליינע שרהלע קריכט שטילערהייט אויפן בוידעם און דערלאַנגט עסן די צוויי יידישע בחורים. עפּעס איז דער מוטער דער ענין פאַרגעקומען פאַרדעכטיקט און זי פרעגט: „וואָס קריכסטו אַלעמאָל אויפן דאַך?... אָבער זי האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז שרהלעס כוונה איז, איינצושטעלן דאָס אייגענע לעבן בכדי אָפּצוראַטעווען די צוויי יידן.

און געווען איז אין יענע צייטן אין ירושלים אַ הונגער. ווען נאָר שרהלע איז אדורכגעגאַנגען דורכן געוועלבל פון מרדכי שענקער, האָט זי געזען ווייס ברויט. ברויט איז געווען זייער וויכטיק און טייער. און שרה׳לע האָט זיך אַליין געפרעגט: פון וואַנעט נעמט ר׳ מרדכי שענקער ווייס ברויט? ווו האָט ער דעם פּלאַץ ווו ער קויפט ווייץ? איר ברוגזדיקע נאַטור לאָזט זי ניט רוען, און זי באַשליסט צו דערגיין דעם סוד: ווו מרדכי שענקער גייט, איז זי אים נאָכגעגאַנגען. און אָט דערזעט זי, אַז ביים שכמ׳ער טויער באַגעגנט ער אַן אַראַבער און קויפט ביי אים אַ זאַק ווייץ. ווען מרדכי שענקער איז אַוועק, גייט זי צו צום אַראַבער און פרעגט אים, וועסטו מיר אויך פאַרקויפן אַ זאַק ווייץ? מיר האָבן אין דער היים 12 פונט. גיי — זאָגט צו איר דער אַראַבער — און ברענג מיר די 12 פונט, וועסטו באַקומען אַ זאַק ווייץ. די 12 פונט זענען געווען זייער גאַנץ פאַרמעגן, אָבער שרה׳לע האָט זיך איינגעעקשנט, אַז מען דאַרף קויפן דערפאַר דעם זאַק ווייץ. די מוטער האָט נאָכגעגעבן און זיי האָבן אויף אַן אייזעלע געבראַכט דעם ווייץ אין שטוב אריין. מען האָט דעם ווייץ געקליבן און געמאָלן אויף מעל. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט די באָמבאַרדירונג, און ווען דער טאָג האָט אויפגעבראָכן, זענען אָנגעקומען די ענגלענדער.

ווי נאָר די מאַמע איז ארויס אין גאַס און דערזען די ענגלענדער איז זי אַריינגעפאַלן אין שטוב און פארבראָכן די הענט:

„די ענגלענדער זענען דאָ, און אונדזער גאַנץ פאַרמעג, דער זאַק מעל איז גאָרניט ווערט״...

אָבער די קליינע שרהלע האָט איר האָפענונג ניט פארלוירן און בארויקט די מוטער:

„מאַמע, די ענגלענדער דאַרפן אויך עסן״ און זיי וועלן אונדז באַצאָלן פאַר דעם ווייץ.

דער סוף איז געווען אַז פאַר דעם זעלבן זאַק ווייץ האָבן זיי באַקומען אַ גאַנצן אוצר 150 פונט, וואָס דאָס האָט ממש געהייסן א פאַרמעגן אין יענע צייטן.

אָט דער דאָזיקער שוונג באַגלייט מיסיס קאָרין ביז היינט צו טאָג און דאָס איז דער סוד פון איר דערפאָלג.

— פאַרוואָס האָט איר דאַמאָלט פאַרלאָזט דאָס לאַנד?

אירע אויגן האָבן אַ שייַן געטאָן און מיר האָט זיך אויסגעדוכט ווי זי וואָלט זאָגן „איר וווּנדערט זיך פאַר וואָס מי׳ר האָבן פאַרלאָזט ירושלים? זייט זיכער ווען דאָס וואָלט געווען די היינטיקע מדינת ישראל וואָלטן מיר זי ניט געוואַגט פאַרלאָזן. דאַמאָלט האָט עס אָבער אַנדערש אויסגעזען, איין אָקופּאַנט איז אַרויס, דער צווייטער אַריין, און דאָס לעבן איז געווען שווער ווי בליי״.

דאָס איז אָבער נאָר געווען אַן אויסדרוק פון צונויפגעטראָפענע בליקן, אַ סעקונדע־שמועס אָן ווערטער, ערשט נאָך דעם וויקלט מיסיס קאָרין ווייטער אויף די לענטע פון איר לעבנסגעשיכטע:

— גלייך ווען די ענגלענדער זענען אריינגעקומען, איז מיין פאָטער צוריקגעקומען פון לאָנדאָן און זיך באַזעצט אין יפו. איך האָב ניט געקענט באַקומען קיין פאָסטן ביי דער רעגירונג, ווייל כ׳בין געווען צו יינג. האָב איך געאַרבעט אין בית המכס (צאָל אמט) אין יפו. אין עלטער פון 15 יאָר האָב איך באַקענט מיין מאַן, וועלכער איז שוין געווען אַ

קאָנסטרוקציע אינזשיניער. מיר זענען געווען התן־כלה. ער האָט זיך ניט געקענט איינאָרדענען ביי זיין פאַך און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און פאָרן קיין אַמעריקע.

— צום ווייפלסטן מאָל באַזוכט איר איצטער דאָס לאַנד ?

— דאָס איז דאָס ערשטע מאָל.

— ווי זעט אויס אין אייערע אויגן דאָס איצטיקע ישראל ?

— איך בין אַנטציקט און באַגייסטערט. איך דענק אז עס איז אַ חלום. אַזוי האָט מען געקענט חלומען וועגן ארץ ישראל. די מאָדערנע הייזער, די מענטשן, די דינאַמישקייט און די זעלטענע יוגנט — דאָס איז פאַר מיר איין גרויס וווּנדער. דער יידישער פּאָליסמאַן אין די גאַסן וואָס רעדט העברעיש, יידן אויף טריט און שריט, כ׳בין געווען אין באר שבע און געזען ווי די בעדואינער קומען אין שטאָט אריין מיט א טראָק (לאָסט אויטאָ), דאָס איז דאָך עפּעס אַזאַ איבערקערעניש, וואָס זעט אויס ווי נאָך א טויזנטיאָריקער תקופה...

— ווי האָט איר, אלס טאָכטער פון ירושלים, אויפגענומען די בשורה פון דער אנטשטייאונג פון מדינת ישראל ?

— איך האָב דערפילט ווי מיט מיין שטאָט האָט פּאַסירט אַ גרויס געשעעניש. מיין שטאָט איז באַפרייט געוואָרן. זינט דעם מאָמענט אָן איז ניט דורכגעגאַנגען קיין איין טאָג וואָס כ׳זאָל ניט טראַכטן וועגן ישראל.

— וואָס האָט געמאַכט אויף אייך אַ באַזונדערן איינדרוק ?

— כ׳בין געווען אויפן פּאַראַד אין יום העצמאות. כ׳האָב געזען דעם שטאָלץ פון דער יוגנט. געפילט די ליבע, מיט וועלכער עס ווערן געשאַפן פיל פּאָלקס־ווערטן. געזען ווי מען רייסט אויף פעלזן און מען מאַכט וועגן. באַוווּנדערט די וואַסער־רערן, וואָס שלענגלען זיך אין בארגיקע געגנטן. עס זענען מיר געפעלן געוואָרן די קיבוצים מיט זייער אייגנאַרטיקער סאָציאַלער סטרוקטור. איך גלויב אַז אויב איר וועט ממשיך זיין נאָך 20 יאָר, וועט ישראל זיין דער שענסטער צענטער פון אָט דעם וועלט־געביט.

— און וואָס זאָגט איר צום מיזוג גלויות ?

— עס איז קלאָר, אז די עלטערע לייט וועלן זיך ניט קענען צונויפשמעלצן, אָבער פון דער יוגנט וועט ארויסקומען אַן אייגנאַרטיקער ישראל־טיפּ. אָט דעם טיפּ וועט מען ערשט באַמערקן אינעם נעקסטן דור.

— און איצטער דערלויבט מיר אויך, מיסטער איזידאָר קאָרין, אַ פראַגע :

ווי אַ קאָנסטרוקציע אינזשיניער, ווי געפעלט אייך די אַרכיטעקטור אין לאַנד ?

— די מאָדערנע הייזער, למשל ווי אין צפון תל־אביב, אַנטשפּרעכן דער נייסטער ארכיטעקטור. מען לייגט דאָ אכט אויף צו בויען הייזער אויף עמודים, עס זאָל זיין לופטיק און באקוועם, און דאָס איז זייער פּראַקטיש און אויך שיין. איך אליין האָב געארבעט אין יענע צייטן אין חיפה 3 יאָר אַלס קאָנסטרוקציע־אינזשיניער, אָבער זינט דאַמאָלט האָט זיך די טעכניק אינגאַנצן געביטן. איך קאָן תל אביב נאָך, ווען ס׳איז געווען אַ קליין שטעטל און איר אויפוווקס האָט מיך פשוט באַצויבערט.

— האָט איר געטראָפן וועמען פון די בויער פון יענע צייטן ?

— כ׳האָב דאָ געטראָפן פיל קאָלעגן און חברים. מיר האָבן זיך געטיילט מיט די איינדרוקן, און עס האָט ווידער אין מיר דערוואַכט די חלוציש־ראָמאַנטישע תקופה פון יענע צייטן. איך דענק, אז נאָכדעם, וועל איך ניט זיצן אזוי רויק אין ניו יאָרק ווי ביז איצטער. חיפה און ירושלים ציען צו זיך...

די משפחה קאָרין אונטערשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט תורה־אינסטיטוציעס אין אַמעריקע און אין ישראל.

מר ישראל און שרה ק א ר י ן זענען דאָ וואָרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דער ברייטער געזעלשאַפט פון פריינט און באַקאַנטע. אַ באַזונדער שיינע אויפנאַמע איז פאַר די געסט פּאָרגעקומען אינעם הויז פון אַ וותיק און גרויסן געזעלשאַפטלעכן עסקן מר יהודה מ. טוקאטלי, וועמענס פרוי איז אַ יוגנט חברטע פון מיסיס שרה קאָרין. זיי זענען געווען די געסט פון חבר הכנסת הרב ר׳ מנחם פרוש פון ירושלים. אַלע האָבן באַגריסט און באַוווּנדערט דאָס ווונדערלעכע מיידל פון ירושלים, וואָס איז עולה לגדולה געוואָרן אין ניו יאָרק.

# בנימין גאָלדבערג / ניו־יאָרק

בנימין גאָלדבערג איז אַ יידישער לעגיאָנער פון גדוד העברי. צו דער בר מצוה פון מדינת ישראל איז ער דורכן משרד הבטחון אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן „אות מתנדבים״.

ער איז אַ גוטמוטיקער מענטש, מאַכט דעם איינ־



דרוק פון אַ מיליטער־מאַן. גייט גלייך ווי אַ ווירע. זיינע טריט זענען זיכערע, ווי פון אַ מענטשן וואָס שפרייזט אויף אייגענעם באָדן. זיין פּנים זעט אויס צו זיין פאַרהולמ׳ט, ווי ס׳וואָלטן זיך אויף אים געשפּילט זון און שאָטן.

ס׳זענען אינטערעסאַנט זיינע זכרונות פון יענער תקופה, ווען ער איז געווען אַ סאָלדאַט אין 39th Batt. Roy'al Fusiliers אין סאַראַפּענט (ישראל).

מר גאָלדבערג האָט טאַקע די זכרונות אויסגענוצט און אָנגעשריבן אַ בוך מעמואַרן „דאָס צוריקקומען פון אַ לעגיאָנער״ (אין ענגליש). אָבער ער האָט געהאַלטן פאַר אַ חוב, פאַרן איבערגעבן דעם כתב יד צום דרוק, פריער צו באזוכן און זען דעם איצ־טיקן מצב אין ישראל.

דאָ אין ישראל טויכן נאָך אַ מאָל אויף לעבע־דיקע זכרונות פון יענע צייטן. פיל פלעצער זענען פאַרבונדן מיט יוגנט־חלום און וואָר. עס באַהערשט די שטימונג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ בוך. עס קען משפּיע זיין, אַן אַלטער בוים אָדער אַן אַראַבישע כאַטע, וואָס שטייט נאָך ערגעץ אין אַ רואיק ווינקל אינעם לאַנד. דער קאַליידאָסקאָפּ בילדער דרייט זיך שנעלער, ווערט קאָלירפולער און פרישער, און עס יאָגט אַן אימפּעט דאָס אַלץ צו פאַרפיקסירן מיט דער פען.

דאָס האָב איך טאַקע געפילט אין ניו יאָרק, אַז כדי מיינע מעמואַרן זאָלן זיין ריכטיק אָנגעשריבן — מוז איך קומען אין ישראל, דאָס אַלץ נאָך אַמאָל איבערלעבן!

ער איז א געבוירענער אַן אַמעריקאַנער. זיינע עלטערן זענען געווען אימיגראַנטן פון קאָוונע, ליטע. דער פאָטער איז געווען דער פּיאָנער פון די יידישע מענער־קאָנפעקציע אַרבעטער און געווען טעטיק אין לאָקאַל 3 פון דער ארבעטער יוניאָן אין ניו־יאָרק.

דערצויגן אין אַן אַמעריקאַנער שולע האָט אים אַלס 16 יאָריק ייִנגל געצויגן צו דער ברייטער וועלט. ער טרעט אריין אַלס פּרייוויליקער סאָלדאַט אין דער קאַנאַדער אַרמיי. נאָך אַ קורצער צייט דערוויסט ער זיך, אַז ענגלאַנד האָט געגרינדעט אַ יידישן באַטאַליאָן אין ארץ ישראל. עס ציט אים צו דעם יידישן באַטאַליאָן און ער בעט ביי דער קאַ־נאַדער אַרמיי אַ דערלויבעניש זיך צו מאָביליזירן אין יידישן לעגיאָן.

אין 1918 קומט ער אָן אין ארץ ישראל און דינט אין גדוד העברי אַלס סאָלדאַט, אונטער דער אָנ־פירונג פון קאָלאָנעל אליעזר מרגולין. ער איז פול מיט יוגנט־חלום און טראַכט זיך דאָ איינצואָרדנען. אָבער דער גורל גיט מיט אים אַ דריי אין אַן אַנ־דערער ריכטונג, און אין 1919 פאַרלאָזט ער דאָס לאַנד.

— און ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַ יידישער לעגיאָנער זאָל במשך 42 יאָר ניט קומען באַזוכן ארץ ישראל?

ער האָט באַלד ניט געענטפערט אויף מיין פראַגע. מיר זענען געזיצן ביים ים־ברעג. ווייס שוימיקע כוואַליעס האָבן זיך מיט אימפעט געיאָגט איינע איבער דער אַנדערער, דער ים איז געווען שטור־מיש, אָבער אויך זיין האַרץ איז ניט געווען רו־איקער:

— כ׳האָב איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע — וואַרפט ער אַרויס די ווערטער, ווי אַ שטורמישע כוואַליע וואָס צעפּאַלט מיט רעש ביים זאַמדיקן ברעג. מיין געליבט מיידל פון רמלה, מיט וועלכער כ׳האָב שוין געהאַט אויסגעשפּינען די גליקלעכע פעדים פון אונדזער צוקונפט איז אַוועקגעפאָרן קיין ירושלים און מער ניט צוריקגעקומען. כ׳האָב תמיד געוואָלט פאָרן קיין ארץ ישראל, און בפרט קיין מדינת ישראל, אָבער ס׳האָט מיך געשראָקן רמלה...

— ווי געפעלט אייך דאָס היינטיקע ישראל?

— ווי אַ לעגיאָנער פון גדוד העברי מוז איך זאָגן, אַז כ׳בין אַ פאַרערער פון זאב זשאַבאָטינסקיס אידייע, און כ׳האַלט, אַז מ׳האָט בעסער מדינת ישראל ניט אַוועקגעבענדיקן איר דאָס גאַנצע פאַ־לעסטינע. ס׳איז געווען אַן אומרעכט אריינצושטופּן אַבדאַללען אַ שטיק טעריטאָריע, וואָס איז אים אומנוצלעך און שטערט די אַנטוויקלונג פון דער יידישער מדינה.

— וואָס פאַר אַ ווּקס זעט איר אינעם לאַנד?

— ס׳זענען פאַראַן פּלעצער, וואָס האָבן זיך פינאַנ־דערגעוואַקסן און שיין אַנטוויקלט, און אַ סך שטעט זענען געבליבן ווי געווען. תל אביב האָט זיך שיין פינאַנדערגעבויט אָבער יפו, זעט אויס ווי אַ מאָל.

עכו למשל איז געבליבן עכו... איך זע אָבער, אַז אומעטום איז פאַראַן דינאַמישקייט. עס האָט אויפ־געלעבט דער ווילן פון מענטש צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. פריער איז דאָס ניט געווען. איך בין אויך זיכער, אַז ווי לאַנג עס הערשט ניט קיין סטאַבילער שלום צווישן ישראל און די אַראַבישע לענדער וועט די דינאַמישקייט ניט שוואַכער ווערן...

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק?

— אויף רח׳ זשאַבאָטינסקי אין תל אביב האָב איך געהאַט אַן איבערלעבעניש, און אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס ס׳איז פאַרגעקומען אויף זשאַבאָטינס־קי־גאַס בין איך גערירט געוואָרן ביז טרערן.

„פאַרבייגייענדיק, זע איך ווי ס׳שפּילן זיך קליינע קינדערלעך. ס׳האָט מיר צו זיי אַ צי געטאָן. כ׳האָב געוואָלט די סאַבראַס עפּעס פרעגן, אָדער סתם מיט זיי רעדן, אָבער זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען ענגליש. די קינדער ווידער האָבן צו מיר גערעדט, געוואָרפן מיט די הענטלעך, אָבער כ׳האָב גאָר ניט פאַרשטאַ־נען. ווען כ׳האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין האָבן זיי געזשופן אמא! אמא! ס׳איז אַרויסגעקומען די מוטער. מיט איר האָב איך גערעדט ענגליש. פרעג איך זי וואָס זאָגן די קינדער? זיי זאָגן דערקלערט מיר די פרוי פון זשאַבאָטינסקי־גאַס — „אַז, זיי קענען ניט פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך, אַז אַ ייד זאָל ניט קענען רעדן עברית“...

— ווי פילט איר זיך אינעם לאַנד?

— קודם כל באַטראַכט איך זיך ווי אַן אַמערי־קאַנער בירגער. מיין היים איז אַמעריקע. דאָרט האָב איך שוין מיינע צוויי דורות דערצויגן, און כ׳בין מיטן גאַנצן האַרצן צוגעבונדן צו די פאַראייניקטע שטאַטן. מדינת ישראל האָב איך ליב צו העלפן. איך אַרבעט פאַר די אינסטיטוציעס למען ישראל. איך בין טעטיק אינעם קאָמיטעט פאַר דער העב־רעאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים און אַרבעט אויך פאַר דעם הסתדרות־קאַמפּיין.

— ווי זעט איר דעם מצב אין לאַנד?

— ס׳איז זייער פיל דערגרייכט געוואָרן, אָבער ס׳איז נאָך דאָ זייער פיל צו ווּנטשן. למשל די קאָרדינסטן פון ישראל־אַרבעטער זענען צו ניד־ריק, ער זאָל האָבן פרנסה. אָבער די גוטע זאַכן איבערוועגן. ס׳איז דאָ מער ליכט ווי שאָטן. לאָמיר האָפן, אַז מיט דער צייט וועלן אַ סך פּראָבלעמען אויסגעבעסערט ווערן.

* * *

מר בנימין גאָלדבערג איז אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה פרעזידענט מר יצחק בן צבי, ס׳האָבן אים אויך אויפגענומען פאָרשטייער פון ועד הפועל, פון העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים. און ס׳האָבן זיך מיט אים געפרייט זיינע קאָלעגן פון גדוד העברי אין ישראל.

# הערי און רעבעקאַ קראָל / ניו בראָנסוויק

דאָס איז אַן אינטעליגענט און האַרציק פּאָרל, וואָס מאַכט באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש אַ גוטן רושם.

מיסטער און מיסיס קראָל האָבן געעפּנט דעם שיינעם מינהג צו ברענגען דעם מדינה פּרעזידענט געגנע ביזנעס און לויפּט צו אַ יידן פאַרקויפן פאַר אַ „הונדערטער" באָנדס. עס איז אַ טעות צו מיינען אַז די גראָבע דאָלאַרן שיטן זיך אַליין אַריין אין די קאָמפּיין קאַסעס. די זאַמלונגען זענען פאַרבונדן מיט פיל מי און מאַטערניש, איבערהויפּט אין די קלע־



רעבעקאַ און הערי קראָל ביים נשיא המדינה.

פון ישראל אַ טרייהייטס מגילה פון זייער שטאָט — אַ בר מצוה־מתנה פון פאַרקויפטע 300,000 דאָלאַר באָנדס.

מיסטער הערי קראָל איז דער פּרעזידענט פון דעם ישראל־באָנדס־קאָמפּיין פאַר New Brunswick and Highland Park, N.J. ער איז בלב ובנפש אַן איבערגעגעבענער פאַר די קרנות, וואָס שטיצן מדינת ישראל. אָפטמאָל לאָזט ער שטיין זיינע איי־נערע שטעטלעך, וווּ דער איצטיקער יידישער דור זענען שוין געבוירענע אַמעריקאַנער, מוז מען גוט קנעלן מיט אַ יידן אַ „פּרשה ביזנעס" און אים איבערצייגן, אַז די ישראל־באָנדס מיט 4%, לוינט זיך בעסער צו קויפן, ווי למשל די... יאַפּאַנעזישע, וואָס טראָגן 5%.

מר הערי קראָל צוזאַמען מיט די ה' לואיס ראַקאָף און אייב האַמולסקי האָבן אין

יאָר 1951 געגרינדעט דעם ישראל־באָנדס קאָמיטעט אין זייער שטאָט און געבליבן אקטיוו טעטיק ביז היינט צו טאָג.

מיסיס רעבעקאַ קראָל דערמוטיקט איר מאַן אין זיין טעטיקייט און וועגן דער דאָזיקער סימפּאַטישער פרוי דאַרף מען זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

איר יחוס־קייט ציט זיך פון זעקס דורות — בערדיטשעווער דינאַסטיע. אפילו באַלד אין דער ערשטער באַגעגעניש אָריענטירט איר זיך, אז דער אויסגעאַסענער חן אויף איר פּנים און דער פייער־דיקער אויסדרוק פון אירע שוואַרצע אויגן זענען עפּעס מער ווי אויסערלעכע דערשיינונגען, און פון אירע רייד און מחשבות דרינגט ארויס, אַז דאָס איז אַ ניצוץ פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער. זי רעדט טאַקע אַ בעטעמ׳טן מאַמע לשון.

— און אין וועלכער שפּראַך האָט איר גערעדט מיט אונדזער מדינה פּרעזידענט?

— איך האָב מיט אים גערעדט יידיש — ענט־פערט מיסיס קראָל מיט שטאָלץ. — מיר האָבן ביידע אין דיאַלעקט...

— צום וויפלסטן מאָל זייט איר אינעם לאַנד?

— צום ערשטן מאָל — ענטפערט מיסטער קראָל.

— ווי געפעלט אייך דאָס לאַנד?

— ישראל איז שיין, אַ סך שענער ווי כ׳האָב מיר פאָרגעשטעלט. באַזונדערס בין איך אנטציקט פון דער יוגנט. די מענטשן דאָ זענען זייער פריינד־לעך און פול מיט האָפענונג. כ׳האָב דאָ געזען די מאָדערנע אינדוסטריע באַזונדערס די צוקער־אינ־דוסטריע. באַזוכט ארבעטס־וואַרשטאַטן. כ׳האָב באַ־וואונדערט דעם טעמפּאָ, די אימפּולסיווקייט, מיט וועלכער אַלץ ווערט געשאַפן. דאָס אַלץ גיט האָפע־נונג פאַר בעסערע צייטן פאַרן פאָלק און לאַנד. כ׳וועל זיך מודה זיין, אז דאָס בילד פון היינטיקן ישראל האָט אויף אַזויפיל אויף מיר משפּיע געווען, אַז כאָטש איך בין פאַרוואָרצלט אין אַמעריקע האָט מיך געגומען ציען קיין ישראל.

און אַזוי שמועסנדיק זאָגט צו מיר מיסיס רעבעקאַ קראָל מיט אַ שטיל ציטעריק קול.

— פון דעסטוועגן וואָלט איך וועלן באַזוכן אַ מעברה, זען די מענטשן און די צעלטן.

— נו, טראַכט איך מיר — הייסט עס, אז כ׳האָב קיין טעות ניט געמאַכט — צו ווענען האָט דען געצויגן ד׳עם בערדיטשעווער, אויב ניט צום אביון וואָס איז געשטאַנען אין פּאָליש?

— און מר קראָל האָט אַ פרעג געטאָן:

— קאָן מען אין דער מעברה פריי אריינגיין?

פון דער פראַגע האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די געסט שטעלן זיך ערגער פאַר אַ מעברה, ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט, און דעריבער בין איך מיט זיי גלייך אוועק אין דער מעברה יד המעביר.

עטלעכע שעה צייט האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט צווישן דלות און אומבאהאָלפנקייט. די געסט האָבן זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט די מעברה־מענטשן. גערעדט מיט זיי, באַמיט זיך אריינצודרינ־גען אין זייערע פּראָבלעמען, פון וועלכע דאָס שווער־סטע איז צו באַקומען אַ סטאַבילן שכון (וווינונג). פאַר זייערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס קליטה־פּראָבלעם אין דער פולער נאַקעטקייט, אָן דעם לבוש פון ציפערן און באַריכטן. ערשט דאָ אויף דעם פּלאַץ איז פאַר זיי קלאָר געוואָרן, וואָס אַזוינס דאָס איז „קליטה פּראָבלעם״. אָבער זיי האָבן דאָס אויפגענומען ווי אייגענע און איבערגעגעבענע, ווי מענטשן מיט הומאַניטאָרע אייגנשאַפטן. דער דאָזי־קער באַזוך האָט פאַר זיי געהאַט אַ באַטייט, אין דעם זין, זיך אנצוזאַפּן מיט מוט און ענערגיע פאַר ווייטערדיקע אינטענסיווע ארבעט למען ישראל. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן געזען אין דער מעברה וועט קענען אָפּפרעגן די תירוצים, אַז אין ישראל איז שוין אַ „פּראָספּעריטי״ און מען דאַרף שוין זיך אַזוי ניט זאָרגן... דער דאָזיקער טאָג אין ישראל איז פאַר זיי געווען אַ נסיון וועלכן זיי זענען בייגעשטאַנען.

עס איז כדי צו דערמאַנען, אַז צו זייער אָפּפאָרן קיין ישראל איז פאַר די משפּחה קראָל איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געזעגן־באַנקעט אין וועלכן ס׳האָט אויך אָנטיילגענומען מיסיס לעאָנאַר רוזוועלט.

דאָ אין ישראל זענען די חשובע געסט אויפגענו־מען געוואָרן דורכן מדינה פּרעזידענט, מיניסטער ספּיר, דירעקציע פון קרן היסוד און „באַנדס״ אין ישראל, און מיט דער זעלבער ליבשאַפט און פריידמיט וועלכער זיי האָבן אונדז געבראַכט דעם ברי־דערלעכן גרוס פון די יידן אין New Brunswick and Highland Park האָבן מיר זיי געגעזעגנט און באַגלייט מיט דער ברכה: „וכל מי שעוסקים בצרכי צבור באמונה הקב״ה ישלם שכרם״!

# חיים צוקער / ניו־יאָרק

חיים צוקער איז אַ תלמיד־חכם. טאַקע פון יענע טיפּישע תלמידי־חכמים, וווּ מ׳האָט אַ מאָל געקענט געפינען צווישן רבנים און גוטע יידן אין די יידישע



שטעטלעך פון פּוילן און ליטע. אויף זיין למדנישן פּנים ליגט אויסגעגאָסן אַ נוח־לבריותדיקער שמייכל, מיט וועלכן ער נעמט אייך אויף. ווער נאָר ס׳האָט געקענט זיין פאָטער דעם פילאַנער רב ר׳ יעקב יוסף׳ן, און זיין זיידן ר׳ מעכעלע קאָריצער ז״ל, וועט אריינקוקענדיק אין זיין פּנים אויסרופן: „די טשערנאָבלער גזע! אָבער וווּ איז די באָרד?״ פון דער באָרד איז טאַקע קיין זכר נישט געבליבן, אָבער דערפאַר זענען אין אים געבליבן פאַרזוואַרצלט אַלע מידות טובות פון דער רבישער דינאַסטיע, וואָס ציט איר יחוס פון בעש״ט.

דער רבי ר׳ מעכעלע קאָריצער, ביי וועמען חיימקע איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן, איז געווען אַ גרויסער אוהב אדם. אפילו גויים פלעגן צו אים קומען און אים אָפּגעבן כבוד, זיך עצה׳נען מיט אים.

אויף היימ׳קען האָט מען אַ סך געשטעלט. מען האָט געגלויבט, אַז ער וועט פאַרנעמען דעם כסא הרבנות נאָך זיין פאָטער, אָבער דער לובאַטשעווער ישיבה־בחור, חיימקע האָט ניט געפילט אין זיך דעם כוח פון א מרא דאתרא. אים האָט גאָר געצויגן אין אַן אנדער ריכטונג. טאָג־טעגלעך, ביים דאַווע־נען האָט ער גאָר מכוון געווען יענע תפילות אין שמונה עשרה, וווּ ס׳רעדט זיך וועגן ציון, און ווי נאָר ער האָט אפּגעלייגט תפילין האָט ער נאָך־געלערנט אַ קאַפּיטל אין הערצלס „יודענשטאַט״.

איינמאָל איז ער אפילו אריינגעפאַלן. ער האָט איבערגעלאָזט הערצלס בוך אונטער דער גמרא, און ווען ער האָט זיך דערמאָנט, איז שוין געווען צו שפּעט... דער זיידע האָט שוין געהאלטן דאָס בוך אין דער האַנט און חיימקע האָט זיך געריכט אויף אַ פּסק פאַרן לייענען טריף־פּסול.

אָבער דאָ איז געשען ממש אַ נס!

ר׳ מעכעלע קאָריצער האָט לאַנג, זייער לאַנג אריינגעקוקט אינעם בוך און דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן די געדיכטע ברעמען, אָפּגעמאָסטן חיימקען מיט זיין דורכדרינגלעכן בליק, און מיט פיל וואַרעמקייט געזאָגט:

— ס׳מאַכט נישט אויס, חיימקע! ס׳איז אַ פיין, פיין ספר!

מער האָט מען ניט באַדאַרפט. חיימקען האָט באַהערשט אַ טיפע פרייד, ווי ער וואָלט פון זיידן באַקומען סמיכה אויף אַן אייגענעם ספר. ער האָט זיך דערפילט באַקרעפטיקט אין זיינע טרוימעריש־ציוניסטישע אידייען, און פון דאמאָלט אָן זענען שוין זיינע מחשבות אוועק אין דער ריכטונג פון פּראַק־טישן ציוניזם.

אין 1932 קומט ער אין אמעריקע און טרעט אריין אין דער פּועלי־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָנ־שליסענדיק זיך אין באָראָכאָוו־צווייג 14. ער געפינט אַ חברישע סביבה און איז דאָרט טעטיק ביזן היינ־טיקן טאָג.

אין יענער צייט, ווען ער איז געקומען קיין אַמע־

ריקע זענען פאַרן נייעם אימיגראַנט געווען אַנגע־
גרייט: דער „שוויץ־שאַפּ" און דער „שמעלץ טאָפּ".
דער אַמעריקאַנער שמעלץ טאָפּ האָט אָבער ניט
באַוויזן צו צעשמעלצן זיין „יידישע וועלט". חיים
צוקער האָט אויסגעהאַלטן די הויכע טעמפּעראַטור
פון דער שפּראַכן־אַסימילאַציע אין אַמעריקאַניזירן
זיך, און געבליבן דער ציכטיקער תלמיד חכם מיטן
זאַפטיקן יידיש לשון אין מויל און הארצן.

חיים צוקער איז ניט פּעסעמיסטיש געשטימט
וועגן יידישן לעבן אין אמעריקע. פּאַרקערט, ער
זאָגט, אז עס זענען פאַראַן אַלע סימנים פון אַן
אומקערן זיך צום מקור, צום שורש. דער עיקר
דאַרף מען געווינען דעם יינגן יידישן דור:

„אונזער שטרעבן דאַרף זיין אַ נאָענטער צונויפבונד פון
אונזערע קינדער מיט אונז די עלטערע. צוזאַמען וועלן מיר
זיין א גרויסער כח און ווי גרויס עס זאָלן ניט זיין זיינע
צאָלן, וועט ער אָבער האָבן אין זיך די פּאָטענצן פון המשך,
און דאָס איז דער סאַמע עיקר. איך בין ניט פּעסימיסטיש
וועגן דער צוקונפט פון יידיש לעבן אין אמעריקע. פּאַר־
קערט, עס זענען דאָ אַלע סימנים פון אן אומקער צום
יידישן שורש, און דאָס איז אונז נאָך מער מחייב צו
גרעסערע מעשים, קודם כל אויף דעם געביט פון יידישער
דערציאונג, און א פאַרשטאַרקטע קולטור־ארבעט צוגעפּאַסט
צו די נויטן פון דעם איצטיקן נייעם יידישן לעבן וואָס האָלט
זיך אין פאַרמירן. מיר דאַרפן געווינען דעם יונגן דור, איינ־
וואָרצלען אין אונזערע קינדער די יידישע טראַדיציע און
צוזאַמען מיט זיי ממשיך זיין אונדזערע מעשים. מיר קענען
און דאַרפן דאָס דערגרייכן".

(חיים צוקער, „אידישער קעמפער" — ניו־יאָרק)

מיט חיים צוקערן האָב איך פיל מאָל געשמועסט
אין בית־האומה בעת'ן 25־טן ציוניסטישן קאָנגרעס
אין ירושלים. ער האָט מיך אָבער „גענומען" מיט
זיינער א קורצער רעדע אין תל אביב. ס'האָבן דאַן
גערעדט פיל רעדנער, קאָנגרעס־דעלעגאַטן, מאַנכע
האָבן אויסגעפּאַקט גאַנצע טשעמאָדאַנעס חכמה.
אַנדערע האָבן זיך געהיצט, געשריען, כדי צו
מאַכן א שטאַרקערן איינדרוק. חיים צוקער האָט
אָבער גערעדט פּשוט. זיינע רייד זענען געווען גאָר
אַנדערע, ווייכערע. ער האָט דערציילט, וואָס ער
זעט און פילט ביי זיין ערשטן באַזוך אין ישראל.
מ'האָט באַלד פאַרשטאַנען, אז ער האָט „אַן אויג
וואָס זעט און א נשמה וואָס פילט". „אפילו די
פייגעלעך זינגען יעדן טאָג שירה, וואָס זיי געפינען
זיך אין ישראל", האָט ער געזאָגט.

מען דאַרף קענען פילן, וואָס ס'קומט פאָר אין
דער נשמה פון אַ יידן, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן
געווען פאַרבונדן מיט דער אידעע פון תחית ארץ
ישראל, און מיט איינמאָל דערפילט ער, ווי זיינע
טריט שפּרייזן איבער יידישע גאַסן, יידישע פעלדער
און דערפער פון מדינת ישראל. דעריבער וויל איך
אויסבעסערן זיין זאָג:

— עס דאַכט זיך דיר גאָר אויס — חיים צוקער
— אַז דו הערסט אין ישראל, די פייגעלעך זינגען
שירה. האָרך זיך בעסער צו, וועסטו באַנעמען, אַז
דאָס געזאַנג קומט ניט פון די ביימער. עס קומט
פון די טיפענישן פון דיין האַרצן. דאָס זינגט דיין
אייגענע נשמה!...

— ערשט דאָ — זאָגט חיים צוקער — האָב איך
דערזען, אז מיר גייען אוועק פון קבצונישקייט, און
גייען צו גרויסע מעשים.

— וואָס זאָגט איר צו יידיש לשון?

— כ'האָב אַ טיפע באַציאונג און אינטערעס צו
יידיש, כ'פיל אַז מיר האָבן פאַרנאַכלעסיקט דאָס
יידישע לעבן און יידישע דערציאונג. יידיש און
העברעיש זענען א גוף און אַ נשמה, וועלכע דאַרפן
צוזאמען אָפּגעהיטן ווערן, ווייל דאָס איז דער טייַ־
ערסטער אוצר, וואָס אונדזער פאָלק פאַרמאָגט.

— און וואָס זאָגט איר וועגן דער ברענענדיקער
דיסקוסיע „ייד און ציוניסט"?

— איך בין נישט מסכים מיט בן־גוריונס מיי־
נונג. דער ציוניסט קאָן ניט אוועקגעשטעלט ווערן
גלייך מיט סתם יידן. אפילו ווען דאָס גאַנצע יידישע
לעבן אין די תפוצות זאָל זיין אונטער דער השפּעה
פון מדינת ישראל — וועט אויך תמיד נויטיק זיין
די גייסטיקע איבערגעגעבנקייט פון אידיי־מענטשן
— ציוניסטן.

מר חיים צוקער איז אַן אקטיווער עקזעקוטיוו־
מיטגליד פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד
און קאַסירער פון ניו יאָרקער־צווייג. ער איז גע־
קומען אַלס דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס
כ"ה. ער איז ווארעם אויפגענומען געוואָרן דורכן
ועד הפּועל פון דער הסתדרות און אַנדערע אָרגאַ־
ניזאַציעס. ער איז אויך אויפגענומען געוואָרן דורכן
מדינה פּרעזידענט מר יצחק בן צבי און ראש
הממשלה מר דוד בן־גוריון און ער האָט געמאַכט
אַ גוטן רושם אויף זיינע פריינד און חברים.

ביים ערשטן אויגנבליק גיט אַ שימער זיין רעפּרעזענטיווע געשטאַלט ווי אויסגעצאָסן פאַר אַ גייסטיקן מנהיג וואָס פלאַטערט מיט אַדלער־פליגל איבער זיין עדה.



ראַביי ליאון קראַניש געהערט צום רעכטן פליגל פון דער רעפאָרמירטער שול, איז אָבער פול מיט רעליגיעז-עטישער התלהבות. ער איז אַ בקי אין תלמוד און פּוסקים און רעדט אַ פליסיקן עברית.

ווען מען פאַרטיפט זיך אַביסל אין זיין געדאַנקען־גאַנג קומט אויס, אַז ער האַלט „לא בשמים הים״ — די תורה איז נישט אין הימל. זי איז געגעבן געוואָרן צו די מענטשן אויף דער ערד, און כדי משהס תורה זאָל תמיד בלייבן אין אונדזערע הערצער — זאָגט ראַביי קראַניש — מוז מען אין פאָלק ישראל איינפלאַנצן די יסודות אויף וועלכע עס איז אַוועקגעשטעלט די רעפאָרם־באַוועגונג: צדק, שלום און אחוה (גערעכטיקייט, פרידן און ברידערשאַפט).

ראַביי קראַניש שטייט מיט ביידע פוס אויפן פעסטן באָדן פון דער יידישערווירקלעכקייט. מראשו ורובו איז ער אַריינגעטאָן אין די דאגות פון זיין קהילה און פאָלק. ער האַלט די רעפאָרם־באַוועגונג ווי איינע פון די פּראָגרעסן פון יידישן פאָלק, און גלויבט אַז זי פּאַסט זיך אַזוי גוט צו צום פּראָגרעס פון דער זעלבסטשטענדיקער מדינת ישראל. ראַביי קראַניש רופט אָן אויפהער צו שטיצן די יידישע מדינה מיט ביידע הענט און איז אין דער מיינונג, אַז אין מדינת ישראל דאַרף מען נישט נאָר זען אַ תיקון פאַרן פאָלק, נייערט אויך איר פּראָגרעסיוון וועג פאַר דער אינערלעכער אויסשטאַלטונג, און די באַוועגונג פאַר גערעכטיקייט צו קליינע פעלקער אויף דער וועלט.

אַנגעזעענע מענטשן פון מיאַמי ביטש דערציילן, אַז ראַביי קראַנישס שול „בית שלום״ איז נישט נאָר אַ מקום לתפילה, נאָר אויך אַ כנסת למעשים טובים, און איינע פון די בעסטע מעשים, וואָס אַ ייד קאָן טאָן אין אונדזער צייט איז טאַקע — העלפן מדינת ישראל. דאַרף דעריבער אָפּגעשאַצט ווערן דער שיינער טאַט פון די מתפללים פון „בית שלום״, וועלכע האָבן אין לעצטן יאָר אויסגעקויפט פאַר זעקס הונדערט טויזנט דאָלאַר „ישראל־באָנדס״.

זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט נעמט אַרום דריי יסודותדיקע צווייגן: ער אמטירט אַלס National Vice Pres. Amer. Jewish Congress און ער איז איינער פון די אַקטיוויסטע עסקנים אין די „באָנדס״, און סגן יושב ראש פון דער געזעלשאַפט „פריינט פון דער הסתדרות״. אַזוי אַרום פאַרקערפּערט הרב קראַניש דעם איבערגעגעבענעם עסקן בצרכי ציבור באמונה. עס איז דעריבער כדאי צו ברענגען עטלעכע פראַגמענטן פון אונדזער געשפּרעך מיטן גייסטיקן מנהיג פון „בית שלום״ אין מיאַמי ביטש:

— ווי לאַנג זענט איר שוין אַ רב בישראל?

— שוין 21 יאָר. אין דער שול „בית שלום״ אין מיאמי ביטש בין איך רב 18 יאָר.

— וואָס איז אייך דאָ אין ישראל אַמנאָענסטן צום האַרצן?

— אין ישראל זעט מען היינט אַ סך שיינע זאַכן, פון וועלכע מען קאָן באַאיינדרוקט ווערן. אין פאָדערגרונט רוקן זיך אָבער אַרויס די צוויי הויפּט־פאַקטאָרן: דאָס גרויסע אָויפבוי־ווערק, וואָס גייט אָן אין אַלע טיילן פון לאַנד. ב) און דער קולטור־פּראָצעס פון מיזוג גלויות. אויף מיר האָט אָבער געמאַכט אַ שטאַרקן רושם דער פאַקט, וואָס ס'איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען דער אידעאַליזם. מען זעט בולט, אַז אינעם אויפבוי־ווערק שטעקט אַ דערהויבענער אידעאַליזם. מען מיינט נישט נאָר צו בויען אַ לאַנד פאַר פּליטים, נאָר אַ לאַנד מיט אַן אידעאַל. מען הויבט דאָ אָן אויסשמידן אַ קולטור פון גלייכהייט און ברידערלעכקייט פון מענטש צו מענטש און פאָלק צו פאָלק. עס אימפּאָנירט, וואָס אָט־אָ די קולטור הויבט זיך אויף איבער די גזע און ראַסע. דער פאַקט, וואָס מדינת ישראל העלפט מיט אַלע כוחות, און אויף אַלע געביטן צענדליקער ניי־זעלבסטשטענדיקע אַפריקאַנער לענדער, איז אַידעאַליזם פון אײדלסטן סאָרט!

„גאָר באַגייסטערט בין איך פון דעם נייעם טיפּ ייד, וואָס שמידט זיך אויס אין דער יידישער מדינה. דאָס איז גאָר אַן אַנדער ייד. אַ ייד אָן פחד. מיט דעם דאָזיקן יידן וועט מען נישט קענען מאַכן וואָס מען וויל. אין ישראל וואַקסט אויס אַ טיפּ ייד וואָס וועט ווערן דער סימבאָל פאַר אַלע יידן אין דער וועלט־!

— ווי אַ גייסטיקער מנהיג, אַ פאַרבונדענער יאָרן־לאַנג מיט זיין עדה — וואָס קאָנט איר אונדז זאָגן וועגן דער ייִדיש־אַמעריקאַנישער יוגנט?

— אונדזער יוגנט האָט אַ צוגעבונדנקייט צו יידישקייט. דער גרעסטער טייל יידן, אַמעריקאַן־געבוירענע באַלאַנגען צו אַ שול. זיי שיקן די קינדער צו לערנען יידישן חינוך. מען ווייסט אַ ביסל וועגן יהדות. עס שטייט אָבער פאַר אונדז אַ גרויסער פּראָבלעם, ווי אַזוי צו מאַכן אַ טיפערן תוכן (מהות פנימית) ביים אַריינפירן דעם יונגן דור אינעם יידישן לעבן. פון וועלכן קוקווינקל מען זאָל דאָס פּראָבלעם נישט זען, מוז מען אַלץ קומען צום אויספיר: „יידן בלייבן יידן!"

— צי דענקט איר, אַז מיט ענגליש, מיט אַן ענגלישן סדור און תנכ'ל וועט מען קענען אָנהאַלטן אַ נאַציאָנאַל יידיש לעבן?

— ניין!

— דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, וואָס מיר האָבן אַזאַ גרויסע קהילה אין אַמעריקע וואָס האָט איין שפּראַך—ענגליש. איך וויל אָבער אויסבעסערן און זאָגן, אַז דעם אויסדרוק „נאַציאָנאַל יידישקייט" קענען מיר בכלל נישט נוצן. ווען מיר רעדן וועגן יידישקייט ביי אַמעריקאַנער יידן, מיינט דאָס רעליגיעזע יידישקייט. מיר געהערן אָן אין אַ כנסיה. אַמעריקאַנער יידן קענען נישט זיין נאַציאָנאַל, ווי איר פאַרשטייט דאָס. נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג מיינט ביי אונדז — פאַרבונדן מיט אַמעריקע. דעריבער איז בעסער ווען מ'רעדט וועגן יידיש פאָלק. ווען מיר ווילן געבן דעם יידן אַ געשטאַלט, מוזן מיר אים געבן אַ העברעאיש וואָרט אין מויל אַריין... אויך פאַר דער רעפאָרם־שול איז וויכטיק דאָס עברית־וואָרט. דערפאַר שטרעבן מיר, אַז אונדזערע קינדער זאָלן לערנען מער העברעיש. מיר שטרעבן צו ברענגען קיין ישראל אונדזערע קינדער צו פאַרברענגען פון 2 ביז 6 חדשים. מיר וועלן שאַפן אַ באַוועגונג ס'זאָלן קומען טויזנטער קינדער. זיי זאָלן דערקענען און באַגרייפן מדינת ישראל.

✶

נישט אומזיסט זאָגט מען, ווילסטו באַקענען דאָס פאָלק, באַקען זיינע מנהיגים. ראַביי קראָניש איז אַ זעלטענער גייסטיקער מנהיג, וואָס העלפט אויסשמידן דעם געשטאַלט פון מאָדערנעם און פּראָגרעסיוון יידן. ער שאַצט זייער הויך דעם חשיבות פונעם מענטשן. ער קען דעם גייסטיקן מהות פון זיין קהילה. ער איז פאַרטיפט אין די לעבענס־נויטיקע פּראָבלעמען פון יידישן המשך, און ציט פון זיי אַרויס רעאַלע מסקנות צו פאַרשיינערן און אַריינלייגן טיפערן אינהאַלט אינעם יידישן לעבן. ער לאָזט נישט אַדורך קיין שום געלעגנהייט, וואָס איז פאַרבונדן מיט חינוך פון יינגן דור. אָט זעען מיר אים אויף דער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער דערציאונג אין ירושלים. ער בליקט אַריין וואָס עס טוט זיך ביי דער אַרבעט אין די קאָמיסיעס, וואָס דאַרפן געשטאַלטיקן דעם נייעם דערציאונגס־פּראָגראַם פאַר די יידישע קינדער אין די תפוצות. אומעטום הערט מען זיך צו צו זיין וואָגיק וואָרט.

אַזוי געזעען איז ער דער גייסטיקער מנהיג פון „בית שלום" וואָס פאַרבינדט מיאַמער יידן מיט מדינת ישראל.

# אברהם פאַקס / מיאַמי־ביטש

אַ גוטן איינדרוק מאַכט אויף מיר, ווען איך באַגעגן אַ יידן פון אַמעריקע און ער רעדט צו מיר עברית. אודאי האָב איך האָלד, ווען מען רעדט יידיש — מאַמע לשון איז דאָך קיין חידוש נישט,


מאַטילדאַ און אברהם פאַקס

אָבער ווי קומט צו אייך מיסטער פאַקס לשון קודש ?

אויף זיין למדניש פּנים באַווייזט זיך אַ שמייכל און ער פּטר'ט אָפּ מיין פראַגע מיט גירסא דינקותא — געלערנט אין דער ישיבה.

אברהם און מאַטילדאַ פאַקס שטאַמען פון הרובישאָוו. ר' אברהם איז אַ ייד אַ למדן. ער שטאַמט פון אַ חסידישער משפחה. בעת ער איז געוואָרן בר מצוה האָט אים זיין פאָטער מיטגענומען צום קוזשמירער רבין ז"ל. דער רבי האָט באַטראַכט דעם ישיבה־בחור און זיך אָפּגערופן: „איך זע באַשיינפּערלעך ווי ער וואַקסט אַ גרויסער צדיק".

ביזן היינטיקן טאָג לאַכט־אָפּ אברהם פאקס פון קוזשמירער, אַז „דער רבי האָט נישט געטראָפן" אָבער מענטשן, וואָס קענען פאַקסן פון דער נאָענט, האַלטן גאָר, אַז דער קוזשמירער רבי האָט זיך גאָר נישט אַזוי שטאַרק טועה געווען...

קומענדיק קיין אַמעריקע האָט ה' פאַקס געטאָן פינקט פאַרקערט, ווי אַנדערע אימיגראַנטן פון יענער צייט. ער איז נישט גלייך געלאָפן כאַפּן דעם דאָלאַר דורך אַרבעט, נאָר זיך גענומען צום ספר, גענומען לערנען. ער האָט זיך פאַרפולקאָמט אין וויסן און טעכניק און זיך דערוואָרבן זיין אָנגעזעענע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט.

זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל האָבן הער און פרוי פאַקס זיך קונה שם געווען מיט זייער איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעך ־ קולטורעלער אַרבעט, און דער עיקר מיט זייערע פאַרדינסטן פאַר ישראל און דער הסתדרות.

ה' פאַקס איז אַקטיוו טעטיק אין אַ גאַנצער ריי אינסטיטוציעס : ער איז דער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אין מיאַמי. און וויצע פאָרזיצער פון אַנדערע יידישע אָרגאַני־זאַציעס, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט יידיש־געזעל־שאַפטלעכע ענינים און העלפן נויטבאַדערפטיקע. פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין „בית דוד קאָנגרעשאַן", מיטגליד אין „בני ברית", אינעם יידיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר, העברעאישער אַקאַדעמיע און אַ וותיק אין דער הסתדרות־באַוועגונג.

פרוי מאַטילדאַ פאַקס איז פאָרזיצערין פון די „פּיאָנערין פרויען" פאָרזיצערין פון די „באָנדס" אין דעם „בריקל"־קוואַרטאַל פון מיאַמי, לייף־מעמבער אין דער היברו־אַקאַדעמיע אין מיאַמי־ביטש. לייף־מעמבער אין „הדסה". זי איז געוואָרן אויסגעצייכנט מיטן בר מצוה־מעדאַל פון מדינת ישראל, און מיטן מעדאַל „אשת חיל", פון דער ישראל רעגירונג פאַרן פאַרקויפן „באָנדס".

זיי ווערן געשעצט און געאַכטעט דורך דער יידי־שער געזעלשאַפט אין מיאַמי און זייערע מעשים טובים געפינען אַ שטאַרקן אָפקלאַנג אין מדינת ישראל.

אויסער זייערע רעגולער באַדייטנדע באַשטייערונ־גען פאַר ישראל — האָבן די חשובע עסקנים באַ־שלאָסן אַליין, אויף זייער אייגענעם נאָמען צו שאַפן אַ מעדיצינישע קליניק (מרפאה) אין אַ געדיכט־באַוווינטן געגנט, וואָס איז געווען מער ווי 10 יאָר אָן יעדע מעדיצינישע הילף, פון וואָס די באַפעל־קערונג, מיינסטנס נייע עולים, האָט שטאַרק געליטן.

מיט צוויי יאָר צוריק איז פאָרגעקומען די דער־עפנונג פון דעם מעדיצינישן קליניק אין עזרא־

בצרון, לעבן ראשון לציון. דער קליניק טראָגט דעם נאָמען פון אברהם און מאַטילדאַ פאָקס, און וועט באַדינען אַ באַפעלקערונג פון 3000 נפשות.

בעת דער פייערלעכער דערעפנונג פון דער קליניק

אין אַ געשפּרעך מיט די חשובע געסט האָט ה׳ אברהם פאַקס אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַר דעם אויפבוי־ווערק פונעם לאַנד:

— איך זע אין די נייע בנינים אַביסל מער, ווי



Mr. and Mrs. Fox greeted warmly by the Prime Minister David Ben Gurion in his office in Jerusalem together with other world leaders

האָבן זיך פאַרזאַמלט די דאָרטיקע איינוווינער און וואַרעם באַדאַנקט די שפּענדער אברהם און מאַטילדאַ פאָקס פאַר זייער פילאַנטראָפּישן טאַט, באַזונדערס האָבן די דאָרטיקע איינוווינער אונטערגעשטראָכן די פאַרשטענדעניש פון די ה״ה פאָקס, גלייכצייטיק צו לאָזן אינסטאַלירן אויפן אָרט אַ טעלעפאָן, וועלכער איז דער ערשטער טעלעפאַן־אַפּאַראַט אין דער געגנט.

בלויז ציגל און צעמענט. איך זע אינעם בוי־ווערק אַ צוטרוי און טיפן גלויבן אין דער צוקונפט. מען זעט בולט, ווי די ישראל תושבים האָבן פאַר זיך אַ טאָפּלטן ציל: בויען פאַר זיך די היים, און צו־גרייטן אַ היים פאַר יידן, וואָס וועלן איר אַמאָל דאַרפן... אויב יידן פון וועלכן גלות־לאַנד וועלן ח״ו דאַרפן אַנטלויפן — זאָלן זיי בישט זיין נע־ונד. — דאָס, זאָגט מר פאָקס איז מיין שטאַרקסטער איינדרוק

פונעם לאַנד!

— וואָס נאָך קאָנט איר אונדז דערציילן פון אייערע איינדרוקן?

— איך האָב געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכער אַסאָציאַציע, באַזוכנדיק דעם „מאה שערים־קוואַר־טאַל״ אין ירושלים:

צוריק און כ׳האָב זיך אַליין דערזעען אינעם קלויז. כ׳האָב דערפילט די אַטמאָספער פון מיין טאַטע־מאַמע, מיינע רביים און ישיבה־חברים און אין די טיף־טיפע ווינקלען פון מיין הארץ און נשמה, ווו עס האָט עפּעס געפעלט, פון ווו עס איז עפּעס אַרויס־געריסן געוואָרן — האָט גענומען אויפגיין אַ ליכטי־



Mr. and Mrs. Fox together with their relative Minister Joseph Almogi participating in an affair for raising funds for Israel

איך האָב זיך זייער פיל אָנגעהערט און אָנגע־לייענט וועגן די נטורי־קרתא, דעריבער באַזוכנדיק דעם פרומען קוואַרטאַל האָב איך זיך „באַוואָפנט״ מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. אַרומוואַנדערנדיק אין די שמאָלע און אָרעמע געסלעך זענען צו מיר דערגאַנגען באַקאַנטע ניגונים. איך בין געקומען נענטער און דערהערט דעם סענטימענטאַלן גמרא־ניגון. כ׳האָב דערזעען ווי עס זיצן ישיבה־בחורים און לערנען געשמאַק — און איך בין אַריינגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדערער וועלט. ס׳האָט זיך מיר בעדאַכט, אַז מיין שטעטל, וואָס איז אומגעקומען דורך די נאַציס האָט ווידער אויפגעלעבט, אַז דער צייט־ווייזער האָט אַ שפּרונג געטאָן מיט 50 יאָר

קייט. עס האָט גענומען ברומען אַ ניגון. וואָס אַמאָל האָט דער ניגון זיך געטראָגן העכער, אַריינגעדריב־גען טיפער, מיט וואַרעמקייט און עקסטאַז, ביז ער איז צוגעקומען צום שורש.

עס איז געווען מיין אייגענער ניגון, מיין אייגן שטעטעלע הרובישאָוו — אין מאה־שערים־קוואַר־טאַל פון ירושלים...

אויך מיסיס פאָקס האָט זיך זייער וואַרעם אויס־געדריקט:

— מיר געפעלט דאָ אַלץ! יעדער ווינקל איז פּאַר מיר שיין! איך האָף, אַליין צו קאָנען געניסן פון דער דאָזיקער שיינקייט און מאַכן ישראל פּאַר מיין היים.

מיר האָבן זיי געזעגנט מיט אַ האַרציקן צאתכם לשלום, און אָנגענומען די ווערטער פון מיסיס פּאַקס ווי אַ העפלעכקייטס־אויסדרוק. ס׳האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן זיך איבער־צייגט, אז דאָס זענען דברים היוצאים מן הלב.

ווי שטאָלצע יידן וואָס זענען באַצויבערט געוואָרן פונעם ישראלדיקן אויפבוי־ווערק האָבן זיי מער נישט געקענט בלייבן פון דערווייטנס און באַשלאָסן




צו רעאַליזירן זייער לעבנס חלום — זיך באַזעצן אין מדינת ישראל!

און אָט זעען מיר זיי ווידער אינעם לאַנד, אָבער שוין נישט ווי געסט, נאָר ווי עולים. פאַרלאָזט מיאַמי, זיך אָפּגעריסן פון אייגענע דריי דורות; קינדער אייניקלעך און דאָס ערשטע אור־אייניקל און געקומען להשתקע!

ערשט דאָ זייענדיק פון דער נאָענט הויבט זיך אָן זייער פילאַנטראָפּישע טעטיקייט.

דאָס ערשטע וואָס זיי האָבן געטון אַלס עולים איז זייער אימפּאָזאַנט. מיט זייער הילף און פאַר זייער געלט זענען אויסגעבויט געוואָרן עטלעכע צימערן אין בית אבות אין חולון צום אָנדענק פון זייערס אַ בשותפותדיקע באָבע פון הרובי־שאָוו סימע פייפער ע״ה. אין דער חנוכת הבית פייערלעכקייטן פון בית אבות האָט אנטיילגענומען דער ראש העיר פון חולון ה׳ פּנחס אילון, פאַרשטייער פון ועד הפועל פון הסתדרות, פאַרבעטענע עסקנים, פערזענלעכקייטן און אַ גרויסער עולם פון חולונער תושבים.

אברהם און מאַטילדאַ פאַקס שטאַמען פון דער זעלבער משפחה. דער אָנדענק פון זייער באָבע סימע פייפער איז פאַר זיי זייער טייער, נישט נאָר דערפאַר וואָס זי איז געווען זייער באָבע, נאָר אויך דערפאַר וואָס זי איז געווען די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייט אין זייער געבוירן־שטאָט הרוביע־שאָוו. דאָס איז געווען אַ זעלטענע פרוי, וואָס איז געווען אַלע מאָל גרייט זיך צו טיילן מיט איר האָב און גוטס מיט אַנדערע בני עיר, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. דעריבער האָבן מיסטער און מיסיס פּאַקס באַשלאָסן אויפצושטעלן אַן אייביקן דענקמאָל פאַר איר כבוד וועגן, און פאַרהייליקן איר נאָמען אין מדינת ישראל.

און ווי זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל: „דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון בוימעלע״. אויך מיסטער און מיסיס פּאַקס זענען די זעלבע נאַטורן. תמיד גרייט צו העלפן אַ מענטשן. און נישט נאָר איצט, ווען זיי קענען זיך דערלויבן אויף פילאַנטראָפּיע, נאָר אפילו אינעם קליינעם אָרעמען שטעטל אין דער אַלטער היים האָבן זיי דאָס אויך געטאָן. ווען מיסיס פּאַקס, איז געפאָרן צו איר מאַן קיין אַמעריקע האָט זי זיך געטיילט מיט איר באַשרענקטן געלט און מיטגענומען מיט זיך אַ מוטער מיט 5 קינדער ביז דאַנציג, און צוזאַמען מיט זיי אָנגע־קומען קיין אַמעריקע.

אין פאַרלויף פון דער קורצער צייט וואָס מיסטער און מיסיס פּאַקס ווינען אין לאַנד איז זייער הויז געוואָרן דאָס הויז פון וואַרעמער הכנסת אורחים פאַר אַ ברייטער סביבה מענטשן. באַזונדערס שיינט זייער הויז מיט אַ צויבער שמייכל פאַר חברים און פריינד, וואָס קומען אויף אַ באַזוך פון אַמעריקע זיי זאָלן נאָכגיין זייערע וועגן...

# אַלפרעדאַ קאָרן / בוענאָס איירעס

**אַז** אַ ייד קומט דאָס ערשטע מאָל אין מדינת ישראל, איז ער אַ גאַסט. האָט ער שוין באַזוכט די מדינה דריי מאָל, איז ער היימיש. אָבער אַז אַ ייד איז שוין געווען 21 מאָל אינעם לאַנד — דאָס



זאָגט שוין עפּעס אויף מער קרובשאַפט צו ישראל.

מר אלפרעדא קאָרן פון בוענאָס איירעס באַזוכט איצט דאָס לאַנד צום 21-טן מאָל. ער האָט זיך פאַרליבט אין מדינת ישראל ממש פון ערשטן אויגנבליק. ווען ער איז דאָ געווען צום ערשטן מאָל אין 1949 האָט די יונגע מדינה געמאַכט אויף אים אַ קאָלאָסאַלן רושם. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער געפינט זיך אין אַ יידיש לאַנד. זינט דעמאָלט איז ער פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט מדינת ישראל.

אלפרעדאַ קאָרן שטאַמט פון בוקאָווינע. רעדט איר מיט אים, דערשפּירט איר דעם תלמיד חכם, דעם פרנסה. ער האָט באַדויערט, וואָס ער איז אהערגע-

אַלטן קוואַל. פאַר אים איז מדינת ישראל נישט-נאָר יידיש לאַנד, נייערט אויך אַ גייסטיקער אָנלען פאַרן יידישן פאָלקס-קיום.

זינט ער איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער ישראל-אַרגענטינער האַנדלס-קאַמער, טראַגט ער זיך אַרום מיט נייע פּלענער, ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן די האַנדלס-באַציאונגען צווישן ביידע לענדער.

— מ׳דאַרף עפענען דעם וועג פאַר אַ ברייטן האַנדל צווישן ביידע מדינות — זאָגט אונדז מר קאָרן. און פון זיינע אַנטשלאָסענע רייד פילט מען, אַז ער וועט נישט שפּאָרן קיין מי און ארבעט פאַר אָט זיין דאָזיקער שטרעבונג.

ער האָט מיט זיינע באַזוכן שוין באַוויזן עפּעס אויפצוטאָן. קודם כל האָט ער געגרינדעט אין תל-אביב די „בנק לחרושת ולמסחר", אַ זייער נוצ-לעכע און סאָלידע האַנדלס-אינסטיטוציע, וואָס איז זייער וויכטיק פאַרן ווירטשאַפטלעכן לעבן אין ישראל. מר. אלפרעדאַ קאָרן איז טאַקע דער פּרע-זידענט פון דער באַנק, און אונטער זיין אָנפירונג האָט זיך די באַנק אנטוויקלט און געעפנט נאָך אַ סניף אין תל אביב.

מר קאָרן האָט אַ דורכדרינגלעכן בליק צו אָב-סערווירן פאַקטן און רעאַל צו זען די אנטוויקלונג פונעם לאַנד. אַלס אָבסערוואַציע-אָביעקט האָט ער ליב צו נעמען דעם יחיד. — דורך דעם יחיד איז לייכט צו זען דעם רבים. און אָט איז אַן עפּיזאָד, וואָס ער דערציילט אונדז:

„ערב מיין באַזוך אין 1949, האָט מיך אַן אַרגענ-טינער פריינט געבעטן באַזוכן זיינעם אַ קרוב. אַ נייעם עולה, וועמען איך האָב געפונען אין דער געגנט פון ראשון לציון.

„כ׳האָב דעם מאַן געטראָפן גראַד, דאַן ווען ער איז געווען פאַרנומען מיט שלעפן שטיינער און פלאַסטערן אַ וועג צו זיין דירה, אַ ביסל זיך צע-רעדט — האָט דער נייער עולה פאַר מיר זיך באַ-קלאָגט, אַז ער האָט נישט קיין אַרבעט און קיין זאַפטיקן יידן, וואָס שעפּט נאָך זיין יניקה פונעם קומען. ס׳איז אים שלעכט און ביטער! און ער האָט

טראגיש צוגעגבן, — אפשר נאָך ביטערער, ווי ס'איז אים געווען אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן.

„כ'בין אַוועק פון דעם יידן מיט אַ שווערן האַרצן. זיין שלעכטע שטימונג האָט אויף מיר געווירקט און כ'האָב באַשלאָסן אים נישט צו פאַרגעסן און זיך אינטערעסירן מיט זיין גורל.

„אין אַ האַלב יאָר אַרום, ווען כ'בין ווידער געווען אין לאַנד, האָט מיך געצויגן צו דעם יידן. כ'בין ווידער אַוועק אין דעם שיכון אין ראשון לציון. כ'האָב דעם יידן שוין געטראָפן אַ מער צופרידענעם. ער האָט שוין מער נישט באַדויערט, וואָס ער איז געקומען אין לאַנד אריין, אָבער איינגעאָרדנט איז ער נאָך נישט געווען.

זייענדיק אין ישראל אין אַ יאָר אַרום — בין איך ווידער אַוועק צו דעם יידן. אָבער כ'האָב אים שוין דאָרטן נישט געטראָפן. דער ייד האָט זיך דערוווסט, אַז כ'האָב אים געזוכט — האָט ער מיך אָפּגעזוכט, געקומען צו מיר אין האָטעל און מיך מיטגענומען צו זיך.

די געגנט איז שוין געווען אנטוויקלט און פינאַנ-דערגעבויט — נישט צו דערקענען — געפלאָס-טערטע כבישים און גוטע טראָטואַרן. דער ייד האָט שוין געוווינט אין אַ שיין הויז מיט אַ גרויסן לול. ער האָט מיך אויפגענומען ווי אַ יוסטער בעל הבית, און מיר אָפּנהאַרציק דערציילט, אַז עס איז אים קיינמאָל נישט אַזוי גוט געווען, ווי דאָ אין ישראל".

אָט אַזוי זעט מר קאָרן אונדזער לאַנד. דער נייער עולה, מוז דורכמאַכן די חבלי לידה, אָבער ווען ער דערפילט דעם באָדן שטאַרקער אונטער זיינע פיס, ווייסט ער ווי אָפּצושאַצן די אייגענע היים.

מיר שטעלן דעם חשובן עסקן עטלעכע פראַגן:

צי זענען די אַרגענטינער יידן צוגעבונדן צו ישראל?

— די אַרגענטינער יידן פילן, אַז זייער שורש שטעקט אין מדינת ישראל. דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון מדינת ישראל. דער רוב יידישע קינדער באַזוכן יידיש-העברעישע שולן.

— וואָס האָט געמאַכט אויף אייך דעם שטאַרקסטן איינדרוק?

— די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג פון לאַנד! בעת כ'בין געווען פאַרבעטן אויף אַן אָוונט-ברויט צום אַרגענטינער אמבאַסאַדאָר ד"ר גארסואַ ארואָס — האָבן מיר ברייט גערעדט וועגן די ווירטשאַפט-לעכע דערגרייכונגען פון ישראל. דער אמבאַסאַדאָר איז געווען באַגייסטערט פון ישראלס לאַנדווירט-שאַפטלעכער אַנטוויקלונג און זיך אויסגעדרוקט, אַז „די אַרגענטינער דאַרפן אַהערקומען דאָ לער-נען...".

— ווי פילט איר זיך מיט אייער יידיש לשון אין לאַנד?

— כ'האָב דאָס געפיל, אַז יידיש שטייגט. אַלנ-פאַלס פיל איך זיך היימיש מיט יידיש, אומעטום ווו איך קום. אפילו אַ מיניסטער האָט מיט מיר אויך גערעדט יידיש.

— וואָס קענט איר דערציילן וועגן אייער אַרבעט לטובת מדינת ישראל?

— אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן איז צו ווייניק, כמעט נישט אנזעעוודיק איז אויך דאָס, וואָס עס האָבן געטאָן אַרגענטינער יידן. די ישראל-בירגער טוען דעם עיקר, דער ישראל-מענטש, דער ישראל-אַרבעטער טראָגט די גרעסטע לאַסט לטובת דער מדינה און בפרט פאַר דער עליה. די עולים, זענען פינקט אַזוי אונדזערע קרובים ווי אייערע. ווען, למשל, אין אַ דירה וווינען 5 פערזאָן און זיי נעמען צו זיך אריין נאָך 5 — איז דאָס די גרעסטע אַנ-שטרענגונג וואָס עס קאָן געבן. דאָס האָט איר געטאָן און טוט ווייטער, און דעריבער קאָנען מיר זיך נישט פאַרגלייכן מיט אייך.

— צי איז דאָ אַ מעגלעכקייט פאַר אַ גרעסערער עליה פון אַרגענטינע?

— איך זע גרויסע מעגלעכקייטן פאַר אַ פאַר-שטאַרקטער עליה פון אונדזער לאַנד. מיר האָבן שוין דאָ 30 אַרגענטינער קיבוצים. אויסער דעם דערציט אונדזער פאַרשפרייטע יידיש-העברעאישע שול-נעץ אַ טייערע יוגנט אינעם חלוצישן גייסט. דער אַרגענטינער יידישער ישוב איז איצט אמ-שטאַרקסטן פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט מדינת ישראל אין פאַרגלייך מיט אנדערע ישובים אין דער וועלט.

אלפערדאָ קאָרן איז דער גאַסט פון קרן היסוד און איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַ מאָלצייט דורכן האַנדלס-מיניסטער מר ספיר און דורך אַנדערע פּערזענלעכקייטן און אינסטיטוציעס. ער באַזוכט דאָס לאַנד צוויי מאָל אין יאָר, און מ'האַלט אים פאַר אַ האַלבן תושב...

# סאָל ווישניאַק / מעקסיקע-סיטי

סאָל ווישניאַק פאַרקערפּערט אַ גרויסאַרטיקן רוסישן יידן מיט אַ רעזערוואַר פאַרוואָרצלטער יידישקייט. אויף אַלע זיינע רייזעס האָט ער מיט־גענומען זיין מקורותדיקן באַגאַזש. קיין שום פאַר־



פרעמדונג האָט נישט אָנגערירט זיין שטאַמיקייט.

געבוירן אין אירקוטסק, טיף־רוסלאַנד מאַכט ער אַדורך די ערשטע וועלט־מלחמה אַלס פראָנט־סאָלדאַט. זיין אַטלעטיש געבויטער קערפּער און שטאַרקער גייסט טראָגן איבער אַלע מלחמה גרויזאַמקייטן, פון וועלכע ער האָט געליטן. נאָך דער מלחמה פלאַסטערט ער זיך אַ וועג אין דער ברייטער וועלט אַריין.

אַזוי וואַנדערט ער איבער לענדער און גרענעצן, אַזש ביז מאַנגאָליע אין וויטן כינע. געזען אַז עס איז נישט קיין תכלית צו בלייבן אין יענעם עק, שרייבט ער צו זיין ברודער סעם, און אין אָנהויב 1920 קומט ער אָן אין אַמעריקע.

דאַמאָלט איז נאָך אין מעקסיקע נישט געווען קיין יידישער ישוב. אין דער הויפּט־שטאָט האָבן געוווינט עטלעכע יידישע משפחות פון פראַנקרייך, וואָס האָבן זיך נישט אַרויסגעוויזן מיט קיין יידיש פּנים... זיין ברודער סעם ציט אים באַלד אַריין אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיי העלפן גרינדן דעם „יאַנג מען היברו אַסאָסיאיישן", פון וועלכן סאָל איז געווען דער ערשטער פינאַנץ־סעקרעטאַר.

ה׳ סאָל ווישניאַק האָט אויך געהאַט דעם כבוד, צו פראַווען זיין חתונה, ווי די ערשטע יידישע חתונה אין מעקסיקאַנער ישוב.

ווי אַ ליבהאָבער פון ספּאָרט גרינדעט ער אין מעקסיקע די ערשטע יידישע ספּאָרט אָרגאַניזאַציע „מכבי". ער איז דער לאַנגיאָריקער קאַסירער פון דער יידישער שול, יידישן צענטראַל-קאָמיטעט, „ייוו"אָ" און „אָרט". ער נעמט כל ימיו אָן אַקטיוון אַנטייל אין קולטור ארבעט פונעם ישוב.

אויך אין מדינת ישראל איז סאָל ווישניאַק נישט קיין פּנים חדשות. ער איז באַקאַנט און באַליבט פון זיין לאַנגיאָריקער טעטיקייט אין דער מעקסיקאַן־ישראלדיקער האַנדלס־קאַמער. זיינע באַזוכן אינעם לאַנד זיינען טאַקע פאַרבונדן מיט פאַרשטאַרקן און אויסברייטערן די קאָמערציאַנעלע און קולטורעלע פאַרבינדונגען צווישן מעקסיקע און ישראל.

ווי זעט היינט אויס דער יידישער ישוב אין מעקסיקע? — פרעגן מיר דעם חשובן גאַסט.

— היינט, זאָגט מר ווישטיאַק — איז אין מעקסיקע פאַראַן אַ געזונטער יידישער ישוב. מעקסיקאַנער יידן זאָרגן אויך פאַרן יידיש־נאַציאָנאַלן לעבן. מיר פילן מער די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו שאַפן פאַר די צוקונפטיקע דורות ווי פאַר זיך אַליין. מיר זענען פאַרבונדן און פאַרוואָרצלט מיט דער מעקסיקאַנער ערד און מעקסיקאַנער פאָלק. אויב מיר טאָן עפּעס — טאָן מיר עס פאַרן וווילפון דער גאַנצער באַפעלקערונג. מיר האָבן אויפגעבויט אַ פאָלקס־שול אויפן נאָמען פון „אַלבערט איינשטיין" פאַר די אָרעמע מעקסיקאַנער קינדער. מיר האָבן אויך אויסגעבויט אַ קליינעם שפּיטאָל פאַר אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע.

— מיט וואָס איז מעקסיקע ענלעך צו ישראל?

— מעקסיקע איז אַ לאַנד פון טוריסטיק. אויף פאַר ישראל איז נויטיק אַ גוט אַנטוויקלטע טוריס־טיק. כ'האַלט, אַז עס איז געוווּנטשן צו שאַפן אויף דעם געביט אַ גרעסערע פאַרבינדונג צווישן ביידע לענדער. דאָס וועט זיין נוצלעך פאַר קולטורעלע און אַלגעמייך פריינטלעכע באַציאונגען דאָס מעק־סיקאַנער פאָלק פאַרמאָגט אַ סך פאָלקס־מאָטיוון, וואָס זיינען ענלעך צו ישראלדיקע. ווען איך הער דאָ אייער געזאַנג דערמאָן איך זיך אין די מעקסי־קאַנישע פאָלקלאָריסטישע מעלאָדיעס. איך וויל ווערק האָט משפיע געווען אויף די געפילן פון די יידן וואָס וווינען אויסער די גרענעצן פון ישראל.

— אין וועלכע ווענן גייען אייערע קינדער ?

— אין יידישע ווענן ! זיי האָבן יידישע נשמות און טראַכטן מיט יידישע מחשבות.

— אייער מיינונג וועגן יידיש־לשון אין ישראל ?

— מען קאָן נישט אָפּמעקן יידיש, ווייל יידיש האַלט אונדז, און אין יידיש טרעפן מיר זיך אין דער גאַנצער וועלט. ווען מיר קענען נישט יידיש, וואָלטן מיר גאָר נישט געקענט שאַפן אַזאַ אָרגאַ־



פון רעכטס צו לינקס: סאל ווישניאַק, אברהם דיקענשטיין (פרעזידענט פון „אמפל") און הלל כהן, דירעקטאָר סון „סולל בונה"

נאָך צוגעבן, אַז דאָס מעקסיקאַנער פאָלק איז זייער פריינטלעך געשטימט צום ישראלדיקן פאָלק און צו איר רעגירונג. מיט דער זעלבער קעגנזייטיקער גוטער פריינטשאַפט באַגעגן איך זיך דאָ אויף טריט און שריט. די דאָזיקע געפילן געהערן צו מיינע שטאַרקסטע איינדרוקן פון ישראל.

— ווי זעט אויס ישראל אין אייערע אויגן ?

— קוקנדיק אויף ישראל מיט רעאַלע אויגן, זע איך אַז פון דעם וואָס דער פשוטער ישראל־ייד צוזאַמען מיטן אינטעלעקטואַלן יידן האָבן אויפגע־טאָן מיט זייערע הענט און אינטעליגענץ, — קאָנען די פעלקער, וואָס האָבן צוגעהאָלפן צו איר זעלבסט־שטענדיקייט זיין שטאָלץ. דאָס דאָזיקע גרויסע ניזירטן ישוב אין מעקסיקע. יידיש האָט אונדז צו־זאַמענגעבונדן ! כל זמן מיר זיינען אַ פאָלק מיט אַ ריכטיקער שפּראַך דאַרף יעדער ייד קענען יידיש. אמת מיר מוזן לערנען עברית, ווייל דאָס איז די אָפיציעלע שפּראַך פון מדינת ישראל. ביי אונדז אין מעקסיקע לערנען יידישע קינדער 5 שעה אין וואָך יידיש. רעזומירנדיק, וויל איך זאָגן, אַז יידיש דאַרף מען נישט אָפּשטיפן פון זיך, און עברית דאַרף מען לערנען.

אינעם ווייטערדיקן שמועס מיטן חשובן גאַסט אויף אַנדערע טעמעס — האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס שיינע געשטאַלט פון אַן איבערגעגעבענעם געזעל־שאַפטלעכן עסקן און גרויסן הומאַניסט.

# יעקב און סאָפיע דע מישקין / קאַראַקאַס

ר' יעקב מישקין — דאָס איז אַ געשטאַלט פון אַ שטאָלצן טענענבוים, אַ טיף פאַרוואָרצלטער אינעם יידישן און קולטורעלן לעבן. ער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ „יש", מיט אַ השפעה אויף זיין סביבה.



דער נוהג כבוד צו אים וואָס עס מערקט זיך אויף טריט און שריט מצד זיין פרוי, מאַכט אים נאָך מער מאַיעסטעטישער אין אייערע אויגן. אָבער ווען מאַדאַם סאָפיאַ דע מישקין וועלן מיר ערשט ריידן ביים סוף פונעם מאמר.

די משפחה מישקין וווינט אין קאַראַקאַס, אשר במדינת ווענעזועלאַ, זיי זיינען אָבער מיט דער גאַנצער נשמה פאַרבונדן מיט ירושלים.

ווען איר ווילט דעם געגוּיעם אַדרעס פון מר מישקין קאָנט איר באַקומען די זעלבע תשובה, ווי עס האָט באַקומען דער בערדיטשעווער חסיד:

אַ חסיד פון אַ קליין שטעטל איז אמאָל געפאָרן צום ערשטן מאָל צום רבין ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. ווען ער איז שוין געזעסן אויפן וואָגן, דערמאָנט ער זיך, אז ער האָט גאָר פאַרגעסן צו פרעגן, אויף וועלכער גאַס דער רבי וווינט, שפרינגט ער אַראָפּ פונעם וואָגן און לויפט צוריק אין בית המדרש אריין, פרעגן, וווּ דער רבי וווינט. ענטפערט אים אַן אַלטער בערדיטשעווער חסיד בזה הלשון: „אַז דו וועסט קומען אין שטאָט אריין, אין וועלכער גאַס דו וועסט זיך אָפּשטעלן — דאָרט וווינט דער רבי! דער רבי וווינט אין אַלע גאַסן!"...

דאָס זעלביקע קאָן מען זאָגן אויף מר יעקב מישקין ער וווינט אויף אַלע יידישע גאַסן, און האָט ליב בלב ובנפש מדינת ישראל. מיר דוכט זיך, ווען מען פרעגט ר' יעקב מישקין, דעם תלמיד־חכם פון דרעטשין צי אַ ייד דאַרף מקיים זיין אַלע תרי"ג מצוות, וואָלט ער געענטפערט: — „לאוו דוקא!" אָבער ווען מ'פרעגט אים אַ שאלה, צי אַ ייד דאַרף מקיים זיין מצוות ישוב ארץ ישראל, וואָלט ער אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און געפסק'נט „אויב אַ ייד קען נישט בעוונותינו הרבים זיך באַזעצן אין ישראל, זאָל ער כאָטש קומען באַזוכן ישראל, זען מיט זיינע אייגענע אויגן די יידישע מדינה".

ס'קען זיין, אַז דער דאָזיקער אימפּולס האָט שוין מיט פיל יאָרן צוריק אים געצויגן קיין ישראל, דעריבער האָט ער זיין ערשטן באַזוך אינעם הייליקן לאַנד געמאַכט נאָך בימי המאנדאט, אין 1934.

אין ישראל פילט זיך מר מישקין ווי אין זיין היים. מיט דער יידישער מדינה איז ער תמיד פאַרבונדן. דאָ טרעפט ער די שארית הפליטה פון זיין שטעטל. דאָ שווימען אויף זכרונות פון דער אַלטער־היים, — כ'בין איבעראַשט און דערפרייט פון דער ווונדער־שיינעם אנטוויקלונג פון מדינת ישראל — רופט ער אויס אַ באַגייסטערטער.

אַ גרויסן רושם מאַכט אויף אים דער כסדר'דיקער אנטוויקלונגס־פּראָצעס, וועלכן ער דערקענט פון מאָל צו מאָל בעת זיין באַזוך אינעם לאַנד.

מר מישקין טוט זיך זיינס — העלפט בויען אינסטיטוציעס, גרינדעט פאַר זיין געלט אַ גמילות־חסדים־קאַסע פאַר זיינע דרעטשינער לאַנדסלייט — און סתם אַ היימישן יידן, וואָס דאַרף אַ דירה, אַ שיכון — קאָן מען דען אַפּזאָגן? און ווי קאָן מען דען פאַרגעסן ישיבות ווען זיי זענען אפילו אין אַמעריקע?

אבסערווירנדיק די טעטיקייט פון ר׳ יעקב מיש-
קין, בעת זיין צוויי חדשימדיקן באַזוך אין ישראל
— זענען מיר איבערצייגט, אַז ער איז אויך היינט
צו טאָג אַ מתמיד, אַ גוטער לערנער. וואָס, מיינט
איר איז דער אונטערשייד פון אַ גוטן לערנער ביז אַ
שלעכטן? אַ שלעכטער לערנער ציילט, וויפל בלעט-
לעך גמרא ער האָט שוין אָפּגעלערנט — אַ גוטער,
וויפל ער האָט נאָך צו לערנען.

רעדט איר מיט פריינד מישקין, קאָנט איר ביי



סעניאָרא סאָפיע דע מישקין

אים קיין וואָרט נישט ארויסבאַקומען וועגן זיינע
מעשים טובים, וואָס ער האָט שוין אָפּגעטאָן. פאַר
אים איז וויכטיק, וואָס ער דאַרף ערשט טאָן!

מיר דאָ אין ישראל (לאָמיר אויך אריינרעכנען
אונדזער פריינט פנחס אילון, דער ראש העיר פון
חולון) האָבן אויפגענומען די מישקינס ווי אייגענע
ווי נאָענטע, זיי טוען דאָס אַלץ על מנת שלא לקבל
פרס. זיי בויען דאָך נישט נאָר מיט קאַלטע ציגל,
נייערט אויך מיט וואַרעמע הערצער, און היטן
שטאַרק אָפּ די סיסטעם פון מתן-בסתר.

וויזט אויס, אז די מישקינס זיינען גערעכט, ווייל
„מתן בסתר" רופט נישט ארויס קיין קנאה ושנאה
ביי יידן, ביי „נישט פארגינערס". אָבער נישט אַלץ
קאָן אָפּגעטון ווערן פארבארגענערהייט, איבערהויפּט
ווען עס האַנדלט זיך אין עפנטלעכע אינסטיטוציעס,
מיר מיינען דאָ די קינדערהיים אין חולון.

איינע פון די גרעסטע פארדינסטן פון פרוי סאָפיאַ
דע מישקין איז דאָס העלפן אויסבויען אַ קינדער-
היים אין חולון. די געלטער זענען טאַקע געשאַפן
געוואָרן דורך די „וויצאָ"-פרויען פון קאַראַקאַס,
אָבער די ערשטע באַדייטנדיקע סומע האָט געגעבן
די איידעלע פרוי סאָפיע דע מישקין, מיט א צולאָג
פון אַ סך מי און ארבעט פאַר דער אונטערנעמונג.

און כאָטש מדינת ישראל פאַרבליפט מיט איר
שיינקייט און דינאַמישער אַנטוויקלונג — איז אָבער
אינעם לאַנד נאָך פאַראַן אַ סך נויט. יידישע מאַמעס
מוזן גיין ארבעטן און צוהעלפן די פרנסה. אָבער ווו
לאָזט מען איבער די קליינע קינדערלעך?

דאָס האָט געפילט פרוי מישקין בעת אירע פרי-
ערדיקע באַזוכן אינעם לאַנד. די אידעע צו העלפן
אויף אַ פּראַקטישן אופן די יידישע מאַמעס האָט גע-
צייטיקט אין איר געדאַנק און פול מיט גלויבן האָט
זי זיך גענומען צו דער אַרבעט.

פרוי סאָפיא דע מישקין איז א געבוירענע אין
סלאָנים. זי שטאַמט אָפּ פון אַ חסידיש-רבנישער
משפּחה. פון אירע עלטערנס הויז האָט זי מיטגע-
נומען אַן אוצר פון גוטע יידישע מידות. בשעת
איר פריערדיקן וויזיט אין ישראל אין יאָר 1955
האָט זי איבערגעגעבן אַ גרעסערע געלט-סומע פאַר
אַ בית יתומים אין ירושלים און זי האָט אויך גע-
גרינדעט אַ גמילות חסדים-קאַסע פאַר אירע סלאָ-
נימער לאַנדסלייט.

— זאָגט אונדז, פרוי מישקין, וואָס האָט אייך
באַוויגן אונטערצונעמען אַזאַ ארבעט, ווי זאָרגן
פאַרן אויפבויען די קינדער-היים?

— „ווען כ'בין געווען אין ישראל מיט דריי
יאָר צוריק זענען מיר געפעלן געוואָרן אַ סך ניי-
אויסגעבויטע אינסטיטוציעס, אָבער פון קאַראַקאַס
אָדער ווענעזועלא איז דאָ גאָר נישט געווען. בין
איך געווען אייפערזיכטיק אויף די צפון-אמעריקאַ-
נער און קאַנאַדער פרויען. אהיימקומענדיק האָב איך
צוזאַמען מיט אנדערע פרויען פון „וויצאָ" גענומען
מאַכן אינטענסיווע צוגרייטונגען פאַר אַ גרויסער
זאַמל-אַקציע. דער ציל איז געווען אויפצובויען אַ
גרעסערע קינדער-היים — אַ געשאַנק פון וויצאָ אין
ווענעזועלאַ.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אַז מען נעמט זיך
אונטער, העלפט גאָט! 30.000 דאָלאַר האָבן מיר
געמאַכט מיט איין קלאַפּ אויפן פורים-באַל, וואָס
מיר האָבן איינגעאָרדנט מיט פאַרשיידענע אטראַק-

ציעס. דאָס איבעריקע האָבן מיר געשאַפן דורך פאַרשיידענע לאָטעריעס. בעת מיר זענען צוגע-טראָטן צו בויען האָבן מיר שוין געהאַט אין דער קאַסע די נויטיקע 45.000 דאָלאַר, צו באַצאָלן פאַרן בנין. און ווי פאַרשטייט איר? צי קאָן מען דען אריינלאָזן יידישע קינדערלעך אין אַ ליידיק הויז?

האָבן מיר וויצאָ-פרויען פון קאַראַקאַס, ווידער גענומען אויף זיך א התחייבות צו שאַפן נאָך 10 טויזנט דאָלאַר פאַר דער אינערלעכער איינריכטונג פונעם הויז. — מיר האָבן באמת געוואָלט העלפן און במשך פון אַ קורצער צייט דאָס געלט געשאַפן.

„איצט זיץ איך שוין דאָ צוויי חדשים ביים ים-ברעג אין הרצליה און גיי יעדן טאָג צו מיין אַרבעט. כ'האָב מיט אייגענע הענט איינגעקויפט אַלע מעבל און איינריכטונגען פאַר אונדזער קינדער־היים אין חולון. איינגעקויפט פון א פרידזשידער ביז אַ מזוזה.

120 קינדערלעך אַנהויבנדיק פון עלטער פון איין יאָר, קינדער פון ארבעטנדיקע מוטערס, ווערן אויס-געהאלטן אין דער דאָזיקער קינדערהיים.

האָב איך אַ טראַכט געטאָן — ס'איז כדאי צו גיין אויפן חנוכת הבית פון א היים פאר יידישע קינדער-לעך. ווען כ'בין אריין אין איבערפולטן זאַל בין איך מיטגעריסן געוואָרן מיט דער שימחה. די דערעפנונג האָט זיך אָנגעהויבן, רעדנער האָבן גערעדט, אָבער ביים עולם האָט זיך געפילט עפּעס א שפּאַנונג, דאָס איז געווען די דערוואַרטונג צו זען די גרינדערין פון דעם אנשטאַלט „די יידישע מאַמע פון קאַראַקאַס"׳, ווי זי האָט זיך שוי באַוויזן קונה שם צו זיין, די ענערגישע פרוי, וואָס איז דער אימפּעט, די טרייב-



פרוי סאפיע דע מישקין אין דער קינדער־היים אין חולון

קראַפט אין אויפבוי פון דער קינדער-היים. און ווען די פאַרזיצערין האָט פאַרגעשטעלט פרוי סאָפיאַ דע מישקין האָט אַ דונער געטאָן מיט אפּלאַדיסטאַ-מענטן.

די רעדנערין האָט זיך עטלעכע מאָל פאַרנויגט. זי האָט געמוזט אַ ווײַלע וואַרטן. באַלד האָט זי אָנגעהויבן שטיל, אָבער וואָס ווייטער האָט איר שטימע זיך דערוואַרעמט, געוואָרן לויטערער און זיכערער און אירע ווערטער האָבן גערעדט צום הארצן: מיר ברענגען דאָ אַ פראַגמענט פון איר רעדע:

„היינט איז ביי מיר דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן. כ'שעץ מיך גליקלעך, וואָס כ'האָב דער-

לעבט צו באַזוכן דאָס צווייטע מאָל אונדזער ליבֿ לאַנד — ישראל. איך באַגריס אייך אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון אַלע וועלעזוועלער פרויען, וועלכע האָבן געגומען אַן אַקטיוון אַנטייל און דערמעגלעכט צו רעאַליזירן די שיינע אידעע פון אויסבויען די פּרעכטיקע קינדער-היים, וואָס איר חנוכת הבית מיר פייערן היינט, אין דער זאַמד-שטאָט חולון, וואָס נעמט אַריין אַ גרויסע צאָל פון דער שארית הפליטה. מיר וועלעזוועלער פרויען האָבן דאָס געטאָן פאַר די יידישע מוטערס, זיי זאָלן האָבן ווו איבערצולאָזן זייערע קינדערלעך בעת זיי גייען צו דער אַרבעט. מיין האַרץ איז פול מיט פרייד, עס טוט מיר נאָר לייד, וואָס מיינע מיטהעלפּערינס און שפּענדערינס פון קאַראַקאַס זענען נישטאָ איצט מיט מיר, כדי זיי זאָלן אויך האָבן אַ נחת-רוח און פרייד צו זיין מיט אונדז צוזאַמען".

„איך ווינטש, אַז אין דעם אַנשטאַלט זאָלן דער-צויגן ווערן הונדערטער און טויזנטער קינדער אין זיי זאָלן אויסוואַקסן אין אַ געזונטן יונגן דור, וועלכער וועט זיין אונדזער בוי-קראַפט און שוץ-וואַנט, אונדזער שטאָלץ און צוקונפט פאַר עם ישראל און מדינת ישראל. נעמט צו מיינע האַרציקע ברכות"!

און איך האָב פּלוצים דערזען, ווי אַ שנירל גלאַנציקע טרערן האָבן זיך אַ קאַלער געטאָן אויף די באַקן פון דער „מאַמע פון קאַראַקאַס". כ'בין אויפגעשטאַנען פון מיין פּלאַץ, צוגעגאַנגען צו דער רעדנערין נעענטער, ווי כ'וואָלט פון דער ווייטנס דערקענט עפּעס אַ באַקאַנט פּנים, וואָס שפּיגלט זיך אין די הייס-געבוירענע טרערן. כ'האָב פאַר-געסן, וויפל ס'קאָסט דאָס הויז און וויפל עס קאָסט די איינריכטונג, פאַרגעסן, וואָס עס האָט געזאָגט דער ראש העיר און אַלע אַנדערע גוטע לייט און זיך געשפּיגלט, אין דער מאַמעס פייכטע אויגן.

און אָט דערזע איך ווי פון דער ערשטער טרער שיינט אויף דאָס פּנים פון אַ קליין בלאָנד מיידעלע, וואָס טאַנצט די ערשטע אַרויס און ציט מיט זיך מיט אַ גאַנצע שנור יידישע קינדערלעך אין אַ קאַראַהאַד-טאַנץ. זיי פּאַטשן מיט די הענטעלעך און קלאַפּן צו מיט די פיסלעך צום טאַקט: „האָפּ! האָפּ! מיר זענען אויך דאָ ביי דער שמחה! די מאַמעס טרערן האָבן אונדז אַרויסגערופן! אַ מינוט איז שטיל אין זאַל. מיר דוכט זיך ווי איך הער עפּעס אַזאַ באַהאַלטענעם ניגון, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס. דער ניגון פאַרוואַנדלט זיך אין ווערטער, וואָס אַמאָל פאַר מיר העכער און דייטלעכער. איך זע ווי די קינדערלעך לייגן אַוועק אַ בלומען קראַנץ אויפן רעדנער-טיש און אַ לאַנגע ווייסע באַנד איז באַשריבן מיט יידישע אותיות אין מאַמע-לשון:

„מיר יידישע קינדערלעך פון סלאָנים, דער-שטיקטע און פאַרגאַזטע אין טרעבלינקע און מיידא-נעק, זענען געקומען זאָגן מזל טוב די קינדערלעך פון ישראל, מיר זאָלן שוין האָבן אָפּגעקומען פאַר זיי און פאַר אַלע דורות. געדענקט אונדז ברידערלעך און שוועסטערלעך פון חולון! תתחדשו!"



ווער ווייסט, ווי לאַנג די דאַזיקע לענטעס וואָלטן זיך נאָך געצויגן פאַר מיינע אויגן. איבערגעריסן מיין זעאונג האָבן פריידיקע אויסגעשרייען פונעם עולם, וואָס האָבן אפּלאָדירט דער רעדנערין, ביים שלוס פון איר רעדע מיט א „יחי!", זאָל לעבן פרוי מישקין, „זאָלן לעבן די וויצאָ-טוערינס פון קאַראַ-קאַס!" באַלד האָב איך זיך ארומגעקוקט און פאַר-שטאַנען, אַז מיין זעאונג איז גאַר נישט געווען אַזוי אויסטערליש. אויך ביי אַ סך פון עולם זענען גע-שטאַנען טרערן אין די אויגן, זעט אויס אז דאָס איז א שימחה, געמישט מיט טרערן.



זינט דאַמאָלט ווען נאָר כ'בין אין חולון נאָענט ביי דער קינדערהיים פון „וויצאָ" דערמאָן איך זיך אין ר' יעקב און סאָפיע דע מישקין, און אַ געדאַנק שווימט אויף:

וואָס מען קאָן אַלץ מיט מסירת נפש שאַפן?

און ס'איז קיין צווייפל נישט, אַז כאָטש ס'זענען פאַראַן אין קאַראַקאַס פיינע יידישע פרויען, וואָס זשאַלעווען נישט קיין געלט — אָבער פון דעם אַלעם וואָלט גאָר נישט אַרויסגעקומען, ווען נישט די מסירות נפשדיקע איבערגעגעבנקייט פון מאַדאַם סאָפיאַ דע מישקין, וואָלט דאָס הויז, די היים פאַר יידישע קינדערלעך אין חולון נישט אויפגעבויט געוואָרן! דאָס איז די איינציקע סאָציאַלע אינסטי-טוציע, וואָס איז דורכן קאַראַקאַסער יידישן ישוב אויסגעבויט געוואָרן אין ישראל. דער דאַנק און ברכה פאַרן אויסבויען די קינדער-היים קומט בראש וראשונה פרוי סאָפיע דע מישקין!

# אברהם דיקענשטיין / ניו יאָרק

ווען כ'בין געזיצן ביים גרויסן שרייב-טיש אין אברהם דיקענשטיינס קאַבינעט, האָב איך זיך דער-מאָנט דעם זאָג פונעם ערשטן תל אביבער בירגער-מייסטער מאיר דיזענגאָף — „בוי דיר אויס אַ שטאָט



וועסטו קענען ווערן בירגער-מייסטער".

אברהם דיקענשטיין, דער פרעזידענט פון „אַמפּל" האָט זיין אויפשטייג נישט דערגרייכט דורכן אי-בערנעמען אַ פאַרטיקע זאַך. ער איז נישט אַריינ-געקומען צום גרייטן. ער האָט די אינסטיטוציע אַליין אויסגעבויט. דאָס פעלד אַליין באַאַרבעט, געפלאַנצט און פאַרצווייגט, ביז ס'איז אַרויסגע-וואַקסן אַ גרויסער וואַלד מיט 40 טויזנט ביימער (אינוועסטאָרן). דאָס האָט פאַרנומען אַ פערטל-יאָרהונדערט, די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן. ערשט איצט די פרוכטן — ער איז דער פרעזידענט פון Ampal.

„אַמפּל" איז געוואָרן מער ווי אַ יידישע-פינאַנץ אינסטיטוציע. מען קאָן איר אין אַלע יידישע ישו-בים, און וועלכן באַנקיר איר וועט אָנרופן איר נאָמען, קאָן ער זי. אין דער פינאַנץ-וועלט איז גענוג אַז „מען קאָן אייך". דאָס אַליין מיינט שוין אַז איר שטייט פעסט אויף ביידע פוס. דאַמאָלס גיט מען אייך אומעטום קרעדיט. מען מאַכט מיט אייך געשעפטן און מען רעכנט זיך מיט אייער מיינונג. אברהם דיקענשטיין האָט זיין אינסטיטוציע דער-הויבן צום מצב, זי זאָל באַקומען צוטרוי פון דער פינאַנץ-וועלט. אפילו דאָס אַמעריקאַנער פינאַנץ-מיניסטעריום רעקאָמאַנדירט Ampal אַלס די זי-ךערסטע אינוועסטיציע-געזעלשאַפט, וואָס צאָלט רעגולער אירע דיווידענדעס.

און כאָטש היינט צו טאָג האָט זיך שוין די אינ-סטיטוציע אַנטוויקלט אין אַ ריזן-פאַרנעם, זעט מען נאָך בולט ווי „אַמפּל" און **אברהם דיקענשטיין** זענען אחד הוא.

אברהם דיקענשטיין האָט אויפגעבויט דעם „אַמ-פּל" לויט זיין אייגענער טעאָריע. מיט זיין איי-גענער איניציאַטיוו, איינפאַלן און וויזיעס. ער האָט אונטערגענומען פלענער אין שווערע צייטן, ווען אַלע חכמים ונבונים האָבן אים אָנגעזאָגט אַ דורכ-פאַל. ווער עס קען די געשיכטע פון „אַמפּל" פון אָנהויב אָן, מוז זיך אָפּשטעלן אויף דער דרייסט-קייט פון איר גרינדער.

ווי אַ שליח פון דער הסתדרות איז א. דיקענשטיין אַרויסגעפאָרן פון תל אביב אין אָקטאָבער 1941 קיין אַמעריקע. ווען ער איז אָנגעקומען קיין לאָס אַנדזשעלעס האָט אויפגעטרייסלט די ידיעה, אַז די יאַפּאַנער האָבן באָמבאַרדירט פּערל האַרבאָר. דער מל-חמה-פסיכאָז האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אַמעריקע. קיין שום אַמעריקאַנער האָט נישט געטראַכט וועגן גרינדן פינאַנץ-געזעלשאַפטן אָדער אינוועסטירן געלטער. אָבער דיקענשטיין האָט געהאַט דעם כוח זיך אַקעגנצושטעלן דער מלחמה-אַטמאָספער. ער האָט גענומען איבערצייגן די אַמעריקאַנער יידן, אַז דווקא אין דער צייט טאָר מען נישט פאַרגעסן צו שטיצן דעם יידישן ישוב אין ארץ ישראל, וואָס מוז זיך אויסברייטערן און אַנטוויקלען כדי איבער-צוטראָגן דעם לאַסט פון דער מלחמה-צייט. אין

זיינע פלענער האָט זיך דיקענשטיין פאַרגעשטעלט צו שאַפן אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר פאַר דער ווירטשאַפט אין ארץ ישראל. דאָס איז אין יענער צייט געווען כמעט אַ לעגענדאַרע געלט-סומע.

נאָך 21 יאָר טעטיקייט האָט היינט דער Ampal 40 טויזנט אינוועסטאָרן און באַזיצט אַ קאַפּיטאַל פון 450 מיליאָן דאָלאַר. ער צאָלט פּינקטלעך די דיווידענדעס און האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין רעאַלן צוגאַנג ביים פאַרווענדן זיינע קאַפּיטאַלן. „דיקענשטיין — ווייסט מען — מאַכט נישט קיין שלעכטע געשעפטן".

פאַר ישראל איז Ampal אַ גרויסע ברכה. מיט זיינע קאַפּיטאַלן האָט זיך אַנטוויקלט די ישראלישע שווער-אינדוסטריע. עס זענען געעפנט געוואָרן נייע נאַפט-קוואַלן. ס'האָט זיך אויסגעבויט דער האַנדלס-פלאָט. ס'איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דאָס ישראלדיקע באַנק-וועזן. „אמפל" האָט אויך געהאָלפן אַנטוויקלען די לאַנדווירטשאַפט און געגעבן בוי-געזעלשאַפטן גרויסע קרעדיטן אויף צו בויען הייזער פאַר נייע עולים.

אומדירעקט האָט „אמפל" אויפגעטאָן אַ נאָך גרעסערע זאַך. מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל האָט „אמפל" געעפנט אַ סך וועגן פאַר אַנדערע אינוועסטיציע-גרופּעס, וואָס ציען אַריין קאַפּיטאַלן אין לאַנד. אברהם דיקענשטיינס גרויסע הצלחה לאָקט ביזן היינטיקן טאָג יחידים און גרופּן צו גיין אין זיינע וועגן.

און די וועגן פון אברהם דיקענשטיין פירן תמיד צו פאַרשטאַרקן און פאַרפעסטיקן די ווירטשאַפט אין ישראל און בפרט די ארבעטער-ווירטשאַפט.

---

## עמא שייוועך / דעטראיט

ווען כ'בין געזיצן אין „אהל" און געהערט זינגען עמא שייוועך האָב איך אַ טראַכט געטאָן:



ווען עמא שייוועך וואָלט נישט געווען קיין מיליאָנערין און באַדאַרפט ציען פּרנסה פון איר געזאַנג — וואָלט די יידישע וועלט רייכער געווען מיט אַ באַרימטע יידיש-נאַציאָנאַלע זינגערין.

אָבער פּאָפּולער איז זי דאָך געוואָרן. מען קען זי אין אמעריקע און אין ישראל און דער עולם נעמט זי אויף מיט אַ סך וואַרעמקייט.

עמא שייווערס פּראָגראַם איז פאַרשידנאַרטיק. אַ מאָל זינגט זי פריילעכע לידער, און אַ מאָל טרויעריקע. אַ מאָל סענטימענטאַלע און אַ מאָל קינדער-לידער, אָבער אַלעמאָל זינגט-מיט איר נשמה. דאָס איז איר געווינס — אַ זינגענדיקע נשמה.

אירע לעצטע דריי קאָנצערטן אין ירושלים, תל-אביב און באר שבע זענען פאַרגעקומען ביי פולע הייזער.

אויפן ערשטן אָרט דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס ליד „דו", וועגן ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, און „פון ר' יהודה הלויס ים-לידער". דעם הויך-פּונקט דערגרייכט זי אָבער אין די יידישע לידער.

זי איז אַ זינגערין מיט קולטור און גוטן טעם. זעלטן-ווער עס לייגט אריין אזויפיל נשמה אין אַ ליד, ווי עמא שייווער.

עמא שייווער האָט אויך לעצטנס אויסגעבויט אין כפר חב"ד אַ גרויסן בנין אויפן נאָמען פון אירע עלטערן לאַזאַראָוו און אַ קינדער גאָרטן אויפן נאָמען פון איר זון יצחק.

# יוסף ראָזענזאַפט / ניו יאָרק

ווען דער ערשטער טאַנק האָט אויפגעבראָכן די טויערן און אן ענגלישער סאָלדאט האָט געשאָלט מיט אַ הילכער — „מענטשן איר זייט באפרייט!“ — איז יאָסל ראָזענזאַפט אַ לעבעדיקער ארויסגעשפּרונגען פון בערגן־בעלזענער לאַגער און געוואָלט זעען, ווי עס זעט אויס פרייהייט.

פון דער רעכטער זייט האָט ער געזעען, ווי ס'ליגט נאָך דער הויכער בארג מענטשן־שקאַלעטן, וואָס מ'האָט נישט באַוויזן צו פארברענען, און פון דער לינקער, האָט אַ כוואַליע שאַטנס אַ שוועב געטאָן צום טויער און אָנגעהויבן זעטיקן דעם לאַנגן הונגער מיט זעלנערישן ברויט.

שפּעטער האָט ער געזעען, ווי פון קנעכטשאַפט ביז פרייהייט איז אינגאַנצן אַ קאַצן־שפּרונג. פון הונגער ביז זעטיקייט דויערט נאָר עטלעכע מינוטן. אָבער פון א ווייַנענדיקע נשמה ביז א לאַכענדיקע, איז א מהלך פון מיליאָנען מייל...

יאָסל האָט געזעען, אז אינעם פיזישן הונגער וועט מען באַלד פארגעסן, אָבער דעם גייסטיקן הונגער קאָן מען נישט שטילן מיט א זעלנערישע לחמה. ער האָט פארשטאַנען, אַז אַ יידיש־פאַרוווּנדעטע נשמה וועט זיך נישט לאָזן אנרירן פון פרעמדע הענט. שווער, זייער שווער וועט זיין ארויסצורייסן דעם יאוש פון דער מחנה ניצול געוואָרענע. און טראָץ אַלעם האָט ער זיך אונטערגענומען צו פירן איבער דעם שווערן וועג.

ער האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל — „גיב כוח דעם פאָלק אָנצוהויבן אַ ניי לעבן!“ און אַזוי איז ער געבליבן שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט. אראָפּלאָזן די הענט האָט ער נישט געטאָרט, ווייל ס'איז געווען אין מיטן קאַמף פאַר אַ ניי לעבן. איז ער אַזוי געבליבן שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט ביז ער האָט די שארית הפליטה ארויסגעצויגן פון בערגן־בעלזן.

אין דעם באַשטייט טאַקע זיין גרויסער זכות ער איז געוואָרן דער פאַן-טרעגער פון אַ ניי לעבן, נאָך וועמען אַלע זענען נאָכגעגאַנגען. ער האָט אַלעמען דערוואַרעמט מיט זיין אָטעם און מיטגעריסן מיט זיין אימפּעט.

נישט באַוויזן זיך צו שטעלן אויף די פוס, הויבט זיך אָן דער קאַמף פון דער שארית הפליטה פאַר „עפנט די טויערן פון פאַלעסטינע!“. יאָסל שטעלט זיך אין דער שפּיץ פון דעם דאָזיקן פארצווייפלטן קאַמף. די ענגלענדער באַקעמפן אים, אָבער גלייכצייטיק שעצן זיי אים. פון בערגן־בעלזן שיקט ער הילף דער הגנה. ער שיקט מענטשן, געלט און מעדיקאַמענטן. ער נעמט צו די קאָצן פון די לאַגער־מענטשן און שיקט זיי די פרייהייטס־קעמפער אין ארץ ישראל.

ווען יאָסל דערשיינט אלס עדות פאַר דער „אמעריקאַניש-ענגלישער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע“, זאָגט ער קורץ:

— מיר אלע גיין קיין ארץ ישראל!“.

— און וואָס וועט זיין, ווען מ'וועט אייך נישט דערלויבן צו גיין? — פרעגט א שטייפער ענגלענדער פון דער קאָמיסיע.

— דאמאָלס — זאָגט יאָסל — וועלן מיר צוריקגיין קיין דאכאו, בוכענוואַלד און אוישוויץ, און די פאראנטוואָרטלעכקייט וועט פאַלן אויף אייך!

יאָסל געהערט נישט צו יענעם טיפּ יידישע

שתדלנים, וואָס שטייען ציטערדיקע ביי די טירן פון פּריצים, אויסצובעטן ישועות פאַר יידן. ער איז דער רעוואָלוציאָנער און קעמפער. ער בעט נישט נאָר פאָדערט. ער שמייכלט נישט, נאָר זאָגט מוסר־רייד, שליידערט דעם אמת אין פּנים אריין.

און זאָל דאָס בלייבן אַ סוד צווישן אונדז; אפילו בעווינען אליין, מיט וועמען ער האָט זיך אין יענע יאָרן געטראָפן פּנים אל פּנים, האָט ער אריינגעזאָגט אַ פּאָר שארפע ווערטער בשעת ער האָט פון אים ארויסבאַקומען דאָס לעבן פון 4 יידישע בחורים, וואָס זענען דורך אן ענגליש־מיליטערישן געריכט אין דער ענגלישער זאָנע פון דייטשלאַנד פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, פאַר אַ פּאָליטישן פארברעכן... דער האָזיקער היסטאָרישער אַרויסטריט זיינער — הערנדיק די פּרטים פון ערשטן מקור — האָט ביי מיר ארויסגערופן דעם איינדרוק פון אַ משה מאנטיפיאָרע-טיפּ.

יאָסל לעגיטימירט זיך קיינמאָל נישט מיט אַ ציוניסטישע לעגיטימאַציע, ער טראָגט זי קיינמאָל נישט אין קעשענע. אָבער ציון טראָגט ער אלעמאָל אין הארצן. ער האט געפירט די שארית הפליטה צום „עקזאָדוס" און דורך אנדערע וועגן און אומוועגן זיי געשיקט קיין ישראל. ער האָט אָבער נישט געמאַכט קיין שטילן קאָנטראַקט, מען זאל אים דערפאַר אנטאָן גאָלדענע עפּאלעטן, ווי ס'איז געוועזן דער מינהג ביי אַנדערע פירער פון דער ש.ה. פונעם מינכענער צענטראַל־קאָמיטעט. אָבער די שארית הפליטה האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אז ער איז זייער גרויסער מנהיג, און אים אריינגענומען אין זייערע הערצער און פאלקס־לעגענדע.

קדישת שארית הפליטה איז דער יסוד פון זיין אמונה. יאָסל האלט, אז אויפן בערגן־בעלזענער טרערן־באַרג רוט די שכינה. פון דאָרטן וועט די שכינה זיך קיינמאָל נישט אָפּטאָן. אין יעדן מיט אַן אויסגעקריצטן נומער אויף דער האנט, זעט ער אַ געקרייציקטן הייליקן. טיילמאָל ווערט אים קאַלאַמוטנע אויפן הארצן, זעענדיק ווי אין דער „אייגענער היים" — אין ישראל — ווערט די דאָזיקע הייליקייט באגעטעליזירט... אָבער יאָסל לערנט, אז מען טאָר די האָזיקע הייליקייט נישט פארשוועכן!. פּרוווט ווער די דאָזיקע הייליקייט אנצורירן, פארשוועכן — שפּרינגט ער אויף ווי אַ צערייצטער לייב און פארטיידיקט זי. אן אונטערשיד פון וועלכער זייט די פּראָפינאציע קומט; צי פון אן ענגלישן גענעראַל, אָדער פון אַ ישראל־זשורנאַליסט. יאָסל'ס נאָמען איז צו מיר דערגאנגען, ווען כ'בין געוועזן אין די.פּי.-לאַגער פערענוואַלד. אין יענע טעג האָט גענעראל מאָרגאָן, דער שעף פון אונר"א זיך אויסגעדרוקט אַז „די נאַציס האָבן אומגעבראַכט די גוטע יידן, און געלאָזט לעבן די שלעכטע". יאָסל האט דעמאלט אויפגעהויבן אַזאַ שטורעם, אז מען האָט דעם גענעראַל אראָפּגענומען פון פּאָסטן. דעם זעלבן ביטערן פּראָטעסט האָט ער אויך אויפגעהויבן קעגן דעם ישראל־זשורנאַליסט אורי קיסרי, ווען ער האָט דאָס זעלבע געשריבן מיט 15 יאָר שפּעטער אין ישראלדיקן „מעריב".

פון דאָ און דאָרט; פון צייטונגען און ביכער, פון זשורנאלן און פנקסים הויבט זיך אן צו שאַפן א גאַנצע ליטעראַטור וועגן יאָסל ראזענזאפט. אַ ליטעראטור אין עטלעכע שפּראַכן, וואָס יידן רעדן. אָבער דאָס אינטערעסאַנסטע איז דאָס, וואָס אט די ליטעראַטור דרינגט אריין אין פארשידענע פאָלקס שיכטן. דער ייד מיט דער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ לייענט וועגן יאָסלען, און געשריבענע מאמרים פון יאָסלען, מיטן נייגער, ווי פון זיין רבין, דעם גוטן יידן. דער פּראגרעסיווער און פרייער ייד האלט יאָסלען גאָר פאר זיינעם א לייבלעכן. ביי עמך איז ער אן אייגענער, אַ היימישער. און פארטייען? פרעגט יעדע פארטיי באזונדער, ווען זיי טענהנען כלו שלי!...

נאָך קיינמאָל האָב איך זיך נישט אזוי געוואַקלט מיט דער דעה ארויסצוזאָגן א מיינונג וועגן אַ מענטשן, ווי אין פאַל יאָסל. וואָס איז ער? — פרעג איך אָפּטמאָל זיך אליין — אַ מיליאָנער אָדער עמך־מענטש? אַ פּאָליטיקער, אָדער א סאָלדאַט? א לעב־קינד, אָדער א נסתר?

ווען כ'בין צוגעקומען גאָר נאָענט צו אים און פון א באהעלטעניש אריינגעקוקט דורך א שפּארונע אינעם היכל פון זיין נשמה — האָב איך געהאט אַ געפיל, אז ער איז גאָר א פארשטעלטער איוב, וואָס נאַרט אונדז אלעמען אָפּ מיטן גלאַנץ פון זיין שמייכל און עשירות, אין וועלכער ער לעבט. בשעת דער איבערפולטער זאל אויפן יערלעכן בעלזענער באנקעט האָט זיך געטובלט אין גלאַנץ, בלומען און וויין. ארום זענען געשטאַנען צענדליקער אין גאַלאַ־געקליידעטע באַדינער, און דער עולם

האָט פריילעך פאַרבראַכט, געווען אַביסל בגלופין פון די רייך־סערווירטע טישן — האָט זיך מיר גאָר אויסגעדאַכט, אַז יאָסל אַליין האַלט אינאיין איבערבונדן די נישט אויסגעהיילטע בעלזענער ווונדן... און וויזט אָפן, וואָס פאַרע אכזריות'ן די וועלט איז קעגן אים און זיין שטעטל בענדין באגאנגען!

דער חותם, וואָס ליגט אויף יאָסלס לעבן איז בערגן־בעלזן. ער לעבט צווישן אונדז ווי די גע־זעלשאפט און די צייט פאָדערט דאָס. ער נעמט אנטייל אין פאַרזאמלונגען און באנקעטן. פליט מיט עראָפּלאַנען פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט. ער צינדט נשמה־ליכטלעך, און הויבט אויף א פולן כוס ווייַן. ער קלאַפּט אייך גוט־ברודעריש אין פּלייצע, און רוימט אייך אייַן א גוטן וויץ אין אויער — אָבער ווי נאָר ער זאָל זיך נישט אויפפירן איז אלץ צוזאמענגעבונדן און צוזאמענגעוואָקסן מיט בערגן בעלזן!

אַלע אונדזערע פריינד און פיינט ראַטן אונדז צו פאַרגעסן. אָבער יאָסל איז דער אייזערנער ווילן, וואָס לאָזט נישט פאַרגעסן. ער איז דער מאַן וואָס האָט פון דער ערשטער רגע אַן נישט געלאָזט פאַר־געסן. ער האָט פאַראייביקט בערגן-בעלזן מיט יידי־שער קדושה. ער האָט געקעמפט און נישט דערלאָזט די וועלט זאָגן, אַז אין בערגן-בעלזן זענען אומגע־בראַכט געוואָרן „יידן-פאָליאַקן", „יידן-אונגאַרן". אין בעלזן האָט יאָסל געשטורעמט — זענען דער־מאָרדעט געוואָרן ריינע יידן, ריין ווי ס'איז געווען דאָס אומשולדיקע יידישע בלוט. מיט א פייער־דלוטע האָט ער אויסגעקריצט דעם „אם תשכח בלזן תשכח ימיני". פאַרגעס נישט! די דאָזיקע מלאכת הקודש וועט ער זיין גאנץ לעבן טאָן, ביי יעדער געלעגנ־הייט און אויף יעדן פלאַץ ווו ער קומט. ער טוט דאָס מיטן לעבעדיקן וואָרט און מיט זיין שארפע פעדער. דער אומרו פון זיין נשמה האָט שוין צענ־דליקער גוטע מאמרים אויף דער טעמע באשאפן. ער קען זיך גוט אויס אויפן „וועלט יושר". דעריבער איז זיין וואָרט מער געוואנדן צו אינעווייניק, צו אונדז, ווי אין דרויסן ארויס. אויסווייניק און בעלזן האָבן אין אים דערוועקט א באהאלטענעם כוח, און אַ טיפן גלויבן אין המשך יידיש־פאָלק. נישטאָ קיין מנהיג וואָס זאָל זיך אַזוי פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט זיין שאַרית הפליטה, ווי ס'איז יאָסל!

יאָסל וויל אויך צינדן רויט־פייערדיקע נשמה־פונקען אין די הערצער פון דער ישראל־יוגנט. ער הייסט פאַרזאַמלען די קינדער פון בערגן־בעלזענער און זיי דערציילן וועגן זייערע עלטערנס גהינום־וועג. אויף זיינע ליפּן ציטערט א תפילה — „מיר, אונדזער דור זאָל שוין האָבן אָפּגעקומען פאַר אלע דורות־ישראל", אָבער ער וויל, אַז אונדזערע קינדער זאָלן דערוועגן וויסן.

ער האָט באַשטימט סטיפּענדיעס פאַר ישראל-קינדער, געבוירענע ביי עלטערן אין בערגן בעלזן. ביי אַ סך פאַרזאַמלונגען, וואָס קומען פאָר אינעם לאָקאַל פון ארגון ברגן בלזן זעט מען יונגע קינדער, זיי מוזן וויסן די געשיכטע פון לעצטן חורבן. פאַר-שטייען דעם גיהנום-וועג וואָס זייערע עלטערן זענען אַדורכגעגאַנגען. זייערע אויגן מוזן לייענען די אויפשריפטן וואָס ווידמען אויף די ווענט „זכור אשר עשה לך עמלק". קינדער האָבן אַ גוטן זכרון, — וועלן נישט פאַרגעסן! צו דעם צילט יאָסל מיט זיינע נאָענטע מיטאַרבעטער פון ארגון.

יאָסל'ס גייסטיקע אכסניה געפינט זיך אין תל־אביב. מען רופט איר „ארגון שארית הפליטה מהאיזור הבריטי ברגן בלזן — בישראל". יאָסל איז דער אלוועלטלעכער פּרעזידענט פון די בערגן־בעלזענער קאַצעטלער. דער ארגון אין תל־אביב איז א מוסטער ארגאניזאַציע אין קולטורעלן און גייסטיקן זין. א סך מי האָט אויך צו דעם געגעבן דער פאַרזיצער רפאל אַלעווסקי, אַ בעלזענער.

ארום יאָסלען האָט זיך געשאפן א שיטה פון חסידיזם. חסידות האלט זיך אויף התלהבות, נשמה־פייער, ברען. ס'איז נישט קיין קונץ צו ווערן א פּאָליטישער פירער. פּאָליטיק איז פאַרבונדן מיט פאַרבלענדעניש, און אינעם אויספיר־עטאַפּ, ווען מ'באקומט מאַכט — מיט הערשן. מען מוז אָבער קענען צינדן פייערלעך אין מענטשלעכע הערצער כדי צו ווערן באליבט און פאָלקסטימלעך. ארום יאָסלען פאַרזאמלט מען זיך נישט ווייל ער איז שטאַרק, האָט מאַכט. ביי אים זוכט מען א דערליי־זונג צו נשמה־פיין. צו אים קומט מען מיט היי־מישקייט — צום רבינס טיש. ווען נאָר יאָסל קומט קיין ישראל האָט ער דעם גרעסטן עולם — בעל־זענער חסידים.

אַזוי געזען איז ער טאַקע דער סימבאָל פון קדישת שאַרית הפליטה אין אונדזער דור.

# הענרי ל. קימעלמאַן / ST. THOMAS, U.S. VIRGIN ISLANDS

מיט זיין בילדונג, ענערגיע און טאַלאַנט מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ „קליינעם קענעדי". מר. קימעלמאַן פאַרנעמט אַ אַנגעזעענע פּאָזיציע אין דער קענעדי-רעגירונג אַלס, עקאָנאָמישער מיניס-



טער אין דער קליינער אַמעריקאַנער קאָלאָניע ווירזשין-איילענס.

Mr. Henry L. Kimelman האָט קודם כל אַ יסודותדיקע בילדונג פון דריי אוניווערסיטעטן: פון דער New York University, School of Commerce, — Notre Dame University and Harvard Graduate School of Business Administration. ער איז אַ יינגער מענטש (געבוירן אין ניו יאָרק אין יאָר 1921), אָבער ער האָט שוין אַ גרויסע דערפאַרונג אין אדמיניסטראַטיוון לעבן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. פריער, ווי ער איז געוואָרן עקאָנאָמישער-מיניסטער אין Virgin Islands האָט ער פאַרנומען הויכע אַמטן אין אַ גאַנצע ריי גרויסע בענק אין די גרעסטע אַמעריקאַנער פירמעס. ער איז געוואָרן פיל מאָל אויסגעצייכנט פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער איז אויך דעקאָרירט מיט אַ מיליטערישער אויסצייכנונג, פון דער אַמעריקאַנער מאַרינע פון 46—1942.

דאָס איז אַ מענטש מיט אַ סך בילדונג, טאַלאַנט און וויסן. אַ מענטש פון דער צייט. אַ כאַראַקטער-טיפּ פון אַן אַמעריקאַנער, וואָס ווערט נישט פאַרשיכורט פון עולה לגדולה זיין, נאָר בלייבט דער איבערגעגעבענער דעמאָקראַט און באַציט זיך צו מענטשן מיט פריינדלעכקייט און איבערגעגעבנקייט. דערצו ווייזט ער נאָך אַרויס אַ סך סענטימענטן צו מדינת ישראל. מר. קימעלמאַן איז דערצויגן אין אַ דעמאָקראַטישע סביבה. זיינע איציקע חברים זענען אַנגעזעענע אַמעריקאַנער פּערזענלעכקייטן. דערפילנדיק די וואַרעמע אַטמאָספער מיט וועלכער ער איז אויפגענומען געוואָרן אין ישראל — האָט מר. קימעלמאַן, באַלד ביים אָנהויב פון אונדזער שמועס באַדויערט וואָס ער האָט ביז איצט נישט באַזוכט דאָס לאַנד.

מיט מר. קימעלמאַנס באַזוך האָבן זיך פאַראינטערעסירט פּראָמינענטע ישראל פּערזענלעכקייטן, און עקאָנאָמיסטן, וועלכע זענען אים געקומען באַגריסן. דער גאַסט האָט אויך דערמאָנט צום גוטן זיינע חברים און באַזונדערס גערעדט מיט ליבשאַפט וועגן Mr. Ralph M. Palewowsky, דעם גיבערנאַטאָר פון ווירזשין איסלאַנדס.

— זאָגט אונדז עפּעס וועגן ווירזשין איילענס?

U.S. Virgin Islands איז אַ קליינע קאָלאָניע ביים ברעג פון פּאַנאַמע-קאַנאַל, וואָס אַמעריקע האָט אַמאָל אָפּגעקויפט. די באַפעלקערונג איז אַ קליינע, אינגאַנצן 35 טויזנט, אָבער די טוריסטיק אַ גרויסע. עס קומען דאָרטן אַהין 300 טויזנט טוריסטן יערלעך. אַזאַ טוריסטיק ווינטש איך פון גאַנצן הארצן מדינת ישראל.

— וואָס פאַרע איינדרוק מאַכט אויף אייך דאָס לאַנד?

— ישראל איז פאַנטאַסטיש! דער פּראָגרעס, די דינאַמישקייט און דער קולטור-אויפשטייג האָבן מיך באַגייסטערט. נאָכן באַקענען זיך מיט אַ סך אַספּעקטן פון ישראלדיקן לעבן, האָט אויף מיר געמאַכט אַ רושם אייער שטרעבונג צו ווירטשאַפטלעכער זעלבסטשטענדיקייט. דער ישראל-מענטש האָט דעם שטאַרקן ווילן צו בויען דאָס לאַנד מיט זיין אייגענעם כוח.

מר קימעלמאַן איז דער פאַרזיצער פון די „באַנדס״ אין ווירזשין איילענס. זיין רעפּרעזענטאַטיווע געשטאַלט און רייכע דערפאַרונג פון געזעלשאַפטלעך קולטורעלער טעטיקייט זענען אַ ברכה פאַר יעדער אינסטיטוציע, וועלכע ער באַוויליגט צו רעפּרעזענטירן. דער באַזוך פון מיסטער און מיסיס קימעלמאַן אין לאַנד, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אימפּאָזאַנטער פייערלעכקייט. די חשובע געסט זענען אויפגענומען געוואָרן דורך רעגירונגס-מענטשן, פאַרשטייער פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פּראָפעסאָרן און אינטעלעקטואַלן.



**Left to right: Minister of Commerce & Industry Henry L. Kimelman; Associate Justice of the U.S. Supreme Court Arthur Goldberg, former Secretary of Labor-U.S. and Ralph M. Palewowsky, Governor for the U.S. Virgin Islands.**

# מאַריס נאַוויק / ניו יאָרק

מיר האָבן אים באַגעגנט אין ישראל, באַגלייטנדיק דעם גרויסן אַרבעטער-פירער דזשאַרדזש מיני.

אויב אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון דעמאָקראַטיע איז דזשאַרדזש מיני איר סימבאָל. זיין נאָמען קלינגט



ווייט אַרויס פונעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. נישט נאָר אין זיין געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע ליגט דער צויבער פון וואָרט, נאָר קודם כל אין זיין פּערזענלעכקייט. מיט זיין באַשיידנקייט און התנהגות מיט זיין הומאַניזם און גלויבן אינעם כבוד פון אַרבעטנדיקן מענטשן פּערזאָניפיצירט ער דאָס ספּעציפישע וואָס ציט צו דאָס אויער און האַרץ. ער געהערט צו די נעמען וואָס שיינען אויף ווי ליכטיקע שטערן. ביי מיר האָבן זיך איינגעקריצט די נעמען פון לאַ גוואַרדיאַ און דזשאַרדזש מיני ווי גאָלדענע רינגען אין דער יחוס-קייט פון דעם גרויסן פרייען לאַנד — אַמעריקע.

אָבער איך וויל דאָ דערציילן וועגן מיין צוזאַמענטרעף מיט דזשאָרדזש מיניס יידישן חבר מאָריס נאַוויק, אין תל אביב.

מר. נאַוויק איז דער ממונה איבער געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען פון דער א.פ.ל.-סי.איי.אָ. אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ מענטש מיט אַ סך וויסן, קולטור און רוטין. עס איז געווען אַ טאָג נאָך ראש השנה, און ווען כ'בין אַריינגעקומען אין מר. נאַוויקס צימער האָב איך געטראָפן אויפן טיש אַ טלית-זעקל מיט אַ טלית און מחזור. איך בין דערפון געוועזן אנגענעם איבעראַשט, און נישט ווילנדיק האָט זיך מיר אַרויסגערעדט:

— ס'האָט מיך טאַקע געוואונדערט, וואָס איר זענט נעכטן נישט געווען צוזאַמען מיט דזשאָרדזש מיני און דזשאַרדש העריסאָן ביי בן גוריונען אין שדה בוקר?

— איך בין געווען אין בית כנסת ביים דאַווענען

— ענטפערט מיר מר. נאַוויק אַנטשלאָסן. ס'איז דאָך עפעס ראש השנה...

מאָרים נאַוויק איז איינער פון די אַקטיוויסטע אַרבעטער-טוער אין אַמעריקע. זיינע פאַרדינסטן באַשטייען דערין, וואָס ער אַפעשירט זיך נישט, נאָר שטייט תמיד אין שאָטן. ביי אים זענען וויכטיק מעשים און נישט זייער עכאָ, וואָס זאָל אָפּקלינגען אין דער עפנטלעכקייט. באַגאַבט מיט אַ פיינעם קינסטלערישן געשמאַק פירט ער אויס ריין-ליטעראַרישע פונקציעס אַלס Radio Consultant אין ניו-יאָרקער ראַדיאָ און רעדאַגירט ספּעציעלע אוידיציעס. ווי די פון 38—1932 .W.E.V.D ,,פאַר-ווערטס-שעה" און די .WNYC אוידיציעס. (1938 1946). ער טראָגט מיט זיך אַ טראַדיציע פון 40 יאָר פרוכטבאַרער פּאָליטישער און קולטורעלער טעטיקייט. עס מוז דערמאָנט ווערן, אַז ער איז געווען פערזענליך באַפריינדעט מיט לאַ גוואַרדיען און אפילו אַנגעפירט מיט דער וואַל-קאַמפּאַניע ווען לאַ גוואַרדיאַ איז ,,געלאָפן" אַלס מעיר פון ניו יאָרק. פון 1938 ביז 1946 איז מר. נאַוויק דער דירעקטאָר פון ניו יאָרקער מעירס צוויי ראַדיאָ פּראָגראַמען, וואָס ווערן דורך אים קאָנטראָלירט.

זיין פריינדשאַפט און מיטאַרבעט מיטן איצטיקן פירער פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט מר. דזשאָרדש מיני דאַטירט זיך פון 1936, ווען זיי האָבן אָרגאַניזירט די דעמאָקראַטיש-פּאָליטישע פּאַרטיי פון ניו יאָרק. מר. נאַוויק איז דורכגענומען מיט אַ טיפן יראת הכבוד צו זיין חבר דזשאָרדזש מיני. ער לויבט זיין טעטיקייט פאַר דער הסתדרות אין

ישראל.

— דזשאָרדזש מיני — זאָגט מר. נאָוויק האָט זייער אַ סך געהאָלפן די הסתדרות אין ישראל. אין די יאָרן ווען די רעגירונג פון ישראל האָט באַדאַרפט האָבן פריינד אין די פלעצער וואָס קענען העלפן — איז ער געווען איינער פון די, וואָס האָט די פריינד-שאַפט פאַרבונדן.

— וואָס פאַרע איינדרוק האָט דאָס לאַנד געמאַכט אויפן גרויסן אַרבעטער-פירער ?

— מיר זענען געווען זייער צופרידן פונעם פאַקט וואָס עס עקסיסטירט דאָ אַ פרייע דעמאָקראַטישע אַרבעטער באַוועגונג. עס איז אים געפעלן געוואָרן דער אַפראָ-אַזיאַטישער-אינסטיטוט און די קולטור-הילף וואָס ישראל גיט די ניי-אַנטשטאַנענע לענ-



**THE PRESIDENT RECEIVES MR. GEORGE MEANY**
**From right to left: President Itzhak Ben Zvi, Mr. George Meany, President of the A.F.L.-C.I.O., Mrs. Golda Meir, Israeli Foreign Minister, Mr. Morris S. Novik, Director of Public Relations of A.F.I.-C.I.O. and Mr. Aaron Becker, General Secretary of the Histadruth.**

מאָריס נאָוויק באַגלייט דזשאָרדזש מיני ממש אויף טריט און שריט. ער עסט מיט אים צוזאַמען מיטיק און פאַרט מיט אים אויף קאָנפערענצן אין אַנדערע לענדער.

— ווי אַזוי איז צושטאַנדגעקומען דער באַזוך פון דזשאָרדזש מיני אין ישראל ?

— פון 1955 — זאָגט מר. נאָוויק האָבן מיר דערוועגן גערעדט און געטראַכט „ווען פאָרן מיר ?". איך קאָן אייך זאָגן. אַז פון אָט דער צייט אָן האָט דזשאָרדזש מיני נישט פאַרגעסן, אַז ער דאַרף באַזוכן ישראל. מען האָט נאָר געוואַרט אויף אַ מאָמענט ווען ער וועט זיך קענען באַפרייען פון זיינע פליכטן. ווייל דזשאָרדזש מיני איז אַלע-מאָל צוגענאַגלט צו די אינטערעסן פון דער אַמע-ריקאַנער אַרבעטערשאַפט.

דער. ה' דזשאָרדזש מיני האָט בפירוש געזאָגט „די אַמעריקאַנער געווערקשאַפטן פילן אַז די הסתדרות איז זיי זייער נאָענט צום האַרצן".

אין צייכן פון אנערקענונג איז אין נצרת געעפנט געוואָרן אַ ספאָרט-פּלאַץ אויפן נאָמען פון דזשאָרדזש מיני. פון דעם ספאָרט-פּלאַץ וועלן גע-ניסן יידן, קאַטאָליקן און מוסולמענער, און דאָס וועט סימבאָליזירן די אידעען פון גרויסן אַרבעטער-פירער. ביי דער פייערונג האָט דזשאָרדזש מיני ענטפערנדיק אויף די באַגריסונגען געזאָגט :

— „די 15 מיליאָן אָרגאַניזירטע אַמעריקאַנער אַרבעטער האָבן אַ גרויסן אינטערעס אין דער אַנט-וויקלונג פון ישראל. ערשטנס צוליב סאָלידאַרי-טעט-געפילן פון אַרבעטער, וואָס האָבן בשותפות-דיקע אינטערעסן, און צווייטנס — צוליב דער

אַרבעטער פאַרברידערונג אין דער פרייער וועלט, וואָס גלויבן אינעם געניוס פונעם מענטש און אין דער נויטווענדיקייט אָפּצוהיטן זיין כבוד".

✶ ✶ ✶

מאָרים נאָוויק איז געבוירן אין וויטעבסק. זיינע ניזיר געביט און סיי אויפן קולטורעלן שטח פון דער גרויסער אַמעריקאַנער אַרבעטער-וועלט. ער איז דער געהיימנישפולער סופר, וואָס שרייבט אַריין שיינע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון די אַמערי-קאַנער אַרבעטער באַוועגונגען. דזשאָרדזש מיני



From right to left: Mr. Morris S. Novik, Mr. George Harrison, Mr. George Meany and their two secretaries.

עלטערן זענען געווען רעליגיעזע מענטשן און דער קדושה-פונק טליעט אויך ביי אים ביזן היינטיקן טאָג. דאָס איז אַ מענטש מיט גאָר גרויסע פעיקייטן און אידעלעם באַנעם. זיין עילוי'שער קאָפּ איז פול מיט איינפאַל און שעפערישקייט, סיי אויפן אָרגאַ-

דער פרומער קאַטאָליק און מאָריס נאָוויק דער רעליגיעזער ייד פאַרהייליקן ביידע אַ בשותפותדיקן גלויבן! דעם גלויבן פון מענטשלעכן געניוס און די טריישאַפט אָפּצוהיטן דעם מענטשלעכן כבוד פון דער גרויסער אַרבעטער-וועלט.

# אָסיפּ וואַלינסקי / ניו יאָרק

דאָס ליכט פון אַ לייכט טורעם דערזעט מען ערשט, ווען מען דערנענטערט זיך פון אָפענעם ים צו דער יבשה, פאַראַן אָבער מענטשן, וואָס זייער ליכט דערגייט ווייטער, פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט.



איינער פון זיי איז אָסיפּ וואַלינסקי.

ער מאַכט אויף אייך אַ רושם מיט זיין פּערזענלעכקייט און גייסטיקער גבורה. מיט זיינע גוטע מאַניערן און זאַפטיקער יידישקייט. ער האָט הינטער זיך אַ שיינע פאַרגאַנגנהייט פון קאַמף פאַר פרייהייט פון מענטש און ייד.

ווי איינער פון די פּראָמענסטע פאָרשטייער פון דער יידיש־אַמעריקאַנישער אַרבעטערשאַפט, באַוואַכט ער במשך אַ יובל יאָרן אירע אינטערעסן, און שטייט בראש פון דער אָנפירערשאַפט. גרויס זענען זיינע פאַרדינסטן פאַרן אימיגראַנטן־דור אין אַמעריקע, און פון גאָר וויכטיקן באַטייט איז זיין טעטיקייט למען ארץ ישראל ומדינת ישראל.

אויף דער שיף „תיאודור הרצל״, וואָס שווימט צום חיפה׳ער פּאָרט, פייערט אָסיפּ וואַלינסקי דעם 25־טן יולי 1962 זיין 76־טן געבוירן טאָג.

געבוירן אין גראָדנע אין אַ רעליגיעזער אַרבעטער־משפּחה, זאַפּט ער אי זיך איין די שטילקייט פון דער אַרומיקער באַוואַלדערטער לאַנדשאַפט און די שיינקייט פון טייך ניעמאַן. די קאָלירטפולע שטאָט, וואָס קוקט אַראָפּ פון באַרג מיט אירע בתי מדרשים און גימנאַזיעס. גראָדנע מיט אירע חסידים און משכילים, פּראָפעסיאָנאַלן און אַרבעטער־מאַסן וועקן זיין בייגער צום מענטש און זיינע פּראָבלעמען, צום ייד און דער מערכה פון זיין פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג. שוין אין זיין פריערסטער יוגנט קאָן מען באַמערקן ביי אים דעם כאַראַקטעריסטישן שטריך — ער איז אַלעמאָל פאַראינטערעסירט מער אין מענטשן ווי אין מאַשינען. זיין אינטערעס שטעקט אין עם־ישראל־פּראָבלעמען, און נישט אין סתם זאַכן.

גאָר פרי ווערט ער אריינגעצויגן אין סטודענטישע קרייזן און הויבט אָן ווערן פּאָליטיש טעטיק. אַלס 16 יאָריק יינגל איז ער שוין טעטיק אין „בונד״ אין רוסלאַנד, פּוילן און ליטע. זיין ערשטע רעדע קומט אים אויס צו האַלטן על פּי צופאַל אויף אַ קאָנספּיראַטיווער פאַרזאַמלונג אין אַ דאָרף לעבן גראָדנע, מחמת דער הויפּט־רעדנער איסאַאַק איז אַרעסטירט געוואָרן אינטערוועגנס. ער איז מצליח מיט זיין ערשטן אויפטריט, און אזוי בלייבט ער שוין אַ פּלאַטפאָרמע־מענטש.

דעמאָלט האָט זיך אינעם יידישן גראָדנע „געקאָכט״ מיט ד״ר טעאָדאָר הערצל און זיין ציוניזם. צווישן דער יידישער יוגנט האָבן זיך געפירט הייסע וויכוחים אַרום דער נייער אידעאָלאָגיע און וויזיע פונעם „יודענשטאַט״. דער יונגער אָסיפּ פאַרנעמט זיין פּלאַץ אין דער מחנה פון די פאַרביסענסטע קעגנער פון ד״ר הערצלס אידעע. ס׳איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל... כאָטש גראָדנער יידן האָבן געהאַט קנאַפּ פּרנסה און געלעבט אין גרויסער אָרעמקייט, זענען זיי אָבער געווען אריינגעטאָן איבערן קאָפּ אין וויכוחים מחלוקת׳ן און אידעאָלאָגישע שטרייטן.

אָסיפּ׳ס סאָציאַליסטישע אידעען האָבן געצויגן

זייער יניקה פון דער פּאַראַרעמטער שטוב פון זיינע עלטערן, פון די סאָציאַלע באַדינגונגען אין וועלכע די משפחה האָט געלעבט. דאָס איז געווען אַ 9־פּערזאָניקע משפחה. דער טאַטע איז געווען אַ שול־און גמרא־ייד. אַ קנאַפּער פּרנסה מאַכער, און דער גאַנצער עול איז געלעגן אויף דער מאַמען. הומע — האָט זי געהייסן. די מאַמע ע״ה איז געווען אַ מאָדערנע שניידערין, האָט זי מיט איר ארבעט און פּאַרדינסטן אויסגעהאַלטן דאָס גאַנצע געזינטל — 2 זון און 5 טעכטער. 2 מיידלעך האָבן צוגעהאָלפן דער מאַמען אין שניידעריי, און אנדערע צוויי טעכטער האָבן געארבעט אין אַ פּאַפּיראָסן־פאַבריק. אָט טאַקע אין דער דאָזיקער פאַבריק דערפילט דער יונגער סאָציאַליסט די ברוטאַליטעט פון דער צאַרישער פּאָליציי. מאַכט זיך אַ מעשה און ס׳ווערט דורכן „בונד״ אָרגאַניזירט אַ שטרייק אין „שערע־שעווסקיס פּאפּיראָסן־פאבריק״, און אונדזער אָסיפּ איז איינער פון די שטרייק־אָנפירער. דער שטרייק דויערט 5 אַ האַלבע וואָכן. אָסיפּ ווערט ארעסטירט דורך דער פּאָליציי און נאָך דעם, ווי ער זיצט אָפּ עטלעכע חדשים אין טורמע, ווערט ער ארויסגע־לאָזט אויף דער פריי, אונטער פּאָליצייאישער אויפ־זוכט.

אין עלטער פון 18 יאָר איז ער שוין אַ פּאָלנער משולח. רייזט ארום איבער פּוילן און ליטע, און ווערט ארעסטירט ביי אַן ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַ־ציע אין ביאַליסטאָק. דאָס צאַרישע געריכט פאַר־משפּט אים אויף 5 יאָר פאַרשיקונג קיין סיביר. ער ווערט געשיקט מיטן עטאַפּ. עס געלונגט אים אָבער אין מיטן וועג צו אנטלויפן, און אין 1903 קומט ער אָן קיין לאָנדאָן.

צווישן דער עמיגראַנטן־מאַסע אין לאָנדאָן שפּרייט זיך אויס פאַר אָסיפּן אַ גרויס טעטיקייטס־פעלד. כאָטש ער איז אָן אַ פאַך, קאָן נישט די שפּראַך, און איז אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, נעמט ער זיך ענערגיש צו איבערווינדן די אַלע שוועריקייטן. ער אַרבעט ביי פאַרשיידענע אַרבעטן אין שוויץ־שאָפּ פון שניידעריי ביי סטאָלעריי, און אין אַ פאַבריק. בייטאָג ארבעט ער, און ביינאַכט לערנט ער ענגליש און עקאָנאָ־מישע וויסנשאַפטן.

אין לאָנדאָן זענען צו יענער צייט דערשינען 2 יידישע צייטונגען אין יידיש. איינע פון זיי „דער אַרבייטער פריינד״, אַן אנארכיסטישע צייטונג, איז געווען רעדאַקטירט פון דייטשן גוי מיטן נאָמען רודאָלף ראָקאָ, באַקאַנט אַלס באַגאַבטער זשורנאַ־ליסט, פלאַמיקער רעדנער און גרויסער יידן־פריינד. ער האָט זיך געהאַט אויסגעלערנט יידיש מיט אַלע העברעישע ניואַנסן. אָסיפּ שיקט צו אין דער רע־דאַקציע צוויי זיינע זאַכן: אַן ארטיקל וועגן דער עקספּלאָאַטאַציע פון די אַרבעטער אין די „שוויץ־שאָפּן״, און אַ ליד. ביידע זאַכן זענען געדרוקט געוואָרן, און פון דאַמאָלס אָן ווערט ער אַ מיט־אַרבעטער אין „ארבייטער פריינד״. ער באַגנוגנט זיך אָבער נישט מיט דעם, און צוזאַמען מיט אַנדערע חברים גרינדט ער אין 1906 אַ וואָכנשריפט „דער יידישער טריידיאָניסט״, ווו אָסיפּ וואָלינסקי איז רעדאַקטאָר.

פון דאַמאָלט אָן דאַטירט זיך אויך זיין טעטיקייט אין דער בריטישער לייבאָר פּאַרטיי. אָסיפּ ווערט זייער פּאָפּולער ביי די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין לאָנדאָן. אָנהויב 1912 באַטייליקט ער זיך אין דער גרינדונג פון „ארבעטער רינג״ אין לאָנדאָן, וואָס ווערט אַוועקגעשטעלט לויטן מוסטער פון אַמעריקע.

אין סעפּטעמבער 1912 קומט ער אָן קיין אַמערי־קע. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן ווערט ער אַ באַצאָלטער באַאַמטער אין דעם „עמברוידער און שטריקער פאַך״ ביי דער „אינטערנעשאַנעל ליידיס גאַרמענט ווארקערס יוניאָן״. שפּעטער ווערט ער דער פירער פון די „לעדער גודס אַרבעטער יוניאָן״. מיט דער דאָזיקער יוניאָן איז ער פאַרבונדן זינט 1918. שפּעטער איז ער איר פּרעזידענט ביז 1957, ווען ער ווערט דער „פּרעזידענט עמעריטוס״.

מר וואָלינסקי דערציילט אונדז:

„אַלע מיינע יאָרן וואָס כ׳ווין אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן בין איך געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע, און שפּעטער אין מדינת ישראל. אויפן וועג פון לאָנדאָן קיין אַמעריקע האָב איך מיין בונדיסטישע אידעאָ־לאָגיע אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין. כ׳בין געוואָרן נישט נאָר אַן איבערצייגטער יידישיסט און אַנטי־גלות׳יסט, נייערט אויך אַ פאַרברענטער אַגיטאַטאָר פאַר עם ישראל און ארץ ישראל. אין 1918 בין איך שוין געווילט געוואָרן אַלס דער ערשטער פּרעזידענט פון אַ קאָנגרעס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט פאַר פּאַלעסטינע. אַזוי אַרום האָב איך פאַרבונדן מיין גורל מיט דער הסתדרות און

בין נאָך היינט צו טאָג טעטיק אין הסתדרות־קאַמפּיין."

— ווי אַזוי וואַרפט מען דאָס אַזוי לייכט אַוועק אַן אידעאָלאָגיע וועלכע איר האָט פּאַרהייליקט, און פאַר וועלכער איר האָט געליטן און געקעמפט? — פרעג איך דעם גאַסט.

— דריי גרויסע געשעענישן זענען פאָרגעקומען אין מיין לעבן, וואָס האָבן מיך דערפירט דערצו, און האָבן אינגאַנצן איבערגעדרייט מיין גאַנצן געדאַנקען־גאַנג:

— א) אין 1907 איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן דער ערשטער צוזאַמענקום פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע איז שוין געווען צעשפּאָלטן אויף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. יאָסיף סטאַלין איז אויך געווען איינער פון די באַטייליקטע, כאָטש דעמאָלט נישט גוט באַקאַנט. די באַציאונג פון די רוסישע ס.ד. צום „בונד" און צו זיינע פאָדערונגען פון אַ יידישער אויטאָנאָמיע, איז אַלעמאָלט געווען אַ נעגאַטיווע. אָבער קיינמאָל איז מיר נישט אַזוי קלאָר געוואָרן דער שטאַנדפּונקט פון די רוסישע דעלעגאַטן ווי דעמאָלט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז סיי ל ע נ י ן, דער פירער פון די באָלשעוויקעס און סיי פּ ל ע כ אַ נ אָ ו און מ אַ ר ט אָ ו, די פירער פון די מענשעוויקעס שטרעבן אָפּצוזאָגט'ן די יידן פון יידישקייט, און פאָדערן פשוט די דירעקטע אַסימילאַציע, אַלס לייזונג פון דער יידן־פראַגע. דאָס האָב איך נישט געקענט פאַרדייען! דאָס האָט מיר געוויטיקט און געמוטשעט, און געפירט צו אַן איבערברוך אין מיין גאַנצן אידעען־גאַנג.

ב) כ'האָב געהאַט אַ גרויסן אינטערעס צו דער בריטישער לייבאָר־פּאַרטיי. כ'בין געווען באַגייסטערט פון זייער צוגאַנג צו פעלקער און לענדער. כ'האָב אָנגעהאַלטן אַ נאָענטע פריינדשאַפט מיט די פּאָליטישע פירער פון דער לייבאָר ווי: ק י ר ה אַ ר ד י, ב ע ן ט י ל ע ט און אַנדערע. כ'פלעג אויך פירן לאַנגע שמועסן מיט די פּראָמינענטסטע פון די ענגלישע סאָציאַל דעמאָקראַטן: אייטש ה י י ט מ אַ ן, סידני און ווייטריס ו ע ב.

די ענגלענדער האָבן מיך איבערצייגט, אַז זיי זענען גערעכט, און מיר בונדיסטן, זענען אומגערעכט, דהיינו: זיי האָבן אויסגעדרוקט זייער סאָציאַליסטישן ק ר ע ד אָ אין פּשוטע ווערטער — „עס דאַרפן פריער זיין נאַציעס, און נאָר זעלבסטשטענדיקע פעלקער קענען צוזאַמענשטעלן אַן אינטערנאַציאָנאַל". דעריבער איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער גאַנצער צוגאַנג פון „בונד", מיט דער אַזוי גערופענער „אויטאָנאָמיע" איז נישט מער ווי אַ זייפן־בלאָז, וואָס פּלאַצט ווען עס דערהערן זיך די קלאַנגען: „זעלבסשטענדיק פאָלק!". איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ווען מען רעדט וועגן אַ פאָלק, מוז דאָס זיין אין זין ווי די אומות העולם פאַרשטייען דאָס, ווייל פאָלק און לאַנד זענען נישט צעטיילבאַר.

ג) אַ באַזונדערע השפעה האָט אויף מיר געהאַט ז אַ נ ג ו ו י ל, איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט ישראל זאַנגוויל, און ס'איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז זיין צוגאַנג צו יידישע פּראָבלעמען איז נישט נאָר וויזיאָנעריש־אידעאַליסטיש, נאָר טאַקע רעאַליסטיש. איך האָב איינגעזען די מעגלעכקייטן פו דעם, וואָס זאַנגוויל האָט אָנגערופן „ארץ ישראל איז דער שמעלץ־טאָפּ פון אַלע יידישע שבטים און שטאַמען, איינגעזאַמלט אויף יידישער ערד און אונטער יידישע הימלען". אויף דער לאַנגער נסיעה פון לאָנדאָן קיין ניו־יאָרק איז מיר דעריבער לייכט געווען אויסצוטרייסלען די קעשענעס, ווי יידן טוען בשעת תשליך, און אַריינצוּוואַרפן אין ים אַריין מיין נאַאיוון גלויבן, אַז בלויז דער סאָציאַליזם און דער אינטערנאַציאָנאַליזם, קענען לייזן די היסטאָריש־טראַגישע פּראָבלעמען פון צעזייטן צווישן פעלקער, יידישן פאָלק.

— פון ווען אָן דאַטירט זיך אייער מיטאַרבעט פאַר ישראל?

— איך אַרבעט שוין פאַר ארץ ישראל זינט דעם יאָר 1918.

— צי האָט איר אין אַמעריקע אויך געטאָן פון־אַרבעט?

— כ'בין געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער פועלי ציוניסטישער צייטונג „די צייט", אונטער דער רעדאַקציע פון ד. פּינסקי. כ'האָב פאַרעפנטלעכט עקאָנאָמישע אַרטיקלען און אויך אַרטיקלען וועגן ארץ ישראל־פּראָבלעמען.

— ווען האָט איר באַזוכט דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל?

— אין 1953 בין איך געקומען אין לאַנד בראש פון אַ מגבית־דעלעגאַציע, צו שטודירן דעם עקאָ־

נאָמישן מצב, און די נויטן פון דער גרויסער עליה. כ׳האָב זיך געטראָפן מיט גב׳ גאָלדע מאיר, לוי אשכול, אבא חושי און די דאָמאָלטיקע פירער פון דער הסתדרות. ס׳איז דאַן געווען די צייט פון צ״נע און די מעברות זענען געווען איבערפולט מיט נייע עולים. איך האָב געפאָרשט די פּראָבלעמען פון די נייע עולים אויף אַן נאָענטן אופן, און זיך געשאַפן אַ קלאָר בילד פון דער לאַגע, באַזונדערס האָב איך איבערגעגעבן מיינע אינפאָרמאַציעס און איינדרוקן מיין זון ל ו א י ס וואַלינסקי, וועלכער איז געווען דער פאָרשטייער פון דער וועלט־אָרגאַניזאַציע „אָרט״, און ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע ענינים פון דער שארית הפליטה, ספּעציעל אין זייער פאַכלעכער איבערשיכטונג. מיין זון האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר די „אָרט״-שולן אין מדינת ישראל.

— וואָס פאַראַ אויפגאַבעס האָט איר ביים איצ־טיקן באַזוך אינעם לאַנד?

— איך בין דאָ נישט נאָר אין די אינטערעסן פון דער הסתדרות, נאָר אויך פון דער „אַמערי־קאַנער קאַנסער אַסאָסייעטי״ — די גרעסטע נאַצ־יאָנאַלע אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפן קאַנסער. מיר האָבן פאַרבינדונגען מיט 53 לענדער, איינגעשלאָסן מדינת ישראל. איך האָב געהאַט אַ צוזאַמענטרעף מיט דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן וועגן די ענינים. איך פאַרטרעט די גאַנצע טרעיד יוניאָן באַוועגונג פון קרוב 14 מיליאָן אַרבעטער, אַלס „מעמבער אָף די באארד אָף דירעקטאָרן״ פון דער אַמעריקאַנער קאַנסער אַסאָסייעטי.

איך בין דאָ אויך אין די אינטערעסן פון די ישראל „באָנדס״. איך בין דער טשערמאַן פון 3221 לאַנדסמאַנשאַפטן און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס באַטייליקן זיך אין דעם אַלגעמיינעם ישראל־באָנדס־קאַמפּיין.

— וואָס איז אייער מיינונג וועגן יידיש לשון אין ישראל?

— דער ענין יידיש לשון איז מיר נאָענט צום האַרצן. שוין איבער 50 יאָר ווי איך שרייב יידיש, און פאַרעפנטלעך אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן מיינע מיינונגען און אידעען אין יידיש. איך בין באַקאַנט מיט דער מערכה פון יידיש אין אַלע תפוצות. גאָר גוט איז מיר באַקאַנט דער פאַקט, אַז 80% פון די יידן אין אַמעריקע זענען שוין אַמעריקאַנער געבוירענע און יידיש איז נישט זייער שפּראַך. דער אַלטער דור פון יידישע עמיגראַנטן גייט ביסלעכווייז אַוועק, און מיט אים — יידישע פּרעסע, יידישער טעאַטער, יידישע ראַדיאָ. איך בין קעגן די אַמעריקאַנישע אַפּאָסטאָלן, וועלכע ווילן נאָר יידיש אין מדינת ישראל, אָבער נישט ביי זיך אין דער היים... מיין האָפנונג און גלויבן איז, וואָס אַנבאַלאַנגט יידיש אין מדינת ישראל — אַז דאָ זענען פאַראַן מעגלעכקייטן פאַר יידיש. עס זענען פאַראַן אַ סך פעלקער וואָס פאַרמאָגן צוויי שפּראַכן, ווי, למשל, שווייץ און בעלגיע. טויזנט יאָר יידיש, טאָרן נישט פאַרלוירן גיין! דאָס, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט פון סאַבּרעס און נייעם דור אין ישראל, באַשטעטיקט נאָך מער מיין גלויבן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועט יידיש שפּילן אַ גרעסערע ראָלע אין דער מדינה, ווי איצט. און ס׳איז גאָר נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט זאָל די צווייטע שפּראַך אין די שולן פון ישראל זיין יידיש, אַנשטאָט ענגליש אָדער אַראַביש.

— וועלכער איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק פון ישראל?

— די נייע גרויסע וואָלקן קראַצערס און האָטעלן אין תל אביב באַווייזן אויף אַ גרויסן פּראָגרעס. דער אויפבוי־פּראָצעס פון לאַנד איז ממש פאַנטאַס־טיש. דער אויפקום פון נייע שטעט און ישובים איז קאָלאָסאַל. דאָס וואָס די לאַנדווירטשאַפט שטעלט צו דעם גרעסטן טייל שפּייז פאַרן איינער־לעכן געברויך, איז איינע פון די גרעסטע דערגריי־כונגען. דער פאַקט, וואָס די פאַראייניקטע נאַציעס שטעלן ישראל אויפן 11־טן אָרט אין דער ריי פון קולטור־פעלקער, דערפרייט מיך, אָבער איבער אַלץ און אַלעמען ווערט געזעטיקט דאָס אויג, עס פלאַ־טערט דאָס האַרץ און ס׳איז אַ גרויסער נחת רוח צו זען די יידישע קינדער אין ישראל. מיין שטאַרקסטער איינדרוק פון מדינת ישראל זענען די קינדער — זייער אויסזען, זייער האַלטונג, זייער שטאָלץ און זייער ליבע צום לאַנד — דאָס איז דער שענסטער גרוס, וואָס כ׳נעם מיט מיט זיך פאַר די יידן אין אַמעריקע.

אָט אַזוי האָב איך פאַרענדיקט מיין שמועס מיטן גרויסן יידן, וואָס זיין נאָמען א ס י פ ו ו אַ ל י נ ס ק י גייט פאַר אים פאַרויס, דערמאָנט זיין גלאָררייכע פאַרגאַנגענהייט און פרוכטבאַרער טעטיקייט.

דאָס ערשטע וואָס סענאַטאָר שטיבל האָט געטון, ווען ער איז געקומען אין ישראל איז געווען — ער איז אַוועק קיין חולדה ב׳ צו זעען דאָס וועלדל, וואָס ער האָט מיט 32 יאָר צוריק געפלאַנצט מיט זיינע הענט.

„אין צווייטן טאָג חנוכה פון יאָר 1919 איז אברהם יוסף שטיבל אנגעקומען מיט דער שיף „ראָס־לאָן", פון זיין געבוירן־שטעטל פּאָקאָטילאָוו, לעבן קיעוו אין חיפה׳ער פּאָרט, און באַלד אַוועק מיט אַ גרופּע חלוצים אויף אַרבעט קיין חולדה.

צווישן דער גרופּע, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט פלאַנצןביימער אין חולדה ב׳ האָט זיך געפונען חיים שורר, דער היינטיקער שעף־רעדאַקטאָר פון „דבר" און אַנדערע, באַקאַנטע פּיאָנערן און בויער פון ישוב. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ שומר פון פּרדסים, ביי הורוויטשן פון די ביל״ו אין גדרה. דורך אַ צופאַל באַקענט זיך דער יונגער חלוץ מיט פּראָפ. יוסף קלויזנער ז״ל, וועלכער איז אויף אים משפּיע ער זאָל אריינטרעטן אינעם לערער סעמינאַר „דוד ילין", אין בית הכרם — ירושלים. (פּראָפ. קלויזנער איז דאַמאָלס געווען לערער פאר יידישער געשיכטע אין דעם סעמינאר). אין 1922 גראַדואירט ער אלס דיפּלאָמירטער לערער. אין דער צייט קומען זיינע עלטערן און באַזעצן זיך אין ארץ ישראל. מיט אַ יאָר שפּעטער קומט צופאָרן זיינער אַ פעטער פון פילאדעלפיע און פאַרבעט אים צו קומען שטודירן אין אַמעריקע. ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד, און נאָך עטלעכע יאָר שטודיעס ענדיקט ער דעם פּענסיוואלניער אוני־ווערסיטעט, אלס אדוואָקאָט. דער זעלבער פעטער, וואָס האָט אים אַריבערגענומען צו שטודירן אַנגאַ־זשירט אים אלס לאָיער פון זיינע געשעפטן, און דער יונגער שטיבל פאַרבלייבט אין פילאַדעלפיע.

באַלד ווי אברהם יוסף שטיבל איז געקומען קיין אַמעריקע איז ער געווען טעטיק אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם רוח החיים פון ארץ ישראל־ישוב, געאַר־בעט פאַרן קרן קימת לישראל און אריינגעפירט די עברית שפּראַך אומעטום וווּ נאָר ער האָט געקענט.

זיין פּאָליטישע טעטיקייט הויבט זיך אָן אין 1932, ווען רוזוועלט איז „געלאָפן" אַלס פּרעזידענט. מר. שטיבל ווערט אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דערוויילט ווי אַ סענאַטאָר פון שטאַט פּענסילוואַניע, זיין ברידער־לעכע און וואַרעמע באַציאונג צו די פאָלקס־מאַסן מאַכט אים באַליבט ביי דער יידישער און נישט־יידישער באַפעלקערונג, און פון דאַמאָלס אָן ווערט ער כסדר דערוויילט אַלס שטאַטס־סענאַטאָר.

ווייזט אָבער אויס, אַז די עטלעכע יאָר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ישראל האָבן געלייגט אַ חותם אויף זיין אהבת ארץ ישראל, ווייל סענאַטאָר שטיבל זאָגט צו מיר בזה הלשון:

— מיין אידעע נומער 1 — איז דער יידישער נאַציאָנאַל פאָנד. איך בין דער פּרעזידענט פון יידישן נאַציאָנאַל פאָנד פון דריי שטאָטן: פּענסיל־וואַניע, ניו דזשערסיי און דעלאַווער. מיין ספּעציאַ־ליטעט איז אויך צו זאַמלען געלט ביי גויים...

— ווי זעט אויס דאָס יידישע לעבן?

— דאָס יידישע לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז געוואָרן אַ סך שטאַרקער און די אויס־זיכטן אויף אַ בעסער יידיש־לעבן זענען אַ סך בעסער. אַ דאַנק דער שותפות צווישן ישראל און אַמעריקע איז דאָס אַמעריקאַנער יידנטום אַ סך שטאָלצער מיט יידישקייט. עס זענען היינט דאָ אַ סך שטעט אין אַמעריקע ווו די קינדער באַקומען אַ ריכטיקע יידישע דערציאונג, וואָס איז קאָמבי־נירט פון שטודיום מיט יידישקייט, פאַר דער דאָזי־קער גייסטיקער־שותפות איז אויך פון גרויסן באַטייט די טוריסטיק. איך גלויב, אַז ס׳וועלן וואָס אַ מאָל קומען וואָס־מער טוריסטן קיין ישראל. יעדער טוריסט, וואָס באַזוכט די יידישע מדינה ברענגט מיט זיך מיט אַ לעבעדיקן גרוס, וואָס העלפט אויף אַ פּראַקטישן אופן. פאַר אונזער חינוך איז אויך וויכטיק דער פאַקט, וואָס אין מאַנכע שולן — ווי ביי אונדז אין פילאַדעלפיאַ איז העב־רעיש אנערקענט פאַר אַ באַרעכטיקטע שפּראַך פונקט אַזוי ווי: פראַנצויזיש און שפּאַניש.

— וועלכע געגנטן פון לאַנד האָט איר באַזוכט?

— איך קום נאָר וואָס פון גליל העליון. כ'האָב באַזוכט די גלבוע־בערג, אדמית, יודפת און אַנדערע ערטער. איך גלויב, אַז עס איז דאָ אַ גרויסע צוקונפט פאַר אַנטוויקלונג אין די דאָזיקע געגנטן. כ'האָב אַמיינסטן פאַרבראַכט אין די אַגראַקולטור־בלעצער און טאַקע דאָרט געזען אַ גרויסן פאָרשריט.

— און ווי אַזוי וועלן קומען צום אויסדרוק אייערע איינדרוקן פון ישראל?

— איך בין געקומען מיט אַן אויפגאַבע צו שרייבן אַ סעריע אַרטיקלען פאַר אַנגעזעענע אַמעריקאַנער צייטונגען, באַווירקט פון די שיינקייטן, וואָס כ'האָב געזען אינעם אויפבוי און לעבן פון מדינת ישראל, גלויב איך, אַז מיין אויפגאַבע וועט מיר געלונגען.

★ ★ ★

סענאַטאָר שטיבל מיט זיין בילדונג און וויסן פון ביידע קולטורן און שפּראַכן שטעלט מיט זיך פאַר אַ קאָלירפול פערזענלעכקייט מיט אַלע סגולות פון אַ תלמיד חכם און גרויסן נאַציאָנאַלן יידן. ער רעדט אַ שיינעם עברית און זאַפטיקן יידיש, ווי אַ פּאָליטיקער און געזעלשאַפטלעכער עסקן האָט ער ליב דאָס פאָלק אָן אונטערשיד פון גלויבן און ראַסע. ער איז באַליבט צווישן דער באַפעלקערונג און תמיד גרייט צו העלפן דעם יחיד ווי דעם כלל. אין יאָר 1956 באַגלייט ער דעם פּענסילוואַניער גוווערנער לידער אויף זיין רייזע קיין ישראל. דער דאָזיקער באַזוך האָט פאַרקנופּט אַ וואַרעמע פריינט־שאַפט צווישן ישראל און פּענסילוואַניע. אין די הרי יהודה איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אַ וואַלד פון 150 טויזנט ביימער אויפן נאָמען — „יער לידער".

סענאַטאָר שטיבל איז אויך אַ באַגאַבטער שרייבער און פּובליציסט. פון זיין פריערסטער יוגנט האָט ער אַרויסגעוויזן שרייבערישן טאַלאַנט. ער האָט געדרוקט זיינע שאַפונגען און אַרטיקלען אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער פילאַדעלפיער יידישע טאָג־צייטונג „די אידישע וועלט". ער איז דער מענטש פון מחשבה און פען. אינספּירירט פון דער קלאַסישער לערע „ואהבת לרעך כמוך", רוקט זיך אַרויס, אויפן פאָדערגרונט דער הומאַניסט, וואָס מאַכט בולטער און פאָלקסטימלעך זיין געשטאַלט.

ביי זיין איצטיקן באַזוך אין ישראל איז סענאַטאָר שטיבל מיט זיין זון Jey אויפגענומען געוואָרן אין ירושלים דורכן ראש הממשלה מר דוד בן גוריון. אין דער ישראל־פּרעסע זענען וועגן אים דערשינען נאָטיצן. אין „דבר" איז וועגן אים געווען געדרוקט אַ באַגריסונגס־אַרטיקל. סענאַטאָר שטיבל איז אין מדינת ישראל אַן אייגענער. מיט זיינע הענט און שוויס איז ער געווען פון די ערשטע בויער פון ישוב, דעריבער ווערט ער ביי אונדז אין לאַנד אויפגענומען מיט דער וואַרעמקייט ווי צו אַ חלוץ. און רעספּעקט ווי ער האָט עס פאַרדינט אַלס פאַרדינסטפולער דיפּלאָמאַט און עסקן בצרכי צבור באמונה.

## ד. לואי העריס / טאַראָנטאָ

דאָס איז איינער פון די ערשטע ציוניסטישע פּיאָנערן וואָס האָט געהאַט דעם זכות מיטצואַרבעטן מיט מר יצחק בן צבי און דוד בן גוריון, ווען זיי זענען מיט 40 יאָר צוריק געקומען קיין קאַנאַדע, אין די אינטערעסן פון ישוב און אין ארץ ישראל.

זיין לעבן איז דורכגעפלאָכטן מיט צוויי דורות ישראל טרוימער, אָנהויבנדיק פון בימי „יודנשטאַט" ביזן פאַן פון מדינת ישראל. נישטאָ קיין יידישע אינסטיטוציע אין קאַנאַדע, וווּ ער זאָל דאָרט נישט זיין פאַרטראָטן. ער איז פאַר די לעצטע 9 יאָר דער טשערמאַן פון די „באָנדס". פאָרזיצער פון פריינד פון חיפה'ער טעכניאָן. וויצע פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און טשערמאַן פון דעם קאַנאַדער „אָרט".

ישראל באַזוכט ער שוין צום עלפטן מאָל, אָבער זיין ערשטער באַזוך איז ביי אים איינגעקריצט אין זכרון. אין 1948 האָט מר. לואי העריס געבראַכט דעם מח"ל פון קאַנאַדע.

מר. העריס איז נאָך דורכגענומען מיטן חלוציזם און ער באַטאָנט:

„איך דענק — זאָגט מר. העריס — אַז דער לעבנסשטאַנדאַרט איז צו הויך אין ישראל. מען וועט מוזן אויסבויען מער טעכנישע שולן און אַנטוויקלען די אינדוסטריע, כדי אויסצוגלייכן דעם בלויז, פון דער ישראל ווירטשאַפט".

מר. העריס לואיס איז דאָ אויפגענומען געוואָרן דורך זיינע אַלטע חברים, וועלכע שטייען ביים מלוכה־רודער, מיט ענטוזיאַזם און פאַרערונג.

די פועלי ציון אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע איז די טאָן־געבערין אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אי־נעם גרעסטן יידישן קבוץ אין דער וועלט. דעריבער וועט זיין אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט



דעם מאַן, וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון דער פאַרדינסטפולער אַרבעטער באַוועגונג — פּנחס קרוזא, דער פאַרזיצער פון דער פועלי ציון פּאַרטיי אין אַמעריקע און קאַנאַדע, וועלכער האָט געוויילט אינעם לאַנד.

ער באַגעגנט מיך מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אויף די ליפּן און פון זיין פּנים שיינט אַראָפּ די מילדקייט פון אַ הלל הזקן, כאָטש קיין סימן פון זקנה דערקענט מען אין אים נישט. ער איז פול מיט ענער־גיע און ווילן פאַר זיינע אידעען. ער פאַנגט באַלד אייער האַרצן מיט דעם זאַפטיקן פּאַלטאַווער יידיש און מיט דער יום טוב־שטימונג, וואָס באַהערשט אים בעת זיין ווײַלן אינעם לאַנד.

זיין וועג פירט פון ארץ ישראל הינטערן טערקישן יאָך ביז מדינת ישראל בימינו. מיט 50 יאָר צוריק האָט ער זיך ממש אַרויסגעריסן פון זיין פאַטערס הויז, פאַרלאָזט זיין געבורטס־שטעטל ראַמני און געקומען מיט די ערשטע ביל״ו־אַזוצעס אַלס חלוץ אין ישראל. געווען אַן ערד־אַרבעטער אין פּתח תקוה. דערהערט, אַז אין גדרה איז נישטאָ קיין איינציקער יידישער ערד־אַרבעטער, פאַרלאָזט ער פּתח תקוה און גייט ראַטעווען דעם כבוד פון גדרה. און טאַקע דאָרט אינעם „ווייטן גדרה״ איז ער געווען אין יאָר 1907 דער איינציקער יידישער ערד־אַרבעטער.

מיט צוויי יאָר שפּעטער פאָרט ער, זיך זען מיט זיינע עלטערן און משפּחה אין אַמעריקע. ער פאָרט אויף אַ קורצן באַזוך, אָבער, דער גורל פאַרפלאָנטערט די פּעדים און פון דעם קורצן באַזוך וויקלט זיך אָן אַ דיק קניילעכל פון אַ יובל יאָרן...

זיין וועג פירט באַרג אַרויף. אין 1915 איז ער שוין באַקאַנט אַלס אָנגעזעענער עסקן אין דער פועלי־ציון באַוועגונג. ער פאַרנעמט אויך דעם אַמט אַלס פאַרוואַלטער פונעם „יידישן קעמפער״, דערנאָך אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון די יונגע פועלי־ציון, שפּעטער נאַציאָנאַל סעקרעטאַר פון די פועלי־ציון און רעדאַקטאָר פונעם „יידישן אַרבעטער״, ביז צום שטאַפּל פון פּרעזידענט פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי פון אַמעריקע און קאַנאַדע.

מיר שטעלן דעם חשובן עסקן עטלעכע פראַגן:

— וואָס איז דער אַקטועלסטער פּראָבלעם אין אייער באַוועגונג?

— מיר האַלטן פאַר איינע פון די וויכטיקסטע אַקציעס צו געווינען די אַמעריקאַנער יוגנט פאַרן אַרבעטער ציוניזם. צו דעם צוועק האָבן מיר סעמינאַרן אין די גרעסטע שטעט, אַ חודש־זשורנאַל „דזשואיש פראָנטיר״ (רעדאַקטאָר פּנחס קרוזא). וואָס ווערט באַטראַכט אַלס דער וויכטיקסטער אָרגאַן אין יידישן אַמעריקע. מיר זענען אויך פאַרבונדן מיט דער נעץ פון יידישע שולן.

— ווי האַלט עס מיט יידיש לשון אין אַמעריקע?

— מיר האָבן פאַרשפּילט אַ דור צוליב יידיש. מיט יידיש קען מען נישט צוגיין צום ייִנגן דור. מיר זענען געווען פאַרעקשנט און נישט געוואָלט רעזיגנירן פון מאַמע־לשון, דעריבער איז געוואָרן פאַרפרעמדט אַ גאַנץ דור. מיר זענען טיילווייז איבערגעגאַנגען אין ענגליש, אָבער דער יסוד איז נאָך אַלץ דער יידיש־רעדנדיקער סעקטאָר.

— ווי האַלט עס מיט יידישקייט?

— אַ דאַנק דער עקזיסטענץ פון מדינת ישראל איז יידישקייט אין די לעצטע יאָרן געשטיגן. די אַמעריקאַנער יידן פילן זיך שטאָלצער און גליקלעכער. אויך די באַציאונג פונעם נישט-ייד האָט זיך געענדערט לטובת אונדז. קינדער פון אונדזערע חברים פאַרשטייען יידיש, אָבער לייענען אַ בוך, אָדער אפילו אַ צייטונג — איז ענגליש.

— צי מיינט איר וועלן די אַמעריקאַנער יידן קאָנען אָנהאַלטן אַ נאַציאָנאַל קולטור־לעבן אָן יידיש לשון?

— דעם זעלבן שטייגער לעבן, ווי מיט יידיש לשון — נישט, אָבער אין אַן אַנדערן פאָרם — יאָ. אָט זענען למשל פאַרטראָטן אין אַלע „קאַמפּיינס" פאַר ישראל ייִנגע מענטשן, וועלכע רעדן ענגליש. אַ מאָל האָבן מיר געוואָלט ממשיך זיין מיט יידיש ביי אַלע אומשטענדן, אָבער מיר האָבן זיך אַרומ־געזען, אַז מען מאַכט זיך דערמיט נאָר לעכערלעך. ס'האָט קיין זין נישט די דאָזיקע עקשנות. אויב־נאָר דער קאָנטאַקט וועט אנגעהאַלטן ווערן מיט מדינת ישראל און ס'וועט פּולסירן אַ יידיש לעבן — איז יידיש לשון נישט דער אַבסאָלוטער מוז פאַרן המשך פונעם נאַציאָנאַלן קיום. וואָס ס'איז אָבער יאָ צו באַמערקן, איז, אַז העברעיש הויבט אָן אַריינדרינגען אין די ערטער ווו יידיש איז שוין אויף יענער זייט טיר. אין אַ סך מיטל־שולן ווילן יידישע קינדער אויס אַלס צוגאָב־שפּראַך — עברית. העברעיש זעט אויס צו זיין מער רעפּרע־זענטאַטיוו ביי דער שול־יוגנט. מיר ווילן אויך די יוגנט זאָל מער פאַרבונדן ווערן מיט ישראל, דורך באַזוכן דאָס לאַנד, דורך בר־מצוהס, וואָס זאָלן געפייערט ווערן אין מדינת ישראל, און אַלץ וואָס עס לאָזט זיך נאָר טאָן אין דער הינזיכט.

— צי איז לויט אייער מיינונג נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער צייט ווען ס'איז דאָ אַ יידישע מדינה?

— איך האַלט, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז איצט נויטיקער ווי פריער. אפילו ווען מיר זאָלן גרינדן אַ מין „כל ישראל חברים" וועט עס נישט קלאַפּן, סיידן אַז ס'איז דאָ אַ גוט אָרגאַניזיר־טער כוח. איבריקנס איז אין זין פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע פאַרטראָטן דאָס גאַנצע פאָלק. אין אַמעריקע עקסיסטירט די „פּרעזידענטן קאָנפערענץ" אין וועלכער עס זענען פאַרטראָטן אַלע ריכטונגען און שיכטן פונעם אמעריקאַנער יידנטום. אָט דער דאָזיקער „פּרעזידענטס קלוב" האָט שוין באַוויזן אויפצוטאָן זייער פיל אויפן פּאָ־ליטישן געביט לטובת דער יידישער מדינה. אין אָנהויב איז געווען טענות, אָדער מסירות, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע רעפּרעזענטירט נישט דאָס גאַנצע יידנטום. איצט טרעט אויף די דאָזיקע קערפּערשאַפט אַלס אַ פאַראייניקטער כוח פונעם גאַנצן אַמעריקאַנער יידנטום. גרויסע פאַרדינסטן ביים שאַפן די דאָזיקע רעפּרעזענטאַנץ האָט ד"ר נחום גאָלדמאַן.

נאָך אַ מאָטיוו, וואָס כ'וויל ברענגען פאַר דער נויטיקייט פון אויפהאַלטן די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע אין גאָר דער וועלט, איז: צו סתם יידן קען מען נאָר אַפּעלירן — ציוניסטן זענען אָבער שותפים. ביי ציוניסטן איז די איינהייט פון פאָלק אַ יסודותדיקע. דער ענין חלוציזם און עליה געה־הערט צו די פונדאַמענטאַלע אויפגאַבן. ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע גייט אונטער, וואָלט זיך אָפּגעשטעלט די טרייבקראַפט פון דער נאַציאָנאַ־לער באַוועגונג.

— ווי זעט איר דאָס לאַנד, זינט איר זייט דאָ געווען אין די יאָרן 1951-52?

— איך בין איבעראַשט פון דעם קאָלאָסאַלן שוווּנג און אַנטוויקלונג, סיי פון דער ווירטשאַפט און סיי פונעם מענטשן. כ'האָב דערזען אַ גרויסן פאָלקס-כוח, דערזען די שטאַרקייט און שטאָלץ פון די קינדער, וואָס שפּילן זיך אין די גאַסן.

— צי פילט זיך נישט ביי די אַמעריקאַנער יידן אַ מידקייט פון שפּענדן פאַר ישראל?

— פאַרקערט, די אַרבעט פאַר ישראל איז פאַר אונדז אַ מין גייסטיקער פאַרגעניגן. די יידן אין אַמעריקע געפינען זיך היינט אין אַ גוטער עקאָנאָ־מישער לאַגע. עס וואָלט געווען זייער לאַנגווייליק ווען מיר זאָלן זיך נישט פאַרנעמען מיט ישראלס זאָרגן און פּראָבלעמען. דער הויפּט-אינטערעס אונדזער איז — מדינת ישראל!

# אייזיק העמלין / ניו-יאָרק — ת״א

דעם 15-טן אויגוסט 1921 איז מר. **אייזיק העמלין** ארויסגערופן געוואָרן פון באָסטאָן קיין ניו יאָרק צו פאַרנעמען דעם אמט פון גענעראַל-סעקרעטאַר פון דער פועלי ציון-פּאַרטיי. נאָך דעם איז ער געוואָרן



דער סעקרעטאַר פון געווערקשאפטן-קאמפיין. אַלע זיינע אַמטן האָט ער דערפילט מיט גרויס אחריות און איבערגעגעבנהייט.

אַן אויסגעפּרוווטער בראָווער-סאָלדאַט שטייט ער אַ יובל-יאָרן אין די פאָדערשטע רייען פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג. אייזיק העמלין איז אַ נאָמען וואָס איז באַקאַנט אין גאַנץ אַמעריקע און אין ישראל. ער איז פאַרבונדן מיט צענער-טויזנטער פריינד, וואָס ציִען צו אים, ווי צו אַ חבר און מנהיג.

ווען ס׳איז אנטשטאַנען מדינת ישראל איז אייזיק העמלין געווען דער גענעראַל-סעקרעטאַר פון „מג-בית ההסתדרות״ אין אַמעריקע. צווישן זיינע טויזנטער רעדעס וואָס ער האָט געהאלטן בלייבט איינע אַ היסטאָרישע. אין דער נאַכט פון ח״י כסלו תש״ח, ווען אין דער אונ״אָ האָט זיך געוויגט דער גורל פון ישראלס אנטשטייאונג אלס מדינה — האָט דער דינאַמישער אייזיק העמלין געפירט דעם פאַר-זיץ אויף אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין ניו יאָרק און געהאלטן אַ פייערדיקע רעדע. פאַרבעטענדיק ד״ר ח. וויצמאַן ז״ל צום פּרעזידיום טיש, שטעלט ער אים פאָר אַלס דעם ערשטן פּרעזידענט פון מדינת ישראל און משה שרת — אלס אויסערן מיניסטער, כאָטש קיינער האָט נאָך דערוועגן נישט געטראַכט.

אין העמלינען שטעקט וויזיאָנערישקייט און גלוי-בן. ער איז אַ מענטש מיט אַ סך איניציאַטיוו און געזעלשאַפטלעכן חוש. אליין אַ פאָלקס-מענטש האָט ער ליב דעם יידישן אַרבעטער, דעם יידישן שטייגער-לעבן און די יידישע שפּראַך.

אין ישראל האָט אייזיק העמלין באַוויזן אַ נייע אַרבעטס-שיטה. ער לעבט מיט דער ארבעט, בייטאָג און ביז שפּעט ביינאַכט. זיין שיטה איז לשמה!

נאָך אַ ביסל און מיר וועלן באַלד פּראַוון דעם צען יאָריקן יובילעאום פון אייזיק העמלינס טע-טיקייט אלס דירעקטאָר פון הסתדרות קאַמפּיין אין ישראל, ער איז אָבער נישט געקומען אין לאַנד אריין מיט ליידיקע הענט. דורך זיין ענערגיע מי און עקשנות איז אויסגעבויט געוואָרן דאָס פאַר-באַנד-העמלין-הויז אין תל אביב. טויזנטער חברים-געסט פון חוץ לארץ ווערן אין דעם הויז אויפגע-נומען. קולטור-אָוונטן קומען פאָר יעדע וואָך. אין העמלין הויז רעדט מען יידיש!

תמיד, ווען כ׳קום אויף אַ שעפערישן אָוונט אין העמלין הויז טרעף איך ביים איינגאַנג אַ טייער-יידיש פרויען-געשטאַלט. זי נעמט אויף באַקאַנטע און געסט, פאַר יעדן האָט זי אַ גוט וואָרט, אַ ווייך וואָרט. קעגן יעדן איז זי נוהג כבוד — חנה׳לע רופט מען זי. אַ זויפל איידלקייט און גוט-נשמה׳-דיקייט שטעקט אין דער פרוי! איך זע זי אין געשטאַלט פון אַ באַרימטע רביצין. איך רוף זי טאַקע, „די קאַצקער רביצין״, כאָטש אין דער אמתן איז זי **אייזיק העמלינס** פרוי.

ביז הונדערט און צוואַנציק!

# טשאַרלס ל. טאָבאַס / פילאַדעלפיאַ

אַ גוטמוטיקער מענטש מיט פיינע מאַניערן, נעמט ער אייך אויף ווי אַן אייגענעם. אויף זיין פּנים שוועבט אַ צופרידענער שמייכל, וואָס זאָגט עדות, אַז זיין פאַרברענגען אינעם לאַנד פאַרשאַפט אים אַ



**Mr. CHARLES L. TOBAS**
**member of the National Board of Governors of the Israel Bonds Organization of Philadelphia**

גייסטיקן פאַרגעניגן. פון די קלוגע אויגן קוקט אַרויס אַ סך ענערגיע און פעסטקייט. ווי נאָר מיר הויבן אָן אונדזער שמועס ווייזט ער אַרויס אַ פאַראינטערעסירונג צו ישראל־פּראָבלעמען. ווי אַ דזשענטעלמען רעדט ער ענדער וועגן דער געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט פון זיין פרוי Hariette ווי וועגן זיין אייגענער. אינעם סאַלאָן געפינט זיך טאַקע מיסיס טאָבאַס, אַן עלעגאַנטע בלאָנדינקע מיט גראַציעזע באַוועגונגען און לויטערן שמייכל, זי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ סימפּאַטישע לערערין ביים שול־טאָוול. זי איז טאַקע איצטער פאַרנומען מיט אירע קינדער. אַלע דריי זענען זיי שטיפערישע מיט פריילעכע ליאַרמען. צופרידענע מיטן טאַטענס מתנה — אַ באַזוך אין ישראל —

— פון איר פריערסטער יוגנט אָן — זאָגט מר. טאָבאַס אַרבעט מיין פרוי אין „הדסה". זי שטייט בראש פון דער אויסשטאַטונגס־אָפּטיילונג אין פילאַדעלפיאַ.

גיט מען אַ בליק אויף איר, זעט מען באַלד, אַז מ'קאָן זיך אויף איר פאַרלאָזן. דאָס לעבעדיקע פייערל, וואָס שפּיגלט אין אירע אויגן דרוקט אויס אי אינטעליגענץ אי איניציאַטיוו. דאָס איז דער טיפּ פון דער געבילדעטער יידישער מאַמע, וואָס שאַפט אין שטוב די גוטע און אַנגענעמע אַטמאָס־פערע, און רעפּרעזענטירט אין דער געזעלשאַפט די שיין־עלעגאַנטע, גוט־דערצויגענע און טיכטיקע דאַמע.

— דאָס ערשטע פּאָר וואָס מען דאַרף אייך לויבן מיסטער טאָבאַס — זאָג איך צום גאַסט — איז דערפאַר, וואָס איר האָט מיטגעבראַכט אייערע דריי קינדער אין ישראל.

אַ ליכטיקער שמייכל לויפט אַדורך איבער זיין פּנים, ווי ער וואָלט באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון מיין מיינונג. ווייסן מיר דאָך, אז קינדער האָבן אַ גוטן זכרון, און די איינדרוקן פון דער יידישער מדינה האָבן אויף זיי אַ פּאָזיטיווע ווירקונג. ווייזט אויס, אז מר. **טשאַרלס טאָבאַס** איז טאַקע פון די אָנהענגער אַז דאָס ברענגען יידישע קינדער פון אַמעריקע אויף באַזוכן אין ישראל זאָל אננעמען אַ מאַסן־כאַראַקטער, און לאַוו דווקא בלויז צו בר מצוה, נאָר טאַקע ביי יעדער געלעגנהייט. נאָך בע־סער וואָלט געווען, ווען דאָס דאָזיקע פּראָבלעם ווערט אריינגענומען אין פּראָגראַם פון יידישן חי־נוך.

איך פרעג: — צום וויפלסטן מאָל באַזוכט איר דאָס לאַנד ?

— איך באַזוך ישראל צום ערשטן מאָל — זאָגט מר. טשאַרלס טאבאס — אָבער פון איצט אָן וועל איך דאָ זיין אַן אָפטער גאַסט. דאָס לאַנד מיט זיין רעשיקער אנטוויקלונג האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם. די לעבעדיקייט אין די גאַסן,

די פּאַנאָראַמע פון ים ברעג און דער קלימאַט פון תל אביב זעט מיר אויס ווי אין מיאַמי ביטש. ישראל האָט אַ ספּעציעלע אייגנשאַפט, וואָס ציט צו דעם באַזוכער. אויב מען קוקט אַ ביסל ווייטער זעט מען דאָ אַ סך שיינע זאַכן.



**Mrs. HARIETTE TOBAS**
**and her daugther Nancy**

טשאַרל טאָבאַס איז טאַקע „דער מענטש וואָס קוקט אַ בסל ווייטער", אין די ענטוויקלונגס־פּלענער פון זיינע געשעפטן שפּילט דער דאָזיקער אַספּעקט אַ גרויסע ראָלע. ער איז באַקאַנט צוזאַמען מיט זיין ברודער דניאל און פֿאָטער סאַמועל מיט זייער גרויסן אונטערנעמערישן גייסט און ברייט פּאַרצווייגטער אַנטוויקלונג פון Downingtown. לייגט ער צו אַ האַנט צו געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, אָדער צו אַרבעט פאַר ישראל, זעט מען באַלד אַן די גוטע רעזולטאַטן. עס איז אַ פאַקט אַז מיסטער טשאַרלס טאָבאַס גיט אַוועק אַ סך צייט פאַר טעטיקייט למען ישראל.

זיין ערשטע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן מיטן איבערנעמען דעם אַמט אַלס פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין פילאַדעלפיע. איצטער איז ער טעטיק אין דער דירעקציע פון ישראל באָנדס און אין דער קאָנסערוואַטיווער שול „עדת ישראל". ער ווערט געשעצט און רעספּעקטירט פון דער געזעלשאַפט. מיט 2½ יאָר צוריק, ווען מ'האָט פאַר מר. טשאַרלס טאָבאַס געמאַכט אַן אויפנאַמע אין זיין בית כנסת, זענען ביי אָט־אָ דעם באַנקעט פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ גרעסערע סומע „באָנדס" ווי אין פאַרלויף פון אַ יאָר אין גאַנץ פעלאַדעלפיאַ.

ווען טשאַרלס טאָבאַס איז איצטער געפאָרן איבער די בערג פון יהודה קיין ירושלים, האָט ער ערשט אויף דער וואָר געזען, וואָס עס באַטייט דער אַמט וואָס ער פאַרנעמט אַלס קאַסירער פון קרן קימת לישראל אין פילאַדעלפיאַ. ער האָט ווייט אַרויסגעבליקט פון אויטאָמאָביל־פענצטער און געזען ווי די נאַקעטע קעפּ פון די ירושלימער בערג הויבן זיך אָן באַדעקן מיט מיליאָנען יינגע סאָסנע־ביימלעך, געפלאַנצטע דורכן ק.ק.ל. דאָס איז געווען פאַר אים אַ שטיל־פאַרבאָרגן, אָבער טיף געפיל, וואָס צאָלט מיט איינמאָל אָפּ דעם שכר פאַר אַ סך יאָרן מי.

מען נעמט אַ מוסטער פון זיין פירנעמען זיך. טשאַרלס טאָבאַס איז דער מענטש, וואָס קודם כל טוט ער אַליין. צו זיין שבח דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז ער האָט אויסגעקויפט פאַר גרויסע סומעס באָנדס, און אינוועסטירט באַדייטנדיקע קאַפּיטאַלן אין ישראל־פירמעס : Israel Oil Company, Ampal און אַנדערע פירמעס וואָס זענען פאַרבינדן מיט ישראל. דאָס זענען געווען זיינע טעטיקייטן ביז ער האָט געזען דאָס לאַנד. איצטער זעענדיק מיט דורכדרינגלעכע אויגן דעם אויפבוי־פּראָצעס וואָס גייט אָן אין לאַנד, גייט זיין טעטיקייט אַריין אין אַ נייער סטאַדיע. דאָס נעמט אָן אַ כאַראַקטער פון אַן ענגער פאַרבינדונג מיטן לאַנד, פאַר וועלכן ער און זיין פרוי זיינען יאָרן־לאַנג טעטיק.

מיסטער און מיסיס טאָבאַס זענען אין ירושלים אויפגענומען געוואָרן דורכן עקזעקוטיוו פּאַרזיצער פון דער סוכנות מר. משה שרת און דורך פאַרשטייער פון דער רעגירונג.

די געאָגראַפישע ווייטקייט, וואָס צעשיידט טשאַרל טאָבאַס מיט ישראל, איז דורך זיין איצטיקן באַזוך בשמהדיק גאָר נאָענט געוואָרן מיטן לאַנד, וואָס ער האָט ליב.

# וואָלף מארגאָליס / ערמאַנטאָן, קאַנאַדע

זיין גאַנץ לעבן גלויבט מר. וואָלף מאַרגאָליס, אין דער הערצליאַנישע פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. ער איז אבער נישט אָפּגעקומען מיט בלויז גלויבן, נאר געווען א טרייער חבר און אקטיווער ציוניסטישער עסקן אין אלע עטאַפּן, וואס די באוועגונג האט דורכגעמאכט. מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל ברייטערט ער אויס זיין ארבעטס־פעלד און ער איז אריינגעטון מראשו ועד רובו אין דער ארבעט למען ישראל.



Mr. and Mrs. Wolfe Margolus

בעת אונדזער שמועס אין תל־אביב האב איך געפרעגט דעם ציוניסטישן וועטעראַן די זייער אקטועלע פראגע:

— צי איז נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אין דער צייט ווען עס עקזיסטירט מדינת ישראל?

— ווייזט אויס, אַז מר. מארגאָליס האט שוין פריער וועגן דעם פּראָבלעם געטראכט, ווייל זיין ענטפער איז געווען אַ קלאָרער:

— „איך בין נישט מסכים מיט דער קאָנצעפּציע — זאָגט מר. מארגאָליס — אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דארף מען האבן דערצו, כדי אַנצוהאלטן א יידיש־נאַציאָנאַל לעבן אין די תפוצות. דאס איז נישט ריכטיק! דאס יידישע לעבן האלטן אונטער די רעליגיעזע אינסטיטוציעס, די ישיבות, סינאגאָגעס און זיי זיינען דער רוקנביין פון יידיש־נאַציאָנלן באַוווסטזיין אין אמעריקע.

די וויכטיקייט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאַציע באשטייט דערין, וואס מיר קענען זיך אויף איר פארלאָזן. מיט פריינט פון ישראל געשעט אזוי: אָט קומען זיי, און אָט גייען זיי אַוועק. די ציוניסטן בלייבן! אויב מיר נעמען איבער די פליכטן פאר ישראל מוז דאס נאָר זיין דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ביז דער אנטשטייאונג פון מדינת ישראל איז דער פראקטישער און פּיזיאָפישער ציל פון ציוניזם געגאַנגען האנט ביי האנט. זינט 1948, ווען ס'איז אנטשטאנען די מדינה האט די ציוניסטישע ארגאניזאציע פארלוירן דעם־מיט, וואס זי האט נישט באוויזן צו זיין פון די ערשטע צו העלפן ישראל. פילאנטראָפּיעס האבן פארנומען די פּלעצער פון ציוניזם. די ציוניסטישע באוועגונג האט מוותר געווען אויף א סך פון אירע אויפגאבן, און גרופּן פרייוויליקע זענען געקומען אויפן אָרט פון ציוניסטן. אויבנאָפּיק איז דאס גוט און שיין, איך האָב אָבער מורא, אַז די פרייוויליקייט וועט דורכגיין, און אויב עס וועלן קומען שווערע צייטן פאר מדינת ישראל — וועט מען זיך נישט קענען פארלאָזן אויף די דאזיקע פרייוויליקע ווי אויף אַן אָרגאַניזירטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

די ציוניסטישע ארגאניזאציע וועט נישט קענען אָנהאלטן איר פּלאַץ אינעם יידישן לעבן, אויב זי וועט נישט דעראָבערן צוויי וויכטיקע שליסל־פונקטן: זאמלען געלט, און אָנפירן מיטן יידישן חינוך. די צוויי פאקטאָרן זענען פון דעצידירנדי־קער באַדייטונג, אַז דער יונגער דור זאָל אויף אַ קלאָרן אופן וויסן און פילן דעם קשר און גשר צווישן וועלט יידנטום און ישראל".

מר. מארגאָליס קאָמפּראָמיסלאָזער צוגאַנג צו אידעען און פּראָבלעמען, באוויזט נאך בולטער זיין געשטאלט. ווי אַן אמעריקאנער געבוירענער ייד האט ער אויף מיר געמאכט א רושם מיט זיינע ווערטער: „איך באטראכט ישראל פאר מיין היים". ווייזט אויס, אַז ער איז נישט צעטיילבאָר אין זיינע

אידעען: איז ער א ציוניסט — איז ער דאָס מיטן גאנצן הארצן. האט ער ליב מדינת ישראל — באטראכט ער עס פאר זיין היים. האלט ער, אז מיט אינוועסטיציעס קאָן מען העלפן ישראל — איז ער אליין אן אינוועסטיטאר. אָט האט זיך נאָר־וואָס געעפנט דער גרעסטער האָטעל אין באר־שבע, „מדבר״, אין וועלכן מר. מארגאָליס האט אינוועסטירט קאפיטאל, און ער איז איינער פון אירע באָארד־דירעקטאָרן. געפעלן אים די קינדער פון ישראל, איז ער ממש אין זיי פארליבט, און זעט אין יעדן קינד א צויבער.

מר. מארגאָליס דערציילט אונדז מיט גרויס סאטיספאקציע, אז 90% יידישע קינדער פון זיין שטאָט לערנען אין יידישע שולן. א העלפט פון זיי אין העברעישע שולן מיט רעגירונגו־רעכט. ביי אָט־אָ דער יוגנט איז ישראל נאָענט און טייער.

וועלכע געגנטן אין לאנד זענען אייך געפעלן געוואָרן?

— איך האָב באזוכט דאס גאנצע לאנד, אבער צום בעסטן איז מיר געפעלן געוואָרן דער גליל.

— וואס פארע איינדרוקן פון ישראל האָבן זיך איינגעקריצט אין אייער זכרון?

— מיר זענען אָנגעקומען מיט אַן „אל־על״ עראָפּלאַן צוזאמען מיט א גרופּע קינדער איז על־טער פון 18—17 יאָר. דאס זענען געווען יידישע קינדער פון בראזיל. זייער געזאנג און זייער פרייד צו זען ישראל האָט אונדז מיטגעריסן, און דאס איז מיין שטארקסטער איינדרוק פון איצטיקן באזוך.

איך האב אים געוואלט שטעלן נאָך א סך פרא־געס, אָבער געפינענדיק זיך מיט אים פנים אל פנים אין א גוטער סביבה — האט זיך מיר אויס־געדאַכט, אַז ס'איז איבעריק אים אויסצופרעגן אי־בער אקטועלע פּראָבלעמען. אינסטינקטיוו האב איך דערפילט, ווי פון דעם דאָזיקן יידן שטראָמט א וואַרעמער קוואל פון ליבע צו דער יידישער מדינה יעדעס וואָרט קאָלערט זיך אראָפּ פון זיינע ליפּן מיט א ברכה צו ישראל. אין יעדן קלאנג הערט זיך דער עכאָ פון א בענקשאפט, וואס איז ענלעך צו דער שטימונג וואס מ'פילט אין ר' יהודה הלוי'ס „ים לידער". ער האט אויף מיר געווירקט נישט נאָר מיט זיינע מחשבות און רייד, נאָר אויך מיט זיין שווייגן. אין די קורצע הפסקות פון אונ־דזער שמועס, האב איך אין זיין שוויגן דערפילט אַ סענטימענטאַלע בענקשאַפט צום לאַנד. אַזאַ בענקשאַפט, וואָס האָט אין זיך דעם צויבער פון יוגנט־פרישקייט, מיט וועלכן מ'קאָן זיך טראָגן אויף צעהוידעטע כוואַליעס ביז אַן אויסגעטרוימטן ברעג... איך האָב פשוט נישט געקענט באַ־גרייפן, ווי קומט צו אַ געבוירענעם אין קאַנאַדע יידן — אַזאַ פלאַמיקער אהבת ציון? איך גלויב דעריבער, אַז וואָלף מאַרגאָלים, וועט לאַנג נישט קענען איינזיצן אין ווייטן צפון און קומען להשתקע בישראל.

אָבער ביז ער וועט קומען אין לאַנד אריין זיצט ער אויך נישט מיט פארלייגטע הענט, ער אַרבעט מיט אַלע כוחות פאַר מדינת ישראל. אָפּט־מאָל שווימט טאַקע אויף די פראַגע: „ווו קאָן אַזאַ געטרייער ברודער מער אויפטאָן פאַר דער מדינה דאָ אינעם לאַנד אָדער אין חוץ לארץ? שטיצן מיר דאָך אונדזער כוח פון אונטערלאַנד אויף אַזעלכע טרייע און איבערגעגעבענע מאַרגאַליסעס, און אויב מיר וועלן זיך אָנכאַפּן אין דער שיטה — „אַ ציוניסט איז נאָר דער וואָס וווינט אין ישראל״ — טאָ וועמען וועלן מיר האָבן אויף די פראָנטן פון הינטערלאַנד?...

מיר מוזן זיך טאַקע איבער דעם פראָבלעם פאַר־טראַכטן. צי וואָס שאַפן קאַטעגאָריעס ציוניסטן — די וואָס זיצן אין ישראל, און די וואָס וווינען אין חוץ לארץ. צי נוצט דאָס געבן אנצוגעהערן אָט אַזעלכע טרייע מאַרגאַליסעס, אַז מיט דעם וואָס ער זיצט אין חוץ לארץ איז ער א ציוניסט פון צווייטער קאַטעגאָריע? לאָמיר זיך נישט נאַרן; צי קאָן ישראל אריינגעמען דאָס אמעריקאַנער יידנ־טום און געבן זיי די גוטע לעבנס־באַדינגונגען ווי זיי האָבן אין זייערע היימען? און דער עיקר צי גלויבט ווער אז אַזאַ „שיטה״ וועט ברענגען נוצן?...

* * *

מר. מאַרגאָליס איז דער וויצע־פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און טשערמאַן פון די „באָנדס״ אין זיין וווין־שטאָט. ער איז אויך טעטיק און אַ ריי אַנדערע אינסטיטוציעס, ווו ער פאַרנעמט בכבודיקע טיטולן. אָבער דער שענס־טער און גרעסטער טיטול זיינער איז, זיין איידל פערזענלעכקייט, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך אַלע גוטע אייגנשאַפטן פון אַ וואַרעמען און קולטורעלן ייד און מענטש.

# מעק באַדיען / לאָס אַנדזשעלעס

מעק באַדיען, דער פאַרדינסטפולער עסקן למען ישראל האָט איצט באַזוכט דאָס לאַנד בראש פון דער U.J.A. Kelymens Mission-1962 from Los Angeles די מיסיע איז באַשטאַנען פון 45 „שליסל מענטשן", וואָס אַרבעטן שוין לענגערע יאָרן פאַר דעם „פאַראייניקטן יידישן אַפּיל". ווי דער לידער פון דער גרופּע האָט זיך מיסטער מעק באַדיען באַמיט, אַז די מיטגלידער פון דער מיסיע זאָלן זיך פון דער נאָענט באַקענען מיטן אויפבוי-ווערק פונעם לאַנד און אויך קומען אין קאָנטאַקט מיט די נייע עולים, וואָס קומען אין לאַנד אַריין.



Mr. & Mrs. Mac Bodian

— דער ציל פון אונדזער באַזוך אין לאַנד — זאָגט מר. באַדיען איז אַ טאָפּלטער: ס'ערשטע, אַז די פאַרדינסטפולע דעלעגאַטן פון דער מיסיע זאָלן זען וואָס עס ווערט געטאָן פאַר די געלטער, וואָס מיר שאַפן אין אַמעריקע פאַרן U.J.A. און זיי זאָלן קענען דאָס דערציילן פאַר אַנדערע יידן.

— „עס איז זייער לייכט פאַר אַ רייכן יידן צו געבן געלט פאַר ישראל — זאָגט מר. באַדיען — אָבער וויכטיק פאַר דער זאַך איז, אַז עס זאָלן זיין מענטשן, וואָס רופן אַנדערע צו געבן. אָט די דאָזיקע מענטשן מוזן זיך קודם כל אַליין איבערצייגן, וואָס עס ווערט געטאָן מיט די געלטער און ווי וויכטיק עס איז צו זאַמלען גרעסערע געלט-סומען פאַר דער קליטה און אויפבוי פון מדינת ישראל. איך האָב געפירט די מיסיע איבער אַלע טיילן פון לאַנד. מיר האָבן געזען, אַז עס ווערט דאָ געטאָן אַן אַרבעט פון גרויסן פאַרנעם. עס איז אוממעגלעך דאָס צו באַנעמען, ווען מ'איז אין קאַליפאָרניע.

— וואָס פאַר אַן איינדרוק האָט דאָס געמאַכט אויף די דעלעגאַטן פון אייער מיסיע?

— דער רושם איז אויף יעדן פון אונדז געווען אַ קאָלאָסאַלער. מיר האָבן געהאַט אַ סך פרייד, פון דעם שכר וואָס מיר האָבן פאַר אונדזער לאַנגיאָריקער אַרבעט דאָ באַקומען. דער שכר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר האָבן געזען מיט אייגענע אויגן, אַז די געלטער, וואָס מיר זאַמלען ווערן פאַרוואַנדעט אויפצובויען דאָס לאַנד. צו פאַרוואַנדלען שטיקער מדבר אין פרוכטבאַרע און באַפעלקערטע געגענטן. איך בין דאָ געווען אין לאַנד מיט 7 יאָר צוריק און באַזוכנדיק איצט די פּלעצער האָב איך זיי נישט דערקענט. דאָרטן ווו אויף מיילן-ווייט האָבן זיך געצויגן פוסטע שטחים באַדעקט מיט שטיינער, געפינען זיך איצט פאַראַקערטע פעלדער. עס שטייען גרייטע פרוכטן-ביימער און אַרום זענען פאַראַן זאַטע בייטן מיט פאַרשידענע ירקות. הונדערטער נייע דערפער זענען אויסגעוואַקסן און טויזנטער נייע עולים-משפחות לעבן דאָ צופרידענע אויף דעם באָדן.

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק?

— דעם גרעסטן רושם מאַכט דאָס, אַז מען זעט אַ גאַנץ יידיש לעבן, אַן אייגנאַרטיקן לעבן פון יידן אויף זייער ערד און אין זייער מדינה, אויף טריט און שריט זעט מען אייגענע.

מר. מעק באַדיען, דערציילט אויך וועגן די באַגייסטערונג וואָס ס'האָט געהערשט ביי אַלע דעלעגאַטן פון דער מיסיע, ווען זיי זענען אויפגענומען געוואָרן דורכן כב' נשיא המדינה מר יצחק בן צבי און גב' בן צבי. ד"ר ישראל גאָלדשטיין האָט זיי פאַרגעשטעלט פאַרן פרעזידענט. יעדער האָט געפילט — זאָגט מר. באַדיען — ווי דער פרעזידענט נעמט אים אויף ווי אַן אייגענעם ברידער.

דאָס מאָל איז מר. שאול ראָזען געקומען אין לאַנד מיט דער U.J.A. Study Mission, זעען און שטודירן, וואָס עס ווערט געטאָן אינעם לאַנד פאַר די געזאמלטע „מגבית"-געלטער.



עס איז שוין זיין פירטער באַזוך אין דער מדינה. ער אריענטירט זיך זייער גוט אין דער דינאמישער ענטוויקלונג פון שטאַט און דאָרף, פון ווירטשאפט און קולטור.

דעם זעלבן טאָג פון אונדזער געשפרעך איז מר. ראָזען צוזאמען מיט דער גאַנצער מיסיע אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה פרעזידענט מר יצחק בן צבי און זיין פרוי. די אויפנאַמע איז געווען גאַר אַ וואַרעמע. מר. ראָזען איז געווען באַגייסטערט פון דער דאָזיקער האַרציקער באַגעגעניש.

געבוירן אין ביאַליסטאָק און דערצויגן אין אַ נאַציאָנאַל-יידישער סביבה איז ער געבליבן אַ ייד מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און זאפטיק-וואָרצלדיקער יידישקייט. דער גאַסט דערציילט מיר, אז ער איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון פוילן, ווו ער האָט געזעען אוישוויץ. זיין האַרץ האָט געוויטיקט און ער האָט זיך נישט געקענט באַרואיקן פון די שרעקלעכע בילדער וואָס ער האָט דאָרטן געזען. צום סוף רופט ער אויס: „איך וועל מיט מיינע קינדער פאָרן קיין אוישוויץ זיי זאָלן דאָס אלץ זעען!"

זיין פרוכטבאַרע אַרבעט איז אויסשליסלעך געווידמעט לטובת הכלל. אין פּאַטערסאָן איז ער דער פרעזידענט פונעם מושב זקנים „די טעכטער פון מרים" און „הויז פאַר די עלטערע" — ער איז דירעקטאָר פון Y.M.H.A. (העברעישע יוגנט געזעלשאפט) און דירעקטאָר פון דעם באַוווסטן Barnert Hospital in Paterson, N.J. און ער באַטייליקט זיך אין אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס זענען נויטיק פאַר דער געזעלשאַפט.

פון דער נאַטור אַ פיינפילנדיקער מענטש מיט הומאניטאַרע אייגנשאַפטן איז אים גאָר נישט צו שווער, ווען עס האַנדלט זיך צו העלפן אַ מענטשן און נאָך מער, ווען עס גייט אין העלפן די יידישע מדינה.

— אונדזער הילף וועט נאָך מער פארגרעסערט ווערן — זאָגט מר סאול ראָזען — ווייל ישראל איז די היים פאַר עמיגראַנטן, וואָס זענען נע ונד אין דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן זיי געזען, אָנקומען אין לאַנד אריין. זיי זענען אראָפּגעגאַנגען פון די עראָפּלאַנען, מיט אזויפיל פרייד, אז נאָך אזויפיל וואַנדערן האָבן זיי געפונען אַן אייגענע היים, מיר האָבן געזען ווי די רעגירונג פון ישראל בויט פאַר זיי הייזער, גיט זיי וואַסער, בויט שולן און פירט זיי אריין אין אַ נייע לעבן. דאָס איז דאָס גרעסטע און בעסטע וואָס ס'ווערט טאָג-טעגלעך געטאָן אין מדינת ישראל!

— די ענטוויקלונג פון נגב וועט זיין די גרעסטע הילף פאַר ישראל. די עמיגראַנטן וועלן מאַכן דעם נגב פאַר אַ בליענדיקן ישוב.

אָט אַזוי זעט מר. Saul Rosen מדינת ישראל, און אַזוי פליסט פון האַרצע זיין אהבת ישראל.

דאס איז העכערער טיפּ פון א יידישן עסקן, אָנגעזאַפּט מיט אידעאַליזם און יידישער טראַדיציע. פון אונטער זיין וועלטלעכער דערציאונג און מערב־קולטור שפּיגלט אָפּ אויף זיין



פּנים א למדנישער שמייכל. אז מען רעדט מיט אים דערפילט מען באלד ווי דער איידעלער ייד האָט א הנאה פון אלץ וואס ער זעט דאָ, און איז מיט אלע פעדים פון זיין נשמה פארבונדן מיטן לאנד.

געבוירן אין שטעטל ראדזין, האט ער מיטגענומען א סך סגולות פון ראדזימינער רבינס הויף. מיט דער דערמאָנונג פון שטעטל זענען מיר אויסן צו באַצייכענען דעם פאַקט, אַז אונדזערע בעסטע קעפּ, רעליגיעזע אויטאָריטעטן ווי גרויסע יידישע שרייבער און מנהיגים האָבן אָפּגעשטאַמט פון די פּויליש־ליטווישע קליינע שטעטלעך. ווערנדיק בר מצוה עמיגרירט מר. פערסטענבערג פון פּוילן קיין בעלגיע — אנטווערפּן.

אַנטווערפּן די שטאָט וואָס האָט אַ מאָל געשמט מיט אירע גדולי התורה האלט אויך איצטער אָן איר יידישער טראַדיציע. זי איז געבליבן יידיש־קוואליק. יידישע היימען זענען פול מיט יידישקייט. היינט צו טאָג די יידישסטע שטאָט אין אייראפּע.

אין אנטווערפּן — דערציילט ה׳ פערסטענבערג — וווינען בערך 9 טויזנט יידן. 4,000 זענען אָרטאָדאָקסישע. עס זענען פאַראַן צוויי יידישע קהילות; „שומר הדעת״, וואס איז אביסל ליבעראַלער, און „מחזיקי הדעת״ — שטרענג אָרטאָדאקסיש. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען די יידישע קהילות געווען צוזאמענגעשלאָסן, אבער איצט זענען זיי ווידער צעטיילט. „שומר הדעת״ האט אויפגעבויט די שענסטע שול, און האלט אויך אויס די „תחכמוני״־שול, אין וועלכער ס׳לערנען 650 קינדער. „תחכמוני שול־שפּילט א גרויסע ראָלע אינעם חינוך פון דער יידישער יוגנט. א סך קינדער וואס באקומען דאָרט א רעליגיעזע דערציאונג שטאמען פון פרייע עלטערן. וואָלט די שול נישט עקזיסטירט וואָלט די יידישע יוגנט נישט געוווסט פון קיין יידישקייט, און געגאנגען אין אנדערע וועגן.

— הערט מען נאך רעדן יידיש אין אנטווערפּן ?

— דאס יידישע וואָרט לעבט ביי די אנטווערפּענער יידן אין שטוב און גאס!

ה׳ פערסטענבערג האַלט שטאַרק פון „יהללוך זר ולא פיך״, דעריבער האט ער אונז נישט דערציילט וועגן זיין אייגענער טעטיקייט, אבער מיר ווייסן, אַז ער האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער קולטור ארבעט אין זיין קהילה און נאָך מער פאַר ישראל. ווי אונדז איז באַוווסט טוט מר פערסטענבערג מיט ליבשאַפט א פרוקטבארע ארבעט פאר ישראל. ער איז דער יושב ראש פון קרן קימת לישראל פאר בעלגיע און לוקסעמבורג. ער איז אויך דער פאָרזיצער פון דעם „באָנדס־דרייוו״ פאר אנטווערפּן זינט זיין אנטשטייאונג. אין יאָר 1960 ווירקט מר פערסטענבערג אויפן גאווערנער פון אנטווערפּן ער זאל באזוכן ישראל, און ער קומט מיט אים אין לאנד

אַרייַן. דער גאָווערנער איז געוואָרן שטאַרק באַגייסטערט פונעם לאַנד און ס'איז טאַקע מקוים געוואָרן דער יהללוך זר ולא פיך. נאָך זיין אַ היימקומען האָט דער אַנטווערפּענער גאָווערנער אַ לעקציע אין „ראָטערי קלוב" און לויבט די יידישע מדינה מיטן פולן האַרצן. ווער עס קען דאָס יידישע לעבן אין חוץ לארץ ווייסט, אַז קיין בעסער פאַרגעניגן פאַר יידן איז נישטאָ, ווי צו הערן ווי אַ נישט־ייד לויבט עפנטלעך דאָס לעבן און אָרדענונג אין דער יידישער מדינה. נאָך דערצו ווען דאָס איז אַן אָפיציעלער פּערזאָן — אַ גאָווערנער, און די לעקציע קומט פאַר אין אַזאַ בכבודיקן פלאַץ ווי ס'איז דער „ראָטערי קלוב".

— ווי האָט איר זיך פאַרגעשטעלט ישראל, און ווי האָט איר עס ביי אייער ערשטן באזוך געזען?

— איך האָב זיך פאַרגעשטעלט צו טרעפן ישראל מער הינטערשטעליק ווי כ'האָב עס געטראָפן. אַלץ וואָס כ'האָב געהערט און געלייענט, האָב איך געמיינט אַז ס'איז פּראָפּאַגאַנדע. איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז ס'איז מער געשאָפן געוואָרן ווי מען אינפאָרמירט דערוועגן.

איך בין אַרויסגעפאָרן אויף עטלעכע טעג איבערן לאַנד און געזען ווי אומעטום בויט מען. נישטאָ קיין געגנט וווּ מען זאָל נישט בויען, יעדע גרעסערע שטאָט האָט איר אינדוסטריע־צענטער, אפילו אין די ווייטסטע ישובים געפינען זיך פאַבריקן וואָס גיבן ארבעט די נייע עולים.

— וואָס פאַרא אונטערשיד זעט איר אינעם לאַנד אין פאַרלויף פון די צוויי יאָר?

— דאָס וואָס ס'וואַרפט זיך אין די אויגן, איז דער העכערער לעבענס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג. די שטעט ווערן אויך פאַרשענערט. עס פאַרמערן זיך שיינע געשעפטן און מאָדערנע בנינים. מען זעט אויך אַ סך לוקסוס זאַכן, וואָס פריער איז דערפון קיין שפור נישט געווען. איך האָב טאַקע באַוואָרעניש, אַז דער לעבענס־ניוואָ אין ישראל איז אַביסל צו הויך אין פאַרגלייך מיט דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע פון לאַנד. אַזעלכע דערשיינונגען זענען דירעקטע סיבות פאַר אַן אינפלאַציע.

— אַלס בריליאַנטן־ספּעציאַליסט, ווי זעט איר די מעגלעכקייטן פאַרן ישראל עקספּאָרט פון געשליפענע בריליאַנטן?

ביז דער אַנטווערונג פון דער וואַלוטע (פּיחות) איז ישראל געווען קאָנקורענץ פעיק מיט בריליאַנטן אויפן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען צוליב די רעגירונגס־סובסידיעס, וואָס די עקספּאָרטירער האָבן באַקומען. איצט שטייט פאַר פאַרן ישראל עקספּאָרט, טאָפּלטע שוועריקייטן. די אָפּגעשאַפענע סובסידיעס, און דער אייראָפּעישער מאַרק. מען וועט נאָך דאַרפן אָפּוואַרטן אַ לענגערע צייט ביז דער בריליאַנטן עקספּאָרט פון ישראל וועט זיך סטאַביליזירן מיט די פּרייזן.

— אינוועסטירן אויך יידן פון בעלגיע געלטער אין ישראל?

— עס זענען פאַראַן אַ סך יידן וואָס אינוועסטירן. נאָך מער וויכטיקער איז וואָס יוגנטלעכע קומען קיין ישראל *להשתקע*.

— צי זענען אנטווערפּענער יידן אויך עמפינדלעך אויף דער פּאָליטישער סיטואַציע פון ישראל?

— ביי יעדער פּאָליטישער אויפטרייסלונג וואָס קומט פאַר אין ישראל קלאַפּן אונדזערע הערצער שטאַרקער. אונדזערע געדאַנקן זענען באַהאָפטן מיט ירושלים. יעדער פּאָליטישער אינצידענט צווישן ישראל און אירע שכנים האַלט אונדז אין שפּאַנונג, נישט ווייניקער ווי די תושבי ציון.

— וואָס פאַרא איינדרוק מאַכט אויף אייך די ישראל יוגנט?

— די יוגנט אין ישראל האָבן פאַר זיך רעאַלע צילן. זיי ווייסן וואָס זיי ווילן. מיט זייער אויסזען, דרייסטקייט און פיזישע אַנטוויקלונג קאָן מען זיי פאַרגלייכן צו פולע אייראָפּעער. ווען מען זאָל זיי זען אין פּאַריז, לאָנדאָן, אָדער בריסל, נעמט מען זיי אָן פאַר דאָרטיק־דערצויגענע.

ה' פערסטענבערג איז דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך פאָרשטייער פון דער רעגירונג און נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. עס האָט אים אויפגענומען דער האנדלס־מיניסטער מר ספיר, און דער דירעקטאָר פון האנדלס־מיניסטעריום מר צור. מיט אַ וואַרעמען קבלת־פנים האָט מען דעם חשובן עסקן אויפגענומען אין דער רקן־קימת דירעקציע און אין דער הויפּט־ביוראָ פון די „באָנדס" אין ירושלים.

# רבי דוד מאַנסאָן / טאָראָנטאָ

איך בין נישט מקנא טאָראָנטער יידן מיט זייער שפע און רייכטום, אבער מען מעג זיי מקנא זיין מיט דעם איידעלעם תלמיד חכם הרב דוד מאַנסאָן פון דער שול „בית שלום".



ער מאַכט דעם איינדרוק פון א מופלא אין תורה און חכמת ישראל, א מענטש מיט א סך סגולות און מידות טובות. א מאָל פלעגן יידן זאָגן אויף אזא יינגן תלמיד חכם — די שכינה רוהט אויף אים!

טראָץ דעם, וואָס אין טאָראָנטאָ רופט מען אים ראביי, ווילן מיר אים כסדר רופן רבי.

מען קאָן האבן געלערנט תורה און נישט גלויבן אין איר. מען קאָן אפילו זיין א מרא דאתרא און נישט ליב האבן מענטשן. רבי מאַנסאָן ווייזט אָבער ארויס די גוטע סגולות: ער האָט געלערנט תורה און גלוסט אין אירע געבאָטן. ער איז דער גייסטיקער מנהיג פון אן עדה יידן און איז גע־בליבן גייסטיק צוזאַמענגעוואַקסן מיטן פאָלקס־מענטשענס טראדיציעס און דאגות.

ווען דוד מאַנסאָן האָט אין זיינע יונגע יאָרן געלערנט אין דער ביאַלאַבזשעגער ישיבה, האָט ער נאָך נישט געטראכט, אז מען וועט אים אָנ־טאָן דעם טיטל ראַביי, דעריבער האָט ער גע־לערנט לשמה. אויפגעשטאַנען פארטאָגס און אָפּ־געזיצן ביז שפּעט ביינאַכט על התורה ועל העבודה. דערצו האָט ער נאָך געהאט אין וועמען אריינ־צוגראָטן: זיין פאָטער איז געווען אַ למדן מופלג און א גרויסער חסיד — פון אים האט ער טאקע געירשנט דעם חשק צום לערנען, און זיין מוטער טשארנע ע"ה האט געהאט א גרויסע אמונה אין ציוניזם. אַז מען דערמאָנט נאָך זיין זיידע ר' מרדכילע, דעם גרויסן חובב ציון פון קעשעניעוו — האָבן מיר שוין דעם אויסקריסטאַליזירטן חוט המשולש אין הרב דוד מאַנסאָנס פערזענלעכקייט.

זאָגן, אז טאָראָנטער יידן זענען אינגאנצן אויף אים קיין מבין נישט — וואָלט געהייסן סתם אויסטראכטן א בלבול אויף א כשרע יידישע קהילה, אָט האט איר דאך א באווייז:

„די קאָנפערענץ פון פאראייניקטע אָרגאַניזאַ־ציעס צוזאמען מיט פארשטייער פון דער בית שלום־שול אין טאָראָנטאָ — האָט באַשלאָסן צו באערן ראביי דוד מאַנסאָן מיטן אויפשטעלן אויף זיין נאָמען א קומוניטי צענטער אין מדינת ישראל".

דער קאָמוניטי צענטער ווערט אויפגעבויט אין אור יהודה. דער נאָמען אליין איז סימבאָליש פאַרן יובילאַר, ווייל אויך פון רבי מאנסאנס נשמה לייכט ארויס דאָס ליכט פון יהודה אין פולן זינען פון וואָרט.

רבי מאַנסאָן געהערט צו דער קאָנסערוואַטי־ווער שול. די קאָנסערוואטיווע — זאָגט רבי מאָנ־סאָן — האַלטן, אז דער שולחן ערוך איז די באַזע פאר רעליגיעזער יידישקייט. מען קאָן מאָנכע זאכן בייטן, אבער מען האלט פון כשרות. אָבער אויסער די רעליגיעזע באַזע — מיינט ער — דארף מען אויך אָנהאלטן דאס סאמע פאָלקס־

טימלעכע — די שפּראַך:

— כאָטש איך האָב ליב העברעיש, וויל איך, אַז יידישע ראַביים זאָלן לייענען אַ יידישע צייטונג, פון אַ יידישע צייטונג קענען זיי וויסן וועגן יידישן לעבן.

— און וואָס זאָגט איר וועגן יידיש לשון?

— פון אַלע זייטן הערט מען שרייען, אַז יידיש גייט אונטער. מען דאַרף עס אָבער נישט אַוועקהרגענען!

— מיינט איר, אַז מיט ענגליש וועלן מיר קאָנען ממשיך זיין אַ נאַציאָנאַל־יידיש לעבן?

— אוממעגלעך, ניין! מיר מוזן אַלץ טאָן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן לערנען אין יידישע טאָגשולן.

— וואָס פאַרע ענדערונג האָט איר באַמערקט אין לאַנד זינט אייער באַזוך אין 1953?

— כ'זע אַ גרויסע ענדערונג אין דער שאַרפקייט פון דער אידעאָלאָגישער באַוועגונג. מיט 9 יאָר צוריק האָט מען פּשוט געפילט, ווי ס'הערשט אַ שנאה צווישן פאַרביסענע פּאַרטיי־מענטשן, למשל צווישן רעוויזיאָניסטן און מפא"י. איצטער זענען די געמיטער מער אָפּגעקילט. ווי אַ צענטראַלע אַקס וואָלט ביידע שטראָמונגען צוזאַמענגעשמידט. איך מיין טאַקע די אַקס, אויף וועלכער עס האַלט זיך די זיכערקייט פון מדינת ישראל. איר קענט איצטער טרעפן „רעכטע" מיט „לינקע" זיצן ביי איין טיש און געמיטלעך שמועסן.

— וועלכע סאָציאַלע שיכטע פון דער באַפעלקערונג איז אייך אַמבעסטן געפעלן געוואָרן?

— איך קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס יידן מוטשען זיך אין די שטעט מיט קליינע קרעמעלעך און „גזוז־קיאָסקן" און גייען נישט אויף די שיינע פעלדער אין די קיבוצים. אין די קיבוצים ווערט געפירט אַ מוסטערהאַפט לעבן. עס ווערט געזאָרגט פאַר דעם קולטורעלן אויסלעבן זיך די יוגנט באַקומט בילדונג און איז צוגעבונדן צו דער סביבה. די קיבוצים האָבן איינגענומען טויזנטער נייע עולים משפחות מיט גלייכע רעכט, ווי ס'האָבן די וותיקים פון קיבוץ.

— צי האָט איר אויך וועלכע באַוואָרעניש קעגן די ישראלים?

— איך בין זייער באַזאָרגט פון די „יורדים", וואָס קומען צו אונדז. איך האָב ליב העברעיש, אָבער ווען איך הער דעם ריכטיקן עברית פון די יורדים מיילער אויף די טאָראָנטער גאַסן, פיל איך זיך באַליידיקט. אַמיינסטן ליידן זייערע קינדער, די קינדער בענקען שטאַרק נאָך זייער לאַנד ישראל. די פראַגע יורדים פון ישראל דאַרף מען זען אַרויפצוברענגען אויפן טאָג־אָרדנונג. מען מוז סיי אין ישראל, און סיי אין די תפוצות זיך באַשעפטיקן מיט דעם ענין. דאָס איז אַ געפערלעכער פּראָבלעם. איך ווייס פון פאַלן ווען קינדער פון יורדים קומען אין יידישע אינסטיטוציעס און בעטן מען זאָל זיי צוריקשיקן. אין ישראל גופא דאַרף מען זיך מער ערנסטער באַציען צו דעם פּראָבלעם.

עס איז שוין אַ שפּאַר שטיקל צייט ווי כ'האָב זיך מיט רבי מאַנסאָן געזעגנט, אָבער זיין מחיה־דיקע קאַלירפולע קולטור־געשטאַלט מיטן פּערלדיקן יידיש אין מויל האָבן געפאַנגען מיינע זכרונות, וואָס צוזאַמען מיטן מאַרגנרויט גייען זיי אויף יעדן טאָג, פריש און ליכטיק.

---

## אהרן שרירא / MOUNT VERNON, N.Y.

דאָס גרעסטע וווּנדער פון נייעם ישראל ייִד — זאָגט מר. שרירא איז — וואָס אַ לאַנד פון שטיינער און וויסטעניש, אַ לאַנד, וואָס ס'איז געליגן אין הענט פון פוילע מענטשן, וועלכע האָבן דערפון געמאַכט אַ תל — איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן דורך יידישע הענט אין אַ לאַנד פון אַ ניי לעבן.

מר. שרירא האָט אויך צוגעלייגט אַ האַנט צום בויען דאָס לאַנד. ער איז איינער פון די אנגעזעענסטע אַקציאָנערן פון „אַמפּל" און אַ מיטגליד פון דירעקטאָריום. ער באַזוכט ישראל זייער אָפט, און צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע געפאָרשט, וואָס דער AMPAL האָט געטאָן פאַר דער אנטוויקלונג פון דער ישראל אינדוסטריע.

— מיר זענען צופרידן פון „אַמפּלס" טעטיקייט אויף דעם געביט — זאָגט מר. שרירא, און ער באַמערקט: „קיין מענטש אויף דער וועלט האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס יידישע לאַנד וועט זיך אַנטוויקלען אין אַזאַ שנעלן טעמפּאָ ווי עס איז געשען".

אין מעקס כהנ׳ס פערזענלעכקייט זעט מען אין ישראל אַ גאַנצע אינסטיטוציע. ס׳איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז איין מענטש, ווי גוט און רייך ער זאָל זיין — זאָל קענען אויספירן אַזאַ ברייט־פאַר־



**Mr. & Mrs. Max Cohen**

צוייגטע וווילטעטיקע ארבעט, ווי עס איז דער פאַל מיט מעקס כהנ׳ס טעטיקייט אין ישראל.

מר. מעקס כהן מיט זיין פרוי ראָזאַ זענען מענטשן פון אַ ברייטן פאַרנעם. זיי באַגענוגענען זיך נישט נאָר מיט סתם געבן געלטען פאר וווילטעטיקע צוועקן, נאָר גרינדן ספעציעלע פאנדן, וואָס זאָלן דינען פאַר די צוועקן, וועלכע זיי באַשטימען. מיר ווערן נאָר דערמאנען עטלעכע פון זיי. אויפן ערשטן אָרט שאַצן מיר אָפּ דעם קרן קונסטרוקטיבית ע״ש מקס ורוזה כהן, שיקגו — תל־אביב.

THE MAX and ROSE COHEN'S
(Chicago) FREE-LOAN FUND
for constructive purposes — Tel Aviv.

קאָנסטרוקטיווע הילף דאָס איז דער רוף, וואָס מ׳הערט פון ישראל. דעם רוף האָט מר. מעקס כהן דערהערט אין שיקאַגאָ און געקומען צו הילף הונ־דערטער נויטבאַדערפטיקע פאמיליעס פון מיטל־שטאַנד, וואָס געניסן פון זיינע פונדאציעס. אויסער דעם שטיצט מר. מעקס כהן אַ סך רעליגיעזע אינ־סטיטוציעס. אין דער בר אילן אוניווערסיטעט געפינט זיך אַ טעכנישע ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען, ער האַלט אויס דריי ישיבות פון תורה און מלאכה מיט א בודזשעט פון הונדערט און פיפציק טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

אַז מיסטער און מיסיס מעקס כהן קומען אין יש־ראל קוקן זיי זיך ארום, ווו מען באדארף עפּעס, און ווו מ׳קאָן עפּעס טאָן. ווען זיי זעען, אַז אין אַן אינסטיטוציע אָדער ישיבה פעלט עפּעס, פרעגן זיי: „פאַר וואָס איז דאָס נישט געטאָן געוואָרן?״ אַזוי ווייסן מיר פון אַ פאַקט, ווען מר. מעקס כהן איז אריינגעקומען אין א רעליגיעזער פאַך־שולע און ער פרעגט דעם דירעקטאָר: „פאַר וואָס איז אַזוי ענג ביי אייך״? ענטפערט אים דעם דירעקטאָר דעם באַקאַנטן תירוץ:

— נישטאָ קיין געלט!

— וויפל דאַרפט דאָס קאָסטן?

— 35 טויזנט דאָלאַר.

— לאָזט אויסברייטערן די שול, אויפבויען וואָס מ׳באדאַרפט, און איך באַצאָל דאָס! — זאָגט מר. מעקס כהן אַנטשלאָסן.

מר. מעקס כהן האָט אויפגעשטעלט אַ גרויסע שול (בית כנסת) פאַר די תלמידים, וואָס לערנען תורה און מלאכה אין שכונת מונטיפיורי — תל־אביב. אין כפר אברהם, לעבן פתח תקוה האָט ער אויסגעבויט אַ שול און ער שטיצט די דאָרטיקע ישיבה. ער אונטערשטיצט און באַטייליקט זיך אין דער פּאָניוויעזשער ישיבה. ער איז פאַרבונדן מיט מזרחי און האָט געגעבן דער אָרגאַניזאַציע אויס־צובויען 8 שולן.

ער האָט אויך אַ נחלה אויף זיין און זיין פרויס

נאָמען אויפן באַדן פון קרן קימת.

איך האָב ספּעציעל געמאַכט אַ שפּאַציר איבער אינסטיטוציעס, וואָס זענען אויסגעבויט געוואָרן מיט זיין הילף, אָדער וואָס ווערן דורך אים אויסגעהאַלטן. כ'בין אויך געווען אין „קסטל-הויז" אין תל אביב און זיך באַקענט מיט דעם „קרן קונסטרוקטיבית". אויסגעפרעגט זיך וויפל מענטשן עס געניסן פון באַקומען הלוואות, און געקומען צו דער איבער-צייגונג, אַז ווען מען וואָלט אָט-אַ די אַלע „מעקס כהן-אינסטיטוציעס" אוועקגעשטעלט אויף איין פּלאַץ, וואָלט דאָס געווען אַ שיינע קאָלאָניע פונעם חשובן נדבן אין ישראל. מען וואָלט געקענט קומען נעמען אַ מוסטער, און לערנען דערפון אַ סך גוטע יידישע מידות. טאַקע אַ גרויסער שאָד, וואָס די „מעקס כהן-אינסטיטוציעס" זענען צעוואָרפן אין פאַרשידענע פּלעצער.

אַז מאַקס כהן מיט זיין פרוי קומט אין ישראל ווייסט מען אַז עס ווערט עפּעס אויפגעטאָן. ס'ווערט עפּעס וויכטיקעס געשאַפן ווערן. ווי אַ גוטער בעל הבית, וואָס קומט אין זיין פאָלוואַרק אריין, אַזוי קומט ער זיך ארומזען וואָס פאַרע פרות עס טראָגן דיביימער וואָס ער האָט געפלאַנצט, און ווו מען דאַרף אויפסניי פלאַנצן. שוין איצט איז די פרוכט פון זיין טעטיקייט פול מיט יידיש-טראַדיציאָנעלע זאַפטן. ביי זיין איצטיקן באַזוך אינעם לאַנד האָט ער געגומען אויפבויען אַ „פנימיה" (היים) פאַר די גרויסע ישיבה „כרם ויבנה".

געבוירן אין אַ שטעטל לעבן קאָוונע איז ער ביז בר מצוה געגאַנגען אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. ער שטאַמט פון אַ רעליגיעזער היים. זיין צוגעבונדנ־קייט צו ישראל האָט אין אים איינגעפלאַנצט זיין מוטער אסתר העני ע"ה. נאָך אין יענע צייטן האָט זיין מוטער געקויפט און געלאָזט פלאַנצן אַ פאַר ביימער אין ארץ ישראל. און די מאַמע פלעגט זאָגן: „אַז דו וועסט גרויס ווערן מיין זון, וועסטו גאַנצע וועלדער אין ארץ ישראל פלאַנצן". די מאַמעס רייד האָט ער נישט פאַרגעסן. די ליבשאַפט צו ארץ ישראל, וואָס האָט געהערשט אין זיין פאָטערס הויז איז געבליבן אין זיין האַרצן. ער איז ממשיך די טראַדיציע. ער האָט דורכן קרן קימת געפלאַנצט וועלדער אויף די הרי יהודה.

מאַכט מען אַ קורצן איבערבליק איבער זיין טעטיקייט אין שיקאַגאָ — זיין ווויִן־שטאָט, קאָן מען זיך שאַפן אַ באַגריף ווו ווייט מר. מעקס כהן איז פאַרבינדן מיט מדינת ישראל. 27 יאָר ארבעט ער שוין פאַרן פאַראייניקטן פּאַלעסטיין קאָמיטעט, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער היינט־צו־טאָג באַקאַנטער מגבית U.J.A., אָבער אויך נאָך פריער האָט ער געאַרבעט פאַר ארץ ישראל. אין שיקאַגאָ איז ער געווען 40 יאָר דער פּרעזידענט פון די יידישע שולן. ער קויפט פאַר גרויסע סומעס געלט ישראל באַנדס, אָבער פאַרקויפן צוריק פאַרקויפט ער זיי נישט. ער גיט זיי אוועק די אינסטיטוציעס. אויך מיסיס ראָזאַ כהן איז טעטיק אין די „מזרחי פרויען", אין „הדסה" און זי האָט זיך קונה שם געווען מיט איר פרוכטבאַרער ארבעט.

ווען כ'בין געזיצן אין סאַלאָן מיט מר. מעקס כהן פאַרטיפט אין אַ שמועס, האָב איך באַנומען וואָס פאַרע גרויס פאַרמעגן ער באַזיצט. איך מיין נישט דאָס מאַטעריעלע פאַרמעגן — נאָר זיין ריכטיקן צוגאַנג צום לעבן. דאָס, וואָס ער איז נישט פאַר־שקלאַפט ביי זיין פאַרמעגן, נאָר הערשט דעריבער. נישט ער איז פאַרשקלאַפט צום דאָלאַר, נאָר ער האָט דורכן דאָלאַר געפונען דעם וועג צו מעשים טובים.

— וואָס קאָנט איר זאָגן וועגן ישראל? — פרעגן מיר דעם גאַסט.

— אינעם לאַנד מערקט זיך מער רעליגיע ווי רעליגיעזע געוווינהייטן. די יידן אין אמעריקע זענען אין דער מיינונג, אַז אין אַן אייגן לאַנד דאַרפן יידן זיין מער רעליגיעז ווי זיי זענען.

— וואָס נאָך ציט אייער אויפמערקזאַמקייט?

— מיר געפעלט נישט דער אַנטאַגאָניזם פון די פאַרטייען אין ישראל. יעדע פאַרטיי „מאַכט שבת פאַר זיך" איך האַלט, אַז יידן דאַרפן זיין פאַראיי־ניקט. אַלע צרות, וואָס יידן האָבן געהאַט, זענען געקומען פון אינערלעכער צעשפּאַלטענקייט. איצט איז געקומען די צייט, אַז יידן זאָלן אוועקוואַרפן די קאָמפּלעקסן, וואָס צעשפּליטערן זיי און זיין פאַראייניק אין איין גרויסער פאָלקס־משפחה.

און הלואי זאָלן זיינע רייד מקיום ווערן, פונקט ווי ס'איז מקיום געוואָרן זיין מאַמעס לערע איר זון מרדכהלע כהן זאָל פלאַנצן גאַנצע וועלדער אין מדינת ישראל.

פון דער מזרח־וואַנט אין דער בר־אילן־אוניווער־סיטעט שיינען אַראָפּ גאָלדענע אותיות מיט די נעמען פון מאַקס און פרידאַ סטאָלמאַן. אַז מען הויבט זיך אויף אויפן ירושלימער וועג, זעט מען



אין די הרי יהודה אַ וואַלד אויף זייער נאָמען „יער סטאָלמאַן". אין דעטראָיט גופא זענען די ברידער סטאָלמאַן דער רוח החיים פון דער ליגע פאַרן בר אילן־אוניווערסיטעט.

זייער ערשטער באַזוך אינעם לאַנד איז טאַקע געווען אין 1955 צום חנוכת הבית פון דער בר־אילן אוניווערסיטעט. פאַר אַט דער אוניווערסי־טעט האָבן זיי אַליין אַ סך געלט געגעבן און דער עיקר אויך געמאַכט אַנדערע געבן.

Mr. Max Stollman איז אַ אינטעליגענטער און גוטמוטיקער מענטש. נישט־נאָר וואָס ער רעדט אַ זאַפטיקן יידיש, נאָר ער איז פול מיט זאַפטיקער יידישקייט. ער ווירקט אויף אייך מיט זיין איידל־קייט און פשטות. זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען און מידות טובות ציען די יניקה פון דער לאַנגער יחוס־קייט פון תלמידי חכמים און גוטע יידן פון וועלכע ער שטאַמט אָפּ. פון מיינע שמועסן מיט אים האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אויסער דעם שטאַאַטלעכן אַספּעקט וואָס ער זעט אין מדינת ישראל, שעצט ער גאָר הויך די וויכטיקייט פון ישראל אַלס רעליגיעזן צענטער. אַט־אָ דער צענטער — איז מר. סטאָלמאַן איבערצייגט — וועט באַלייכטן דעם וועג פון די קומענדיקע יידישע דורות.

— פאַר וואָס איז גראָד אייער ליבלינג די בר־אילן?

און מר. סטאָלמאַן ענטפערט:

— מיר שטיצן די בר אילן־אוניווערסיטעט דערפאַר, וואָס גלייכצייטיק מיט וועלטלעכער ביל־דונג זענען פאַרבונדן רעליגיעזע מאָטיוון און טראַדיציאָנעלע דערציאונג.

מר. מאַקס סטאָלמאַן איז צוזאַמענגעוואַקסן מיט יידישער רעליגיע און טראַדיציע. ער אַנטפּלעקט אַ וואַרעמע צוגעבונדנקייט צו דער יידישער מדינה, און יאָרלאַנג טוט ער אַ געבענטשטע אַרבעט פאַר ישראל. מיסיס פרידאַ סטאָלמאַן איז דער טשערמאַן פון דער פרויען אָרגאַניזאַ־ציע American Women for Bar-Ilan University זי איז אויך אין דער דעטראָיטער פרויען אָרגאַ־ניזאַציע דער טשערמאַן פון די „באָנדס", און אַרבעט פאַרן קרן קימת לישראל. די משפחה סטאָלמאַן איז דער סינאָנים פון איידעלער פילאַנ־טראָפּיע, פאַבונדענע מיט אהבת ישראל.

מיר ברענגען דאָ עטלעכע פראַגמענטן פון אונד־זער שמועס מיטן חשובן גאַסט:

— ישראל — זאָגט מר. מאַקס סטאָלמאַן — ענדערט איר אויסזען און פאַרשענערט זיך אויף אַלע געביטן. דער בוי־פּראָצעס, וואָס מען זעט סיי אין שטאָט און סיי אין די אַנטוויקלונגס־געגנטן פאַרכאַפּט דאָס אויג מיט זיין טעמפּאָ, אַרומנעם און רחבותדיקייט. די באַפעלקערונג זעט אויך אויס בעסער. מענטשן זענען געקליידעט

שענער. א מאָל האט מען גלייך געקענט דערקע־נען אין גאס אן אמעריקאנער. איצט גיין אלע שיין אָנגעטאָן. פון דעם אלעם, וואָס מען זעט אין לאנד ווערט מען באאיינפלוסט ממשיך צו זיין די ארבעט פאר ישראל. ווען מען זעט די געראָטענע און געזונטע קינדערלעך, וואס וואקסן אין ישראל — פרייט דאָס האַרץ! מיר זענען דאָ געווען אין תל־אביב ביים „יום העצמאות", וויל פאָלק.

אויך אונדזער יוגנט איז דערמוטיקט און גייס־טיק געשטארקט פון מדינת ישראל. א גרויסער טייל פון דער יוגנט אין דעטראַיט נעמט אן אק־טיוון אנטייל אין „יונייטעד דזשואיש אפיל", א דערשיינונג וואס האָט נאך נישט עקזיסטירט מיט עטלעכע יאָר צוריק.

ביים איצטיקן באזוך זענען מיסטער און מיסיס



מיסיס פרידאָ סטאלמאַן גיט איבער א מתנה די פרוי פון מדינה פרעזידענט גב׳ רחל בן צבי

איך זאָגן, אז בלויז צו זען דעם דאָזיקן טאָג אין דער יידישער מדינה איז כדאי געווען צו קומען! דאָס דערוועקט, און גיט צו כוח און גלויבן.

ווען מען קומט קיין ישראל טרעפט מען אַן אויף אַ סך רעאַלע אַספּעקטן, וואָס מאַכן אַ רושם: דאָס כסדרדיקע שטרעבן פון די ישראליים צו אַנטוויקלען דאָס לאַנד, ווי אַ באַזיס פאַר די וואָס וועלן אין דער צוקונפט אַהער קומען. דאָס אויסשולן די יוגנט ווי מאָדערנע טעכניקער און מענטשן פון גייסט, און דער אידעאַליזם צו דערגרייכן עקאָנאָמישע זעלב־בסטשטענדיקייט — זענען באַגייסטערנדיקע דער־שיינונגען, פון אַ נייער בלי־תקופה פון יידישן

סטאַלמאַן געווען. די געסט פון דער בר־אילן או־ניווערסיטעט. זיי זענען אויך אויפגענומען געווא־רן אין בית הנשיא. ביי אן אימפּאָזאנטער אויפ־נאַמע האָט מיסיס סטאלמאן איבערגעגעבן די פרוי פון מדינה פרעזידענט גב׳ רחל בן צבי א מתנה מיטן הערב פון די דעטראיטער פרויען

American Women for Bar-Ilan University

די חשובע געסט זענען געווען אַנטציקט פון דער וואַרעמער אויפנאַמע וואָס זיי האָבן באַקומען אין בית הנשיא, און אין אַ געהויבענער שטימונג פאַר־לאָזט דאָס לאַנד.

צאתכם לשלום!

# משה יעקב נאַטאַנסאָן / שיקאַגאָ

צוזאַמען מיט אַ גרופּע געוועזענע פּראָנט־קעמ־ער Jewish War Veterans of the U.S.A. איז מר. נאַטאַנסאָן געקומען אויף זיין ערשטן באַ־זוך אין לאַנד.



שוין אין אָנהויב פון געשפּרעך מיט אים שיילט זיך אַרויס אַן אייגנאַרטיק יידישע פּערזענלעכקייט, אָנגעזאַפּט מיט וויסן, קולטור און לימודי־קודש.

ער איז אַ געענדיקטער אַדוואָקאַט, אַ פיינער אָראַטאָר, דערצויגן אין דער אַמעריקאַנער קולטור, אָבער אין האַרצן איז ער פאַרבליבן אַ חסיד. זיין אָפּשטאַם איז טאַקע פון דער באַרימטע משפּחה נאַטאַנסאָן, סאַנדאָגערער חסידים פון שטעטל פּאָוולעוויטש, קיעווער גובערניע, וואָס האָבן גע־שמט ווי אנשי מעשה און בעלי צדקה. מיט אַ באַזונדערע אינטעליגענץ האָט זיך אויסגעצייכנט זיין מוטער, אַרויסווייזנדיק גרויסע מאַטעמאַטישע פעאיקייטן. דער פאָטער זיינער האָט געהאַט אַ דערציילערישן טאַלאַנט. אַז ער האָט דערציילט אַ מעשהלע האָט עס געהאַט אַ טעם.

פון זיינע עלטערנס הויז האָט ער מיטגענומען אַ רייכע גייסטיקע ירושה: די חסידישע נשמה און אהבת ישראל. שוין אַ יובל יאָרן ווי מר. נאַטאַנ־סאָן אַרבעט פאַר ארץ־ישראל. זייענדיק נאָך אַ קינד איז ער שוין געווען אַ חבר אין דער ציוי־ניסטישער יוגנט־באַוועגונג „קדימה". זיינע חברים אַנטדעקן אין אים אַן אויסערגעוויינלעכן רעטאָ־רישן טאַלאַנט, און באַנוצן אים אַלס עפנטלעכן רעדנער ביי אָרגאַניזאַציע־אימפּרעזעס און ציוניס־טישע פאָנדן.

געקומען קיין אַמעריקע איז ער אַלס 2 יאָריק קינד. די עלטערן האָבן אים גלייך געשיקט אין חדר אַריין. אין יענע צייטן זענען נאָך קיין יידישע לערערס נישט געווען. די גאַנצע תורה איז איינ־געשטאַנען אין די הענט פון יידן שמשים. מ'האָט געלערנט אין קעלערס, און וואָס דער רבי האָט נישט געקענט אויסטייטשן מיט ווערטער, האָט ער דערלאַנגט מיט אַ קניפּ און פּאַטש . . . משה יעקב איז געווען פון די ווייניקע וואָס האָבן דאָס אַלץ איבערגעטראָגן, און שפּעטער אָנגעקומען אין דער ישיבה „עץ חיים" אין שיקאַגאָ. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער עטאַפּ פון זיין אוניווערסי־טעטס־לערע. דאָס אינטערעסאַנטסטע איז אָבער, וואָס נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט, ווען ער האָט שוין באַקומען דעם דיפּלאָם אַלס לאָיער, הויבט ער זיך ווידער אָן צו אינטערעסירן מיט לימודי קודש. מיט דער הילף פון די רבנים גמזו און ארמון ז"ל געלונגט אים אַ לענגערע צייט צו לערנען און זיך פאַרטיפן אין חכמת ישראל.

דער אויסקריסטאַליזירטער רעליגיעזער גייסט, וואָס קומט ביי אים צום אויסדרוק אין די איידל־סטע פאָרמען, רעגט אים אָן מיטצוהעלפן צו שאַפן רעליגיעזע באַדערפענישן. אינעם סאַמע באַלעבסטן האַנדלס־צענטער פון שיקאַגאָ גרינדעט ער אַ כשרען רעסטאָראַן, פאַרנעמט זיך מיט אונטער־שטיצן די מזרחי־אָרגאַניזאַציע און טראָגט צו אַ גרויסן באַשטייער צום רעליגיעזן חינוך. ער גרינדעט אויך אַ קונסט־שול אין געשעפטס־צענ־

טער פון שטאַט. די דאָזיקע שיטה פון פאַרשטאַרקן דעם רעליגיעזן חינוך און בויען יידיש־רעליגיעזע אינסטיטוציעס האַלט מר. נאַטאַנסאָן פאַר די וויכטיקסטע אינעם יידישן לעבן.

מיט דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל האַלט מר. נאַטאַנסאָן פאַר זיין חוב צו אינוועסטירן געלט אין ישראל. ער טוט דאָס מער אידעיש ווי צוליב ביזנעס־צוועקן. ער אינוועסטירט געלטער אין „שאָפּינג צענטער" אין טבריה, וואָס איז אויסגעבויט דורך שיקאַגער און מילוואָקער יידן. אינוועסטירט אין אַ סופּער־מאַרקעט אין גבעתים, און ווי ער זאָגט אַליין האָפט ער נאָך צו מאַכן נייע באַדייטנדיקע אינוועסטיציעס אין ישראל.

— וואָס האָט גערעדט צו אייער הארצן אין ישראל? — פרעגן מיר דעם גאַסט.

— דעם גרעסטן איינדרוק — זאָגט מר. נאַטאַנסאָן — האָבן אויף מיר געמאַכט די קינדער. אין ערגעץ אין דער וועלט זענען נישט פאַראַן אַזעלכע יידישע קינדער ווי אין ישראל. עס איז פאַראַן אַ פּאָזיטיווע פּסיכאָלאָגישע אויסווירקונג אויף זייער קינדהייט, דערמיט וואָס זיי טראָגן נישט אויף זייערע פּלייצעס דעם „זאַק", דעם קאָמפּלעקס צו זיין אַ ייד. אפילו אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ האָט אַ יידיש קינד אַלעמאָל צו טאָן מיטן געדאַנק, אַז ער איז אַ ייד, און עס דאַכט זיך אים, אַז ער טראָגט „אַ זאַק" אויף די פּלייצעס . . . אין ישראל איז דאָס קינד פריי פון אַזעלכע געדאַנקען. דאָס דערקענט מען אויף טריט און שריט. נעמט למשל די ענגלישע יידן, אפילו ווען ער איז אַ ייד אין שטוב, וויל ער אָבער בשום אופן נישט טראָגן דעם ייד אין גאַס. אַז אַן ענגלישער ייד גייט אין „אָקספאָרד", גייט ער דערפאַר, אַז ער זאָל קענען רעדן אַזאַ ענגליש מ'זאָל אים נישט דערקענען...

— צי איז נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין דער צייט ווען עס עקסיסטירט מדינת ישראל?

— מען קאָן זיך גאָר נישט פאָרשטעלן דעם שאָדן, וואָס בן גוריון ברענגט מיטן געדאַנק, אַז מען דאַרף נישט האָבן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. מיין מיינונג איז, אַז מען דאַרף זי נאָך פאַרשטאַרקן און אַריינפּלומפּן נייע בלוט, כדי זי צו באַלעבן און אויפסניי אַקטיוויזירן, ווייל אָן איר איז נישטאָ קיין אינהאַלט. ס'איז נישטאָ מיט וואָס אָנצוהויבן. ישראל האָט נאָך אַ מאַסע אַרבעט צו טאָן. דער הויפּטציל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע היינט צו טאָג איז צו דערפירן מדינת ישראל צו ווירטשאַפטלעכע אומאָפּהענגיקייט. אין אַ געוויסן אַספּעקט קאָן מען פאַרגלייכן ישראל מיט אַמעריקע. קיין אַמעריקע זענען געקומען מענטשן פון אַ סך לענדער און צוזאַמען האָבן זיי געבויט אַ לעבן אין אחדות. אויך ישראל גלידערט איין מענטשן פון פאַרשידענע לענדער און קולטורן, אָבער דער פאַקט, וואָס אַמעריקע האָט זיך געבויט אָן הילף פון אַנדערע איז דערפאַר, וואָס ס'איז געפונען געוואָרן אַ לאַנד מיט רייכע נאַטור־אוצרות. ישראל איז אַן אָרעם לאַנד. מוז זי אין איר אַנטוויקלונגס־סטאַדיע האָבן הילף. די ערשטע, וואָס זענען פאַרפליכטעט איר העלפן זענען אחינו בני ישראל אין די תפוצות. מען דאַרף נישט אָפּזען דעם פאַקט, אַז מדינת ישראל האָט געגעבן יעדן יידן אַ סך שטאָלץ און דערהויבן זיין פרעסטיזש ביי די פעלקער. די פראַגע איז נאָר, ווי לאַנג וועט ישראל זיין אויסגעשטעלט אויף הילף פון דרויסן?

לויט מיין מיינונג וועט ערשט ישראל קענען ווערן ווירטשאַפטלעך זעלבסטשטענדיק ווען עס וועלן פאָרקומען צוויי היסטאָרישע ענדערונגען:

1) ס'וועט ווערן, אָדער אַ שלום מיט די אַראַבישע שכנים, אָדער אַן אַלגעמיינע געווער־אָנטוואָפענונג אין מיטעלן מזרח.

2) און ס'וועט זיך אָפּשטעלן די עליה.

אָבער ביז דעמאָלט מוז מדינת ישראל געשטיצט ווערן מיט אַ ברייטער האַנט דורך חוץ־לארץ. דאָס מוז געטאָן ווערן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איך האַלט, אַז עס איז אַ שטאָלץ פאַר אַ יידן צו העלפן ישראל. מיר זענען דערמיט בעסערע יידן און בעסערע אַמעריקאַנער.

* * *

מר. נאַטאַנסאָן האָט אין 1918 געקעמפט אין דער אמעריקאַנער ארמיי. ער איז טעטיק אין פאַרבאַנד פון די יידישע וועטעראַנען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין די „באָנדס". דער היי־יאָריקער יערלעכער באַנקעט פון די „באָנדס" וועט זיין געווידמעט אין זיין ערע. דאָס איז אַ מאַן, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיטן גייסט פון די נביאים און ברויזט מיט אהבת ישראל.

אײנער פון די ערשטע מיטבויער פון מעקסיקאנער ייִדישן ישוב איז ה׳ ירחמיאל ווישניעוויטש, אַ פּאַרדינסטפולער ציוניסטישער עסקן, און דער איצטיקער גענעראַל-סעקרעטאַר פון דער אשכנזישע



קהילה אין מעקסיקע.

אַ ענערגישער יונגער מענטש מיט וויסן, טאַלאַנט און דערפאַרונג איז ער דורכגענומען מיט כלל-ייִדישקייט. אז מען באַקענט אַזאַ ייִדישן עסקן, פאַרשטייט מען ערשט דעם „סוד" פאַר וואָס דער קלײנער ייִדישער מעקסיקאַנער ישוב מיט זײַנע 25 טויזנט נפשות האָט קולטורעל און מיט ייִדיש לעבן איבערגעשטיגן די אײנגעפונדעוועטע ישובים פון די גרויסע לאַטײַן-אַמעריקאַנישע לענדער.

מיט 35 יאָר צוריק איז ה׳ ווישניעוויטש אָנגעקומען פון זײַן געבוירן-שטעטל פּאָלטוסק קײן מעקסיקע. דער ייִדישער ישוב האָט זיך דאַמאָלט ערשט גענומען שטעלן אויף די פיס. ייִדן האָבן געהאַט קלײנע פּרנסות, און ס׳איז שווער געווען אויסצוהאַלטן אַפילו דאָס אײנציקע חדר-שטיבל מיט אַ מלמד. אָבער דער ווילן פון די אשכנזישע אימיגראַנטן צו שאַפן ייִדיש-לעבן האָט גובר געווען אַלע שוועריקייטן.

— הײַנט צו טאָג — דערצײלט ה׳ ווישניעוויטש — האָבן מיר גרויסע ייִדישע שולן, וואָס האָבן זיך קונה שם געווען אין דער ייִדישער וועלט. מיר האָבן אויך אַן אײגענעם לערער-סעמינאַר. 85% פון אונדזערע קינדער לערנען אין ייִדישע שולן. מיר האָבן אין מעקסיקע די שענסטע ציוניסטישע באַוועגונג. שײַן אין אַלע הינזיכטן. מיט אונדזערע באַשטײערונגען פאַרן מגבית פאַרנעמט מעקסיקע אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. מיר האָבן אויך אַ ייִדישע פּרעסע אַ ייִדישע שרײַבער-פאַראײן. די קהילה סובסידירט די ייִדישע פּרעסע, ייִדישע שולן, קולטור-אינסטיטוציעס און הילפס אינסטיטוציעס. האַלט אויס אַן אײגענעם מושב זקנים. די קהילה נעמט אויך איצט אויפבויען אַ גרויסע שטאָט-ביבליאָטעק און שאַפט אַ סטאַבילן טעאַטער-קרײַז. עס וועט כדאי זײַן אויך דערמאָנען אַ נײַעם קולטור-אויפטו, וואָס די ייִדישע קהילה האָט דורכגעפירט. מיט גרויס דערפאָלג האָבן מיר געפײַערט „אַ חודש פון ייִדישע מוזיק". יעדע וואָך איז געווען אַן אַנדערער פּראָגראַם: קלאַסישע מוזיק, רעליגיעזע, פאָלקסטימלעכע, ייִדישע און העברעישע. אין דער אויספירונג האָט זיך באַטײליקט דער „מעקסיקאַנער סימפאָנישער אָרקעסטער". ווי אײנער פון די באַליבסטע ייִדישע אַנשטאַלטן איז באַקאַנט דער ייִדישער ספּאָרט-צענטער. דער דאָזיקער ספּאָרט-קלוב איז געוואָרן די היים פון דער גאַנצער ייִדישער יוגנט. דאָרט האָט די יוגנט איר סביבה, און זי דאַרף נישט אָנקומען צו אַנדערע פּלעצער. אײנע פון די דערפרײַענדיקסטע דערשײַנונגען איז דער פאַקט, וואָס דאָס פּראָבלעם פון געמישטע חתונות — עקסיסטירט בײַ אונדז בכלל נישט!

— וואָס פאַר אַ שפּראַך רעדט מען אין דער ייִדישער קהילה?

— דער ייִדישער ישוב און בעיקר דער עלטערער דור אין מעקסיקע רעדט ייִדיש. אַלע זיצונגען סײַ פון דער ייִדישער קהילה און סײַ פון אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס קומען פאָר אין ייִדיש.

— וואָס איז אײַער שטאַרקסטער אײַנדרוק פון

ישראל?

— דאָס אנקומען אין דער יידישער מדינה! א מענטש ווי איך, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געטראַכט און געחלומט וועגן אַ יידישער מדינה — און ער קומט אויף איר באָדן — איז דאָס איינע פון די גרעסטע איבערלעבענישן.

— „אויף מיר האָט אויך געמאַכט אַ גרויסן רושם ירושלים, ווי די הויפּט-שטאָט פון דער מדינה. ירושלים איז אנדערש, ווי אלץ וואָס מ׳זעט אין דער מדינה. מען פילט אז מען איז אין יידיש אויסגעטרוימטן ירושלים. אין יידיש היסטאָרישן ירושלים. ווו נאָר דו גייסט באַגלייט דיך דער תנ״ך מיט זיין נביאישער שפּראַך. עס איז גענוג צו זיין אויפן הר ציון און הר הרצל, כדי אייביק צו געדענקן דאָס ירושלים של מעלה פון מדינת ישראל״.

— אַ גאָר גרויסע איבערלעבעניש איז פאַר מיר געווען מיין באַזוך אין דער כ נ ס ת. מייגע כנסת-חברים פון דער ליבעראַלער פאַרטיי האָבן מיר אויפגענומען מיט אַ מיטיק אין דער כנסת. דאָס איז געווען פאַר מיר זייער אַנגעלייגט און נאָענט צום הארצן. איך האָב געפילט, אז עס איז מיר געגעבן געוואָרן דער גרויסער שכר, פאַר מיין זיין אַ ציוני פון דער פריערסטער יוגנט. עס איז געווען פאַר מיר דער שמייכל פון מזל, וואָס האָט מיר צוגעטיילט דאָס גליק צו דערלעבן און זען דעם יידישן פאַרלאַמענט, און ווערן אויפגענומען דורך די אויסדערוויילטע פון פאָלק.

— „נאָך אַן אסאָציאַציע איז אויפגעשווימען אינעם געדאַנק. איך האָב זיך דאַ איבערגעצייגט. אז אלץ וואָס כ׳האָב געערעדט און דערציילט מעקסיקאַנער יידן וועגן מדינת ישראל און אירע אויפטוען, איז אמת. עס איז נאָך מער אויפגעטאָן געוואָרן אין דער מדינה, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. און דאָס אלץ דורך אַזאַ קורצער צייט. איך בין ארומגעפאָרן איבערן לאַנד, באַזוכט ישובים און קיבוצים. געזעען ווי דער ישראל-מענטש איז אריינגעטאָן אינעם אויפבוי-ווערק, וואָס גייט אָן אין יעדן ווינקל פונעם לאַנד. כ׳האָב געזען דאָס גרויסע ווערק, וואָס מ׳רופט „שיכונים״. דאָס מיינט דירות פאַר נייע עולים, וואָס די רעגירונג בויט אין אַלע געגענדן פון לאַנד. אין פארלויף פון עטלעכע יאָר זענען ליקווידירט געוואָרן די „בתי עולים״ מיט די בלעכערנע ביידלעך, און די מענטשן ווינען איצטער אין מאָדערנע הייזער מיט באַקוועמלעכקייטן. איך האָב געזען פיל פון די דערפער וואָס זענען אויסגעבויט נאָענט ביי די גרענעצן. באַוווּנדערט די גרויסע פאַבריקן, וואָס ארבעטן אין לאַנד, און באַשעפטיקן צענער-טויזנטער אַרבעטער. מעג מען זיין „אַ ציוניסט פון ווּיגל אַרויס״ — זעט מען אָבער דאָס אלץ נישט מיט אייגענע אויגן, איז שווער זיך פארצושטעלן דעם גרויסן פאַרנעם פון דעם וואָס איז געשאַפן געוואָרן״.

מעקסיקע מיט אירע 25 טויזנט יידן מאַכט פון ווייטנס דעם איינדרוק פון אַ האַלב-מיליאָניקן יידישן ישוב, פון ענגלישן יידנטום הערט מען אַ סך וויייניקער אין ישראל ווי פון מעקסיקאַנער. אין מעקסיקע דערשיינען עטלעכע יידישע צייטונגען. יידישע קינדער לערנען יידיש און העברעיש — אין אלטן אייראָפּע ווייסט מען שוין נישט דערפון. אין מעקסיקע, ווייסט מען, געפינען זיך יידישע שרייבער און יידיש-קעמפער. א. גאַלאָמבּס ארטיקלען רופן אַרויס מער אפּקלאַנג אין ישראל און אין די תפוצות, ווי די גאַנצע יידישע פּרעסע וואָס דערשיינט היינט צו טאָג אין אייראָפּע.

* * *

מר ווישניעוויטש איז אין לאַנד אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד און א סך הארציקייט, ווי ער האָט עס פארדינט. עס איז אָפּגעשאַצט געוואָרן זיין לאַנגיאָריקע פּרוכטבאַרע טעטיקייט פאַרן יידישן ישוב און פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג. מר ווישניעוויטש איז געווען במשך 8 יאָר דער פאַרזיצער פון „מ ג ב י ת״ און 5 יאָר דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע. אימפּאָזאַנטע קבלות פנים פאַרן חשובן עסקן מיט זיין פרוי זענען פארגעקומען ביי דער ליבעראַלער פאַרטיי. ביים דירעקטאָר פון קרן היסוד ד״ר ישראל גאָלדשטיין אין ירושלים און אין דער עירית תל אביב, ווו די חשובע געסט זענען אויפגענומען געוואָרן דורכן וויצע-בירגערמייסטער און לייטער פון דער דערציאונגס-אָפּטיילונג מר משה גאָלדשטיין. ה׳ ווישניעוויטש האָט ביי דער געלעגנהייט איבערגעגעבן אַ גרוס פון מעקסיקאַנער יידישן ישוב, וועלכער איז פול מיט גלויבן און ליבשאַפט צום אויפבלי׳ פון מדינת ישראל.

# נעיטן און הערי פייפער / טאָראָנטאָ

אויף מר. נעיטן און הערי, די ברידער פייפער קאָן מען ווירקלעך זאָגן, אַז דאָס זענען אנשי מעשה; מענטשן פון טאַט, איניציאַטיוו און אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט פאַר געשעפטס־אינטואי־



Mr. Nathan Feifer

ציע, און קאָמערציעלע אונטערנעמונג.

די ברידער פייפער זענען מוסטער־פּערזענלעכקייטן פונעם אימיגראַנטן־דור, פון די דרייסיקער יאָרן, וואָס האָט זיך באַוויזן פינאַנסיעל איינצוואָרצלען אין מדינת קאַנאַדע.

עס איז נישט אינטערעסאַנט דער אויפשטייג, וואָס קומט פון אַ ירושה, אָדער פון אַן איינגעפונדעוועטער עקאָנאָמישער באַזע פון די עלטערן, אָבער מיר שאַצן תמיד אָפּ מענטשן, וואָס באַוויזן מיט אייגענער ענערגיע, איניציאַטיוו און לעבנס־חכמה זיך צו דערווערבן אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט.

די ברידער פייפער שטאַמען פון פוילן, פון דער באַקאַנטער אינדוסטריע־שטאָט פּאַביאַניץ, לעבן לאָדזש. זייערע עלטערן ר׳ פּנחס און רבקה ז״ל זענען געווען רעליגיעזע ליבע מענטשן. שוין אין די יונגסטע יאָרן האָבן די בײדע ברידער אַרויסגעוויזן באַזונדערע פעיקייטן. בעת דער עלטערער מר נעיטן האָט זיך פאַרנומען מיט פאַבריקאַציע האָט דער יינגערער ברידער מר הערי תמיד זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ בוך הינטערן אָרעם, און ווי עס איז געווען די מאָדע פון דער יידישער יוגנט אין יענער צייט — געווען אַ ביסעלע „געכאַפּט״ פון סאָציאַליזם.

און כאָטש זיי זענען נאָך גאָר יינג געווען — האָט מען ביידע געקענט אָנזאָגן אַ קאַריערע: דעם עלטערן אַלס גרויסן פאַבריקאַנט און דעם יינגערן, אַלס גרויסן פּאָליטישן פירער. אין מאָנטרעאַל זייער וווין־שטאָט האָבן זיי זיך אָבער ביידע פאַראייניקט, און זענען די פירער פון זייערע בשותפותדיקע אונטערנעמונגען.

ערשט היינט קאָן מען זיך אָריענטירן, וואָס פאַר אַ גרויסער נס עס איז דאַמאָלט געשען, אַז עס איז פּלוצים אַראָפּגעקומען אַ „פעטער פון אַמעריקע״ און זיך איינגעקשנט, אַז ער מוז אַריבערנעמען די גאַנצע משפחה קיין אַמעריקע. די צוויי ברידער זענען געבליבן דער אָפּשטאַם פון דער פאַרצווייגטער פייפער־משפחה. איבער 60 מענטשן פון דער שיינער, פאָלקסטימלעכער משפחה, וואָס האָבן געוווינט אין שטעטל יעזשאָוו, לעבן לאָדזש, זענען דורך די נאַציס טראַגיש אויסגעמאָרדעט געוואָרן. געראַטעוועט האָט זיך נאָר איין קוזין זייערער, נחמן, דער זון פון באַקאַנטן אָנגעזעענעם יידן און גרויסן גביר ר׳ חיים יונה פייפער ז״ל.

און כאָטש זיי זענען היינט מענטשן וואָס פאַרנעמען אַ גאָר שיינע פּאָזיציע און זייער גוטער נאָמען איז באַקאַנט אין דער געזעלשאַפט — האָבן זיי אָבער נישט פאַרלוירן, זייער פאָלקסטימלעכקייט. זיי מאַכן אויף אייך אַ רושם מיט זייער פשטות און נאָענטקייט. זיי האַלטן אָן די פריינדשאַפט און חברישקייט צו מענטשן פון דער אַלטער היים. באַלד ווי די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַר־

ענדיקט האָבן די ברידער פייפער געגומען זוכן די שארית הפליטה פון זייער משפחה, שטאָט און חברים. ווו נאָר ס'האָט זיך ווער אָפּגערופן האָבן זיי נישט גערוט ביז וואַנען זיי האָבן דעם ניצול געוואָרענעם אַריבערגענומען קיין מאָנטרעאָל. זיי האָבן די מענטשן געהאָלפן איינאָרדענען און באַציען זיך צו זיי מיט פריינדשאַפט און וואַרעמקייט ביזן היינטיקן טאָג.



Mr. Harry Felfer

זייער פאָטער ר' פנחס איז געווען אַ רעליגיעזער ייד. ווען ער האָט פארלאָזט פוילן האָבן זיך אין זיין שוואַרצע באָרד באַוויזן די ערשטע גראָע הערעלעך. ווי נאָר דער טאָג איז אויפגעבראָכן איז ער שוין געלאָפן מיטן טלית-זעקל אונטערן אָרעם צום ערשטן מנין. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער פאָלקס-מענטש, ערלעך און מיט ווארעמקייט צו זיין סביבה. און כאָטש ער איז געווען תמיד אַ פאַרהאָרעוועטער מיט פאבריקאַציע און מסחר, האָט פון אים געשפרודלט אַ לעבנסלוסטיקער קוואַל. ער איז געווען אַ שאַרפ־זיניקער און תמיד א בליץ געטאָן מיט מחשבה. זיין בליק איז געווען געווענדעט צום פוילישן אנטיסע־מיטיזם, און כאָטש ס'איז אים גוט געווען אין פוילן, באשליסט ער צו מאַכן דעם ווענדע פונקט אין לעבן און פארלאָזט די אַלטע היים.

אינעם משפחה'לע זענען אויך פאַראַן צוויי טעכ־טער רחל און דבורה. ווען זיי האָבן צוזאַמען מיט זייערע עלטערן פארלאָזט פוילן, זענען זיי געווען אין די בליאונגס-יאָרן. געווען זענען דאָס צוויי וווּנדערשיינע מיידלעך, און דערצו גוט דערצויגן, וואָס האָבן תמיד נוהג בכבוד געווען צו זייערע עלטערן. זיי ווינען אויך אין מאָנטרעאָל.

אַ שיין געשטאַלט, וואָס לאָזט זיך גאָר נישט פאַרגעסן איז געווען זייער מוטער רבקה. אין דער אַלטער היים איז מען געווינט געווען צו לייגן אַ סך אויפמערקזאַמקייט אויף אַ הדרת־פּנים־דיקן יידן, און מען האָט געלאָזט אין שאָטן די „אשה". רבקה פייפער ע"ה האָט אָבער געמאַכט אַ רושם מיט איר פערזענלעכקייט. מיט איר שכל און גוטער נשמה. איר שטימע איז געווען ווייך און מוזיקאַליש און איר פיגור ווי אַ שלאַנקע סאָסנע. זי איז געווען די טאָן געבערין אינעם געזינטל און גאַנצע משפחה.

מר נעיטן פייפער האָט אַ פרוי מיט 3 דערוואַקסענע, געראָטענע זין. זיינע קינדער באַקו־מען הויך־בילדונג און זענען דערצויגן אין יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט. מר. הערי פייפער איז אַ בעל משפחה פון אַ פרוי מיט צוויי שיינע קינדער־לעך.

די ה' פייפער האָבן שוין עטלעכע מאָל באַזוכט דאָס לאַנד. צו קומען אין ישראל איז ביי זיי אַ דערהויבנקייט, אַ פאַרגעניגן. באַזונדערס וויזט אַרויס מר הערי פייפער סענטימענטן פאַרן לאַנד. אפילו ווען ער געפינט זיך אויף אַ רייזע איבער אייראָפּע, אָדער אויפן וועג קיין אינדיע — גיט ער אַ פלי־אַריין אין לוד, צו זען נאָך אַ מאָל ישראל, כאָטש מיט אַ קורצער וויזיט, אין דער היימישער תל־אביב. זיי שטיצן אויך מיט אַ ברייטער האַנט די ישראל־פאָנדן און יידישע אינ־סטיטוציעס.

די ברידער פייפער זענען דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך אָנגעזעענע אינדוסטריעלער, לאַנדס־מאַנשאַפט און פריינט.

הערי גאָטליב ציט נאָך די גייסטיקע יניקה פון זיינע אָרטאָדאָקסישע עלטערן, וואָס האָבן אָפּ־געשטאַמט פון קאָוונא. אין זיין פּאָטערס הויז האָט מען גערעדט יידיש. מ׳האָט אין די קינדער איינ־



געפלאַנצט יידישקייט, און די דאָזיקע גוטע סגולות האָט ער מיטגענומען מיט זיך.

פון קינדוויז אָן האָט ער געפילט אַ בענקשאַפט צו זיין ארץ־ישראל. געדענקט ער נאָך די תפילות וואָס זיין טאַטע־מאַמע האָבן געטאָן פאַר ירושלים און אַליין האָט ער געוואָלט, אַז זיינע עלטערנס געבעט זאָל אָנגענומען ווערן, און ירושלים זאָל ווערן אַ יידישע הויפּט־שטאָט.

ווי נאָר ס׳איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל האָט זיך מר. גאָטליב אַריינגעטאָן בלב ובנפש אין די קרנות פאַר ישראל. ער האָט געקויפט פאַר גרויסע געלט־סומען „באָנדס״, אינוועסטירט קאַפּיטאַל אין דער פּאַפּיר־פאַבריק אין הדרה, אין „עקאָנאָמיק פּאַלעסטיין אַמעריקען אינוועסטמענטס״ און אַנדערע געזעלשאַפטן, וואָס העלפן בויען דאָס לאַנד.

— ווי געפעלט אייך תל־אביב? — פרעגן מיר דעם גאַסט.

— פאַר מיר איז געווען אַ גרויס פאַרגעניגן צו זען אַזאַ לעבעדיקע יידישע שטאָט ווי ס׳איז תל־אביב. כ׳האָב דאָ אויך אָנגעטראָפן אויף אַ סך פריינטלעכקייט און געהאַט דאָס געפיל ווי כ׳וואָלט געווען אין דערהיים. צווישן אַנדערע האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוטן רושם אַ קינדער אַנשטאַלט, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון די „מזרחי־פרויען״.

— וועלכע איינדרוקן פונעם לאַנד האָבן זיך איינגעקריצט אין אייער זכרון?

— ס׳איז גוט, אַז די העברעישע שפּראַך האָט אייפגעלעבט און געוואָרן א לעבעדיקע שפּראַך פון די קינדער אין ישראל. אין אַלע גאַסן קלינגט העברעיש און אַלע קינדער רעדן מיט לייכטקייט זייער שפּראַך. דאָס מאַכט אַ שטאַרקן רושם. דאָס צווייטע וואָס כ׳האָב געזען איז געווען דאָס בילד ווי אַזוי ס׳זעט אויס אַ יידישע שטאָט יום־כיפור. כ׳בין גראָד געווען יום־כיפור אין תל־אביב און געזען ווי די גאַנצע שטאָט איז איינגעהילט איבעם הייליקן טאָג. קיין שום באַוועגונג, קיין שום צייכן פון וואָכעדיקייט. אין קיין אַנדערן פלאַץ אויף דער גאַנצער וועלט קאָן מען נישט זען אַזא בילד. איך אַליין זע דאָס צום ערשטן מאָל אין לעבן. דאָס האָט מיך ממש באַגייסטערט און דערוועקט זכרונות פון מיינע עלטערנס הויז.

— אין וועלכע וועגן גיין אייערע קינדער?

— מיינע קינדער גייען אין קאָלעדזש, אָבער זיי קומען אויך אין שול אריין דאַווענען. זיי זענען דערצויגן געוואָרן אין יידישן גייסט און האָבן א סך סענטימענטן פאַר יידישקייט. כ׳וויל נאָך באַמערקן, אַז אין אונדזער שטאָט Fall River ווױנען טויזנט יידישע משפחות און עס זענען פאַראַן נאָך מיטיק־שולן און זונטיק שולן און יידישע קינדער לערנען 4 מאָל אין דער וואָך אין די העברעישע שולן. דאָס גיט זייער גוטע רעזולטאַטן פאַר יידישער דערציאונג. מיינע קינדער האָבן אויך געלערנט אין אַזאַ שול.

מר. הערי גאָטליב מיט זיין אהבת ישראל און ענטוזיאַזם פאַר ישראל האָט געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק אויף אַלעמען וואָס האָבן זיך מיט אים צוזאַמענגעטראָפן. דער חשובער גאַסט איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אייגענער און אנגעזעענער מיטבויער פון מדינת ישראל.

# מאַרטאָן לאַנדאַן / וועסט ניו יאָרק

מאַרטאָן לאַנדאַן איז דער קאָמאַנדיר פון די יידישע פראַנט-קעמפער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער מאַכט טאַקע דעם איינדרוק פון א שטאָלצן און ערנפולן קאמפס-אפיציר. בעת דער צווייטער וועלט-



מלחמה האָט מר. לאַנדאָן געדינט 5 אַ האַלבן יאָר אין דער אמעריקאַנער ארמיי. ער שטאמט אָפּ פון אַ רעליגיעזע עלטערן. זיין פאָטער איז געווען פון די ערשטע חובבי ציון אין בריסק, און א גרויסער ליבהאָבער פון יידישער ליטעראַטור און יידיש-טעאַטער. אז מען רעדט מיט מר. לאַנדאַן דערפילט מען טאַקע אַז ער ציט זיין גייסטיקן קוואַל יידיש-קייט פון זיין פאָטערס הויז.

מר. לאַנדאַן האָט באַזוכט דאָס לאַנד בראש פון אַ קבוצה יידישע וועטעראַנען פון אַמעריקע, וואָס זענען געקומען צום ערשטן וועלט-קאָנגרעס פון יידישע פראַנט-קעמפער אין יביחיל, אין וועלכן ס׳האָט זיך אויך באטייליקט אונדזער ראש הממשלה מר דוד בן גוריון.

באַאיינדרוקט פון זיין ערשטן באַזוך אין לאַנד זאָגט דער גאַסט:

„ישראל איז דאָס לאַנד פון קאָנטראַסטן. אָט פאָרן מיר אויפן וועג פון ירושלים. אין איין זייט וועג ליגן נאָך די אוראַלטע בערג, באַדעקטע מיט פעלזן און שטיינער — און פון דער אנדערער זייט, איז אַלץ גרין מיט פרוכטבאַרע ערד און הונדערטער הייזקעס זענען צעוואָרפן אויף די בערג-קעפּ.

„אַזוי איז אויך מיטן ישראל לעבן גופא. איך האָב געזען, וואָס פאר א פרייד עס שטעקט אין דעם ישראל לעבן. געזען ווי די יוגנט טאַנצט און זינגט. זיך באַגעגענט מיט די יונגע יידישע סאָלדאַטן, ווי זיי זינגען און טאַנצן, און זענען איבערגעבן דעם פאָטערלאַנד. מיר זענען געווען די געסט פון כנסת פאַרזיצער מר קדיש לוז אין דגניה ב׳ און געזען, ווי מענטשן לעבן צופרידענע אין קאָמונאַלן לעבן פון קיבוץ. אז מען זעט דאָס אלץ, און מען באַנעמט דעם הלוציזם און אידעאליזם פון ישראל-מענטש — דערפילט מען אין זיך אליין די נאָענט-קייט און פאַרבינדקייט מיט מדינת ישראל.

די גרופּע פון יידישע פראַנט קעמפער זענען געווען די געסט פון צה״ל און זיי האָבן דאָ באַקומען אַ וואַרעמען קבלת-פנים, וואָס מ׳זעט דאָס זעלטן. זיי זענען אויפגענומען געוואָרן דורכן נשיא המ-דינה מר. יצחק בן צבי און ראש הממשלה. א גאַר אימפאַזאַנטן באנקעט פאר זייער כבוד וועגן האָט איינגעאָרדנט דער לאַנד-קאָמיטעט פון וועטעראַנען, באַזונדערס שיין איז געווען די אויפנאַמעס: ביים סגן שר הבטחון מר שמעון פרס, ביי מר. חיים לאַסקאָוו און מר. משה שרת פון דער יידישער אַגענץ.

די קאָמאַנדא פון יידישע פראַנט-קעמפער אין אַמעריקע האָט ביי א פייערלעכער צערעמאָניע אין דער אנוועזנהייט פון שר הבטחון מר ד. בן גוריון און דירעקטאָר מר. בן נתן דעקארירט מיט א גאָלד-מעדאל דעם געפאַלענעם העלד פון דער פרייהייטס מלחמה קאָלאָנעל מארכוס. דער מעדאַל מיט א מגילת זכרון איז איבערגעגעבן געוואָרן צום זי-כערהייט מיניסטער און וועט זיך געפינען אין אַ מיליטערישן מוזעאום.

און מר. לאַנדאַן פאַרענדיקט דעם שמועס:

דאָס מיליטער פון מדינת ישראל איז יינג, פעיק און מיט אַן אָפּטימיסטישן אויסקוק צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. דאָס איז אונדזער האָפענונג!

# ח. נ. רייכמאַן / מאָנטעווידעאָ

חיאל מאיר רייכמאַן געהערט צו דער שארית הפליטה, וואָס טראָגט אויף זיך דעם חותם פון די שרעקלעכסטע ליידן פון לעצטן חורבן. ער האָט אדורכגעמאכט דעם גהינום־וועג אין געטאָ און טרעבלינקע. אנטלאָפן פון פארניכטונגס־לאַגער און געקעמפט אין די רייען פון פוילישע אַיפשטענדלער. שפעטער זיך אויסבאַהאלטן אין א בונקער. אבער זיך נישט אונטערגעבן דעם שונא.

געבוירן אין דער גרויס־יידישער שטאָט לאָדזש, טראָגט ער מיט זיך די זאַפטיקע וויטאַליטעט און די אַקטיוויטעט פון א לאָדזשער יידן.

א מענטש מיט א בריליאַנטענעם כאראַקטער. א פעדאַנט פון דער נאַטור מיט נטיות צו אלץ וואָס איז אמת און שיין — קאָן מען אין יעדע באַנעמונג, אין יעדן זשעסט זיינעם דערקענען דעם גוט־דערצויגענעם פון דער איידעלער לאָדזשער רייכמאַן־משפחה.

דער שטאַרקער גלויבן אין יושר און זיין ברוי־זנדיקער רעוואָלט קעגן דער בלוטיקער אכזריות, וואָס דאס „געהעטע און שילער פאָלק" טאָן אָפּ אונטער פוילנס ליכטיקע הימלען — גיבן אים כוח און אויסדויער צו ליידן און קעמפן כדי צו דערגרייכן צום ציל — זעען מיט אייגענע אויגן דעם שונאס מפלה!

נאָך דער מלחמה הויבט ה' רייכמאַן אָן א ניי לעבן, ווייט זייער ווייט פון זיין אלטער חרוב־געוואָרענער היים. ער באַזעצט זיך אין אורוגווייס הויפטשטאָט — מאָנטעווידעאָ. עס קערט זיך צו אים צוריק די איניציאַטיוו פון א לאָדזשער יידן.



Sr. Chil Reichman מיט זיין פרוי Lila און זון Andres בעת זייער באַזוך אין תל־אביב

מיט זיין באַהאוונטקייט אין דער טעקסטיל־אינ־דוסטרי פלאַסטערט ער מיט הצלחה דעם נייעם וועג צו זיין פינאַנציעלער פּאָזיציע.

אָבער צוזאַמען מיט זיין באַרג־אַרויף־גאַנג פאַר־געסט ער אויך נישט אין געזעלשאַפטלעכער אר־בעט. דער קערפּונקט פון דער מדינה־אנטשטייאונג שפּינען אויס אַ טרייסט פאַר דער אונטערגעגאַנ־גענער יידישער לאָדזש, און ער דערפילט די פאַרבונדנקייט צו העלפן מיט וואָס נאָר מען קאָן. נעמט ער אַן אַקטיוון אַנטייל אין די פונדאַציעס למען ישראל.

קיין גענויע פּרטים וועגן ה׳ רייכמאַנס טעטי־קייטן האָבן מיר נישט, ווייל וועגן אַלעם האָט ער גערן גערעדט, וועגן יידישן לעבן האָט ער אונדז דערציילט, נאָר אַז ס׳איז געקומען צו זיין טעטיקייט — האָט ער געשוויגן. אָבער לויט דער פייערלעכער אויפנאַמע, וואָס ס׳האָבן פאַר אים און זיין פרוי געמאַכט רעגירונגס־מענער, איז צו פאַרשטיין, אַז ער האָט שוין יאָ עפּעס אויפגע־טאָן! דער האַנדלס־מיניסטער, מר פּנחס ספּיר, האָט אין „אידן האָטעל" אין ירושלים געגעבן פאַר די רייכמאַנס אַ ספּעציעלן מיטיק. עס זע־נען געווען אַ גרויסע צאָל פּראָמינענטע געסט, און מ׳האָט לכבוד די רייכמאַנס געהאַלטן וואַ־רעמע באַגריסונגס רעדעס. באַזונדערס איז געלויבט געוואָרן זיין טעטיקייט אַלס פּרעזידענט פון די „באָנדס" אין אורוגוויי.

פול מיט גערירקייט האָבן אויך אַ סך לאָד־זשער אויפגענומען זייערע בני עיר. ה׳ רייכמאַן אַליין האָט געוואָלט וואָס מער לאַנדסלייט באַ־קענען, אפשר וועט ער זיך דערוויסן כאָטש פון אַ קרוב וואָס איז ניצול געוואָרן, אַ חבר, אַ שכן, אפשר?

—און וואָס באַווירקט אייך דאָ אין לאַנד?

— איך האָב ספּעציעל ליב אַקטיוויטעט — זאָגט דער גאַסט — און דאָס זע איך דאָ אויף טריט און שריט. מענטשן שאַפן. מען בויט נייע הימען און מען גייט מיט זיכערע טריט אויפן באָדן. מען בויט דאָ אויס אַן עפעקטיווע אינדוס־טריע, וואָס וועט זיין דער ווירטשאַפטלעכער אָנ־שפּאַר פון לאַנד.

— ווי איז די באַציאונג פון אורוגווייער יידן צו ישראל?

— אורוגווייער יידן זענען נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי נאָענט צו ישראל ווי איצט. זיי זע־נען איבערגעבן צו ישראל נישט נאָר מיט גע־פילן און שטימונגען, נייערט מיט רעאַלע טאַטן. די יידישע יוגנט קוקט מיט ביידע אויגן אויף ישראל.

— וואָס זאָגט איר טאַקע וועגן דער יוגנט?

— די ישראל יוגנט איז היינטצוטאָג אַ מוס־טער־יוגנט פאַרן יידישן פאָלק. אונדזער אורוג־ווייער יוגנט איז אַ זייער גוטער עלעמענט. מיר האָבן אַ יוגנט, וואָס איז בעסער פונעם עלטערן דור. אַ יוגנט, וואָס איז גייסטיק פאַרבונדן מיט דער יידישער מדינה. איך וויל נאָר ברענגען אַ ביישפּיל־עפּיזאָד: אַ ייִנגער בחור, אַן אורוגווייער געבוירענער, וואָס קען נישט רעדן יידיש, האָט וואָרעם געענטפערט מיט אַ באַשטייערונג פאַר ישראל. ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם, וואָס ער אַליין האָט געגעבן, און איז געגאַנגען צו זיינעם אַ קוזין, יענער זאָל דאָס זעלבע טאָן. האָט אים דער קוזין, אויך פון זעלבן דור, גע־פאָלגט און אויך זיך באַשטייערט. גייט ער שוין אַ מער האָפערדיקער צו זיינעם אַ פאַרמעגלעכן פעטער, וואָס איז מיט 50 יאָר צוריק געקומען אין לאַנד אריין און בעט ער זאָל אויך קויפן „באָנדס". לאַכט אים גאָר דער פעטער אויס, און זאָגט אים אָפּ זיין בקשה...

— איך ווייס בעסער ווי דו — וואָס אַזוינס ס׳איז ארץ ישראל — ענטפערט ער אים גראָב — דעריבער האַלט איך, אַז די פאַרבינדונג מיט יש־ראל דאַרף זיך מער שטיצן אויפן ייִנגען דור, ווי אויף די אַלטע אימיגראַנטן „וואָס וויסן בעסער".

ביי זיין איצטיקן באַזוך האָט ה׳ רייכמאַן מיט־גענומען זיין בר־מצווה־בחור אברהם. דאָס איז טאַקע געווען די בר מצוה מתנה, וואָס דער בחור האָט אַליין אויסגעוויילט — אַ נסיעה קיין ישראל.

* * *

וועגן זיינע איבערלעבענישן בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע האָט מר. רייכמאַן אנגעשריבן אַ בוך. געשריבן האָט ער עס אין בונקער. די דאָזיקע מעמואַרן זענען געדרוקט געוואָרן אין המשכים אין „היינט", וואָס דערשיינט אין מאָנטעווידעאָ. דאָס איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דער מיוחסדיקער, איידעלער רייכמאַן משפּחה און פון אַ שטיק ליכטיק־יידיש לעבן פון לאָדזשער יידן.

# נתן און סאלמא נעש / מיאַמי

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך באַגעגנט מיס־טער און מיסיס נ ע ש אין תל אביב. זיי האָבן געוווינט אין אַ ווילע ביים סאַמע ברעג פון ירקון, און ווי באַזוכער געפאָרן אויף אויספלוגן איבערן


Mr. and Mrs. Nash

לאַנד.

גראד דאמאָלט האָב איך זיך מיט זיי אָפט באַ־געגנט. מיר האָבן זיך געטראָפן אויף פאַרשידענע אָוונטער. מיר האָבן זיך אַביסל צעשמועסט, און אַז יידן צעשמועסן זיך — פארשט דאָך איינער ביים אנדערן דעם יחוס... דערצו האָב איך נאָך אַזאַ געוווינהייט צו פרעגן ביי אונדזערע אמעריקאַנער געסט: „ר׳ ייד וואָס האָט איר געטאָן פאַר ישראל?

אָבער אין דעם פאַל בין איך נישט געווען אויסגע־שטעלט אויף זייער אינפאָרמאַציע. זיי אליין האלטן פון פסוק „יהללך זר ולא פיך” (זאָל דיך לויבן אַ פרעמדער, אָבער נישט דיין מויל) — וועגן זיי האָב איך אָבער געהערט אַ סך גוטע ווערטער פון זייערע פריינד, וואָס וווינען אין לאַנד.

מיסטער נ ת ן נ ע ש איז אַ געבוירענער אין אָדעס. בעתן פאָגראָם אין 1905 פאַרלירט ער אַ ברודער. דאָס ווירקט אויף אים שרעקלעך און ער עמיגרירט קיין אַמעריקע. צוזאַמען מיט זיין לעבנס־באַגלייטערין הויבט ער אָן בויען אַ נייע היים אין ניו יאָרק. ביידע וויזן גלייך ארויס א גרויסן אינ־טערעס פאַר געזעלשאַפטלעכער, סאָציאַלער און קול־טור־אַרבעט. מר. נעש ווערט אַ חבר אין דער הסת־דרות אין ניו יאָרק, און ער געהערט צו די ערשטע הסתדרות־פיאָנערן וואָס האָבן אונטערשטיצט די הסתדרות אין ישראל. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער באַזעצן זיך די נעשס אין מיאַמי ביטש, און דאָ צעבליט זיך זייער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

אויף מיסיס נ ע ש ׳ ס האַנט באַמערקט איך אַ בראַנזאַלעטקע מיט 12 גאָלדענע מעדאַלן דאָס איז נישט סתם אַ צירינג וואָס מ׳קאָן עס קויפן אין יעדן זשולעריי־סטאָר, דאָס זענען אויסצייכענונגען פון יידיש קולטורעלע אינסטיטוציעס פאַר איר פרוכטבאַרער צוואָנציקיאָריקער טעטיקייט.

צוואָנציק יאָר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט! וויפל מי, הומאַניטאַרע מענטשלעכע געפילן און טאָטן ליגן אונטער אָט אַ די גאָלדענע מעדאַלן? איך דערמאָן נאָר עטלעכע פון זיי:

אָט איז אַ גאָלדענער מעדאַל: „לייף מעמבער דירעקטאָרן־מיטגליד פון הדסה”. „א לייף מעמבער אין „עמנואל טעמפל”. אַן אויסצייכנונג פון דער העברעישער אַקאַדעמיע. אַן אויסצייכנונג פון Greater Miami Womens Auxiliary. פאַר אויפ־בויען אַ יידישע היים פאַר נישט־אַנטוויקלטע קינ־דער. אַ גאָלדענער מעדאַל פון אַ „מאַמע”. דאָס מיינט אַ מאַמע פון אַן עלענדן יתום, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן דורך מיסיס נ ע ש. און ווו ארבעטן זיי דען נישט מיט?

זיי נעמען אַנטייל אין די באָנדס־זאַמלונגען, אין דער הסתדרות, פיאָנערן־פרויען־אָרגאַניזאַציע און

אין צענדליקער אַנדערע אינסטיטוציעס, אָבער דער עיקר ארבעט איז געווען און איז פאַר ישראל. אין מאי 1960 איז געעפנט געוואָרן אין כפר חסידים אַ קליניק (מרפאה) אויפן נאָמען פון Nathan. and Salma Nash דאָס איז א זייער נוצלעכער בנין פאַר די מענטשן פון דאָרף און אומגעגנט. וויפל ברכות האָבן זיך דאַן אַ שאָט געטון אויף זייערע קעפּ. די מענטשן פון דאָרף האָבן אַרויסגע־וויזן אַן אומגעהוירע דאַנקבארקייט צו די מתנדבים פון קליניק מיסטער און מיסיס נ ע ש, און זיי באַגלייט מיט יראת הכבוד און ליבשאַפט. גראַד אין דער זעלבער צייט פלאַנצן זיי דורך דער פאַרמיט־לונג פון ק. ק. ל. אַן אַליי אין נירים, אין נגב אויף זייער נאָמען.

## גאָלדענע טאַטע מאַמע

אָבער נאָך אַ מעלה האָט די משפחה נעש, זיי זענען דעם יחיד דעם איינצעלנעם מענטשן. זיי זוכן נישט פאַר זיך קיין היתר, אַז דערפאַר וואָס זיי זענען פאַרבונדן און גיבן זייערע באַשטייערונגען צו אינסטיטוציעס זענען זיי שוין יוצא... מאַכט זיך זיי א געלעגנהייט צו העלפן אַן איינצעלנעם מענטשן זענען זיי דערפון צופרידן. אָט טאַקע אַזאַ געלעגנ־הייט האָט זיך זיי טאַקע געמאַכט אין חיפה.

אין אַ הייסן טאָג גיין מיסטער און מיסיס נעש אביסל שפּאַצירן לעבן ים־ברעג, ביי דער פּליאַזע. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט באָדן, און דעריבער זיך אַוועקגעזעצט צווישן עולם וואָס איז געקומען זיך אָפּרוען. אַזוי זיצנדיק האָבן זיי זיך באַקענט מיט צוויי יינגע פרויען, שוועסטערן. זיך אַביסל צעשמועסט, אויסגעפרעגט וועגן לעבן דאָ, פארבעט זיי די יינגערע שוועסטער זיי זאָלן מאַכן אַ באַזוך ביי זיי אין וווינונג. די אַמעריקאַנער געסט האָבן די איינלאַדונג אַנגענומען און געגאַנגען זען ווי עס וווינט זיך דאָס אַ נייע עולה משפחה אין חיפה. אָבער ווי־נאָר זיי זענען אריינגעקומען האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט אַ גרויזאַם בילד פון עלנד און אָרעמקייט. די מענטשן זענען געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע, זיי פאַרמאָגן אפילו נישט קיין קישן אונטערן קאָפּ און נישט קיין וואַרעמע דעק. נישטאָ קיין שאַנק אָדער אַ שטיקל מעבל. דערצו נאָך זענען זיי שולדיק א גראָבע „משכנתא", און מען דראָט זיי מיט משפּטים אויב זיי וועלן נישט צאָלן




נתן און סאלמא נעש בעת די פייערונג פון פלאַנצן אַן אַליי אויף זייער נאָמען

דעם חוב. וואָס טאָן מיינט איר די נעשס? זיי געזעגענען זיך מיט דער פאַמיליע, פאַרשרייבן זייער אַדרעס און זאָגן צו פאַר דעם, ווי זיי וועלן פאַרלאָזן חיפה זיי צו באַזוכן. און אין עטלעכע טעג אַרום איז געוואָרן „ליהודים היתה אורה ושמחה" — אַ שטוב, ממש נישט צו דערקענען, די נעש'ס האָבן געקויפט פאַר דער משפחה ניי מעבל, אויסמעבלירט די שטוב. באַצאָלט און אַראָפּגענומען פון זיי דעם משכנתא־חוב און איבערגעלאָזט דעם אָרעמען געזינטל אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר.

דאָס קאָן נתן און סאַלמאַ נעש!

און כאָטש דאָס לייענט זיך ווי אַ מעשה אין איין נאַכט איז עס אָבער אַ רעאַלער פאַקט, אָן שום גוזמא. די גליקלעכע משפחה האָט פאַר זייערע „רעטער" געמאַכט אַ שיינעם געזעגן־אויפנאַמע און זיי אויף אייביק אנגערופן „גאָלדענע טאַטע מאַמע".

### תורה איז אַ גוטע סחורה

דאָס מאָל זענען די נעשס געפאָרן קיין ירושלים, נישט אַזוי ווייט צו באַזוכן די הויפּט שטאָט ווי עפּעס ממשותדיקעס צו טאָן פאַר אַן אינסטיטוציע. ירושלים האָבן זיי שוין געקענט פון זייערע פריערדיקע באַזוכן, זיי האָבן זיך אָבער געלאָזט פירן איבער אינסטיטוציעס און שולן, זיי האָבן באַזוכט דעם היכל התורה און די שול פון הרב קוק — געווען אויפן הר ציון, אָבער אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך אין קרית נוער.

העט אויבן אויף אַ באַרג וואָס קוקט אַריבער פון דרום צו דער העברעישער אוניווערסיטעט, און פון מערב זייט צום הר הרצל — איז אַנטשטאַנען אַן אייגנאַרטיק שטעטל. דאָס איז אַ שטעטל פון יידיש רעליגיעזער יוגנט — קרית נוער רופט מען דאָס.

אין צענדליק מאָדערנע הייזער וווינען ישיבה בחורים, וואָס לערנען תורה און גלייכצייטיק אַ מלאָכה. דאָרטן זענען איינגעאָרדנט פיינע ישיבות און גלייכצייטיק אַרבעטס־וואַרשטאַטן פאַר טישלעריי, מעכאַניק, דרוק־אַרבעט און ליטאָגראַפיע. אין צענטער געפינט זיך אַ גרויסע שול פון דער ישיבה אין דער נייער שול זענען נאָך פאַראַן וויניק ספרי תורות. ביים באַזוכן קרית נוער האָבן די נעשס מנדב געווען אַ ספר תורה.

ס'איז אדורכגעלאָפן אַ שטיקל צייט ביז דער סופר האָט אויסגעשריבן די ספר תורה און די פייערונג פון סיום הספר איז באַשטימט געוואָרן אויף חנוכה.

דאָס איז געווען אַ יידישע שמחה וואָס האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער הייליקייט פון דער יידישער הויפּט־שטאָט. ס'זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן געסט פון תל אביב און חיפה, פון השרון, נגב און גליל. מ'האָט געטאַנצט אין די גאַסן. ארומגעקרייזט מיט די תורה איבער דעם גאַנצן קוואַרטאַל „בית וגן" און קרית נוער. קינדער מיט קאַפּעלעך אויף די קעפּ האָבן אַקעגנגעטאַנצט, און זייער געזאַנג האָט זיך געטראָגן אין דער שטילער ירושלימער נאַכט פון באַרג צו באַרג, און דער עכאָ האָט אָפּגעקלינגען ווייט ווייט, אזש ביז איבער די מויערן פון דער אַלט שטאָט און זיך געריסן צו די וואַנט פונעם כותל המערבי.

...אַזוי האָט אויסגעזען דער פּאַראַד מיט וועלכער מ'האָט די נ ע ש ס ספר תורה אריינגעפירט אין שול אריין אין קרית נוער.

### און עס טליעט אַ פייערל...

טראָץ די אַלע רייכע און גוטע מעשים האָבן אָבער די נעשס קיין מנוחה נישט געהאַט. טיף אין האַרצן האָט געטליעט אַ פייערל. עס איז געווען אַ באַגער וואָס האָט געצויגן אינעם לאַנד אריין. „מצות ישוב ארץ ישראל", איז דאָך פאַרט די ערשטע מצוה פון דער תורה, און פאַר וואָס זיך ארומקריגן מיט זיך אליין? מיט דעם אייגענעם ווילן און אידעען וועלכע מ'האָט אַ גאַנץ לעבן פאַרהייליגט? פאַר וואָס נישט אויסטוישן חלום פאַר וואָר? פאַר וואָס טאַקע זיצן ביים ברעג פון אַטלאַנטיק און קאַרעבעישן ים, און טראַכטן וועגן מזרח ברעג פון מיטלענדישן ים?.... פאַר וואָס נישט אויסטוישן מיאַמי פאַר תל אביב?

נאָך לאַנגע טראַכטענישן און בענקשאַפט צו דער יידישער מדינה האָבן זיי איינגעזען, אז דאָס דינאַמישע לעבן אין ישראל האָט זיי געפאַנגען, און ס'איז געקומען די צייט צו שטיין אין איין שערענגע מיט די בויער, היושב בציון.

מיסטער און מיסיס נעש נייע היים איז איצטער אין צפון־קוואַרטאַל פון תל־אביב.

עד מאה ועשרים שנה!

# נתן שאַפּעל / לאָס אַנדזשעלעס

ווען די טויערן פון שוידערלעכן גהינום אושוויץ האָבן זיך געעפנט און נתן שאַפּעל איז אין זיינע געשטרייפטע מלבושים ארויס פון אונטער די שטאַכל־דראָטן — איז זיין ערשטער באַגער געווען



צו לויפן צו יידן, צו געפינען אַ יידישע שטוב. אָבער יידן זענען אין אוישוויצער געגנט מער נישט געווען.

פוילן איז געוואָרן „יידן־ריין״, האָט ער גענומען וואַנדערן איבער די חורבות פון יידישע שטעט און שטעטלעך ביז ער איז דערגאַנגען צו זיין געבוירן־שטאָט סאָסנאָוויץ. דאָ האָט ער זיך ארומגעזען, אַז יידישע היימען וועט זיין שווער צו שאפן אויף דער פוילישער ערד. דער גרויסער אומגליק פונעם פוילישן יידנטום האָט גאָר געשמייכלט ווי אַ גליק פאַר די פּאָלאַקן — אַ קלייניקייט — זיי זענען פטור געוואָרן פון די יידן, און די בלוטיקע מלאכה איז אָפּגעטאָן געוואָרן מיט אנדערע הענט... נתן שאפּעל האָט זיך דעריבער אַוועקגעלאָזט מיטן שטראָם פון דער שארית הפליטה און איז אָנגעקומען קיין מערב דייטשלאַנד.

דאָרטן האָבן מיר אים געזען ווי ער האָט זיך אריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון דער שארית הפליטה בלב ובנפש. ער האָט געהאָלפן אויפשטעלן קיבוצים. ער האָט זיך פאַראינטערעסירט און אָר־גאַניזירט די עלענדע יידישע יוגנט. אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיטן ערשטן העברעישן לערער־סעמי־נאַר אין שטאַנבאַך. ער האָט דערפרישט, געוועקט און דערמוטיקט די שארית הפליטה צו אַ נייעם לעבן. נתן שאפעל האָט אָבער געוווסט און געוואָרנט, אַז דאָס איז דער עטאַפּ פון „אונטערוועגס״, און אַז נייע יידישע היימען מוז מען אויפשטעלן ווייט, העט ווייט פון דער פוילישער און דייטשער ערד...

נאָכן אָפּטוען אַ גרויסע סאָציאַל־געזעלשאפטלע־כער אַרבעט, וואָס אַ סך פון זיינע עטאַפּן זענען היס־טאָרישע — פירט זיין וועג אין דער גרויסער אַמעריקע, אין דער וואַרעם יידישער שטאָט לאָס אַנזשעלעס. אָבער אויך דאָרטן האָט ער נישט אי־בערגעריסן מיט דער אידעע מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרבונדן ביי דער שארית הפליטה — ער ווידמעט זיך געזעלשאפטלעכער ארבעט.

די שארית הפליטה וואָס האָט זיך איינגעבירגערט אין ישראל ווייסט ווי אָפּצושאַצן נתן שאַפּעלס קולטורעלע און געזעלשאפטלעכער אַרבעט. ווי ס׳ווייזט אָבער אויס קענען זיך אַמעריקאַנער יידן אויך אויס אויף דעם יונגן ענערגישן און געבענשטן עסקן. ווי מיר דערוויסן זיך פון קאָמפּעטענטע קוואַלן פאַרנעמט שוין איצטער מר שאַפּעל אַ שיינע פּאָזיציע אינעם יידיש־געזעלשאפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. מר שאפּעל איז אַ מיטגליד אין באַארד אף גווערנערס פון יונייטעד דזשואיש אַפּיל. ער איז דערוויילט געוואָרן אַלס דירעקטאָרן־מיטגליד פון קרן קימת. ער איז באַטייליקט אין די קאָמיטעטן פון די „באָנדס״ און אין אַנדערע יידישע אינסטי־טוציעס.

מיר פרעגן דעם חשובן עסקן:

— ווי געפעלט אייך דאָס לאַנד?

— קודם כל — זאָגט מיסטער שאַפּעל — בין

איך איבעראַשט ווי אַזוי ס׳ווערט דאָ געבויט אויף אַ מאָדערנעם אופן. איך אַליין בין אַ קבלן — אַ בוי־אונטערנעמער און קען זיך גוט אויס אויף די בוי־סיסטעמען און זייער טעכניק. איך האָב מיר נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין ישראל איז אַזוי ווייט אַנטוויקלט די בוי־טעכניק. איך זע ווי תל אביב הויבט אָן צו ווערן אַ שטאָט פון וואָלקן־קראַצער.

— וואָס האָט אויף אייך געמאַכט אַ רושם?

— דער קיבוץ. איך האָב פאַרבראַכט אין אַ קיבוץ לעבן חיפה. דער קיבוץ איז מיר זייער נאָענט. שוין אין די יאָרן 1945־46 בין איך געווען דער בויער פון קיבוצים אין מינצבערג, ניילאַנד, וויל־מעסראָוט און שטיינבאַך — אין די יידישע לאַגערן אין מערב־דייטשלאַנד. אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז דאָס פון שאַפן אַ קיבוץ אויף פרעמדע ערד ביז ביי זיך אין דער היים? ערשט איצט זע איך דעם אונטערשייד. דאָ זענען מענטשן צוגעבונדן צום באָדן. זייערע פיס שטייען פעסט אויף דער אייגענער ערד. זיי האָבן ליב זייער היים און זייער סביבה. זיי זענען איבערגעגעבן און צופרידן. אין די קיבוצים וואַקסט אויס אַ וואונדערשיינע ארבעטזאַמע און העלדישע יוגנט.

— צי זייט איר געווען אין יידישן דאָרף?

— מיר איז זייער געפעלן געוואָרן די לאַנד־ווירטשאַפט אין ישראל. איך האָב באַזוכט גרויסע דערפער און איינצלנע פאַרמס. דער ישראלדיקער מושבניק איז גוט איינגעאָרדנט און איינגעוואָרצלט. צוקוקנדיק זיך צו די דאָזיקע רואיקע ארבעטס־זאַמע יידישע לאַנדווירטן האָט זיך מיין גלויבן פאַר־שטאַרקט און מיין ענערגיע פאַרגרעסערט צו אַר־בעטן פאַר די קרנות פון מדינת ישראל.

— ווי האָט אויף אייך געווירקט ירושלים?

— ירושלים איז מיר זער נאָענט צום האַרצן. ווייניק תפילות האָב איך דען געהערט אין מיין פאָטערס הויז צו ירושלים? אָבער איך מוז אייך זאָגן, אַז דעם שטאַרקסטן איינדרוק אין דער הייליקער הויפט־שטאָט האָט אויף מיר געמאַכט די העברעישע אוניווערסיטעט. קרית אוניברסיטה האָט איינגעקריצט אין מיר אַ קאָלאָסאַלן רושם. איך האָב זיך דאָרטן דערמאָנט אין מיינע באַשיידענע מעג־לעכקייטן אין בייערן בשעת כ׳האָב אין יאָר 1946 געגרינדעט אַ העברעישן לערער־סעמענאַר מיטן ציל אויסצובילדן לערער און זיי שיקן קיין ארץ ישראל. דאַמאָלט האָט דער דאָזיקער סעמינאַר ביי מיר אויסגעזען ווי אַן אוניווערסיטעט — טרעפנדיק זיך איצטער פנים אל פנים מיט דער שיינער העב־רעישער אוניווערסיטעט האָב איך געזען אַז מען דאַרף שיקן אַ גרויסן טייל פון דער יידישער יוגנט אויסצובילדן קיין ירושלים.

— צום וויפלסטן מאָל זענט איר אין לאַנד?

— צום ערשטן מאָל. איך האָף אָבער צו קומען אָפטער קיין ישראל.

— ווי איז די באַציאונג פון די לאָס אנזשעלער יידן צו ישראלס פּראָבלעמען?

— די אַמעריקאַנער יידן און בפרט די יידן פון לאָס אנזשעלעס און אומגעגנט, וו איך וווין — טוען אַלץ וואָס זיי קאָנען צו העלפן מדינת ישראל. זיי שפענדן געלט, קויפן „באָנדס", און וואָס ס׳איז נאָך מער וויכטיק איז, אַז ביי יעדע אויפטרייסלונג, וואָס עס קומט פאָר ביי די גרענעצן פון ישראל — קלאַפּן זייערע הערצער שטאַרקער, און זייער גע־דאַנק טראָגט זיך אַריבער אין דער יידישער מדינה. איך וויל אָבער אונטערשטרייכן, אַז אַלץ וואָס איר הערט און ווייסט וואָס לאָס אנזשעלער יידן טוען פאַר ישראל — טוען זיי עס מיט ליבשאַפט, טאַקע ווי מען זאָגט בלב ובנפש. זיי האַלטן זיך ווי אינטרע־גאַלע פאַרבינדעטע מיט דער יידישער מדינה און זענען שטאָלץ מיט מדינת ישראל.

* * *

בעת זיין באַזוך אין לאַנד איז מר. שאַפעל אויפ־גענומען געוואָרן דורך פאָרשטייער פון דער רע־גירונג, העברעישן אוניווערסיטעט און „באָנד"־דירעקציע באַזונדערס זענען מיר מענטשן פון דער שארית הפליטה שטאָלץ דערמיט, וואָס מר. שאַפעל איז צוזאַמען מיט 12 גרויסע פירער פונעם אַמע־ריקאַנער יידנטום איינגעלאַדן געוואָרן צום פרעמיער בן גוריון אויף אַ זייער וויכטיקע באַראַטונג. דאָרט ביים פרעמיערס טיש זענען באַהאַנדלט געוואָרן זייער וויכטיקע ענינים, וואָס פאַרבונדן אונדז מיטן אַמעריקאַנער יידנטום.

לאַמיר אים ווונטשן לאַנג, לאַנגע יאָרן פון פרוכט־באַרער טעטיקייט פאַרן וואויל פון עם ישראל און מדינת ישראל!

4 ברידער זענען זיי שרגא, שמואל, מענדל און שמעון — און אַלע האַלטן זיך טאַקע ווי ברידער, צוזאַמענגעבונדן און צוזאַמענגעוואַקסן מיט איין גורל און איין אידעע.

ווען נאָר איר קומט אַריין אין זייער ביוראָ וועט איר קיין איינעם פון זיי נישט טרעפן זיצן בגלוי ראש. רעליגיעזע מענטשן זענען זיי, און פאַרבונדן מיט רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס און פּערזענלעכקייטן. איניציאַטיוו, געשיקטקייט, שאַרפער שכל און ערלעכקייט ליגט אויסגעגאָסן אין זייער טאָג טעגלעכער אַרבעט, אין יעדער באַוועגונג זייערע. זיי




מלון „דבורה", דער העכסטער בנין אין תל-אביב

שטאַמען אָפּ פון גאַליציע. שטודירט אין ווין און שפּעטער אָנגעקומען אין ווענעזועלאַס הויפּט-שטאָט קאַראַקאַס. דערצויגן אין רעליגיעז נאַציאָנאַלן גייסט איז די העברעאישע שפּראַך ביי זיי אין מויל. איך פיר טאַקע דעם שמועס מיט מר. מענדל קנאַל. ער רעדט אַ פליסיקן עברית. ער נעמט אייך אויף מיט אַ שמייכל אויפן פּנים און באַמיט זיך... וואָס ווייניקער צו רעדן וועגן זיך אַליין.

אויף זיין שרייב-טיש ליגט אַ חומש — חמישה חומשי תורה. אין דרויסן גייט אָן א פיבערדיקע אַרבעט ביים אויספּאַרטיקן דעם האָטעל „דבורה" — און אין מר קנאַלס קאַבינעט רוט נישט. עס גייט אַריין און אַרויס „מענטשן מיט פּלענער אין די הענט". יעדער וויל נאָר „עפּעס פרעגן". „נאָר אַ רגע"... אין מיטן יעדן שמועס רייסט זיך אַריין דער טעלעפאָן מיט אַ צעקלינגטער רוגזה, און אז איר קוקט זיך גוט אַרום דוכט זיך אייך, ווי איבער אלעם געוועלטיקט דאָס חומש'ל...

אָבער די מעשים זייערע טראָגן זיך איבער תל אביב און דעם לאַנד. ערשט מיט 5 יאָר צוריק ווי די ברידער קנאַל האָבן אָנגעהויבן זייער בוי-טעטיקייט אין ישראל, אונטער דער פירמע „נכסי קנול בע"מ" און שוין שטייט אין סאַמן הארץ פון תל אביב, אויף רח' בן יהודה די העכסטע געביידע, נישט נאָר פון תל אביב, נאָר פון גאַנצן לאַנד. אַ 16-שטאָקעדיקער וואָלקנקראַצער פון דער מאָדערנסטער קאָנסטרוקציע. אַ גאַנץ שטעטל איז דער דאָזיקער וואָלקענקראַצער, מיט אַ גרויסע קינאָ און האָטעל פון 80 צימערן. דאָס איז טאַקע דער ערשטער האָטעל וואָס וועט טראָגן דעם היסטאָרישן פרויען-נאָמען „דבורה". דער נאָמען איז געהייליקט דעם אָנדענק פון די ברידער קנאַל'ס מוטער ע"ה. וויפל פרייד וואָלט אַ יידישע מאַמע פון דער אַלטער היים געהאַט ווען זי זעט ווי אירע קינדער בויען דאָס העכסטע הויז אין דער באַפרייטער מדינת ישראל.

— היינט צו טאָג איז אייער הויז דאָס גרעסטע אין תל אביב. און וואָס וועט זיין ווען מען וועט אייך איבעריאָגן מיטן וואָלקנקראַצער פון 30 שטאָק, וואָס ס'בויט סער וואָלפזאָן?

— וועל איך בויען 40 שטאָק! — ענטפערט מיר מר. מענדל קנאַל מיט אַ שמייכל.

און דאָס איז גאָר נישט קיין שפּאַס. עס איז גיכער דער סוד פון זייער אידעע — אויפהויבן זיך העכער.

די ברידער קנאַל זיינען געקומען קיין ישראל פאַרווענדן זייער ענערגיע און אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן אויף בויען. באַלד נאָכן חנוכת הבית אין תל אביב הויבן זיי אָן בויען אין ירושלים. דער דעוויז זייער איז בויען און בויען! און מר מענדל קנאַל פאַרענדיקט מיט אַ ברכה:

גאָט זאָל געבן, אַז אַלע יידן זאָלן קאָנען בויען הייזער אין מדינת ישראל!

# משה באַרנשטיין / אזור

אַז מען וויל זיך מחיה זיין אין אַ הייסן זומער-טאָג — כאַפּט מען אַ פלעשל „טעמפּאָ". ווען איר ווילט זיך מחיה זיין מיט אַ זאַפטיקן יידן פון דער שארית הפליטה — טאָ כאַפּט זיך אַראָפּ קיין אזור



צו משה באַרנשטיין.

און כאָטש אין אינדוסטריע צענטער אַרבעטן די פאַבריקן אויף דער גאַנצער פּאַרע, וועט משה באַרנשטיין האָבן פאַר אייך צייט. ער וועט אייך אויפנעמען ווי אַן אייגענעם און אין גערויש פון מאַשינען וועט ער גערן כאַפּן מיט אייך אַ שמועס.

וועגן אַלע אַנדערע זאַכן וועט ער מיט אייך שמועסן רוהיג און פאַרבייגייענדיק, אָבער, אַז ס'קומט צו צום קאַפּיטל שארית הפליטה — בליצט אויף אין זיינע אויגן אַ פייערל און זיין שטימע קלינגט ווי אין אַ תפילה:

— שארית הפליטה — דאָס איז אַ הייליקע זאַך!

משה באַרנשטיין איז טאַקע אַליין איינער פון די שארית הפליטה. ער האָט אַ מאָל געלערנט אין דער וואַרשעווער „מתיבתא". פון יידיש חרוב געוואָרענעם וואַרשע איז אים געבליבן צוויי זאַכן: די תורה וואָס ער האָט געלערנט, און אַן אַנדענקס-מעדאַליקל, וואָס ער האָט געפינען אויפן האַלדז פון זיין שוועסטער אסתר, וועלכע איז געפאַלן אויף דער אַלט-שטאָט בעתן פּוילישן אויפשטאַנד. עס איז אָבער געשען אַ נס, וואָס אַ פּוילישער גלח האָט אויסבאַהאַלטן זיין קליינעם זון. ווי ס'ווייזט אויס האָט דאָס אויף אים משפיע געווען נישט צו פאַרלירן דעם גלויבן אין מענטש, און דעם חשק אָנצוהויבן אַ ניי לעבן.

באַלד נאָך דער באַפרייאונג דערפילט ער אין זיך דעם כוח „אויפצושטעלן נייע וועלטן", אָבער אָנהויבן אויפסניי אויף פרעמדער ערד האָט ער מער נישט געוואָלט. איז ער געקומען אין אייגענעם לאַנד אַריין און דער מזל איז פאַרויס געלאָפן.

ער ווערט פאַרעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע מיטבויער פון לאַנד. אין יאָר 1949 ווען פרידזשעדערן זענען געווען אַ זעלטנהייט אין לאַנד — בויט משה באַרנשטיין אויף די ערשטע אייז-פאַבריקן אין יד אליהו און שטעלט צו די נויטיקסטע פּראָדוקציע פאַר דער באַפעלקערונג — „אַ שטיקעלע אייז אויף שבת". שפּעטער בויט ער אויס אין אזור די באַקאַנטע „טעמפּאָ"-פאַבריק ער בויט קיל-הייזער, און זינט ער האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אויף דער ישראל-ערד האַלט ער אין איין בויען.

אָבער אַ חוץ די פאַבריקן, וואָס משה באַרנשטיין האָט אויסגעבויט, האָב איך אויך דערזען אַ נייעם בנין. איך מיין טאַקע דעם איבערבוי פון אַ שארית הפליטה-יידן אין אַ טיף פאַרוואָרצלטן אויף דעם ישראל-באָדן.

דאָס איז דער שענסטער בנין. ער אַליין!

עס איז נישטאָ קיין יידישע הילפס אינסטיטוציע, וועלכע משה באַרנשטיין, דער איידעלער תלמיד חכם זאָל נישט שטיצן. ער באַטייליקט זיך אין אויסהאַלטן כמעט אַלע ישיבות אין ישראל. אַ מענטש מיט אַ ברייטער האַנט און אַ וואַרעם יידיש האַרץ דערמאַנט ער דעם זעלטענעם איידעלן יידישן נגיד פון דער אַלטער היים מיט אַלע פּאָזיטיווע כאַראַקטער-שטריכן.

# אירווינג לעוו / נאָרד-האַדסאָן

עס איז אַ כלל גדול, אַז כדי צו זיין אַ גוטער כלל-טוער מוז מען קודם כל זיין אַ גוטער מענטש, און כדי צו טאָן גוטע אַרבעט פאַר מדינת ישראל מוז מען קודם זיין אַן אוהב ישראל.



מר אירווינג לעוו איז באַקאַנט אַלס גוטמיטיקער מענטש מיט א וואַרעמער באַציאונג צו זיין סביבה. זיין ליבע צו ישראל נעמט זיך נאָך פון זיינע יונגע יאָרן, ווען ער איז אַלס חלוץ אַוועק פון זיין געבוירן-שטאָט ריישע עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז אין דער זעלבער צייט ווען ער האָט געוואַרט אין ווין אויף אַ סערטיפיקאַט זענען אין ארץ ישראל אויסגעבראָכן אומרוען (1920) און ער האָט נישט געקענט פאַרווירקלעכן זיין טרוים.

און כאָטש אַמעריקע איז פאַר אים געווען מזל'דיק און ער האָט דאָרט אויפגעבויט זיין היים און דערצויגן זיינע צוויי געראָטענע דורות — באַדויערט ער נאָך עד היום דאָס, וואָס ער האָט נישט געקענט אַלס יונגער בחור עולה זיין אין ארץ ישראל.

מר אירווינג לעוו איז באַקאַנט מיט זיין אינטענסיווער טעטיקייט למען ישראל. ער האָט נישט ליב צו שטורמען קליינע פעסטונגען. אַלס פרעזידענט פון מלווה העצמאות אין נאָרד-האַדסאָן (ניו זשערסי) האָט ער מיט אַ גוט געצילטן פּלאַן דערוואָרבן פאַר דער מדינה אַ גרויס פינאַנץ-פעסטונג פון אַ באַקאַנטן מולטי-מיליאָנער אין אמעריקע. מר לעוו איז געלונגען צו פאַראינטערעסירן דעם „פינאַנץ גאון" ישראל ראַגאַזין מיט ישראלדיקע ביזנעס. ה' ראַגאַזין האָט געקויפט פאַר אַ מיליאָן דאָלאַר ישראל באָנדס און איינוועסטירט גרויסע קאַפּיטאַלן אין אשדוד-ים. דאָס איז איינער פון מר לעווס גרעסטע סוקצעסן אויפן געביט פון זיין טעטיקייט פאַר מדינת ישראל.

אַ פערזענלעכקייט מיט אַ ברייטן פאַרנעם, און דערצו נאָך אַ גוטער רעדנער מאַכן זיינע עפנטלעכע אויפטריטן אַ שטאַרקן רושם. דער עיקר איז אָבער, וואָס ער איז אָנגעזאָפּט מיט יידישקייט. ער ציט זיין יניקה פון „ריישער-קוואַל", און דאָס דערקענט מען ביי אים אויף טריט און שריט. ער האָט אונטער זיך אַ פּרוכטבאַרע פאַרגאַנגענהייט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, שפּאָרט נישט צייט און מי לטובת הכלל. ער איז אַלע מאָל דער ערשטער וואָס באַשטייערט זיך אַליין, און גיט אַ מוסטער פאַר אַנדערע.

אויסער זיין טעטיקייט פאַר ישראל האָט ה' לעוו אויך גרויסע פאַרדינסטן פאַר יידיש־קולטורעלע אינסטיטוציעס אין אמעריקע גופא. ער רעפּרעזענטירט: מיטגליד פון דער „געזעלשאַפט פאַר עקאָנאָמישער הילף פאַר ישראל". פּרעזידענט פון מגבית המאוחדת אין נאָרד-האַדסאָן. פּרעזידענט פון דער ישיבה אין האַדסאָן-שטאָט, פּרעזידענט פון בית הכנסת „שערי ציון". פּרעזידענט פון „ריישער הילפס קאָמיטעט פאַר ישראל", און אנדערע.

ביי דער ריישער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל עקסיסטירט אויך אַ גמילת-חסדים-קאַסע אויף לעווס נאָמען. בעת מר לעוו לעצטן באַזוך אין תל אביב צוזאַמען מיט זיין זון אַן אַדוואָקאַט — האָט די ריישער לאַנדסמאַנשאַפט איינגעאָרדנט פאַר אים אַן אימפּאַזאַנטן קבלת פּנים אין „פּארק"-האָטעל. ה' יצחק עסטרייכער, דער יושב ראש פון ארגון יוצאי רישא בישראל האָט אין זיין רעפעראַט געשילדערט די פערזענלעכקייט פון זיין בן העיר, דעם וואַרעמען יידן אירווינג לעוו.

# הערי שור / ברוקלין נ.י.

גראַד ווען מיסטער און מיסיס שור האָבן געוויילט אין לאַנד, זענען אויסגעבראָכן שווערע קאַמפן ביים כנרת. די געסט האָבן געווױנט אין אַ האָטעל אין טבריה, און די פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט צום



Mr. & Mrs. Harry J. Schure

ים. אין מיטן נאַכט האָבן זיי דערהערט דונערן שווערע אַרטילעריע און די פייער-בליצן האָבן באַלויכטן די שטוב.

— איך מיין, אַז עס קוקט אויס אויף מלחמה — זאָגט מיסטער שור צו זיין פרוי. אָבער דאָס מאָל אַנטלויפן מיר נישט! מיר זענען שוין צופיל מאָל אַנטלאָפן...

עס איז ווירקלעך דאמאָלט פאָרגעקומען אַ שווערע שלאַכט ביי די ברעגן פון כנרת. צה״ל האָט געענט-פערט אויף די באַנדיטישע אנפאַלן פון די סיריער. אַט דורך דעם „פענצטערל״ פון נישט אַנטלויפן קאָן מען אַריינקוקן אין די יידיש-קלאַפּענדיקע הערצער פון מיסטער און מיסיס שור.

Mr. H.J. Schure איז אַ געבוירענער אין מאָהילעוו. מיט אַ האַלב-יאָרהונדערט צוריק איז ער געקומען קיין אַמעריקע אַנהויבן אַ ניי לעבן. היינט צו טאָג איז מר. שור דער פרעזידענט און מנהל פון New York Institute of Technology און זיין זון ד״ר אַלעקסאַנדער שור איז דער וויסנשאַפטלע-כער לייטער.

עס איז זייער אינטערעסאַנט צו באַגעגענען אַ יידן וואָס איז אַן אייגענטימער פון אַ העכערע שול און מיר האָבן געהאַט מיט אים אַן אינטערעסאַנטן שמועס.

— וואָס מען האָט געלערנט נעכטן, טויג נישט פאַר היינט — זאָגט מר. שור. אין אונדזער טעכ-ניקום האָט מיין זון דערפינדן און איינגעפירט די בעסטע פעדאַגאָגישע מעטאָדן, וואָס אַנדערע קומען זיי לערנען. אונדזער ציל איז צו געפינען דאָס שענסטע פאַר בילדונג און טעכנאָלאָגיע פאַר דער יוגנט און מענטשהייט. דער גייסט וואָס עס הערשט אין אונדזער אינסטיטוט איז די גוטע באַציאונג צווישן די תלמידים. זיי מוזן וויסן און פילן, אַז אַלע מענטשן זענען ברידער. מיר האָבן אַריינגע-לייגט אַ סך מי אין דער זאַך. געשטאַרקט האָט מיך די אידעע פון איבערלאָזן אַן אָנדענק וואָס וועט צונוץ קומען די יוגנט.

— וואָס פאַרע איינדרוקן האָט איר פון לאַנד?

— מיר זענען געקומען אין לאַנד, מיינענדיק, אַז עס הערשט דאָ הונגער, און דערשטוינט געוואָרן פון דעם נס וואָס מיר האָבן דאָ געזען. מיר זענען אַרומגעפאָרן וואָכן-לאַנג איבערן לאַנד, פון צפון ביז אילת און אומעטום געטראָפן צופרידענע מענ-טשן, שיינע ישובים און אַ שיין יידיש לעבן. איך וואָלט געוואָלט אַליין דאָ אַהערקומען. אַזאַ ליבע האָב איך צום לאַנד.

— מיט וואָס שטיצט איר ישראל?

— מיר קויפן „באָנדס״, באַטייליקן זיך אין די ישראל פאָנדן. מיר מוזן אָנווענדן אַלע כוחות, אַז ישראל זאָל בלייבן אויף אייביק. מיר האָבן מער ווי צוויי טויזנט יאָר נישט געהאַט קיין לאַנד. מדינת ישראל, דאָס איז דער איינציקער נס, וואָס איז אונדז בייגעשטאַנען.

— און ווי געפעלט אייך די יידישע פרוי אין ישראל? — פרעג איך מיסיס שור.

— די יידישע פרוי זעט אויס זייער ענערגיש און איבערגעגעבן פאַר איר הויז און לאַנד. זי איז מאָדערן און דערציט אויך אַ העלדישן דור.

מיסיס שור איז אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן גאָל-דענעם „בר מצוה מעדאַל״ פון די „באָנדס״ און איז זייער אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

# מיכאל פּאוקער / ניו יאָרק

מיט צען יאָר צוריק האָט מר. מייק פּאוקער געמאַכט זיין ערשטן באַזוך אין לאַנד, און למען האמת מוז מען זאָגן, אַז ער האָט נאָך נישט געהאַט די גרויסע פרייד, וואָס ער האָט באַגערט. דאַמאָלט



זענען נאָך געווען אומעטום אַנגעוואָרפן די בלע-כערנע ביידלעך פון די עולים-לאַגערן. הונדערטער טויזנטער האָבן געוואָרט אויף אַן אייגענע דירה, און טיילווייז האָט אויך געהערשט הונגער אין לאַנד. דערפאַר האָבן זיינע אויגן אויפגעשיינט מיט פרייד, ווען ער איז איצטער געקומען צום צווייטן מאָל, און געזען דעם גרויסן אונטערשיד וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין ישראל.

מר. מיכאל פּאוקער איז יאָרן לאַנג פאַרבונדן מיט ישראל. אין יאָר 1949 האָט ער אַריינגעבראַכט 70 פאַמיליעס פון זיינע לאַנדסלייט פון דער שארית הפליטה און זיי געהאָלפן איינאָרדענען אין די ישובים לעבן די גרויסע שטעט: תל אביב ירושלים און חיפה, ער שטייט אין אַ קאָנטאַקט מיט די מענטשן און פאַראינטערעסירט זיך מיט זייערע פּראָבלעמען. וועגן ישראל האָט ער זיינע אייגענע מיינונגען:

— דער גאַנצער פאַרמעגן פון יידישן פאָלק און פון יידישקייט — זאָגט מר. פּאוקער — ליגט אין ישראל. יעדער ייד אויף דער גאַנצער וועלט האַלט דעם קאָפּ העכער צוליב דער עקסיסטענץ פון מדינת ישראל. אַלץ וואָס מיר טאָן פאַר ישראל, איז נישט מער ווי אַ קליין פינטעלע אַקעגן דעם, וואָס די יידישע מדינה האָט גייסטיק און פּסיכאָלאָגיש אויפגעטאָן פאַר אונדז. דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס ס'איז דאָ פאַר יידן אַ לאַנד, וואָס מ'קאָן דערין אַריינקומען ווען מ'וויל און געפינען דערין אַן אָנשפּאַר. ישראל האָט אָבער געשאַפן נישט נאָר פאַר בלויז יידן. דאָס אויפבויען דורך אַזאַ קורצע צייט אַ דעמאָקראַטיע אין דעם וועלט-טייל, איז אַ היסטאָריש געשעעניש, וואָס האָט נישט קיין פאַר-גלייך אין דער וועלט-געשיכטע. עס פרייט דאָס האַרץ צו זען ווי שטאָלץ די ישראל תושבים זענען, און ווי יידן פון אַלע עדות לעבן בשלום. דער אידעאַל פון יידן אין ישראל איז שלום. מען באַ-גריסט זיך אויף טריט און שריט מיט „שלום!"

„איך האָב זיך דאָ גוט צוגעקוקט צו דער ישראל יוגנט, כ'האָב זיך באַמיט צו באַקענען זייער גייסט און אידעאַל. כ'האָב געזען די בחורים און די מיידלעך פון דער אַרמיי, און כ'בין געקומען צום אויספיר, אַז קיינער וועט נישט קענען לייגן אַ האַנט אויף ישראל, ווען זי האָט אַזאַ שטאָלצע יוגנט!

איך פרעג:

— צי פילט זיך נישט קיין מידקייט ביי אַמעריקאַנער יידן צו שטיצן ישראל?

— איך האַלט, אַז אַמעריקאַנער יידן וועלן געבן נאָך מער געלט פאַר ישראל, ספּעציעל, ווען עס מאַכן זיך שווערע צייטן פאַר דער מדינה.

Mr. Michael Pauker איז דער טשערמאַן פון דער U.J.A. פונעם מאַנופאַקטור-סעקטאָר אין ניו יאָרק. ער איז זייער איבערגעגעבן און לייגט אַריין אַ סך מי אין זיין פּרוכטבאַרער אַרבעט פאַר ישראל, און יידישע הילפס אינסטיטוציעס.

# נעיטן טאַלמאַן / שיקאַגאָ

אַז איר רעדט מיט מר. נעיטן טאַלמאַן דערפילט איר די וואַרעמקייט פון שטאַמיקער יידישקייט, וואָס ציט די יניקה פון אמאָליקן אוקראַינישן יידנטום. זיין פאָטערס הויז איז אין די צאַרישע צייטן



Mr. & Mrs. Nathan Talman

געווען א צוזאמענקום פון די ערשטע חובב ציון. דאָרטן זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ציוניסטישע פארזאמלונגען, וועלכע מ׳האָט געמוזט פארבאָרגן פאַר די פאָליצייאישע אויגן. מ׳האָט גערעדט און דיסקוטירט וועגן וולאַדימיר זשאבאָטינסקיס פּלע-נער און אידעען. נעיטן טאַלמאַן איז דאַמאָלס געווען נאָך אַ קליין יינגל, אָבער די שמועסן פון די גרויסע האָבן אים אזוי שטאַרק געלאָקט, אז ער האָט זיך באַהאַלטן הינטער א בענקל און אַלץ אויסגעהערט... מיט יאָרן שפּעטער ווען ער איז געקומען קיין אמעריקע האָט ער נישט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט צו הערן ציוניסטישע מנהיגים פון יענער צייט. ער האָט געהערט רעדן נחום סאָקאָלאָוו און לואיס בראַנדייס אויף א גרויסן מיטינג אין Worcester, Mass., און תמיד האָט ער געלעכצט צו הערן יידישע וויכוחים, אַט אַזוי ווי ער האָט דאָס געהערט אין זייער הויז אין אוקראַינע.

אין יאָר 1946 זעט מען אים שוין צוזאמען מיט נאָך 4 עסקנים ארומגיין איבער יידישע שטובן אין שיקאַגאָ זאמלען געלט פארן ישוב אין ארץ ישראל. פון דאמאָלס אָן הערט נישט אויף זיין טעטיקייט פאַר ארץ ישראל. זיין ארבעט ווערט נאָך מער פאַרשטאַרקט מיטן אנשטיין פון מדינת ישראל. מר. טאַלמאַן ארבעט אינטענסיוו אין די „באָנדס" און אין די U. J. A. וואָס זענען די צוויי הויפּט מקורות פאַר העלפן פינאַנסיעל ישראל. אויך זיינעביידע טעכטער, וועמענס פאָטאָגראַפיעס מיר דרוקן דאָ, זענען געזעלשאַפטלעך, אינטענסיוו טעטיק.

מר. טאַלמאַן באַזוכט שוין דאָס לאַנד צום 4-טן מאָל. זייענדיק דאָ אין 1956 איז ער צוזאמען מיט אַ גרופּע אויפגענומען געוואָרן דורכן ראש הממ-שלה, און דער שמועס מיט מר דוד בן גוריון איז אים געבליבן אין זכרון:

די געסט, אנגעזעענע עסקנים האָבן דערציילט דעם פרעמיער וואָס זיי טוען, און געפרעגט: וואָס קענען מיר נאָך טאָן פאַר ישראל?

און בן גוריון האָט זיי געענטפערט:

— שיקט מיר 50 טויזנט יונגע קיין ישראל.

מיר האָבן זיך גענומען דינגען מיטן פרעמיער — דערציילט מר. טאַלמאַן — און געזאָגט:

— ווי אזוי קענען מיר אזויפיל מענטשן שיקן מיט איין מאָל?

אָבער בן גוריון האָט רואיק געענטפערט:

— מיט אונדז קאָן מען אדורכקומען. אויב איר קאָנט נישט שיקן 50 טויזנט מיט איין מאָל, טאָ שיקט מיר 10 טויזנט יעדן יאָר...

איך פרעג דעם גאַסט:

— וואָס פאַראַ אונטערשיד זעט איר דאָ, זינט אייער ערשטן באַזוך אין יאָר 1954?

— ווען כ׳וואָלט דאָס נישט זעען מיט מיינע אייגענע אויגן, וואָלט איך בכלל נישט געקענט זיך פארשטעלן, וואָס עס איז אלץ דורך דער צייט געשאַפן געוואָרן. כ׳בין דורכגעפאָרן דעם וועג אשדוד ים, אשקלון און באר שבע און דערזען וואָס מ׳האָט דאָרטן אויפגעבויט, איז עס ממש אומגלויבלעך.

— וואָס פאַר א רושם מאַכט אויף אייך דאָס ישראל פון היינט?

— מיין שטאַרקסטער איינדרוק, אז כ׳קום אהער,

איז דאָס געפּיל, אַז כ׳בין נישט קיין ייד, נישט קיין אַמעריקאַנער, נאָר אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשן פון לאַנד. אין אַלע לענדער, אפילו אין די



Mrs. Marge Birnbaum

דעמאָקראַטישסטע, קוקט מען אויף דיר מיט אַנדערע אויגן, ווייל דו ביסט אַ ייד. דאָ איז דער איינציקער פּלאַץ ווו כ׳פּיל, אַז כ׳בין גלייך מיט אַלעמען.

— ווי גרויס איז דער התלהבות פון שיקאַגער יידן פאַר ישראל?

אַלץ וואָס אונדזערע יידן אין חוץ לארץ טוען פאַר ישראל איז זייער ווייניק, דער פּראָצענט-זאַץ איז אַ קליינער, און יעדעס יאָר טוט דאָס די זעלבע גרופּע מענטשן. נעמט למשל אַזאַ פאַקט: יעדעס יאָר קומט פאַר אַ יערלעכער באַנקעט, אויף וועלכן ס׳ווערט אויסגעוויילט „דער מאַן פון יאָר״. דער דאָזיקער באַנקעט רעכנט זיך פאַר דער גרעסטער אימפּרעזע פאַר ישראל. קומען צו דעם באַנקעט אַן ערך פון 1200 ביז 1500 מענטשן. אין שיקאַגאָ וווינען אַ פערטל מיליאָן יידן. טאָ מאַכט אַ חשבון וואָס פאַרע קליינער פּראָצענט עס נעמט אַנטייל. און נאָך עפּעס: אַז איך קום צו די באַנקעטן זע איך יעדעס יאָר די זעלבע פּנימער. כ׳זע נישט קיין נייע. און ס׳איז אַ פאַקט, אַז וואָס גרעסער די שטאָט איז — אַלץ בעסער איז זיך צו באַהאַלטן...

אָבער דאָס גרעסטע פאַרמעגן וואָס עס באַזיצט מר. נעיטן טאַלמאַן איז דאָס, וואָס זיינע קינדער און אייניקלעך גייען אין זיינע וועגן, אין יידישע וועגן. ביידע גראַטענע טעכטער, זענען געזעלשאַפטלעך טעטיק און האָבן גרויסע פאַרדינסטן. די אייניקלעך זיינע רעדן העברעיש ווי די סאַברעס און זענען דערצויגן אין יידיש נאַציאָנאַלן גייסט. זיין אייניקל מאַרק בירנבאום האָט צו דער בר מצוה געדאַוונט שחרית און מוסף און געליינט די תורה. אפילו די מיידלעך רעדן אַ פּרעכטיקן עברית, און דאָס זאָגט שוין אָן, אַז עס גייט אַ ניי יידיש דור וואָס וועט ממשיך זיין מיט יידישן קיום.

אַ גאַר גרויסן פאַרדינסט אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט אויך מיסיס עמאַ טאַלמאַן. ווי אַ לאַנגיאָריקע מיטאַרבעטערין איז זי אַ „לייף מעמבער״ אין „הדסה״. אַ „לייף מעמבער״ פון דער



Mrs. Jerome Rudman

בראַנדייז אוניווערסיטעט און איינע פון די אינטענסיווסטע מיטאַרבעטערינס אין „אָרט״.

מיסטער און מיסיס טאַלמאַן זענען אויך מעמבערס אין Americans for a Music Library in Israel און שטיצן די מוזיקאַלישע ביבליאָטעק אין תל-אביב.

# העראָלד קרעמער / מיאַמי־ביטש

**א**ונטער זיין תמימותדיקן אויסזען ליגט באַ־האַלטן אַ קוואַל פון וויסן. געקומען איז ער קיין אַמעריקע אַלס 9־יאָריק יינגל. ער האָט דער־וואָרבן אַ רייכטום פון בילדונג און וויסן. דערצו



איז ער נאָך אַ דענקער וואָס האָט ליב זיך צו פאַרטיפן אין פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע געדאַנקען.

אַ דרייסטער מיט אַ זיכערקייט אין אייגענע מחשבות אימפּאָנירט ער מיט זיינע „רעוואָלוצ־יאָנערע" בעאָבאַכטונגען וועגן אַקטועלע פּראָ־בלעמען אין דער ווירטשאַפטס־סטרוקטור פון ישראל. אין זיינע רייד פילט זיך אָבער נישט די ביטערקייט פונעם קריטיקער, און אויך נישט די בייזקייט פון נישט־פאַרגינער. גיכער איז דאָס די איבערגעבנקייט פון אַ ברודער צו דער אייגענער משפּחה.

— איך פאַרשטיי נישט זאָגט מר. קרעמער דריי זאַכן:

— איך שטאַם אָפּ פון אַ משפּחה, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרבעסערן די סאָציאַלע לאַגע פון דער אַרבעטערשאַפט. קומענדיק אין ישראל האָב איך זיך פון דער נאָענט באַקענט מיט די הסתדרות. איך בין געוואָרן ממש באַ־גייסטערט פון איר טעטיקייט און איר שאַפן. למשל די גרויסע נעץ פון קאָאָפּעראַטיוון, וואָס די הסתדרות האָט אויסגעבויט אין לאַנד, די פאַך־שולן און הונדערטער קליניקעס (מרפּאות). אָבער קענענדיק די סטרוקטור פון דער גרויסער אַמעריקאַנער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע קאָן איך נישט באַנעמען, ווי קומט דאָס, אַז אַן אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציע זאָל אויסברייטערן איר טע־טיקייט מיט אַזאַ ריזן־פאַרנעם מחוץ די רע־סאָרטן פון פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט? איך מיין די הונדערטער פאַבריקן און קאָמערציאָנעלע אונטערנעמונגען, וואָס די הסתדרות האָט אויסגע־בויט איבערן גאַנצן לאַנד. ווי אַזוי איז געפונען געוואָרן די סינטעזע, אַז פון איין זייט זאָל די הסתדרות זיין דער גרעסטער אַרבעטסגעבער אין לאַנד, און פון דער צווייטער — דער אָפיציעלער פאָרשטייער פון די אַרבעטער־אינטערעסן?

ב) איך האָב באַזוכט דאָס לאַנד אין יאָר 1952. פון דעמאָלט אָן איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענ־דערונג צום גוטן אויף אַלע געביטן. אָבער איין זאַך וואָס כ'האָב איצטער באַמערקט איז וואָס ישראל הויבט אָן צו פאַרלירן פון איר אָריגינאַ־ליטעט. מען הויבט דאָ אָן אַראָפּצוגיין פון דער אייגענער פּלאַטפאָרמע, און מען מאַכט נאָך אַנדע־רע. דער עיקר אַמעריקע.... מען קוקט צופיל אויף אונדז, און ס'איז געוואָרן אַ מאָדע אונדז נאָכצו־טאַנצן...

ג) איך האָב געזען אין ישראל מאָדערנע הייזער און פּאַלאַצן וואָס האָבן זיך נישט צו פאַרשעמען אין אַמעריקע. בין איך אָבער געגאַנגען אַביסל ווייטער — האָב איך אָנגעטראָפן אויף אָן אָרעמ־קייט און נויט. כ'האָב געזען ווי מענטשן וווינען צוזאַמענגעקוועטשט און אין אַנטיסאַניטאַרע באַ־דינגונגען. אָט־אָ דער דיפערענץ האָט ביי מיר צעשטערט דעם גאַנצן געשמאַק פון דער זאַך...

ישראל דאַרף האָבן אַ פּנים ווי דאָס לאַנד פון די נביאים און אַזאַ איינדרוק דאַרף עס אַרויסרופן.

## ד"ר יוסטין ג. טורנער / לאָס אַנזשעלעס

זיין ערשטע געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע טעטיקייט הויבט זיך אָן אין זיין געבוירן-שטאָט שיקאַגאָ. נאָך דעם ווי ער האָט געגרינדעט און אָנגעפירט מיט עטלעכע גרעסערע פינאַנסיעלע אונטערנעמונגען,



ווערט ער דער ערשטער פרעזידענט פון די „בני ברית" אין שיקאַגאָ. ער פאַרנעמט אויך די אַמטן אַלס:

Pres. Southern Cal. Jewish Historical Soc., since 1952; Manuscript Soc. 1951-53; Chicago B'nai B'rith Council, 1935-37; Amer. Jewish Hist. Soc. 1952

ווייטער ציט זיך אַ לאַנגע קייט פון היסטאָריש-וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס ווו אַדוואָקאַט יוסטין ג. טורנער איז טעטיק: ביבליאָטעקן, מוזעאומס, היסטאָרישע-קאָמיסיעס. דער גוווערנאָר פון קאַליפאָרניע האָט אים נאָמינירט אַלס פרעזידענט פון .Abraham Lincoln Assn ער נעמט אַן אַקטיוון אנטייל אין .Franklin D. Roosvelt Collectors Assn

ער איז אַן אויטאָריטעט אויפן געביט פון היסטאָריש-ביבליאָגראַפישער פאָרשונג. זעלטן ווען מ'קאָן טרעפן אַזאַ פערזענלעכקייט, וואָס זאָל ווידמען זיין גאַנץ לעבן די דאָזיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

אין 1935 קומט ד"ר טורנער צום ערשטן מאָל אין ישראל. געקומען איז ער דערפילן דעם ווילן פון זיין מוטער, וועלכע איז שוין געווען שוואַך, און באַגערט צו זען ישראל ביי איר לעבן. ער האָט דעמאָלט צוזאַמען מיט זיין מוטער בעסי פאַרבראַכט אין לאַנד אַ חודש צייט און באַזוכט די היסטאָרישע ערטער אין ישראל.

אַ סך מי האָט אַדוואָקאַט טורנער אַריינגעלייגט אין גרינדן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין שי-קאַגאָ. ווען נאָר ס'איז די סיטואַציע אין ארץ ישראל געוואָרן שווערער, איז זיין טעטיקייט געוואָרן אינ-טענסיווער. ער איז אויך „טשערמאַן אָף די באָאַרד" פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט. 20 יאָר נעמט ער אָנטייל אין די זאַמל-אַקציעס פאַר ארץ ישראל און מדינת ישראל. אַ גאָר גרויסן פאַרדינסט האָט אַדוו. טורנער ביים בויען די גרויסע ביבליאָטעק ביי דער יידישער קהילה אין לאָס אַנדזשעלעס.

בעת זיין איצטיקן באַזוך אינעם לאַנד האָט זיך אַדוואָקאַט טורנער אינטערעסירט מיט היסטאָרישע ענינים. ער גרייט צו מאָנאָגראַפיעס וועגן ישראל-פערזענלעכקייטן אין דעם עטאַפּ פון דער מדינה אַנטשטייאונג.

מיר האָבן געפרעגט דעם געלערנטן, דעם מאַן מיט היסטאָרישן רוטין.

— וואָס זאָגט איר צו אונדזער סיטואַציע מיט די אַראַבישע שכנים?

— מען דאַרף וואַכן און זיין גרייט אויפצונעמען יעדע סיטואַציע. מיר האָבן נישט צופיל פריינד אין דער וועלט אויף וועלכע מ'זאָל קענען שטעלן. מיר מוזן זיך פאַרלאָזן אויף זיך אַליין. מיר קענען אויך נישט וויסן וואָס די אונ"א וועט טאָן, ווען מיר וועלן זיך געפינען אין אַן עת צרה. ווען ח"ו די אַראַבער זאָלן אַריינדרינגען קיין ישראל פון אַלע זייטן — וועט איצט קיינער נישט טאָן דאָס, וואָס אייזנהאוער האָט געטאָן בעת צה"ל איז צוגעקומען צו די ברעגן פון סועץ-קאַנאַל. די אַנטוויקלונג פון ישראל באַשטעטיקט דעם רעאַלן צוגאַנג צו די דאָזיקע לעבנס-פראַגן.

אַ דרייסטער מענטש, מיט פולער ענערגיע און מאָמענטאַלער דעציזיע, זעט ער אויס ווי אַ קאַמפּס־אָפיציר, וועמען איר האָט דורך אַ צופאַל באַגעגנט אין אַ קאָמפאָרטפולן סאלאָן.



ווען עס איז אויסגעבראָכן די סיני־מלחמה, זע־נען „אלע ליבע געסט" און טוריסטן אַוועקגעפלויגן פונעם לאַנד. אָבער מיסטער מאַנאַסאָן האָט געטאָן דאָס פאַרקערטע. ווי נאָר ער האָט געהערט, אַז ישראל געפינט זיך אין מלחמה — איז ער אויפן צווייטן טאָג געקומען צופליען אינעם לאַנד אַריין. ער איז אָבער נישט געבליבן זיצן אין תל־אביב, נאָר גלייך אַוועק אויפן פראָנט און געווען פון די ערשטע ציווילע יידן וואָס האָבן געשטעלט זייערע פיס אויף די פאַרנומענע געביטן פון עזה־פאַס ביז טיף אינעם מדבר סיני.

מר. מאַנאַסאָן האַלט מען אין ישראל פאר אַן אייגענעם. מען רופט אים „דער פילאַנטראָפּ". ער האָט דאָ אויפגעבויט וויכטיקע סאָציאַלע אַנשטאַל־טן אין ירושלים און באר־שבע: פאַר טויב־שטומע קינדער, פון וועלכע ער איז דער פרעזידענט און ער און זיין פרוי מיסיס מינאַ אונטערשטיצן די אַנשטאַלטן ביז היינט צו טאָג. לעבן לוד געפינט זיך אַ שכון פאר נייע עולים, וואָס טראָגט זיין נאָ־מען „נוה מונוסאָן". אַ „בית מונוסאָן" אין תל־אביב, און ווי מען שמועסט וועט ער נאָך אַ סך בויען אין לאַנד.

און טאָקע ווי אַ פעאיקער אָפיציר האָט ער זיך אַדורכגעריסן דורך אַלע וועגן און געקומען אינעם לאַנד אַריין ערב דער אַנטשטייאונג פון דער מדי־נה. דאָס זעען דעם געבורט פון מדינת ישראל אין תל-אביב — האַלט מר. מאַנאַסאָן פאַר אַ גרויסע זכיה אין זיין לעבן.

געבוירן אין מאָסקווע אין אַ סביבה פון חיבת־ציון, איז ער ממשיך זיין פאַרבינדונג דורך מעשים למען ישראל, אָמער דאָס ליבסטע איז ביי אים די יידישע אַרמיי.

— איך בין פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט דער יידישער ארמיי. ניטאָ אין דער וועלט אַזאַ אינער־לעך־פאַראייניקטע אַרמיי ווי צה"ל! — רופט אויס מר. מאַנאַסאָן — איך בין אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן ועד למען החייל.

מר. מאַנאַסאָן איז דער וויים־פרעזידענט פון וויצמאַן אינסטיטוט אין שטאַט מעסאַטשוסעץ, וויים־פרעזידענט פון קרן קימת און איז אויך טע־טיק אין אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס.

מיסטער מאַנאַסאָן זאָגט:

— עס איז גוט, וואָס אינעם לאַנד קומען יידן, נישט ציוניסטן און זיי זעען סיי די אַנטוויקלונג פונעם לאַנד און סיי איר קולטורעלן ניוואָ. דאָס איז אַ לעבעדיקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר מדינת ישראל.

— עס דאַרף אויך זיין דער געבאָט פון דער צייט צו פאַרשטאַרקן ישראל דורך גרויסע אינ־וועסטיציעס. אַ לאַנד דאַרף קודם כל האָבן מעג־לעכקייטן צו געבן דער באַפעלקערונג אַרבעט.

— מיסטער און מיסיס מאַנאַסאָן זיינען דאָ ענ־טוזיאַסטיש אויפגענומען געוואָרן דורכן ראש־הממשלה, מיניסטאָרן, חברי הכנסת און זייערע חברים.

# דזשעק ג. קעלנער / שיקאַגאָ

בוניך כללו יפיך

יחזקאל כז—ד׳

אויף דער וואַנט פונעם לוקסוס-האָטעל „שרתון" ביים תל אביבער ים-ברעג זענען אויסגעקריצט די ווערטער פון יחזקאל הנביא: „בוניך כללו יפיך — דײַנע בויערס האָבן דײַן שיינקייט פאַרפולט". אויף דעם זילבער טאַוול פיגורירט דער נאָמען פון מר. Jack G. Kelner ווי אַ מיטבויער און מיטגליד פון דירעקטאָריום.

מר. קעלנער שטייט תמיד מיטן פנים צו ישראל. ער איז געזעלשאַפטלעך טעטיק אין U.J.A. און אין אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס. אין 1957 קומט ער צום ערשטן מאָל באַזוכן דאָס לאַנד און אינוועסטירט אײַן גרעסערע קאַפּיטאַלן. „מיר האָבן אַ האַרץ און סענטימענטן פאַר ישראל" — זאָגט צו מיר דער גאַסט.

געבוירן אין לעמבערג ביי חסידיש-רעליגיעזע עלטערן לערנט ער אין חדר און אין דער ישיבה. אַלס 8 יאָריק ייִנגל קומט ער קיין אַמעריקע, אָבער זײַנע עלטערן שיקן אים באַלד צוריק אין דער אַלטער היים צום זיידן ר׳ אבא בינשטאָק, אַ למדן און דיין ער זאָל ביי אים לערנען תורה, עס קאָן זיין, אַז ער וואָלט שוין דאָרטן פאַרבליבן, נאָר זײַנס אַ פעטער, וואָס איז געווען אַ העכערער אָפיציר אין דער עסטרייכישער אַרמיי איז געקומען אים באַזוכן און געזאָגט: „יענקעלע גיי אַהיים צו דײַנע עלטערן". דער פעטער האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז זיין „באַפעל" זאָל אויסגעפירט ווערן. אין יולי 1912 קומט ער צום צווייטן מאָל צוריק קיין אַמע-ריקע.

אין אַמעריקע אַנטפּלעקט זיך פאַר דעם ייִנגן בחור אַ נייע פרייע וועלט. מיט זיין גוט גמרא-קעפּל באַקעמפט ער די שוועריקייטן וואָס שטייען אים אין וועג און מיט גרויס התמדה הויבט ער אָן לערנען די לאַנדס-שפּראַך און וועלטלעכע לימודים. מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער קאָן שוין מר. קעלנער אונטערציען אַ סך הכל, אַז אַמעריקע איז געווען פאַר אים מזל׳דיק. פון ערשטן טאָג אָן נאָך זיין חתונה-האָבן מיט זיין פרוי Beatrice האָט ער גע-פינען אַ סך גליק אין אַלע געביטן פון זיין לעבן.

מר. קעלנער איז אָן אָפּטער באַזוכער אינעם לאַנד. זיין וואַרעמע באַציאונג צו ישראל דריקט ער אויס אין אינוועסטירן זײַנע קאַפּיטאַלן אין פאַרשידענע אונטערנעמונגען. זיין גאַנצע משפחה זענען צוגע-בונדן צו ישראל. זיין פרוי און זיין טאָכטער מיסיס Beverly Hirsch זענען טעטיק אין דער „הדסה". בעת אונדזער פרייהייטס-מלחמה זענען צוויי ייִנגע מענטשן פון זיין משפחה, אויסגעדינטע אַמעריקאַ-נער לופט-פליער, געקומען קעמפן פאַרן נצחון פון מדינת ישראל.

— מיין שטאַרקסטער איינדרוק — זאָגט מר. קעלנער — איז דאָס לאַנד גופא. אויף יעדן טריט וואָס כ׳שטעל דאָ, דערמאָן איך זיך אַ פסוק פון חומש. דאָ בין איך אין דער „סיטי" פון אברהם אבינו — באר שבע, דאָרט ווידער איז יעקב אָקייגנ-געגאַנגען עשו׳ן. אַזוי שווימען אַרויף אויפן געדאַנק אָן אַ שיער אַסאָציאַציעס, פאַרבונדענע מיטן תנ״ך, וואָס כ׳האָב געלערנט, און נאָך נישט אַלץ פאַר-געסן... אין מיטן פון די דאָזיקע דערינערונגען דערזע איך גאָר, ווי יעדעס האַלבע יאָר ווערט ישראל אַ נייע וועלט! זינט מיין לעצטן באַזוך אינעם לאַנד ביים עפענען דעם „שרתון"-האָטעל ביז היינט האָב איך געזעען, אַז עס האָט זיך צע-וואַקסן אַ יידישע וועלט. אַ שיינע וועלט! דער גרויסער בוי-פּראָצעס איז אַ רעזולטאַט פון דער וויטאַלער דינאַמישקייט אין ישראלדיקן לעבן. די באַגייסטערונג וואָס ס׳רופט אַרויס דאָס לאַנד פירט צוריק צום מקור. דער מקור פון די אַלע שיינע זאַכן איז דער ישראל מענטש.

— צי גלויבט איר אַז די אַמעריקאַנער יידן וועלן פאַרגרעסערן זייערע אינוועסטיציעס אין ישראל?

— איך בין איבערצייגט, אַז אַמעריקאַנער יידן וואָס האָבן אַ מעגלעכקייט צו אינוועסטירן געלט וועלן איינזען, אַז די ווירטשאַפט אין ישראל ווערט וואָס אַ מאָל בעסער און זיי וועלן מאַכן גרויסע אינוועסטיציעס אין ישראל.

מר. קעלנער איז אויפגענומען געוואָרן דורכן ראש הממשלה מר דוד בן גוריון.

איך האָב אים געטראָפן אויפן אָוונט פון זשיראַר-דאָווער יזכור-בוך. אַ ייד, וואָס קומט צופאָרן פון ניו יאָרק אַנטיילצונעמען אין אַ בוך-פייערונג האָט געוויס אַן אינטערעס פאַר אַ בוך. מוז טאָקע דאָ



געזאָגט ווערן אַז מר. קריגער האָט אַלס מיטגליד פון בוך-קאָמיטעט און קאַסירער נישט געזשאַלעוועט קיין אַרבעט און מי אַז דאָס אָנדענק-בוך פון זיין געבוירן-שטאָט זאָל דערשיינען.

מר. מאַקס קריגער איז דער קאַסירער פון זשיראַרדאָווער אַרבעטער רינג ברענדש 301. ווען ער איז דאָ געווען אין יאָר 1952 האָט ער זיך אינטערעסירט מיטן שטאַטישן הדסה-שפּיטאָל און צוריקקומענדיק קיין ניו יאָרק האָט דער ברענדש געשאָפן אַן ערהאָלונגס-צימער אין דעם שפּיטאָל.

ער געהער צו די כאַראַקטערן, וואָס האָבן נישט געלאָזט צעשמעלצן זייער שטאַמיקן יידישקייט אינעם אַמעריקאַנער שמעלץ-טאָפּ. מיט אַ קלאָרן בליק אויפן יידישן לעבן אין אַמעריקע איז ער מרמז אין עטלעכע ווערטער, ווי ס׳זעט אויס דער מצב צווישן דער יוגנט און זייערע עלטערן:

— מיין דור — זאָגט דער גאַסט — האַלט אַן יידיש אַלס שפּראַך. אונדזערע קינדער זענען אָבער „קאָלעדזש קינדער" און ס׳איז פאַראַן אַ מחיצה פון זיי ביז די עלטערן".

— ווען זייט איר דאָ געווען צום ערשטן מאָל, און וואָס פאַר אַן אונטערשיד זעט איר איצט?

— איך בין דאָ געווען מיט צען יאָר צוריק, פון דאַמאָלט ביז היינט איז זייער אַ סך אויפגעטאָן געוואָרן. מ׳זעט ניי-אויסגעבויטע וווינונגען פאַר די עולים. מ׳זעט מענטשן אַרבעטסזאַמע און מער צופרידענע. אַ רושם מאַכט אויף מיר דאָס, וואָס יעדער אַרבעט שווער און איז צופרידן מיט דער אַרבעט וואָס ער טוט. מעג דאָס זיין די שווערסטע אַרבעט.

מר. קריגער האָט באַזוכט אַלע ווינקעלעך פון לאַנד. ער איז געווען דריי וואָכן אין גליל, אָבער אויף וואָס פאַר אַ טעמע איר זאָלט נאָר נישט מיט אים רעדן, קומט ער צוריק צו זשיראַרדאָוו. זיין פּנים ווערט פאַרכמאַרעט און זיינע אויגן זעען אפשר די יידישע געסלעך פון דער אומגעקומענער קהילה.

— „איך בין געווען אויפן הר ציון און זיך אינטערעסירט וועגן אָוועקשטעלן אַ מצבה פאַר דער זשיראַרדאָווער קהלה".

נו, קאָן די גויאישע וועלט עפּעס דערפון פאַרשטיין אָדער פילן, וויפל צער און ווייטיק עס ליגט אין אַ יידיש האַרץ, ווען מ׳טראַכט וועגן אָוועקשטעלן אַ מצבה פאַר אַ גאַנצע יידישע שטאָט?

מאַקס קריגער טראָגט אין זיך זיין אומגעקומענע שטאָט. ער טראָגט איר איבער די ניו יאָרקער גאַסן „איבער די בערג פון גליל און ביי די מויערן פון דער ירושלימער אַלט-שטאָט. ער הייליקט איר אָנדענק און רעדט איר יידישער שפּראַך.

— וואָס זאָגט איר וועגן יידיש אין לאַנד?

— די יידן דאָ, אַז זיי קענען פויליש, וועלן זיי גיכער רעדן פויליש ווי יידיש. אָבער פּראָפּאָרציאָנעל הערט מען דאָ רעדן מער יידיש ווי אַלע אַנדערע שפּראַכן צוזאַמען.

מר. מאַקס קריגער איז דאָ פייערלעך אויפגענומען געוואָרן דורך דעם ארגון יוצאי זשיראַרדאָוו.

## יוליאַן באָרנשטיין / FAIR LAWN, N. J.

יוליאַן באָרנשטיין מיט זיין פרוי מאַרגאַריט האָבן צום ערשטן מאָל באַזוכט דאָס לאַנד אין פרילינג-צייט. עס איז די שענסטע צייט, ווען די ערד בראַכט אויף צו אַ נייַ לעבן און דער מענטש



Mr. & Mrs. Julian Bornstein

דערזעט אַ סך נאַטור-שיינקייטן. האָבן טאָקע די געסט פאַרלאָזט תל אביב און אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד. זיי האָבן באַזוכט דעם דרום-טייל פון לאַנד, פון אשקלון ביז אילת, געזען און באַוואונדערט דעם דינאַמישן אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, וואָס גייט אָן אויף אַלע געביטן.

לויט זיין כאַראַקטער איז מר. באָרנשטיין אַ גוטמוטיקער מענטש, און ער נעמט אויף זאַכן פון דער גוטער זייט. אַזאַ מענטש האָט אַ טאָפּלטן פאַרגעניגן ווען ער זעט, וואָס עס ווערט געטאָן אויף שריט און טריט אין דער מדינה. אַרבעט דאָך מר. באָרנשטיין יאָרן לאַנג אין די יידישע אינסטיטוציעס פאַר ישראל, ער איז טשערמאַן פון די „באָנדס" אין זיין ווין שטאָט Fair Lawn און איז אַקטיוו טעטיק אין U.J.A. די גאַנצע צייט האָט ער געגלויבט, אַז מיט זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט העלפט ער צו צום אויפבוי-ווערק פון דער יידישער מדינה, אָבער איצט האָט ער דאָס געזען מיט אייגענע אויגן.

אַ שטיל פאַרגעניגן ליגט אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים, ווען ער נעמט רעדן וועגן דעם רושם וואָס עס האָט געמאַכט אויף אים דאָס לאַנד. ער רעדט מיט באַגייסטערונג וועגן די קינדער פון ישראל און דרוקט אויס זיין פרייד, וואָס די יונגע מדינה האָט באַוויזן צו געבן באַשעפטיקונג און אַרבעט די נייע עולים, וואָס זי האָט אבסאָרבירט. דאָס האַלט מר. באָרנשטיין איז איינע פון די בעסטע באַווייזן, אַז די ישראל-ווירטשאַפט באַזירט זיך אויף רעאַלע יסודות.

מר יוליאַן באָרנשטיינס עלטערן זענען געווען לאָדזשער. ער אַליין האָט אַ גרויסן אינטערעס צו דער אַ מאָל געוועזענער גרויסער יידישער שטאָט. ער שטאַמט טאָקע אָפּ פון אַ מיוחסדיקער לאָדזשער משפּחה, וואָס זייער גוטער נאָמען איז געווען באַקאַנט ביי דער יידישער געזעלשאַפט. די דאָזיקע גוטע מידות פון גוטסקייט צו מענטשן און העלפן — האָט מר. יוליאַן באָרנשטיין געירשנ׳ט פון זיינע עלטערנס הויז. דאָס איז דער טרייב-קראַפט, צו זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און דער עיקר די אַרבעט וואָס ער טוט פאַר די ישראל-פאָנדאַציעס.

באַגלייט פון זיין יינג-עלעגאַנטע פרוי מוז דערמאָנט ווערן וועגן איר אומדערמידלעכע אַרבעט פאַר ישראל. מיסיס באָרנשטיין איז איינע פון די אַקטיווסטע געזעלשאַפטלעכע טוערינס אין Fair Lawn זי שפּאָרט נישט קיין מי און צייט פאַר סאָציאַל - געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, מיסיס באָרנשטיין איז די פּרעזידענטין פון „הדסה" אין איר ווין-שטאָט. אויסער דעם נעמט זי אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער טעטיקייט פון אַ סך יידישע אינסטיטוציעס.

— אין וועלכע וועגן גיין אייערע קינדער ?

— אין יידישע וועגן !

אַ גאַר באַזונדערן קבלת פּנים איז פאַר מיסטער און מיסיס באָרנשטיין איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאַנד דורך די דירעקציע פון די „באָנדס" און פון „מגבית". די ח׳ געסט זענען אויך אויפגענומען געוואָרן דורכן שר האוצר מר לוי אשכול.

ווען משה קאָזשוך אַליין וואָלט זיך גענומען די מי און געמאַכט אַ צוריקבליק איבער זיין דינאַמיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וואָלט ער אונדז געקענט מהנה זיין מיט אַ פיין בוך זכרונות.



ווי ער אַליין זאָגט מיר, האָט ער פון 1919 אין אין וואַנדערן: פון אוקראַינע קיין פּאַריז, פון פראַנקרייך קיין מעקסיקע און מיט עטלעכע יאָר צוריק ווידער צוריק קיין ניצע. אָבער פון די דאָזיקע צוויי יידישע ישובים — פראַנקרייך און מעקסיקע דערגייט צו אונז זיין נאָמען אַלס ענערגישער און איבערגעגעבענער קולטור־געזעלשאַפטלעכער עסקן פון ברייטן פאַרנעם.

געבוירן אין 1892 אין ליטין, פּאָדאָלער גובערניע ביי חסידישע עלטערן, וועלכע זענען געווען מקורבים מיטן סקווירער רבין, באַקומען אַ יידישע און אַלגעמיינע בילדונג, פריער אין זיין שטעטל, נאָכדעם אין קיעוו. ער האָט אויך שטודירט אין אָדעס. ווי אַן אוקראַינער ייד האָט ער אַדורכגעמאַכט אַלע פּאָגראָמען אויף יידן אין יענע צייטן — פון פּעטלורען און דעניקינען. ערשט אין 1924 איז ער אָנגעקומען קיין פּאַריז. אין פּאַריז האָט קאָזשוך געעפנט אַן אייגענע באַנק.

ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איינער פון די הויפּט־טוער פון אַ וווילטעטיקע אינסטיטוציע, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען אַקטונג צו געבן אויפן געזונט פון אָרעמע קינדער, וועמען די עלטערן האָבן נישט געקענט שיקן אויף וואַקאַציעס. יעדעס יאָר פלעגט די אינסטיטוציע אַרויסשיקן 1500 קינדערלעך פון אָרעמע עלטערן אויף פרישע לופט. אויסער דעם געווען טעטיק אין גמילת־חסדים, פאַרנעמענדיק אַן אָנגעזעענעם אָרט. ער איז אויך געווען דער גרינדער פון אַ בית המדרש אין פאַריז פאַר די אָנגעקומענע רוסישע יידן, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט אַריינפּאַסן אין די בתי תפילות פון די פראַנצויזישע יידן, ווייל ס'איז זיי געווען פרעמד די פראַנצויזישע שפּראַך און די מנהגים. דעם דאָזיקן בית המדרש האָט מ. קאָזשוך געלאָזט עפענען פאַר זיין אייגן געלט.

אַ חוץ דעם געווען פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין הילפס־פאַריין פאַר נויטבאַדערפטיקע יידן, פון וועלכן ד״ר טיאָמקין איז געווען דער פירער.

אים איז געלונגען באַצייטנס זיך צו ראַטעווען פון די נאַציס און קומען קיין מעקסיקע. אַרויסגעראַטעוועט האָט אים אַרטוראָ וואַלפּאָוויטש, וועלכער האָט אים געמאַכט די נויטיקע פּאַפּירן.

אין מעקסיקע פאַרנעמט ער אַן אָנגעזעענעם אָרט אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער, און איז אין דער פאַרוואַלטונג פון ק.ק.ל. „אין מגבית", קאַסירער פון „אָרט" און קאָמיסאַר פון יידישן האַנדלסקאַמער. פּרעזידענט פון דער אַקציע אויסצוהאַלטן 200 יתומים פון איירָאָפּע (1947); פּרעזידענט פון יידישן ספּאָרטס־צענטער און רעדאַקציע־חבר פון מען ערשטן יאָרבוך (52־1950), אַרויסגעגעבן דורכן קאָמיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין מעקסיקע.

מיט זיין פרוכטבאַרער טעטיקייט פאַרשרייבט משה קאָזשוך אַ שיין קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן

לעבן אין מעקסיקע.

מדינת ישראל באַזוכט ער צום ערשטן מאָל אין 1955. בעת זיין איצטיקן באַזוך אין לאַנד איז ער איבערראַשט פון דער גיגאַנטישער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד און ער ברענגט דאָס צום אויסדרוק אין אונדזער שמועס:

— ביי מיין איצטיקן באַזוך — זאָגט דער גאַסט — האָב איך זיך באַקענט מיט דער אוניווערסט־טעט, ווייצמאַן אינסטיטוט און אַנדערע הויך־שולן און כ'האָב געזען אַ וווּנדערבאַרע זאַך. גרויסע וויסנשאַפטלעכע צענטרען זענען דורך דער צייט דאָ געשאַפן געוואָרן. איך בין געווען אויף אַ קאָנ־צערט אין תל־אביבער היכל התרבות און געבליבן פאַרגאַפט. אין אייראָפּע זעט מען נישט אַזאַ היכל, און שוין זיכער פילט מען נישט די דאָזיקע התלהבותדיקייט, ווי דאָ ביי אַ קאָנצערט.

— ווען איר זאָלט מיך אָבער פרעגן, וואָס ס'האָט געמאַכט אויף מיר אַ רושם, וועט מיין ענט־פער זיין — דאָס פאָלק גופא. ריכטיקער, די דיסציפּ־פּלינירטקייט מיט וועלכער יידן אין ישראל לעבן. דאָס איז איינע פון די גרעסטע פאָלקס־פּסיכאָלאָ־גישע ענדערונגען, וואָס זענען ווען ס'איז פאָרגע־קומען ביי אונדז.

אינעם ווייטערדיקן שמועס האָט דער עסקן זיך באַקלאָגט אויפן דערציאונגס מצב אין זיין איצטי־קער וווין־שטאָט ניצע.

דער עיקר וואָס אים אינטערעסירט זענען ייד־שע קינדער. אין ניצע וווינען 4.500 יידישע נפשות. עס זענען דאָרטן פאַראַן צוויי יידישע בתי מדרשים, אָבער קיין יידישע שול איז נישטאָ. 300 קינדער לערנען יידיש און עברית אין 10 פּלעצער. דער רב גיט זיי לעקציעס, אָבער קיין יידישע שול ווערט נישט געשאַפן. משה קאַזשוך קאָן נישט רוען. ער לויפט צו משה קול פון דער יוגנט־עליה, אָבער משה קול האָט נישט קיין צייט דער־צו. ער שרייבט צום „דזשוינט" קיין אַמעריקע, צום יידישן וועלט־קאָנגרעס — זיין רוף בלייבט דערווייל אַ קול קורא במדבר. אָבער ווער ס'קאָן משה קאַזשוך, ווייסט, אַז דער ענערגישער קולטור־עסקן וועט נישט רוען ביז וואַנען יידישע קינדער וועלן האָבן אַן אייגענע שול אין ניצע.

בעת זיין איצטיקן באַזוך אינעם לאַנד איז דער חשובער עסקן אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה פּרעזידענט מר יצחק בן צבי. ד"ר ישראל גאָלד־שטיין האָט פאַרן פּרעזידענט פאָרגעשטעלט אַ גרופּע עסקנים פון מעקסיקע און ספּעציעל אונ־טערגעשטראָכן די פאַרדינסטן פון משה קאַזשוך פאַרן מעקסיקאַנער יידישן ישוב.




דער ערשטער גרויסער אַמעריקאַנער וואָס האָט באַזוכט די גרעטאָטוועטע יידן אין „די פּי"־לאַגער פערנוואַלד. 1) דער מחבר פון דעם בוך; 2) דער יושב ראש פון לאַגער; 3) לאַ גוואַרדיא, דער דאַמאָלסדיקער שעף פון דער „אונרא".

# זיגמונט סאַבעל / ניו יאָרק

זיגמונט סאַבעל האַלט מיך שטענדיק אין שפּאַ-נונג מיט זיין חן און גייסטיקער השפּעה. ווען נאָר איך טרעף אים אַן תל־אביב — און געטראָפן האָב איך אים שוין עטלעכע מאָל — און מיר הויבן אָן



Mr. & Mrs. Sigmund Sobel

שמועסן, קומען מיר צו צום שטעטל, בית־המדרש, ישיבה, דאָרט וווּ עס הויבט זיך אָן דער מקור פון יידישן וויסן.

ווייניק יידן פירן שוין היינט צו טאָג די „בוכ־האַלטעריע" פון זייער יחוס, אָבער זיגמונט סאַבאַל פאַרגעסט נישט אויף אַ מינוט זיין שרשרת היוחסין. זיין עלטער־זיידע איז געווען הרב ר' אברהם אבוש בן הגאון הרב יהודה לייב מקאָריץ ז"ל, דער מחבר פון ספר „ברית כרוזות העולם". און אַזוי ציט זיך זיין יחוס־קייט; פון פאָטערס זייט ביז עזרא הסופר און פון דער מוטער — ביז הלל הבבלי. דער עיקר איז אָבער, וואָס זיגמונט סאַבאַל איז אַ יחוס עצמו!

אין יאַנואַר 1921 פאַרלאָזט ער די נגידישע היים פון זיינע עלטערן, געזעגנט זיך אויף אייביק מיט זיין שטעטל סאָלאָטווינאַ. עס פאַלט זיין לעצטער בליק אויף די מאַיעסטעטישע קאַרפּאַטן־בערג, וואָס רייסן זיך צום הימל, ביי די ראַנדן פון שטעטל — און ער פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע.

דעם 17־טן מערץ 1922 קומט ער אָן קיין אַמע־ריקע. שוין אויף צו מאָרגנס הויבט ער אָן לער־נען אין שול, און אין 1926 ענדיקט ער דעם אוני־ווערסיטעט אַלס Accountant (עקאַונטאַנט).

ווייזט אויס, אַז אַמעריקע איז פאַר אים געווען מזלדיק פון דער ערשטער מינוט אָן, ווייל 4 טעג נאָך דעם, ווי ער איז אָנגעקומען אין „גאָלדענעם לאַנד", געפינט ער זיין ריכטיקן זיווג. ער באַקענט אַ שיין 14 יאָריק מיידל אין וועלכער ער פאַר־ליבט זיך פון ערשטן אויגנבליק, און ווען זי ווערט אַ בת שמונה עשרה גייט ער מיט איר צו דער חופה.

זיין ערשטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט דאַטירט זיך מיטן ווערן דער סעקרעטאַר פון יוגנט־קאָ־מיטעט פאַר אַ מושב זקנים אין ניו־יאָרק. דער „אַנזשיב" איז אויסגעפאַלן אַביסל דראַמאַטיש. אָבער „דער נצחון פון דער גערעכטיקייט" דער־מוטיקט נאָך מער דעם ענערגישן סאַבעל און מאַכט אים גלויבן אינעם פרייען גייסט, וואָס ס'הערשט אין דעם גרויסן לאַנד. ומעשה שהיה כך היה:

לטובת דעם מושב זקנים איז געוואָרן איינגע־אָרדענט אַ יערלעכער באַנקעט, וואָס איז פאָרגע־קומען אין א טעאַטער־זאַל. בעת זיגמונט סאַ-באַל איז געווען דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון אַזאַ באַנקעט זענען איבערגעבליבן אין דער קאַסע פאַר 500 דאָלאַר נישט פאַרקויפטע בילעטן. געזען אַז ס'ווערט שפּעט, שטעלט זיך סאַבעל אַוועק אין גאַס, לעבן טעאַטער־זאַל און הויבט אָן פאַרקויפן בילעטן. פלוצים דערפילט ער אויף זיינע פלייצעס די שווערע האַנט פון אַ פּאָליציי־דעטעקטיוו. עס דערשיינען פאַר אים צוויי דעטעקטיוון, נעמען ביי אים צו די בילעטן און אַרעסטירן אים, פאַר דער עבירה פון פאַרקויפן טעאַטער בילעטן צו ליכווע פרייזן... סאַבעל פרווט זיך פאַרענטפערן, אויפ-קלערן, אָבער ס'העלפט גאָר נישט. די דעטעקטיוון פירן אים אָפּ אויף דער פּאָליציי־סטאַציע. אַז מען האָט זיך דערוווּסט וועגן זיין אַרעסט איז געוואָרן

אַ רעש, מ׳האָט אינטערוועניִרט אין דער פּאָליציי, אָבער ס׳האָט גאָר נישט געהאָלפֿן. סאָבאָל איז גע־וואָרן אַנגעקלאָגט, און געמוזט זיך שטעלן פֿאַרן ריכטער. פֿאַרשטייט זיך, אַז ביידע דעטעקטיוון, וואָס האָבן אים אַרעסטירט זענען דערשינען אַלס עדות און „געקלאַפּט״ אויפֿן אַנגעקלאָגטן. אָבער נאָך דעם ווי דער אַנגעקלאָגטער האָט אויפֿגע־קלערט דעם ענין, האָט זיי דער דזשאַדזש גע־שטעלט אַזאַ פֿראַגע:

„אַ יונגערמאַן פֿון 21 יאָר ווידמעט זיך צו העלפֿן אויסהאַלטן אַ היים פֿון אַלטע מענטשן, ווי אַזוי קאָן מען אַזאַ טייערן בחור אַרעסטירן?״

די דעטעקטיוון האָבן באַלד „אויסגעדרייט דעם דישל״ און זיך גענומען פֿאַרענטפֿערן, אָבער דער ריכטער האָט זיי נישט געלאָזט קומען צום וואָרט און געהייסן אויסלייענען בקול רם, וואָס עס שטייט אָנגעשריבן אויף די „טיקעטס״, פֿאַר וועלכן צוועק ס׳איז באַשטימט די הכנסה? דעם ריכטערס אור־טייל איז געווען אַ טאָפּלטער: באַפֿרייען דעם באַ־שולדיקטן, און אויסדרוקן אַ דאַנק פֿאַר זיין הו־מאַניטאַרער אַרבעט, און טאַדלען די גראָבע האַנד־לונג פֿון די דעטעקטיוון.

און נאָך אַן עפּיזאָד פֿון זיין לעבן געדענקט זיגמונט סאָבעל. דאָס איז דער הונגער, וואָס האָט געהערשט אין זיין שטעטל, אין זיין פּאָטערס הויז, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, און דער „דזשוינט״ האָט זיי ממש געראַטעוועט פֿון אונטער־גאַנג. האָט ער אַ נדר געטון, אָפּצוצאָלן אָט דעם חוב מיט געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט; מיט העל־העלפֿן יידן אין אַ נויט ווי ווייט נאָר מ׳קאָן, און ווו נאָר זיי געפֿינען זיך. פֿון דאַמאָלס אָן, איז ער איינער פֿון די אַקטיווסטע יידישע עסקנים אין ניו־יאָרק.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פֿאַרנעמט זיין טעטיקייט אַלס פּרעזידענט פֿון גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד אין ניו־יאָרק. דער גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד האָט שוין אַ סך גרויסע זאַכן אויפֿגעטאָן אין ישראל. גע־קויפֿט אין די הרי יהודה אַ נחלה פֿון 1000 דונאַם באָדן, אויף וועלכע ס׳געפֿינט זיך היינט דער קיבוץ צ ו ר ה . אויפֿגעבויט אַ כעמישע לאַבאָראַטאָ־ריע אין בר-אילן אוניווערסיטעט, אויפֿן נאָמען פֿון געוועזענעם פּרעזידענט זוסמאַן. די מזרחי־פֿרויען פֿון גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד האָבן אויפֿגעבויט אַ סטאָלערײַ אין כפר בתיה, און אַ „מרכז עובד״ אין תל־אביב.

זיגמונט סאָבעל איז אויך פֿאַרבונדן מיט 4 בתי כנסת אין ניו יאָרק. אין שול האָט ער אַליין געבויט און געווען איר פּרעזידענט פֿאַר 7 יאָר, אַ סך מי און אַרבעט האָט ער אַריינגעלייגט אין סאָלאָטווי־נער פֿאַריין. נאָך מיט 25 יאָר צוריק איז ער געווען דער פֿאַרזיצער פֿון דער לאַנדסמאַנשאַפֿט־דיוויזיע פֿון געוועזענעם „יונייטעד-פּאַלעסטיין אַפּיל״. זינט ס׳איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל איז ער דער וויצע־פּרעזידענט פֿון „יונייטעד דזשואיש אַפּיל״. מר. סאָבאָל איז אויך אַ „מיליאָנער פֿון די באַנדס״. דאָס מיינט, ער האָט פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ מיליאָן דאָלאַר ישראל־באַנדס. נאָך אַ ריי יאָרן טעטיקייט אין דער הסתדרות, ווו ער פֿאַרנעמט בכבודיקע ראַנגען, איז איצטער מר. סאָבעל דער פֿאַרזיצער פֿון רעליגיעזן קאָמיטעט פֿון דער הסתדרות. ער אַרבעט אויך פֿאַרן קרן קימת לישראל און איז פֿאַרזיצער פֿון „אָרט״. געראָטן אין אים איז אויך זיין פֿרוי אַנאַ. מיסיס סאָבאַל אַרבעט פֿאַר „הדסה״ און איז די סעקרעטאַרין פֿון סאָציאַלע קינדער־אַנשטאַלטן.

אין אויסדרוק פֿון אָנערקענונג האָבן מר. סאָבאָלס פֿריינד און פֿאַרערער געפּלאַנצט אַ וואַלד אין לכיש־געגנט אויפֿן נאָמען פֿון „זיגמונט און אַנאַ סאָבאָל״.

בעת זיין באַזוך אין ישראל איז מר. סאָבעל מיט זיין פֿרוי אויפֿגענומען געוואָרן דורכן מדינה פּרע־זידענט מר יצחק בן צבי, ראש הממשלה דוד בן גוריון מיניסטער ספּיר און אַנדערע פּערזענלעכ־קייטן.

באַזונדערס אימפּאָזאַנט איז אויסגעפֿאַלן דער באַנקעט וואָס די באַנד־דירעקציע אין ניו־יאָרק האָט איינגעאָרדנט לכבוד זיין 60־יאָריקן יובילעאום.

אומפֿאַרגעסלעך בלייבט אויך דער „צאתכם לש־לום־אָוונט״, וואָס דער גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד אין מדינת ישראל האָט איינגעאָרדנט פֿאַר מר. סאָבעל און זיין פֿרוי אין „בית טשערניחובסקי״ אין תל־אביב. עס איז געקומען צום אויסדרוק די צוגע־בונדקייט און די פֿרייד וואָס יידן, אָפּשטאַמיקע פֿון גאַליציע-פּוילן האָבן געהאַט מיט די געסט. מיסטער און מיסיס סאָבעל זענען געוואָרן דורכן גרויסן עולם לאַנדסלייט האַרציק געזעגנט און באַגלייט מיט בעסטע ברכות.

די ערשטע באַגעגעניש מיטן „ערשטן מעקסי־קאנער טוריסט וואס האט בשלום געלאַנדעוועט אין ישראל", האב איך געהאט מיט צוויי יאָר צוריק. טאקע אזוי איז ער מיר געבליבן אין



זכרון, ווייל פון דעם גאנצן שמועס האט אויף מיר געמאכט א רושם, דאס, וואס ה' אברהם גוטווערק האָט זיך נישט צוגעהערט צו די וואָרע־נישן פון קלוגע יידן, או אין סאמען ברען פון דער פרייהייטס־מלחמה, אין דעצעמבער 1948 איז ער אוועק פון מעקסיקע גלייך „אין פייער אריין" און בשלום געלאנדעוועט אין מדינת ישראל.

איצטער האב איך אים געטראָפן אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פאר יידישער דערציאונג אין ירושלים. נאָכדעם ווי כ'האָב זיך שוין אָנגע־הערט וועגן נעבעכדיקן מצב פונעם יידישן חינוך אין יידיש־רייכן צפון־אמעריקע — בין איך צו־געגאנגען צו אברהם גוטווערק, און אים געבעטן ער זאָל מיר נאך א מאָל דערציילן די געשיכטע פונעם יידישן שול־וועזן אין מעקסיקע.

און אז מען שמועסט שוין ווילט זיך דאָך דער־גיין, וואָס דער ייד טראַכט וועגן יידישן חינוך, וועגן דעם געראנגל צווישן יידיש און העברע־יש. ווייזט אויס, אז ה' גוטווערק, אַלס דעלעגאַט פון מעקסיקע, מיט אַלע זאַפטן פון אַ וואַרשעווער, געבוירענעם יידן שטייט אויף דער זייט פון מאמע לשון. אָבער נישט מיט דער עקסטרעמער פאָדע־רונג פון „נאָר יידיש"! גיכער איז זיין שטעלונג ענליך צו מענדעלעס זאָג „יידיש און העברעיש זענען ווי צוויי נאָזלעכער, מיט וועלכע מיר אָטעמען גלייך". אזוי פירט זיך טאקע אין די יידישע שול אין מעקסיקע — מען לערנט יידיש און העברעאיש.

אברהם גוטווערק איז פון די גרינדער פונעם יידישן חינוך אין מעקסיקע. 25 יאָר פאָרזיצער פון דער יידישער שול. ער איז וויצע־פאָרזיצער פון דער אשכנזישער קהילה. אין דער יידישער שול אין מעקסיקע זענען שוין דערצויגן גע־וואָרן צוויי יידיש און העברעאיש ריידנדיקע דו־רות. מער ווי א פערטל־יאָרהונדערט איז ה' גוטווערק טעטיק אין וועד החינוך אין מעקסיקע. הערט מען אים דערציילן וועגן יידישן חינוך ווערט אביסל גרינגער אוילן הארצן.

לאָמיר טאקע אים אליין לאָזן דערציילן:

— ביזן יאָר 1920 איז אין גאנץ מעקסיקע גע־ווען בלויז עטלעכע מנינים יידן. דעם 24־טן דע־צעמבער 1924 איז געגרינדעט געוואָרן די יידי־שע שול. מיר האָבן אָנגעהויבן מיט 30 קינדער אין דריי קליינע צימערלעך, געדינגען אין אַ הויז ביי אַ גוי. נאָך עטלעכע צענדליק יאָר פון מיפולער טעטיקייט האָבן מיר היינט א מאָדערן אויסגעבויטע יידישע שול מיט 1300 קינדער, כן ירבו! די שול נעמט אַריין קינדער פון פריערסטן עלטער, פון 4 יאָר אָן. און זי באזיצט: א גן־ילדים, א פאָלקס־שול, מיטלשול און 2 יאָר פרע־פּטאַריע (קאָלעדזש). די שול האָט אויך אַ גרויסע ביבליאָטעק, מאָדערנע לאבאָראטאָריעס

און אן אייגענעם טעאטער דאָס מיינט, אז אַ קינד גייט אריין אין גן־ילדים און ווערט צוגעגרייט אויפגענומען צו ווערן אין אוניווערסיטעט. העב־רעיש הויבן מיר אָן לערנען אין דער צווייטער קלאַס פּאָלקסשול. אַ קינד לערנט 6 יאָר עברית, יידישע לימודים, דאָס מיינט יידיש און עברית ווערט געלערנט 4 שעה אין טאָג. דאָס קינד קען תנ״ך, יידישע געשיכטע און יידישע ליטעראַטור.

דער שווערסטער פּראָבלעם איז — לערער. הגם מיר האָבן אַן אייגענעם לערער־סעמינאַר, און האָבן שוין לערער פון אייגענער אויסבילדונג — פילט זיך אַ גרויסער מאנגל אין לערער פאַר העכערע קלאַסן. 90% פון יידישע קינדער אין מעקסיקע לערנען אין יידישע שולן. די יידישע שול איז די גרעסטע, אָבער עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע שולן: אַ „יבנה״־שול; אַ רעליגיעזע שול מיט 650 קינדער; אַ „תרבות״ מיט איבער 500 קינ־דער און אַ הונדערט פּראָצענטיקע יידיש-פּרץ-שול״ מיט 300 קינדער. 2 ספרדישע שולן און אַ ריי ספּאָרט און קולטור־בנינים. ביי אונדז איז יע־דער דריטער ייד אין עלטער אונטער 40 יאָר, אַ תלמיד פון דער יידישער שול. ווער נאָר פון די ישראל־פּערזענלעכקייטן, וואָס קומען צו אונדז, שעפּן זיי נחת פון אונדזער חינוך־סיסטעם.

— מיט וואָס קאָן מען רעזומירן אייער דער־ציאונגס־טעטיקייט?

— מיר האָבן געוווּנען די יוגנט. אונדזער יוגנט רעדט יידיש און עברית, און נישט נאָר דאָס קומט צום אויסדרוק בלויז אין שפּראַך, נייערט אויך אין גייסט. מיר האָבן אַ יוגנט מיט אַ יידי־שן גייסט וואָס זיכערט יידישן המשך. דאָס איז דאָס שענסטע, וואָס אונדזער ישוב באַזיצט.

— וואָס מיינט איר וועגן יידישן לשון?

— ביי אַ גוטן ווילן וועט יידיש לאַנג עקזיסטירן, לענגער, ווי מיר שטעלן זיך פאָר. יידיש לשון איז נאָך פיל מיט לעבן און די חשיבות פון יידיש איז נאָך אַלץ זייער וויכטיק פאַר דער נאַציאָנאַ־לער פאַרבינדונג פונעם פאָלק.

ה׳ גוטווערק האט בשעת זיין באזוך אין לאנד געפירט שמועסן מיט געלערנטע און שרייבער. באזונדערס ווארעם איז דער חשובער עסקן אויפ־גענומען געוואָרן דורך פּראָפ. דב סדן און אַנדערע פּערזענלעכקייטן.

# אברהם אויערבאך / דענווער

אברהם אויערבאַך איז געווען אַ דרייסטער קעמ־פער קעגן פוילישן אנטיסעמיטיזם. אין זיין שטאָט זשאַלאַשיצע איז ער געווען דער יידישער ראטמאַן



אין שטאָט-ראָט. ער האָט די אנטיסעמיטן גע־שליידערט דעם אמת אין פנים אריין. ס׳האָט אים געדראָט „קארטוז בערעזא״. זיין לעבן איז גע־שטאַנען אין געפאַר און די ציוניסטישע מנהיגים אדוואָקאָט לייב לאנדאו און ד״ר רייך האָבן אים געראָטן צו פארלאָזן פוילן.

ביים געזעגענען האָט אים זיין פאָטער געזאָגט: „זאָלסט וויסן מיין קינד, אז מען וויל, קאָן מען אין אַמעריקע אויך זיין אַ ייד״.

מר. אויערבאַך געדענקט זיין פאָטערס רייד און ער איז טאַקע געבליבן אַ רעליגיעזער ייד.

אין זיין שטאָט דענווער, ווו ער וווינט איצט איז ער געזעלשאַפטלעך טעטיק.

ביי זיין איצטיקן באַזוך אין לאַנד האָט מר. אויערבאַך אַנטייל גענומען אין דער דערעפנונג פון „נחלת אברהם״ (לעבן לוד) וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורכן ק.ק.ל. אויף זיין נאָמען, אלס אויס־צייכענונג פאר זיין לאַנגיאָריקער טעטיקייט פאַרן יידישן נאַציאָנאַל פאָנד.

# שמואל שיינקאָפּ / ניו יאָרק

ווי נאָר מר. שמואל שיינקאָפּ האָט געשטעלט די ערשטע טריט אויף דער ישראל-ערד האָט אים געצויגן צו באַזוכן דעם נגב.

פאַרוואָס עפּעס גראָד דעם נגב?



מר. שמואל שיינקאָפּ מיט זיין זון בערי

ווייל דאָרטן אין סאַמע האַרץ פון דער געוועזענער מדבר, וואָס דאָס בויענדיקע ארץ ישראל האָט פאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיק-פּרוכטבאַרן ישוב — האָט דער לאַמזשער קאָמיטעט פון ניו יאָרק, ווו מאַקס בוכבינדער איז דער פּרעזידענט — אויפגעשטעלט אַ פּרעכטיקע שול פאַר קינדער נייע עולים פון די אַרומיקע דערפער.

סעם שיינקאָפּ האָט אַ גאַנץ לעבן געאַרבעט פאַר דער לאַמזשער לאַנדסמאַנשאַפט, און אויך ביים שאַפן די געלטער פאַר אָט דער שול האָט ער געגעבן אַ סך מי און צייט, איז טאַקע נישט קיין וווּנדער, וואָס ער האָט געוואָלט זעען די פּרוכט פון זיין אַרבעט.

„בית הספר האזורי מבועים" — הייסט די דאָזיקע שול, און אויפגעבויט איז זי געוואָרן דורך דער לאַמזשער לאַנדסמאַנשאַפט פון ניו יאָרק... דאָס איז אַ שיינע און אייגנאַרטיקע שול, וואָס איז אויפגעבויט אין אַ פּלאַץ, ארום וועלכן עס געפינען זיך דערפער מיט נייע עולים. דער נאָענסטער ישוב איז אשבול. אין דער שול לערנען 550 קינדער פון 8 דערפער. די שול ווערט וואָס אַ יאָר פאַרגרעסערט. דער בית הספר איז אפשר דער שענסטער וואָס געפינט זיך אין נגב. יעדן פרימאָרגן, ווען די קינדערלעך קומען זיך צונויף און באַלעבן מיט זייערע ליאַרמען און הייטערדיקע קלאַנגען די שול — דוכט זיך אייך אויס, ווי די גאָלדענע אותיות „ל א מ ז ש ע", וואָס קוקן אַראָפּ פון דער שול-געביידע האָבן געמאַכט אויפלעבן די פאַרשניטענע יידישע שטאָט. לאַמזשע האָט זיך אויפגעכאַפּט צו אַ נייעם לעבן און דערפרישט זיך מיטן מים-חיים פון יעקב אבינו'ס זיבן ברונעמער, וואָס זענען נישט ווייט פון דאַנען — באר שבע...

— און ווער איז דער בחור לעבן אייך?

— דאָס איז מיין זון בערי — ענטפערט מר שיינקאָפּ. איר קאָנט מיט איםריידן עברית.

שוין זיינע ערשטע העברעישע ווערטער קלינגען לויטער, ממש ישראלדיק. איך פאַרפיר מיט דעם סימפּאַטישן בחור אַ געשפּרעך, און וואָס לענגער איך רייד מיט אים אלס נאָענטער ווערט ער מיר. איך פיל ווי דער דאָזיקער גוט אויסגעספּאַרטעווער בלאָנדער בחור קאָלערט אַראָפּ מיט זיינע מילדע אויגן און וואַרעמע עברית-שטימע אַלע שווערע שטיינער, וואָס האָבן געפּרעסט אויפן האַרצן. ווייניק הערן מיר זיך דען טאָג איין טאָג אויס דאָ אַן, וועגן דער שפּראַכן-אסימיליאַציע צווישן דער יידישער יוגנט אין אַמעריקע? וועגן די אויסגעליידיקטע יידישע שטובן פון יידישקייט — און דאָ שטייט גאָר פאַר מיר פנים אל פנים אַזאַ טייערער „אַמעריקאַנער סאַברע" מיט אזויפיל יידישן וויסן. מיט אַ שיינעם עברית אין מויל, און ווייזט אַרויס אַזאַ זאַפּטיק יידישקייט ווי ער וואָלט געווען דערצויגן אין א לאַמזשער ישיבה. איך האָב געוואָלט ער זאָל ריידן צו מיר לאַנג, זייער לאַנג, און צום סוף, ווען מיר האָבן זיך געזעגנט האָבן מיינע ליפּן געשעפּטשעט אַ שטילע ברכה: „ישמך אלהים כבערי שיינקאָפּ" און אין זינען האָב איך געהאַט די יידישע יוגנט אין אַמעריקע.

שמואל שיינקאָפ געהערט נישט צו די יידן, וואָס זענען געקומען צום ערשטן מאָל אין לאַנד אַריין און געטראָפן אַ גרייטע מדינת ישראל. ער האָט וועגן אַ יידישע מדינה אַ גאַנץ לעבן געטרוימט. די אידעע געטראָגן ביי זיך אין האַרצן, און ווי עס געשעט אינעם מענטשלעכן לעבן די ווירקלעכקייט דערזען ערשט נאָך אַ סך יאָרן בענקעניש. און אָט דאָס זענען זיינע ווערטער:

— „ארץ ישראל איז ביי מיר טייער. ווען כ׳בין געפאָרן קיין ירושלים און דערזען די בערג פון יהודה איז אַ טרער ארויסגעקומען פון איר באַהעל־

טעניש און זיך אראָפּגעקאָלערט אויף מיין פּנים. דאָס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן און זיך אַנגעפילט מיט פרייד. אַ גאַנץ לעבן געהאלטן אין איין זאָגן „לשנה הבא בירושלים״ — און אָט בין איך אויף דער וואָר אין ירושלים !״.

— און ווי זעט ביי אייך אויס מיט יידישער דער־ציאונג ?

— די ישיבות זענען געוואָרן פאַרטאָפּלט, כפל כפלים. איך בין אין דער מיינונג, אז כדי צו געבן אַ קינד יידישער דערציאונג מוז מען אים שיקן אין דער ישיבה אריין. די העברעישע שול קאָן אים נישט געבן דאָס, וואָס ער דאַרף אויסצווואַקסן ווי אַ נאַ־ציאָנאַלער ייד. די ישיבה גיט אַרויס אַ בחור, וואָס

קען אַלץ און ווייסט אַלץ פון ערשטן מקור. ער ווערט דאָרטן רייף אַלס ייד.

— וואָס פאַר אַן איינדרוק האָט דאָס לאַנד גע־מאַכט אויף אייער זון ?

מיין ציל איז ער זאָל דאָ פאַרברענגען זיין וואַקאַ־ציע. דאָס וועט אים דערגענצן זיין „יידישע וועלט״. איך האָב אָבער נישט געמאַכט קיין טעות, ווייל מיין זון איז אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן דאָס לאַנד, אַז ער נעמט מיט מיר איינטעהנען, מיר זאָלן זיך דאָ באַזעצן.

מר שיינקאָפ ווי אַ ייד אַ בן תורה מאַכט דעם איינדרוק פון אַ שמח בחלקו־מענטש. אָבער די גרעסטע פרייד זיינע איז, וואָס ער האָט אינעם רווישיקן אמעריקע נישט פאַרגעסן אינעם עיקר. ער האָט דערצויגן זיין זון לתורה ולעבודה און דערמיט ווייטער געפלאָכטן די גאָלדענע קייט פון לאָמזשער זאַפּטיקן יידישקייט. דאָס איז היינט צו טאָג דער גרעסטער פאַרמעג מיט וועלכן אַ ייד פון די תפוצות קאָן זיך רעפּרעזענטירן אין ישראל.

מר שיינקאָפ איז אויך אַ חבר פון לאָמזשער ברענדש פונעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַר־באַנד. בעת זיין באַזוך אין לאַנד איז ער אויפגע־נומען געוואָרן דורך דער הסתדרות, פאַרבאַנד־העמלין הויז, חברים און פריינד.



בית הספר האזורי „מבועים״
the United Lomzer Committee in New York

# דוד זיסלין / דעטראָיט

אַ וותיק פון דער פועלי־ציון באַוועגונג, דורכ־גענומען מיטן גייסט פון ציוניסטיש־סאָציאַליס־טישן באַוווסטזיין, איז ער במשך אַ יובל יאָרן טעטיק אין די רייען פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט אין אַמעריקע.



דוד און סאָפי זיסלין

דוד זיסלין איז פון די ערשטע בויער און גרינ־דער פון אַרלאַזאַראָוו־ברענטשביים יידיש־נאַציאָ־נאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין דעטראָיט. זיין ליב־לינג איז אָבער יידישע קולטור, מיט וועלכער ער פאַרנעמט זיך צענדליקער יאָרן, און איצטער אַלס קולטור־פאָרזיצער פונעם אַרלאַזאַראָוו־ברענטש,

געבוירן אין אַ שטעטל אין טשערניגאָווער גובערניע אין רוסלאַנד. קומט ער אַלס 15 יאָריקער בחור קיין כאַרקאָוו און הויבט אָן לערנען דאָס דרוקער־פאַך. עס זענען דאַמאָלס געווען די צייטן ווען פון איין זייט האָט זיך די יוגנט אַרומגעטראָגן מיט חלומות וועגן אַ בעסערן לעבן, און פון דער צווייטער, האָט געבושעוועט די צאַרישע רעאַקציע. דוד זיסלין מיט זיינע סאָציאַליסטישע אידעען פילט, ווי ס'ווערט אים ענג אין דער רוסיש־כאַרקאָווער סביבה און ער עמיגרירט קיין אַמעריקע.

קיין אמעריקע איז ער געקומען ווי אַ „האַלבער פאַכמאַן”, ווייל פון דער כאַרקאָווער דרוקעריי ביז דער דרוק־טעכניק אין אַמעריקע איז געווען אַ מהלך רב, אָבער דאָס, וואָס ער האָט געקענט, איז אים אַלס נייער־עמיגראַנט אויך זייער צוניץ געקומען.

אין אַמעריקע געפינט ער אַ ברייט פעלד פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. דוד זיסלין ווערט טעטיק אין די פועלי־ציון און נאַציאָנאַלן אַרבע־טער פאַרבאַנד, און זיין פרוי סאָפי, אין די פיאָ־נערן פרויען־אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע.

אַ לאַנגע צייט, פירט דער אַרלאַזאַראָוו-ברענטש אַ קולטור־טעטיקייט ביים העלפן אַרויסגעבן בי־כער פון יידישע שרייבער. ווען ס'איז אויפגעקומען דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַן אַרלאַזאַראָוו אָנדענק־בוך, איז דוד זיסלין אַריינגעטאָן מיט התלהבות אין דער אַרבעט.

אין דעם ציוניסטישן אַרבעטער צענטער אין דעטראָיט געפינט זיך אַ ביבליאָטעק־צימער אויפן נאָמען פון „דוד און סאָפי זיסלין”. צו דער 40־יאָריקער טעטיקייט פון פרוי סאָפי זיסלין האָט די מועצת הפועלות זי באַערט מיט אָנשרייבן אַ טאָוול מיט איר נאָמען אויף דער קינדער־היים אין ראשון לציון, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורך דעט־ראָיטער חברות.

דוד זיסלינס אַרבעטער אידעען האָבן נאָך אין זיך דעם יוגנט־גלי, די איבערגעבנקייט און נשמה־עמאָציע פון זיינע יינגע יאָרן. מיט זיין גוטמוטי־קייט און פאָלקסטימלעכקייט עפנט ער קוואַלן יידי־שן פאָלקס־לעבן, וואָס זענען אַזוי נויטיק ביים היינטיקן טאָג פארן יידישן צבור, סיי אין די תפוצות און אפילו אין ישראל גופא.

זיי האָבן פאַרבראַכט אין לאַנד עטלעכע חדשים און געוווינט אין צפון תל אביב. שטילע און צופרי־דענע האָבן זיי זיך אָנגעזאָפט מיט אַ סך פרייד פון אויפבוי און לעבן.

דוד זיסלין מיט זיין פרוי סאָפי זענען באַ־גריסט געוואָרן בעת אַ זיצונג פון ועד הפועל און וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך אָנפירנדיקע חברים פון דער הסתדרות.

כ'האָב נישט געגלויבט צו טרעפן אַזאַ שיינע שטאָט ווי תל אביב, וואָס האָט זיך אַזוי מאָדערן אויס־געבויט זינט דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל — זאָגט מר. סאַמועל קאָלין מיט באַגייסטערונג,



Mr. & Mrs. Samuel Colin

ביי זיין ערשטן באַזוך אינעם לאַנד.

ווען מען רעדט מיט מר. קאָלין וויקלט זיך אויף אַ שטיק ציוניסטישע געשיכטע, וואָס הויבט זיך אָן פון דעם חיבת ציון מקור. ער מאַכט דעם רושם פון אַ וועטעראַן פון אַ באַוועגונג וואָס האָט געזיגט. ער איז געקומען אין לאַנד אַריין צוזאַמען מיט זיין פרוי, כדי אויף דער וואָר נאָך אַ מאָל איבערלעבן יוגנט־חלום. זענען דאָך זיינע שענסטע יונגע יאָרן געווען פאַרבונדן מיטן טרוים צו דער־לעבן און זען ציון ווי אַ מלכות ישראל. אין דער סביבה וו ער איז דערצויגן געוואָרן זענען געווען אַ סך אינטעליגענטע טרוימער און איבערגעגעבענע ציוניסטן, אָבער נישט אַלע זיינע יוגנט חברים האָבן געהאַט די זכיה צו זען מדינת ישראל אין איר אויפגאַנג, טראַכט ער אַזוי מר קאָלין דער וותיק און פרייט זיך מיט דעם זכות וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן...

מר קאָלין געהערט צו דער אַלטער גוואַרדיע ציוניסטישע עסקנים, וואָס זענען שוין אַ יובל יאָרן פאַרבונדן מיט ארץ ישראל. ער האָט אָנגעהויבן זאַמלען געלט פאַר ארץ ישראל נאָך אין דער אַלטער היים אין יאָר 1917, אין זיין געבוירן־שטעטל טרעמבאָוולע, גאַליציע. קומענדיק קיין אַמעריקע ווידמעט ער זיך אויך געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און גייט אַרום זאַמלען געלט פאַר לאָקאַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. שפּעטער ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן די U.J.A. איז ער פון די ערשטע עסקנים אין מגבית. ביים אויפקום פון די „ישראל באָנדס" ווערט מר. קאָלין דער „קעפּטן פון די באָנדס" אין זיין וווין־שטאָט. ער איז אַ לעבענס־חבר אין דער Z.O.A. אין יאָר 1950 האָט די „בראַנדייס ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע" איינגע־אָרדנט פאַר אים אַ „ברעקפעסט" און דערמיט באַערט זיין לאַנג יאָריקער ציוניסטישער טעטיקייט.



United Jewish Appeal
of Greater New York, Inc.

Founder's Certificate
Presented to
Samuel Colin

In recognition of his loyal and devoted support of our permanent community organization dedicated to the alleviation of Jewish suffering overseas, the upbuilding of Palestine, and the rehabilitation of refugees in our own country, to the end that the Jewish people may be preserved as a living force for democracy and freedom.

פאָטאָקאָפּיע פון אַן אויסצייכנונג

מיסטער און מיסיס קאָלין זענען דאָ שיין אויפגע־נומען געוואָרן דורך פאָרשטייער פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און „באָנדס"-דירעקציעס אין ירו־שלים און תל אביב.

# הרב שלמה קאַרלעבאַך / ניו יאָרק

„דורך איין נאַכט מיט אַ גיטאַרע קאָן מען מער אויפטאָן פאַר יידישקייט ווי אַ גאַנץ יאָר מיט דרשות" — זאָגט הרב שלמה קאַרלעבאַך.

מען רופט אים טאַקע „דער רבי מיט די גיטאַרע".



איינע פון זיינע גרעסטע מעלות איז, וואָס ער האַלט זיך פאַר אַ יונגן און אומעטום וו ער קומט מישט ער זיך אויס מיט דער יידישער יוגנט. די יוגנט ציט צו אים, און ער ציט צו דער יוגנט. אָבער ווער עס מיינט, אז ער וועט אים אריינגנאַרן... איז זיך טועה, דער רב ציט אים אריבער אויף זיין זייט...

דער „רבי מיט דער גיטאַרע" איז א נייעס אין אונדזער דור. ער האָט געשאַפן אַ נייע שיטה פון רעליגיעזן עקסטאַז. ער באַנוצט זיך נישט-נאָר מיט רעליגיעזע ניגונים, נאָר זינגט פסוקים פון תהילים. ביי אים מערקט זיך, אַז דער פסוק וועקט דעם ניגון. דער עיקר איז אָבער, וואָס סיי דער פסוק און סיי דער ניגון געפינען זיך אין אַ ריינעם היכל. איך האָב אַ קוק געגעבן אויף אים: די פאות הינטער די אויערן. די ציצית שלענגלען זיך פראַנק און פריי. די טישן זענען פול מיט וואָגיקע מוסר-ספרים. דאָס זאָגט זייער פיל.

ער איז אַ רב מיט אַ לאַנגע יחוס-קייט פון רבנים און גוטע יידן: זיין זיידע איז געווען רב אין ליבעק. זיינע פעטערס זענען געווען די רבנים פון האמבורג און לייפציג. מען דערקענט באַלד אין אים דעם זיידענעם תלמיד חכם מיט גוטע מאַניערן.

הרב ר' שלמה קאַרלעבאַך איז געבוירן אין בערלין. אין יאָר 1939 אנטלויפט ער פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע. ער לערנט עטלעכע יאָר אין ניו יאָרקער ישיבות און באַקומט היתר הוראה. ער באַקומט אַ שטעלע אַלס רב אין אַ קליין שטעטל, אָבער זיין פלאַמיקע נשמה ציט אים אין דער וועלט אריין, ער האָט אלעמאָל געהאַט אַ נייגונג צו מוזיק, קויפט ער אַ גיטאַרע, לערנט און געפינט שפּעטער אַ פאַרגעניגן צו זינגען און שפּילן רעליגיעזע ניגונים. פאַלט אים אַ מאָל איין א געדאַנק, אז ער וועט מהנא זיין די יוגנט פון זיין שטעטל מיט זיין רעליגיעזן געזאַנג. ער האָט באַלד מצליח געווען און באַקומען איינלאַדונגען פון אַ סך קהילות מקרב צו זיין די יידישע יוגנט מיט זיינע אויפטריטן. ערשט איצט כאַפּט ער זיך, אז מיט זיין דערפאָלג ביי דער יוגנט קאָן ער מער מצליח זיין צו ווירקן פאַר רעליגיעזן באַוווסטזיין ווי מיטן זיצן אַלס רב אין אַ קליין שטעטל... פון דאמאָלט אָן ווידמעט ער זיך די ניגונים פון זיין גיטאַרע, מיט וועלכע ער צילט איינצופלאַנצן רעליגיעזן באַגער אין די הערצער פון דער יידישער יוגנט.

היינט צו טאָג איז שוין „דער רבי מיט די גיטאַרע" באַקאַנט אין גאַנץ אַמעריקע און אין ישראל. זיינע „רעקאָרדס" געפינען זיך נישט נאָר אין יידישע הייזער נאָר אויך אין קריסטלעכע. זיינע טענער זענען אַזוי האַרציק סענטימענטאַל, ווי ס'וואָלט אין זיי געשטעקט אַ ניצוץ פון שלמה המלכ'ס פידל. זיינע ניגונים זענען א חלק פון זיין זינגענדיקע נשמה. נישט מער זיינע זיידעס האָבן

דאָס געברענגט צום אויסדרוק מיט תורה שבעל פה, און ער דרוקט דאָס אויס מיט דער הילף פון זיין גיטאַרע.

איך פרעג:

— ווי אַזוי ווערט געבוירן ביי אייך אַ ניגון?

— ביי מיר ווערט געבוירן אַ ניגון, אַז כ׳בין שטאַרק אין שמחה, אָדער כ׳בין שטאַרק צעבראָכן.

— וואָס מיינט איר מתקן צו זיין מיט אייער געזאַנג?

— דאָס איז אַ ביסל אַ טיפערער ענין. די היינטיקע יוגנט וויל נישט וואַרטן ביז משיח וועט קומען און מגלה זיין דעם טעם פון יעדן וואָרט אין דער תורה. מוז מען זיי עפּעס געבן, אין וואָס זיי זאָלן געפינען אַ טעם פון די תרי״ג מצוות. דער צוגאַנג פון חסידות איז צו געפינען אַ טעם פון אפהיטן שבת און אָפּהיטן מצוות. דעם היינטיקן דור קאָן מען נאָר אריינציען אין רעליגיעזער יידישקייט, ווען מען גיט אים צו פילן דעם טעם פון רעליגיעזן געזאַנג. אז עס בראַכט אין מיר אויף א נייער ניגון האַלט איך, אז דאָס איז עפּעס. פארטיף איך זיך אין אים און וויל דערגיין און דערפילן צו ער שפּיגלט אָפּ די געפילן פון דור. די היינטיקע יידישע יוגנט איז אַ דור וואָס בענקט נאָך עפּעס העכערס, און ווייסט נישט ווו מ׳קען דאָס געפינען. ווען איך וואָלט געווען דער רב פון תל אביב וואָלט איך נישט געוואַרט ביז מיינע בעלי־הבתים זאָלן קומען נעמען ביי מיר יידישקייט. איך וואָלט ארומגעלאָפן איבער דער דיזענגאָף־גאַס, גערעדט מיט יעדן בחור און מיידל, און זיי אריינגעצויגן אין בית כנסת, צו די געבאָטן פון דער תורה, צו וואָרצלדיקער יידישקייט. פון מיין פּראַקטיקע אַלס רב ווייס איך, אַז דרשות זענען אַ ברכה לבטלה. וויל מען געווינען די יוגנט פאַר יידישקייט, מוז מען זיך קענען מקריב זיין דערפאַר. מען מוז אריינדרינגען טאַקע צו די פרייע יוגנט און אָנהויבן מיט זיי שמועסן. זיי ווייזן, אַז רעליגיעזע יידישקייט שליסט נישט אויס וועלטלעכן וויסן. קאָן מען נישט פוילן מיט בלויז ווערטער מוז מען נעמען די גיטאַרע אין האַנט און דורך איר צו זיי רעדן...

— ווי אָפט קומען פאַר אייערע קאָנצערטן?

— איך טרעט אויף אין 4 ביז 5 קאָנצערטן אַ וואָך.

ביים געזעגענען זיך מיט הרב קאַרלעבאַך אין תל אביב האָב איך געזען צוויי זאַכן: די ליבשאַפט פון דער היגער יוגנט צו אים און זיין ליבשאַפט צו דער גיטאַרע. די גאַנצע צייט פון זיין פאַרברענגען אין תל אביב איז ער געווען ארימגערינגלט מיט זיינע יוגנטלעכע חסידים. מען איז געקומען צו אים „כאַפּן אַ ניגון". זיינע קאָנצערטן זענען פאַרגעקומען ביי פולע הייזער. איך האָב אויך געזען זיין ליבשאַפט צו דער גיטאַרע. יעדע פרייע מינוט כאַפּט ער זי אין האַנט און שפּילט אַ ניגון.

פון די צוויי דערשיינונגען לערנען מיר, אז דער רב וועט זיך שוין מיט זיין גיטאַרע קיינמאָל נישט שיידן. ער האָט אויסגעוויילט דעם וועג פון „גיין צום באַרג", און מיר גלויבן, אז ער וועט האַלטן אין איין ארויפגיין.

## אהרן דאַניעלס / ניו יאָרק

דער נאָמען אהרן דאַניעלס איז פאַראייביקט אין ישראל. אין די הרי יהודה האָט דער קרן קימת לישראל געפלאַנצט א וואַלד פון 1500 ביימער, — יער דאַניעלס.

Mr. Aaron Daniels באַזוכט שוין דאָס לאַנד צום צוועלפטן מאָל. ער האָט גרויסע סענטימענטן פאַר דער מדינה און העלפט צו מיט וואָס נאָר ער קאָן. ער ארבעט פאַר די „ישראל באנדס", „יונייטעד אפּיל" און איז אויך באַטייליקט אין „אמפּאל". אויך זיין פרוי מיסיס **בערטא** ארבעט אין „הדסה" און אין אנדערע יידישע הילפס־אינסטיטוציעס.

— די ענדערונג וואָס איך זע אין ישראל זינט מיין ערשטן באַזוך מיט 5 יאָר צוריק — זאָגט מר. **דאַניעלס** — איז דאָס, וואָס די ישראל־תושבים זענען היינט מער צופרידענע. כ׳האָב דאָ א סך באַקאַנטע און איך פאַראינטערעסיר זיך מיט דעם פּראָבלעם. עס וואַרפט זיך אין די אויגן די איניציאַטיוו פון די מענטשן. אַז מען זעט דאָ יידן מיט די קאַצעט־צייכנס אויף דער האַנט, וואָס האָבן אַזויפיל מיטגעמאַכט, און זיי האָבן גייסט און ענערגיע צו אַ נייַ לעבן און זענען שוין גרייט צו העלפן נייע עולים — איז דאָס דער גרעסטער וואונדער.

ביי זיינע באַזוכן אינעם לאַנד איז מר. **דאַניעלס** אויפגענומען געוואָרן דורכן שר האוצר מר לוי אשכול און פאָרשטייער פון אינסטיטוציעס.

# בען פרידמאַן / ברוקלין, נ. י.

במשך פון אכט וואָכן האָט דער נאָמען בען פרידמאן אראָפּגעשריען פון די אַפישן איבער די תל אביבער גאַסן.

וועלכער ייד האט דאס נישט קיין חשק צו הערן



זינגען קוסעוויצקין מיטן כאָר, דיריגירט פון בען פרידמאן?

דורך דער צייט האבן אים געהערט טויזנטער, צענערטויזנטער אין ישראל, און בען פרידמאַן איז געוועז אזוי „ביזי" אז ס׳איז שווער געווען אים צו „כאַפּן" אפילו אויפן טעלעפאָן.

בען פרידמאן האָט אָנגעהויבן זינגען נאך אלס קליין יינגל אין זיין געבוירן־שטעטל באַראַנאָוו, לעבן מעליץ. ער האָט דערפילט דעם טעם פון א חסידישן ניגון און שוין מער אים נישט אָפּגעלאָזט. שפּעטער האט ער געלערנט מוזיק און זיך דער שלאָגן אלס כאָר־דיריגענט צו די בארימטע חזנים: משה אוישער, לייבעלע וואלדמאן, בערעלע חגי און קוסעוויצקי.

עס וואלט אבער געווען א טעות צו מיינען אז מר. בען פרידמאן איז נאר א דיריגענט פון א געזאַנג־כאָר. ער דיריגירט אויך א שפּאָר ביסל אייגעם יידיש געזעלשאפטלעכן לעבן. ער איז פרעזידענט פון דער לוטעוויסקער אסאָסייטע, און אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פונעם גאליציאַנער פארבאנד. ער איז דער לאנדמאנסשאפט־וויס־פרעזידענט פון ק.ק.ל. און איינער פון די דירעק־טאָרן אָף באָארד פון דער לאַנדסמאַנשאַפט דיוויזיע פאר דער הסתדרות אין אמעריקע, און א חבר פון די קאָמיטעטן פאר די „באָנדס" און די יונייטעד דזשואיש אַפּיל.

— ווי זעט אויס די טעטיקייט פון די לאנדסמאנשאפטן?

מיר גייען אדורך א געפערלעכע פעריאָדע. דער גאנצער יסוד פון צדקה, וואס מ׳האט מיט א יובל יאָרן צוריק אָנגעהויבן בויען אויף די לאנדסמאנשאפטן, ווערט איצט ארויסגענומען פון זייערע הענט. די יידישע אינסטיטוציעס ווי דער „דזשוינט" און אנדערע, וואס זענען געשטיצט געווארן פון די לאנדסמאנשאפטן קוקן זיך רואיק צו, ווי די לאנדסמאנשאפטן גייען ביסלעכוויז אונטער — ווייל דער יונגער דור קומט מער דאָרט נישט אריין, און זיי פארטראכטן זיך אפילו נישט וועגן עצם קיום פון די לאַנדסמאנשאַפטן.

ווער נעמט איבער די ירושה?

— עס איז נאך א נס, וואס מיר האבן מדינת ישראל, ווייסן מיר כאָטש, אז דאס, וואס מיר טאָן פאר דער מדינה וועט בלייבן אויף תמיד!

— צי האט איר באוויזן עפּעס צו זען אינעם לאנד?

— כ׳בין געווען אין באר־שבע אין נגב, אין אשקלון, איך האב געזען, וואס מ׳האט געמאכט פון א וויסטעניש, וואס איז ערשט נישט לאנג געווען פול מיט גליענדיקן זאמד. איצט זענען דאָרט ארויסגעוואקסן שיינע הייזער, פאבריקן, בלומען־גערטנער, גרינע פעלדער אוןביימער. דערמאָנט מען זיך, אז דאס אלץ איז געשאפן געווארן אין פארלויף פון עטלעכע יאָר — איז נישטאָ דערפאר קיין אנדערער אויסדרוק ווי וואונדער־!

יאָ, מר פרידמאַן. ס׳איז טאַקע וואונדער!

# יעקב שאפירא / לאַנג איילאַנד

אויפן פלי-פעלד אין לוד וואַרטן אַ גרופּע רעליגיעזע יידן אויפן אָנקומען פון „אל-על"-עראָפּלאַן. אין זייערע הענט זעט מען נישט קיין בלומען-בוקעטן, אָבער אין זייערע אויגן גלאַנצט התלהבות. זיי זענען אָנגעטאָן אין שבת'דיקע קליידער און מיט א יום טוב'דיקער שטימונג זענען זיי מקבל פּנים די געסט.

ר' יעקב שאפּירא מיט זיין פרוי רבקה גייען אַראָפּ מיט פאַרזיכטיקע טריט פון די עראָפּלאַן-טרעפּן. אין זיינע הענט טראָגט ר' יעקב אַ זאַך וואָס ער דרוקט צום האַרצן. דאָס איז אַ ניי-באַצירטע ספר תורה, וואָס ער האָט געלאָזט שרייבן אין ניו-יאָרק און מיטגעבראַכט פאַרן בית כנסת פון כפר ח ב "ד.

ר' יעקב שאפּירא איז שוין פון פריער פאַרבונדן מיט כפר חב"ד. אז איר קומט אין דעם דאָרף אריין, ווו ס'ווינען חב"דער חסידים, וועט איר באַלד זעען וואָס ער האָט דאָרטן געשאפן. אויפן נאָמען פון ר' יעקב ורבקה שאפּירא איז דאָרטן אויסגעבויט אַ צימער פאַר די תלמידים, וואָס לערנען תורה און אויך טישלעריי, דרוק-פאַך און האָלץ-שניצעריי. ענדיקט אַ בחור די דאָזיקע שול, האָט ער אַן עקזיסטענץ, איז ער באַזאָרגט מיט פּרנסה און קאָן אָנהויבן א זעלבסשטענדיקן לעבן. לעבן דער פאַך-שול איז פאַראַן אַ בית כנסת פאַר די תלמידים. און אָט-אָ פאַר דעם בית כנסת האָט ר' יעקב שאפּירא געבראַנגט די ספר תורה.

ר' יעקב שאפּירא שטאַמט אָפּ פון שטעטל ק ו - פ ע ל (וואָלין). זיין פאָטער ר' נחום שאַפּיראָ ז"ל איז געווען אַ חסיד און גרויסער למדן. ער האָט געשיקט זיין זון לערנען אין די בעסטע ישיבות פון יענער צייט; אין די ראַדינער ישיבה פון חפץ חיים און לידער ישיבה פון הרב ר' יעקב יצחק ריינעס. אָנגעזאַפּט מיט תורה און וויסן האָט ער זיין אייגענעם דרך אין לעבן. דעם וועג פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער. זיין אהבת ישראל דערגייט צו די קריסטאַל-לויטערע, טיפע קוואַלן, וואָס נאָר יחידי סגולה פון דער חסידישער וועלט האָבן דעם שליסל צו זיי.

און אַזוי זאָגט צו מיר ר' יעקב שאפּירא אין תל-אביב.

— „ווען איך קום אריין צו אַ ייד אין ישראל און אפילו ווען איך זע, אַז ער עסט טריף — איז דער ייד ביי מיר טייערער ווי דער סאַמע רבי, וואָס זיצט אין ווילעמסבערג (ברוקלין). ווייל דער ייד אין ישראל האָט דעם גרויסן זכות, וואָס ער פאַרטיידיקט אונדזער לאַנד און יידישן כבוד, ווי נאָר אַ ייד געפינט זיך".

מיינט איר דאָך אודאי, אז ר' יעקב שאפּירא איז פון די „בית הלל", וואָס האָבן ליב מקל צו זיין? איז דאָס נישט ריכטיק! דריי יאָר האָט ער געדינט אין דער צאַרישער ארמיי און נישט פאַרזוכט קיין לעפל עסן פונעם זעלנערישן קעסל.

— „דאָ — זאָגט ווייטער דער גאַסט — קענט איר געפונען 20% וואָס היטן נישט אָפּ שבת. ביי אונדז אין אמעריקע קענט איר קיין 20% נישט געפינען וואָס היטן יאָ אָפּ"...

די הויפּט-טעמע פון זיין לעבן, איז ישראל. זיבן הימלען פון ליבע עפענען זיך ווען זיינע טריט שפּאַנען איבער די בערג פון יהודה. פאַרמעטענע ספרים פול מיט יידישער קדושה בלעטערן זיך פאַר אים אויף, ווען ער שפּאַצירט אינעם טאָל פון טבריה. און די באַנייאונג פון מלכות שלמה זעט ער אין די בחורים וואָס טראָגן דעם אָדלער פון צ ה "ל.

לויט אים, ר' יעקב שאפּירא קומט אויס, אז אויף 4 זיילן האַלט זיך די וועלט:

י ש ר א ל
צ ד ק ה
ת ו ר ה
און ג מ י ל ת ח ס ד י ם.

— אינעם צענטער פון יידישן לעבן זעט מר. שאפּיראָ — מדינת ישראל, און דורך איר בליען יידישע ישובים אין דער וועלט. אַרום איר אַקס דרייט זיך יידישער קיום.

דאָס מאָל איז דער גאַסט ארויסגעפאָרן איבערן לאַנד זעען וואָס ס'איז געשאפן געוואָרן. ער האָט געזעען וועלדער און ישובים, קיבוצים און דערפער, נייע פאַבריקן און נייע וואַסער-קוואַלן.

— א גרויסן איינדרוק — זאָגט מר. שאפּיראָ האָט אויף מיר געמאַכט די באַוואַלדערונג פון די הרי יהודה. 4 מיט אַ האַלבע שעה בין איך ארומגע-פאָרן צווישן יונגע וועלדער, וואָס זענען געפלאַנצט געוואָרן נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה. אין דעם ליגט אַ סך ארבעט און א סך מסירת נפש.

און אויב מ׳דערמאָנט שוין דאָס וואָרט מסירת נפש — איז כדאי צו ברענגען אַ שמועס צווישן ה׳ שאפירא און דעם טשארטקאָווער רבין פון תל אביב.

דער גאַסט האָט דערציילט דעם רבין:

— כ׳בין געווען אין א יוגנט-קאָלאָניע אויפן נאָמען פון ד״ר ישראל גאָלדשטיין. זענען דאָרטן פאַראַן 550 קינדער פון דער יוגנט-עליה. א סך זאכן זענען מיר געפעלן געוואָרן, נאָר איין זאַך איז מיר געווען פריקרע. אין א ישוב פון מער ווי 500 קינדער זאָל נישט זיין קיין בית כנסת?״.

ענטפערט אים דער טשארטקאָווער:

— ,,ר׳ יעקב, טייטשט דאָס נישט אויס צום שלעכ-טן. דאָס לאַנד בויט זיך ערשט און מען ווייסט נישט וואָס פריער אויפצובויען. מיינט איר אפשר, ר׳ יעקב, אז זיי וועלן ח״ו אויסוואַקסן שלעכטע זון פונעם פאָטערלאַנד? אוי, ר׳ יעקב, ווען איר וואָלט זעען ווי אפילו דער לינקער שומר הצעיר האָט זיך מקריב געווען פארן לאַנד, וואָלט איר זיכער אַנ-דערש געקוקט אויף אונדזערע קינדער...

ר׳ יעקב שאפירא האָט רואיק אויסגעהערט דעם טשארטקאָווער רבינס רייד, אָבער אין זיין גאַנצן וועזן האָט אויפגעבראַכן אַ גרויסע פרייד. זענען דאָך נאָך פאַראַן אין אין ישראל רעליגיעזע אויטי-ראַטעטן, וואָס זעען אינעם ישראל-מענטש דעם גרויסן גייסטיקן ווערט. וואָס שאצן זיין קדישת השם העכער ווי זיינע פריוואַטע איבערצייגונגען... זענען נאָך פאַראַן אנדערע וואָס דענקן ווי ער. און פון דאמאָלס אָן איז דער טשארטקאָווער רבי געוואָרן אים נאָך מער נענטער, נאָך מער ליבער...

ר׳ יעקב שאפירא איז אויך באַקאַנט מיט זיין נאַציאָנאַל-געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. ער איז אַן אינטענסיווער מיטארבעטער פון די ,,באנדס״. ארבעט זייער פיל פאר די U.J.A. און פאַרן קרן קימת לישראל. ער איז א ,,לייף מעמבער״ פון די ציונים כלליים, מזרחי און פון די לובאוויטשער און מירי-רער ישיבות אין ירושלים. אויסער דעם שטיצט ער ישיבות פון תורה און מלאכה.

## פיליפ צינמאַן / CAMDEN, N.Y.

איך אַרבעט פאַר ישראל, ווייל מיטן העלפן מדינת ישראל העלפט מען יידישקייט אין דער גאַנצער וועלט — זאָגט Mr. Philip Zinman.

און מר פיליפ צינמאַן האָט טאַקע אַ גרויסן רעקאָרד פון אַרבעט, נאָך פריער ווי ישראל איז געווען אַ זעלבסשטענדיקע מדינה האָט ער גע-אַרבעט פאַר דער ,,הגנה״ און אנגעפירט מיטן ,,קאמפיין״. אין 1946 איז ער געווען פרעזידענט, אין 1947 וויים-פרעזידענט פון ,,קאמפיין״. מיט-געארבעט אין דעם ,,באנדס דרייוו״ זינט דער אנט-שטייאונג.

— די פליכט פון יידן אין דער גאַנצער וועלט — זאָגט מר. צינמאַן — איז צו העלפן אויפבויען אַ שטאַרק און עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיק ישראל. יידן אין די תפוצות דאַרפן פאַרשטיין, אַז אין ישראל בויט מען אויף יידיש-לעבן. איך קום אָלע יאָר זעען וואָס מען האָט אויפגעבויט און באַנייט. איך געדענק נאָך ווען אין באר שבע האָבן געוווינט 500 מענטשן. היינט איז עס אַ שטאָט מיט צענער-טויזנטער. אַ שטאָט, וואָס אַנטוויקלט זיך מיט אַ רעשיקן טעמפּאָ. מיט פאבריקן און ניי-אויסגעבוי-טע קוואַרטאַלן. כ׳בין איצט געווען אין לכיש-געגנט און געזען ווי אַ מדבר איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעבן. עס קלאַפּט דאָרט א ניי יידיש לעבן! איך אַליין בין זייער פארנומען אין מיין היים, אָבער כ׳פיל פאַר מיין חוב אָפּצוגעבן אַ סך צייט פאַר העלפן די נאַציאָנאַלע פאָנדן פון מדינת ישראל.

מר. צינמאַן איז אויך דער טרעזשירער פון ,,איז-ראַעל אינוועסטמינס״ און האָט מיט זיין איבערגע-בנקייט און ליבשאַפט צו ישראל, זייער אַ סך מיט-געהאָלפן צום אויפבוי און אַנטוויקלונג פון לאַנד. איז אַ מענטש מיט אַ סטאַזש פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און תמיד טוט ער זיין אַרבעט לשמה!

דער חשובער גאַסט פילט זיך אין ישראל ווי אין זיין אייגענער היים. מר. צינמאַן איז אויפגענומען געוואָרן דורך ישראל-פערזענלעכקייטן מיט פולער אַנערקענונג פאַר זיין נאַציאָנאַל-געזעלשאַפטלעכער, לאַנגיאריקער אַרבעט.

**א**ין כפר חב״ד איז אויסגעבויט אַ צימער אויף זיין נאָמען. אָבער ה׳ אליהו זאַק איז נישט נאָר פאַרבונדן מיט זיין פונדאַציע, וואָס טראָגט זיין נאָמען, נאָר אויך מיטן גייסט פון חסידי חב״ד.



געבוירן אין לעטשיעוו, אוקראַינע, אין אַ חסידיש הויז, בלייבט ער ביז היינט־צו־טאָג אַן אָפּגעהיטענער רעליגיעזער ייד. ער רעדט אַ זאַפּטיקן ייִדיש, און איז ממשיך מיטן דערציען זיינע קינדער און ישיבות און יידישע שולן. ביי זיין איצטיקן באַזוך אין לאַנד האָט ה׳ זאַק מיטגעבראַכט זיין טאָכטער, אַ יונג מיידל פון מיטל־שול. איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן ווי די טאָכטער רעדט מיטן טאַטן יידיש, הגם זי רעדט אויך עברית.

נאָך זייענדיק אין דער אַלטער היים ציט אים קיין ארץ־ישראל. אין יאָר 1921 פאָרט ער אַלס חלוץ קיין ארץ־ישראל. ער ווערט אָבער פאַרהאַלטן אין ווילן און צוריקגעשיקט קיין רוסלאַנד. ער וויל אָבער באַין אופן נישט בלייבן אין דער אַלטער היים, און אין 1928 ווערט ער על פי צופאַל געוווירר, אַז מען קאָן עמיגרירן אין עטלעכע דרום־אַמעריקאַנישע לענדער, צווישן זיי מעקסיקע. ער באַשליסט באַלד צו עמיגרירן קיין מעקסיקע.

אין מעקסיקע־סיטי האָט ה׳ זאַק אויסגעבויט זיין נייע יידיש־טראַדיציאָנעלע היים.

אַז ה׳ זאַק קומט אין ישראל ווערט ער באַהערשט דורך אַן אינערלעכע פרייד. עס דוכט זיך אים אויס ווי ער וואָלט מיט זיין אַנוועזנהייט מתקן געווען די אָפּגעריסנקייט, וואָס דער גורל האָט אים אָפּגעשפּילט אין זיינע יונגע יאָרן, ווען ער האָט געוואָלט דאָ זיין צווישן די חלוצים פון לאַנד. ער ברענגט אויך מיט זיינע קינדער. יידישע קינדער פון מעקסיקע דאַרפן זעען מיט אייגענע אויגן די יידישע מדינה.

און אַזוי זאָגט ה׳ זאַק:

— ישראל האָט זיך צעוואַקסן און צעבליט. ווען כ׳בין דאָ געווען אין 1956 איז נאָך דער וועג קיין ירושלים געווען טרוקן. היינט איז ער גרין און פול מיט נייע דערפער. תל־אביב צעוואַקסט זיך אין דער לענג און ברייט. מיין שטאַרקסטער איינדרוק איז אָבער „אַ שבת אין תל־אביב". איך בין אַ רעליגיעזער ייד, און ווען כ׳מאַך שבת אַ שפּאַציר איבער די תל־אביבער גאַסן און זע: אַלע געשעפטן זענען געשלאָסן, די באַוועגונג אָפּגעשטעלט, דער טומל פאַרשווונדן — קוועלט מיר דאָס האַרץ. דאָ פילט מען דעם טעם פון אַ יידישן שבת!

איך האָב אָבער אויך אַ בליק געטאָן אין דער וואָכיקייט. געווען אין נצרת, האָב איך דאָרטן געזען אַן אויסגעבויטע טעקסטיל פאַבריק — איז דאָס פונעם שענסטן פון דער לעצטער טעכניק. איך אַליין בין אַ פאַבריקאַנט, אָבער צו אַזאַ טעכניק בין איך נאָך נישט צוגעקומען.

און ועל כולם ווירקט אויף מיר גוט, וואָס מען רעדט דאָ צו מיר יידיש. איך הער יידיש אין אַלע גאַסן אין ישראל. איך אַליין רעד דאָ נאָר יידיש.

# אהרן לויס / אָמאָהא, נעבּרעסקאַ

זיין לעבענס־וועג איז נישט אויסגעשפּרייט מיט קיין בלומען. ווי נאָר זיין מאַמע האָט אויפ־געהערט צו גלעטן זיין קינדעריש קעפּל און ער איז געוואָרן אַ דערוואַקסענער מענטש האָט ער



גלייך דערפילט די האַרטקייט פון גורל. ער איז אָבער קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין קיין יאוש. שטילשווייגנדיק האָט ער אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און ווייטער געטרונקען פון ביטערן בעכער.

געבוירן אין שטעטל סקווערע, קיעווער גובער־ניע, אין אַ בעל־בתיש הויז האָבן זיינע עלטערן אברהם ישראל און מלכה געוואָלט ער זאָל בלייבן א ווויל־לערנער. ווי ס'איז געווען די מאָדע אין יענע צייטן, האָבן יידישע עלטערן געוואָלט אָפּ־היטן זייערע קינדער פון ווערן אַ בעל מלאכה, כאָטש דער טאַטע אַליין איז געווען אַ טישלער, און געהאַט דעם ווערקשטאָט אין שטוב.

אָנגעהויבן מיטן חדר, דערנאָך געלערנט ביי די בעסטע מלמדים, ביז דער רב פון שטעטל האָט געכאַפּט אַ שמועס מיטן בחור און געראָטן די עלטערן זיי זאָלן אים שיקן אין ישיבה אַריין. צו בר-מצוה לערנט שוין אהרנדל אין דער קאָרסינער ישיבה און ווי ס'איז געווען דער מינהג, עסט ער טעג ביי די קאָרסינער בעל הבתים.

וועמען ווי וועמען, אָבער אונדזער אהרנ'דלען שמעקט נישט עסן טעג ביי פרעמדע טישן. ווי אַ בן יחידל איז ער געווינט געווען די מאַמע זאָל אים אָפּהיטן מיט אַ געשמאַקן ביסן. אין דער היים האָט ער געהאַט אַ פיינעם געלעגער און דאָ איז נישט איינמאָל אויסגעקומען איבערצונעכטיקן אויף די האַרטע בית המדרש בענק. דאָס לעבן אין דער פרעמד האָט אַרויפגעלייגט דעם חותם אויף זיין יינגן פּנים, און ווען ער איז אַהיימגעקומען אויף יום טוב און די מאַמע האָט דאָס דערזען — האָט זי אים צוגעדריקט צום האַרצן און געזאָגט:

— „בלייב אין דערהיים מיין קינד! אַז דו וועסט וועלן גיין אין גאָטס וועגן, וועסטו ביי אונדז אויך אַ גוטער ייד אויסוואַקסן".

פון דאַמאָלט אָן בלייבט שוין אהרנדל אין דער היים. ער גייט ווייטער אין בית המדרש אַריין לערנען, דאַווענען. אַזוי לויפן די יאָרן. אהרנ'דל ווערט אַ פעסטער בחור. ווען נאָר ער קומט פון בית המדרש קוקט ער זיך צו, ווי דער טאַטע האַרעוועט שווער. מאַכט שרענק, בעטן און טישן פאַר די פּויערים. אהרנ'דל זעט ווי דער שווייס רינט פון טאַטנס פּנים, אָבער די מאַזאָלענע הענט לאָזן נישט אָפּ די זעג און הובל. דעמאָלט דער־פילט דער בן יחיד די קראַפט פון זיינע מוסקולן. עס לאָזט אים נישט איינזיצן. ער גיט אַ וואַרף אַראָפּ פון זיך דאָס דינע זיידענע גאַרטעלע מיט דעם אַטלאַסענעם קאַפּאַטקעלע. די לאַנגע ציצית, וואָס בימבלען אַראָפּ פון טלית-קטן שאַרצט ער אַריין אין די הויזן, און ער גיט אַ כאַפּ פון טאַ־טענס הענט די זעג און הובל, אָט נאָר אַזוי אויף איין מינוט... סתם אַזוי צו פּרווון, אויב די זעג וועט אין זיינע הענט גיין גלייך ווי אַ ווירע און אַרויסוואַרפן שנירלעך געלע פּרוכנע . . . און אויב דער הובל, וואָס אין זיינע הענט וועט אויך גלאַטיק מאַכן אַ ברעט ווי אַ גלאָז . . . אַזוי איינמאָל, צוויי



SAMUEL ROTHBERG

NATIONAL CHAIRMAN OF TRUSTEES
STATE OF ISRAEL BONDS

February 1, 1961

Mr. Aron Louis
411 N. 20th Street
Omaha, Nebraska

Dear Aron:

I have just received word that you have become the first Trustee in Omaha, and probably one of the first Trustees in the entire country, in Israel's Bar Mitzvah year. I also understand that you are taking steps, by converting a number of your investments into Israel Bonds, to demonstrate to the entire community your complete confidence in the State of Israel. What you are doing, Aron, is simply wonderful and I am sure that when the final score is in this year we will find that your own purchases have been multiplied many times by the purchases of those who followed your example.

As President of Israel Investors Corporation, may I also express my appreciation for the confidence you have shown in the Corporation by becoming a stockholder.

I wish there were many more people around with your understanding of what history demands of us at this time and with your willingness to do your full share. Israel's struggle for self-sufficiency and security would then be far less difficult.

With all good wishes, I am

Cordially,

Samuel Rothberg

SR:mpo

פאָטאָקאָפּיע פון אַ אויסצייכענונגס-בריוו צו מר. אהרן לואיס

מאָל... דערנאָך טראַכט זיך אהרנ׳דל: פאַרוואָס טאָקע ניט צוהעלפן אַביסל דעם טאַטן, און אין אינוועגס לערנען אַ מלאכה פאַרוואָס זיך עפּעס פאַרלאָזן אויף בלויז תורה? טאָמער דאַרף מען אַ מאָל זיך אַליין מפרנס זיין . . . זאָגן דאָך אונדזערע חכמים אם אין קמח אין תורה . . .

דעם טאָג האָט שוין אהרנ׳דל איינגעטיילט אויף דער העלפט. אַ האַלבן טאָג האָט ער געלערנט תורה אין בית המדרש, און דעם אנדערן האַלבן געאַרבעט אין טאַטענס ווערקשטאַט. דער קאָפּ איז וואָס אַמאָל פולער געוואָרן מיט תורה און חכמה, און די מוסקולן זענען געוואָרן האַרטער און שטאַרקער. די בחורים פון שטעטל האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן און ייִנגע מיידלעך האָבן פאַרשטעלטערהייט געוואָרפן אויף אים הייסע בליקן. ביז איינע טאָקע אַ שיינע און אַ „קאָזאַק" דערצו האָט זיין האַרץ געפאַנגען.

אַז אהרנ׳דל איז שוין צוויי זומערס אַרומגעגאַנגען מיטן מיידל אויף די לאָנקעס, הינטערן שטעטל, און ס׳האָט שוין געהאַלטן ביי אַ חופה, רופט זיך צו אים אָפּ די גוטע מאַמע: „אהרנ׳דל, זי איז נישט פאַר דיר!"

מער האָט די מאַמע גאָר נישט געזאָגט. און כאָטש טאַטע מאַמע זענען געווען קעגן שידוך האָבן זיי דעם זונ׳ס שמחה נישט געוואָלט פאַרשעמען. זיי האָבן געפּראַוועט די חתונה מיטן גאַנצן קנאַק און אפילו דאָס ייִנגע פּאָרל אַריינגענומען צו זיך אין שטוב אַריין.

אָבער די מאַמעס רייד זענען מקוים געוואָרן. פון קיין גוט פאַמיליע־לעבן האָט אהרן זיין גאַנץ לעבן נישט געוווּסט. נישט אין דער אַלטער היים, און נישט ווען ער איז מיט 50 יאָר צוריק אָנגעקומען קיין אַמעריקע.

ס׳זענען געבוירן געוואָרן קינדער. אהרן האָט געאַרבעט אין שוויץ־שאַפּ, געהאָרעוועט אַ גאַנצן טאָג, אָבער אַז ער איז געקומען אין שטוב אַריין, האָט ער נישט געפילט די וואַרעמקייט פון אַן אייגענער היים. אַזוי איז געווען זיין גורל, און אַזוי האָט ער מיט אים שלום געמאַכט.

אַזוי האָט ער אַ גאַנץ לעבן געטראָגן „שווערע שטיינער אויפן האַרצן", און ווען נאָר די לאַסט איז געוואָרן פאַר אים צו שווער האָט ער געפונען אַ שטיקל טרייסט אין דער ליטעראַטור. ער האָט ליב צו לייענען יידישע ביכער. אפילו, דאָ אין ישראל האָט ער זיך מיטגעבראַכט אַלע ווערק פון די יידישע קלאַסיקער. תמיד טרעפט איר אים מיטן יידישן בוך אין האַנט, ווי א פרומען יידן מיטן תהילימ׳ל.

ערשט ווען ס׳איז אויפגעקומען מדינת ישראל, האָט זיך מר. אהרן לואיס אויפגעכאַפּט ווי פון אַ בייזן חלום. ער האָט פלוצים דערזען, ווי אַ גרויס שטיק לעבן איז אַנטלאָפן. ער האָט שוין דערוואַקסענע אייניקלעך, נאָר ער אַליין דרייט זיך אַרום איבער די אַמאָהער גאַסן אַן איינזאַמער . . . דאָרטן — ביים מזרח ברעג פון מיטלענדישן ים — האָט ער גענומען אינטענסיווער טראַכטן — גייט אויף אַ ניי לעבן. דאָרטן וואַקסן אויס אויף אַלטע חורבות נייע היימען — טאָ פאַרוואָס זאָל איך נישט זיין צווישן זיי?

אויף צו מאָרגנס האָט ער תנאים געשריבן מיט דער יידישער מדינה. אָן טומל, האָט ער שטילערהייט צוזאַמענגענומען אַלע זיינע אָפּשפּאָרונגען און סאַר דעם געלט געקויפט ישראל־באָנדס. דערפאַר האָט ער באַקומען דעם טיטל: Guarden of Israel אויף מאַמע לשון הייסט דאָס אַ „שומר ישראל", אַ „מלאך מליץ אויף ישראל". מיר גלויבן, אַז פאַר אַ יידן, וואָס טוט אַזאַ מעשה טובה איז דער טיטל צוגעפּאַסט. באַלד דערנאָך האָט ער געמאַכט ויסעו קיין מדינת ישראל — ויחנו אין דער עלטסטער יידישער שטאָט — פּתח תקוה.

מר. לואיס האָט אָבער נישט פאַרגעסן מיטצוברענגען אַ „כלה־מתנה" און באַלד ווי ער איז געקומען אין לאַנד אַריין האָט ער געגעבן דעם קרן קימת לישראל פינף טויזנט דאָלאַר.

מיט אייגענע כוחות הויבט ער אָן בויען זיין נייע היים. א וווינונג א באַשיידנס, אָבער אַן אייגנס. עס פילט זיך דער טעם פון זיין בעל הבית. יעדעס שטיק מעבל באַשטעלט ער לויט זיין געשמאַק. אַלץ מוז אויפגעשטעלט ווערן אויף ס׳ניי...

ער וווינט אין אַ באַלעבטע גאַס. דאָס נייע הויז איז פול מיט מענטשן וואָס לויפן באַגינען צו דער אַרבעט. קינדער שפּילן זיך אויפן הויף. מען פילט דעם אימפּעט פונעם ישראל־לעבן.

און אויב איר ווילט אים באַקענען — וועט איר אים דאָ טרעפן אַ צופרידענעם און גאַסטפריינטלעכן, מיט אַ ברכה אויף די ליפן פאַר אַלעמען און אַלץ, וואָס ס׳איז דאָ געשאַפן געוואָרן.

# מאַרטאַן ל. לעווי / עלענטאַן

מאַרטאַן ר. לעווי מיט זיין פרוי באַזוכן דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל. זיי קומען פון דער שטאָט Allenton, Pensylvania ווו עס וווינען צ 1200 יידישע פאַמיליעס. אין עלענטאַן פּולסירט אַ יידיש לעבן. עס זענען פאַראַן יידישע שולן, תלמוד תורהס און גוט־אָרגאַניזירטע יידישע אינסטי־טוציעס.

מר. מאַרטאַן ר. לעווי איז אַ געבוירענער אַמע־ריקאַנער, און ווי אַן אַמעריקאַן געבוירענער ייד רעדט ער אַ בעסערן ענגליש ווי יידיש. אָבער דאָס שטערט גאָר נישט צו זיין וואַרעמען, טראַ־דיציאָנעלן יידישקייט. שטעלט אייך פאָר, אַז אויף זיין רייזע קיין ישראל האָט ער מיטגענומען מיט זיך טלית און תפילין. דאָס איז נישט קיין קליי־ניקייט. דאָס זאָגט זייער אַ סך!

אינעם לאַנד איז מר. לעווי באַקאַנט ווי אַ טיכ־טיקער עסקן פאַר די יידישע קרנות למען ישראל, און בעיקר פאַרן יונייטעד דזשואיש אַפּיל. ער איז אויך דאָס יאָר געוואָרן דער פּרעזידענט פון דער שול „בית אל" אין עלענטאַן.

בעת כ'האָב גערעדט מיט דעם חשובן גאַסט, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אונטער מיר שטייט וועך און ווינקט צו: „זעסט ווי שיין ס'איז דער צלם אלוקים, צי פאַרכאַפּט ער דען דיך נישט מיט זיין שיינקייט און קלאַסיש־אויסגעמייסטערטער פיגור?

פול מיט ליבע צו דער מדינה באַזוכן זיי דאָס לאַנד פון דרום ביזן צפון. עס לאָקט דער גליל און דער נגב זאָגט אָן אַ גוטע צוקונפט.

צוריקקומענדיק פון זייערע אויספלוגן אין פאַר־שידענע געגנדן פון לאַנד, איז אַ צופרידנקייט געווען אויסגעגאָסן אויף זייערע פנימער. מ'האָט דערקענט אין זיי אַ באַהאַלטענע פרייד וואָס אַ ייד פון די תפוצות האָט, בעת ער דערזעט די אויפבליאונג פון לאַנד.

— מיר זענען אָנגעזאַפּט מיט גוטע איינדרוקן— זאָגט צו מיר מר לעווי. מיר זענען געווען אין טבריה און נצרת, אין קרית גת און אשדוד, אַלץ געזען מיט אייגענע אויגן. איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז פון דעם זאַמד אין מדבר קאָן מען מאַכן אַ לעבעדיקן ישוב, מיט ווינהייזער, און אויסבויען אַן אינדוסטריע, און גלייכצייטיק שאַפן אַלע נויטיקע זאַכן פאַר אַ קולטור־לעבן — קליני־קעס, שולן, פאָלקס־הייזער און טעאַטער־זאַלן, ביב־ליאָטעקן און קלובן. ווי איז דאָס מעגלעך? וועו איז דאָס אַלץ אַזוי שנעל געשאַפן געוואָרן? מיר האָבן דערוועגן געהערט און נישט געוואָלט גלויבן. געזען בילדער און געצווייפלט אין זייער אָריגי־נעלקייט. ערשט איצט האָבן מיר געזען ווי אויפן נגב איז אַזוי שיין גרין. עס פליסט וואַסער, ס'זענען פאַרפלאַנצט בוימער, און סטאַדעס טרונקן און זעטיקן זייער דורשט.

— „און נאָך עפּעס וואָס האָט געצויגן מיין ניי־גער. איך האָב דאָ געפונען אַ צויבער־וואָרט, וואָס הייסט „אולפּן" — אַ קורצטערמיניקע שפּראַכן־שול. מיט דעם וואָרט איז אין ישראל באַוויזן געוואָרן וווּנדער. איך האָב גערעדט מיט איראַקער, תימנער, רומענער און אַנדערע יידן, און אַלע פאַראייניקט דאָ איין שפּראַך. איבעראַל, אפילו אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון לאַנד ציט זיך אַ קייט פון אולפּנים, וואָס פאַרייניקן מענטשן אין איין שפּראַך. צוזאַמען מיט דער שפּראַך וועלן זיך אויך אַריינרייסן די אַלע אייגנשאַפטן וואָס זענען נויטיק פאַרן נייעם לעבן פון לאַנד".

„עס האָט אויף מיר אויך געמאַכט אַן איינדרוק דער געשמאַק פון די געבויטע הייזער אין די קליינע שטעטלעך. די נייע הייזער זען אויס שיין און האָבן זיך נישט צו פאַרשעמען אין אַ סך ריי־כערע לענדער ווי ס'איז ישראל. דער עסטעטישער בוי־סטיל און די גרינע גערנטלעך פול מיט בלו־מען ביים אַריינגאַנג, באַשיינען די נייע גאַסן און געסלעך אין די שטעטלעך איבערן גאַנצן לאַנד.

„דאָס שענסטע איז אָבער דער מענטש. און דעם בעסטן איינדרוק מאַכן טאַקע די איינוווינער פון אָט די הייזער. זיי זען אויס צופרידענע. עס איז פאַראַן אַ זייער שיינע יוגנט אין ישראל וואָס לעבט אויף די גאַנצע לאַנדשאַפט מיט איר גייסט און טעמפּעראַמענט. זעענדיק דאָס אַלץ, נעמען מיר מיט מיט זיך די בעסטע זכרונות און וועלן זיכער פילן אַ בענקשאַפט צום הייליקן לאַנד".

# אינזש. ענריקאַ טינמאַן / לימאַ

כ׳האָב מיר פאָרגעשטעלט צו טרעפן אַ געוויינ־לעך לאַנד, און געטראָפן האָב איך אַ לאַנד פון פאַנטאַזיע״.

מיט אָט־אָ די ווערטער הויבט אָן דער שמועס



מיט אינזשיניער ענריקאָ טינמאַן פון לימאַ.

ה׳ טינמאַן איז דער אָנפירער פון הנוער הציוני אין פּערו. ער איז אויך דער פּרעזידענט פון דער העברעאישע שול אין לימאַ. 700 קינדער לערנען אין לימאַ אין די העברעאישע שולן — דערציילט דער גאַסט. בערך 90% יידישע קינדער גייען אין העברעאישע שולן. עס איז פאַראַן אַ גרויסער העברעאישער קולטור און ספּאָרט־קלוב „העב־רעיקאַ״. ה׳ טינמאַן איז דער אָנפירער פון די פון די קולטורעלע פּראָגראַמען. ביי דער יידישער יוגנט איז פאַראַן אַ טענדענץ עולה צו זיין קיין ישראל. אין קיבוץ עין השלושה געפינען זיך שוין אַ סך חלוצים פון פּערו.

ה׳ טינמאַן איז באַאיינדרוקט פון גאַנצן לאַנד, אָבער וועגן די קיבוצים רעדט ער מיט באַגייס־טערונג:

— „איך בין געווען — זאָגט דער גאַסט — צוויי טעג אין קיבוץ ניר עם אין נגב. איך האָב דאָרטן געגעסן, געשלאָפן. אַזאַ סאָציאַלער געזעל־שאַפט קאָן מען נישט זען אין קיין שום אַנדערן פּלאַץ אין דער וועלט. דאָס איז אמת׳ער סאָציאַליזם, דער קיבוץ איז אַן אינדזל פון סאָציאַליזם אין אַ קאַפּיטאַליסטישער וועלט. אין דעם אינדזל קאָן ווינען, דער וואָס וויל ווינען. ס׳איז נישט קיין אויפגעצוווּנגענער סאָציאַליזם. ווי איך זע דאָס, האַלטן זיך די קיבוצים אויף אַ פעסטער עקאָנאָ־מישער באַזע. ווי ס׳זעט אויס מוז אויך דאָס לאַנד האָבן די קיבוצים צוליב זיכערקייטס טעמים, ווייל זיי זענען צעשפּרייט ווי אַ שוץ־קייט אַרום די גרע־נעצן״.

— וואָס האָט אייך אַמיינסטן פאַראינטערעסירט?

— מיר האָבן געמיינט, אַז פאַר לאַטיין־אַמערי־קאַנער יידן איז זיך שווער איינצואָרדענען אין לאַנד. ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז עס זיינען דאָ פּאַ־ראַן אַ סך עולים פון אונדזערע לענדער, וואָס האָבן זיך דאָ איינגעאָרדענט נישט ערגער ווי ביי אונדז. זיי האָבן אָבער אַ לעבן מיט אַ גרעסערן קולטו־רעלן אינהאַלט און מיט אַ קלאָרער און זיכערער צוקונפט פאַר זייערע קינדער. ריידנדיק וועגן זי־כערקייט וויל איך באַמערקן, אַז ביי אונדז איז נישט אַלעמאָל קלאָר די זיכערקייט פון ישראל — אָבער נאָך דעם ווי מען זעט אַ פּאַראַדע פון יום־העצמאות און די נאַכט פון ערב יום־העצמאות, די באַגייסטערונג און פּאַטריאָטישע איבערגעבנקייט צום לאַנד פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקע־רונג — באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז עס איז נישטאָ קיין זיכערער פּלאַץ פאַר יידן אין דער וועלט ווי מדינת ישראל.

אינזשיניר טינמאַן איז אויך אין דער מיינונג, אַז אין דער צוקונפט וועלן א סך יידן פון פּערו קומען אַהער להשתקע.

אינזשיניער טינמאַן איז דאָ אימפּאָזאַנט אויפ־גענומען געוואָרן פון נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס.

# דזשאָרדזש סעפרען / לאָס אַנדזשעלעס

דאָס גרעסטע און בעסטע וואָס ישראל טוט, איז וואָס זי גיט אַ היים צו די מענטשן, וואָס האָבן נישט ווו צו גיין. עס האָט געמאַכט אויף מיר אַ גרויסן רושם דאָס אַריינגלידערן די נייע עולים אין דער



**Mr. & Mrs. George Safren**

ווירטשאַפט. דאָס אויסבויען פאַר זיי נייע הייזער און שולן — זאָגט צו מיר מר. דזשאָרדזש סעפרען, גלייך ביים אָנהויב פון שמועס.

מיסטער און מיסיס סעפרען באַזוכן דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל. זיי זענען געקומען מיט דער U.J.A. Keymens Mission-1962 from Los Angeles מר. סעפרען איז אַ געבוירענער אַמעריקאַנער ייד און רעדט אַ בע׳טעמ׳טן יידיש. „איך ליב ישראל" — זאָגט ער מיר, און די ליבשאַפט דערקענט מען אויף טריט און שריט. זיין אַרבעט איז פאַרבינדן מיט צוהעלפן די יינגערע גענעראַציע און זיי אַריינפירן אינעם יידיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן. קומען טאָקע די יינגעלייט זיך צו אים באַראַטן, וועגן אויפשטעלן נייע בתי כנסת, שולן און אָרגאַניזירן אַ האַרמאָניש יידיש-רעליגיעז לעבן.

— מר. דזשאָרדזש סעפרען איז שוין דאָס צווייטע יאָר דער פרעזידענט פון Nestwood Temple אין לאָס אַנדזשעלעס. די ליניע פון זיין טעטיקייט טוט משפיע זיין אויפן יינגן דור זיי זאָלן גיין אין יידישע וועגן. אויף דעם געביט טוט ער אַ גרויסע און אונערמידליכע אַרבעט. ער זעט אינעם יונגן דור דעם המשך פון יידישן קיום. מען דאַרף באַמערקן, אַז ווי אַן איידעלער און סימפאַטישער מענטש געלונגט אים אויף דעם געביט אַ סך אויפצוטאָן.

איך פרעג:

— וואָס פאַרע איינדרוקן נעמט איר מיט פון ישראל?

— איך בין צופרידן — זאָגט מר. סעפרען צו זען די יינגע יידישע קינדערלעך פון ישראל. איך האָב אַ גרויסע הנאה פון זייער פריילעכקייט און זעלבסטזיכערקייט. אַזוי זעען זיי אויס אין שטאָט ווי אין דאָרף. אין תל אביב ווי אין הייסן אילת. ווען איך האָב באַזוכט אילת בין איך באַגייסטערט געוואָרן פונעם פאַקט, אַז מ׳האָט אויסגעבויט אַ שטאָט אין אַזאַ הייסן קלימאַט. פון דעם קאָן מען פאַרשטיין ווי גרויס ס׳איז דער יידישער מסירת נפש ביים אויפבויען דאָס לאַנד. מיר די „מיסיע" האָבן אויך באַזוכט די וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן, ווי דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, דעם ווייצמאַן אינסטיטוט, „הדסה" און געוועזן שטאָלץ צו זען, אַז אַזעלכע אינסטיטוטן זענען טעטיק אין דער יידישער מדינה.

— אין וועלכע וועגן גייען אייערע קינדער?

— איך האַלט דאָס פאַר מיינעם אַ גרויסן זכות, וואָס מיינע קינדער גייען אין מיינע וועגן, אין יידישע וועגן! איך וויל נאָר אַלס עפיזאָד דערמאָנען, אַז מיין זון האָט זיך געשטעלט בראש פון אַ קאָמיטעט, וואָס בויט איצט אַ נייעם טעמפל. ער אַרבעט שוין אויף דעם מיט התלהבות עטלעכע יאָר. מען האָט מיך אויך דאָ געפרעגט צי די יידישע יוגנט אין אַמעריקע האַלט פון יידישקייט. וויל איך דערויף ענטפערן, אַז זינט דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל איז יידישקייט ביי דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט פאַרשטאַרקט געוואָרן.

געקומען איז מר. יוסף זילבערמאַן אין לאַנד מיטן ציל צו זען וואָס עס איז דאָ געשאַפן געוואָרן. און אַזוי זעענדיק אַלץ, איז טאַקע אויפגעשווימען דער געדאַנק, אפשר טאַקע זיך ארומזעען וועגן תכלית ?...



מר. יוסף זילבערמאַן שטאַמט פון בעסעראַביע און ער האָט אין זיך אַלע זאַפטן וואָס האָבן געשטעקט אינעם בעסעראַביער יידנטום. שוין 36 יאָר וווינט ער אין מאָנטעווידעאָ. ער איז אַ העלפּענדיקע האַנט פאַר אַלע קרנות למען ישראל, צי דאָס איז דער ק.ק.ל., „באנדס", אָדער אַנדערע אינסטיטוציעס. ביי אים זענען זיי אַלע גלייך, אויב נאָר דער ציל איז צו העלפן די יידישע מדינה.

פון דער נאַטור זייער באַשיידן האָט מר. זילבערמאַן זיך אפילו אָפּגעהאַלטן נאָכצוקומען איינלאַדונגען, וואָס פּערזענלעכקייטן און ירושלימער אינסטיטוציעס האָבן געוואָלט איינאָרדענען פאַר זיין כבוד וועגן.

ווי אַ מענטש, וואָס זעט דאָס לעבן אַ ביסל טיפער און מיט דורכדרינגלעכע אויגן, האָט אמיינסטן אויף אים משפיע געווען די פרייהייט, אין וועלכער דער ייד לעבט אין זיין אייגן לאַנד.

— „ווען כ'בין אָנגעקומען קיין לוד — זאָגט דער חשובער גאַסט — און דערזען, אז דער צאָל־באַאַמטער איז אַ ייד, דער קאָמיסאַר אַ ייד און אַלץ ארום איז יידיש־לאַנד — איז דאָס שוין גענוג געווען פאַר מיר! איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס אַליין איז שוין דער גרעסטער נס פאַרן יידישן פאָלק. שפּעטער. ווען כ'האָב אָנגעהויבן ארומפאָרן איבערן לאַנד און געזען, ווי אין נגב, אין מיטן אַ מדבר האָט זיך אריינגעריסן אַ לעבעדיקער בליענדיקער ישוב, און דערצו זאָגט מען מיר, אַז ערשט 5 ביז 6 יאָר ווי דאָס איז געשאַפן געוואָרן — האָט דאָס געמאַכט אויף מיר א קאָלאָסאַלן איינדרוק. איך וויל אָבער צוגעבן, אז כ'האָב באַטראַכט זאַכן און פּראָבלעמען אין ישראל נישט מיט אויגן פון אַ טוריסט, וואָס איז לויער אויף איינדרוקן, נאָר איך האָב געקוקט גאַנץ אנדערש, טאַקע גוט בודק געווען די פּראַקטישע אַספּעקטן פון דער דינאַמישער אויפבויאונג וואָס מ'זעט אין לאַנד. כ'וויל דעריבער פעסטשטעלן, אז פון דעם קוק־ווינקל האָב איך געזען מדינת ישראל נאָך שענער, און געזונטער איר ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור".

אָבער איין זאַך, וואָס דער חשובער גאַסט האָט נישט געקענט פאַרדייען איז געווען דאָס, וואָס אין ישראל האָט מען פאַרגעסן ווער ס'זענען געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן אין דער פעלקער־ליגע געראָפן צו געבן דעם יידישן פאָלק זיין לאַנד.

— „איך — זאָגט מר זילבערמאַן — האָב אַ פריינד, וואָס האָט מיר מיט 36 יאָר צוריק געטון אַ טובה. האָב איך דאָס נישט פאַרגעסן ביזן היינטיקן טאָג, און מיט וואָס־נאָר איך קאָן דאַנק איך אים אָפּ. טאָ פאַר וואָס פאַרגעסט מען אין ישראל אַזאַ טובה ווי עס האָט געטון פריינד גראַמיקאָ ?,

מייק גאָלדפאַרב האָט מער ווי אַנדערע באַזוכער געקענט זען דאָס אייגנאַרטיקע יידישע לעבן אין ישראל, ווייל ער איז דאָ אַהערגעקומען פון אַ באַזוך אין ראַטן־פאַרבאַנד.



— און וואָס הערט זיך טאַקע ביי אונדזערע ברידער אין רוסלאַנד?

— די רוסישע יידן — זאָגט מר. גאָלדפאַרב — איז אַ סך גרינגער מיט כרושטשאָוון ווי ס'איז געווען בימי סטאַלין, אָבער אין 30 יאָר אַרום וועט מער דאָרטן נישט זיין קיין שפור פון יידישקייט. מען קען נישט קויפן קיין סדור, טלית. יונגע מענטשן האָבן חתונה מיט גויים. צוויי דורות רוסישע יידן זענען אויסגעטאָן פון יידישקייט!

מר. גאָלדפאַרב וווינט אין דער שטאָט דאַללאַס, טעקסאַס. ער נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. פאַר די לעצטע צוויי יאָר איז ער דער טשערמאַן פון די „באָנדס" אין דאַלאַס. אויף דעם געביט האָט ער אַ סך אויפגעטאָן, און מען שאַצט דאָס ווי געהעריק אָפּ אין ישראל. ער איז אַ דירעקציע־מיטגליד אין דער דזשואיש וועלפייר פעדעריישן און אין יידישן קאָמיטעט. אין זיין וווין־שטאָט דאַלאַס לעבן 4.500 יידישע פאַמיליעס. עס זענען דאָרטן טעטיק יידישע שולן און יידישע קינדער־לעך באַקומען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דערציאונג.

מר. גאָלדפאַרב געהער צו די יידישע עסקנים, וואָס פאַרשטייען דעם באַטייט פון יידישן חינוך, ווי דער המשך פון יידישקייט. ער זעט אויס אַן ענערגישער מענטש מיט אַ קלאָרע אָריענטאַציע אין יידישע ענינים. ער איז דער מענטש מיט אַ רעאַלן צוגאַנג צו פּראָבלעמען און אידעען. ווייזט אויס, אַז חינוך איז אים זייער נאָענט צום האַרצן, ווייל פאַקטן באַשטעטיקן דאָס.

ביי זיין איצטיקן באַזוך האָט מר. גאָלדפאַרב באַוויזן אַ מוסטער־טאַט. זיין קורצן וויזיט אין לאַנד האָט ער געווידמעט צו געפינען קינדער פון אָרעמע עלטערן, וועלכע ער שטרעבט צו העלפן מיט בילדונג. ער האָט געגעבן זיינע צוויי פּרי־וואַטע סטיפּענדיעס פאַר צוויי יינגע קינדער פון ירושלים, זיך מתחייב געווען זיי אויסצוהאַלטן ביז זיי וועלן ענדיקן אַ הויך־שול. איין יינגעלע איז פון אַן אָרעמער 8 פּערזאָניקער עולים־משפּחה, וואָס לעבט אין גרויסער נויט, אין איין צימער אין ירושלים.

דאָס זאָגט עפּעס וועגן מענטש און וואַרעמען יידן מייק גאָלדפאַרב, פון טעקסאַס!

ווי געפעלט אייך דאָס לעבן אין ישראל?

מיר געפעלט עס שוין גאָר גוט! קודם כל לויפט מען נישט אַזוי ווי ביי אונדז, אין געיעג נאָכן דאָלאַר... דאָס לעבן איז אַ סך רואיקער, שטי־לער, מען פאַרקויפט נישט דעם גאַנצן טאָג פאַר געלט . . .

די יוגנט אין ישראל — זאָגט מר. גאָלדפאַרב — האָט אויף מיר געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם. די קינדער אין אַמעריקע זענען נישט צופרידן, און דאָ אין ישראל זענען זיי צופרידענע מיט זייער סאָציאַלן שטאַנד און מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן.

פון זיין פריערסטער יוגנט אָן פאַרבינדט עמיל רייזעל זיין לעבן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. געבוירן אין שטעטל סאַדאַגאָרע און שפּעטער געלעבט אין קאָלאָמיי, טרעט ער



אַריין אין „השומר". זיין פאָטער איז געווען אַ משכיל, אַ בעל תורה און אינטעליגענט, אָבער ער האָט אויך שטודירט וועלטלעכע לימודים און געענדיקט אַלס אַדוואָקאַט. עמיל רייזעלס ציוניסטישע אידעע איז געווען אַ פּראַקטישע. ער האָט נישט געזען קיין עקזיסטענץ אין דער אַלטער היים, און געטראַכט וועגן עולה זיין. ווי אַ פיזיש גוט ענטוויקלטער יונגערמאַן גייט ער אַוועק אויף הכשרה (1931), כדי צו קענען צוקומען צום ציל און פאָרן קיין ארץ ישראל. ער באַקומט טאַקע דעם איינציק־צוגעטיילטן סערטיפיקאַט פאַר דער אָרגאַניזאַציע, אָבער אַ נאָענטער חבר זיינער בעט אים ער זאָל אים דעם סערטיפיקאַט אַוועקגעבן. עמיל פאַרשטייענדיק, אַז דער חבר מוז עולה זיין מיט זיין כלה, טוט אים דאָס צוליב, און דאָס יונגע פּאָרל פאָרט אָפּ קיין ארץ ישראל.

אָבער קיין צווייטן סערטיפיקאַט, ווי עס האָט זיך עמילן אויסגעדאַכט האָט ער מער נישט געקענט באַקומען, ער וועבט אָבער פּלענער צו פאַרלאָזן די אַלטע היים, און עס געלונגט אים צו עמיגרירן קיין אַמעריקע.

דורך דער צייט איז ער אויסגעוואַקסן אַלס גרויסער געזעלשאַפטלעכער און ציוניסטישער עסקן. מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל ווערט זיין טעטיקייט אימפּולסיווער און פרוכטבאַרער. מר רייזעל איז במשך עטלעכע צענדליק יאָר דער פּרעזידענט פון קרן קימת לישראל אין זיין ווינטשטאָט על פּאַסאָ, טעקסאַס. ער איז דער טשערמאַן פון די „באָנדס". פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, לעבנסלענגלעכער פּרעזידענט פון דאַרטיקן ועד החינוך, און ממש די צענטראַלע פּערזענלעכקייט פונעם ציוניסטישן לעבן אין על פּאַסאָ.

בעת אונדזער שמועס מיטן חשובן גאַסט אין תל אביב, האָבן מיר געוואָלט הערן זיין מיינונג וועגן דער אַקטועלער פראַגע: „צי איז נויטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אין דער צייט ווען עס עקזיסטירט מדינת ישראל?"

— „פון דער פּראַקטישער זייט — זאָגט מר. רייזעל — פיל איך, אַז זייענדיק אַ ציוניסט און האָבנדיק דעם טיטל ציוניסט, בין איך דער סאָלדאַט, וואָס אָן שום תנאים קעמפט ער, העלפט מיט אַלץ וואָס די מדינה דאַרפט, און איך זאָג זיך נישט אָפּ פון קיין שום אַרבעט לטובת מדינת ישראל. ווען עס קומט ווער, וואָס פאַרטרעט די מדינה, למשל: אַ פאָרשטייער פון „באָנדס", ק.ק.ל. און אַנדערע קומט ער צו מיר, ווייל ער ווייסט, אַז כ'בין אַ ציוניסט, און איך זאָג אים נישט אָפּ.

דער חשובער גאַסט איז דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך פאַרשטייער פון דער רעגירונג און פון אַלע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס.

# אהרן ניומאַן / מיאַמי־ביטש

מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען מר. אהרן ניו־מאן האָט געוווינט אין ניו־יאָרק האָט ער באַ־לאנגט צום יידיש־נאציאָנאלן ארבעטער פארבאנד. ער האָט זיך תמיד אויסגעלעבט אין א יידיש־



Mr. & Mrs. Aaron Newman

ווארעמער סביבה, ווו דאָס לעבן איז געווען נאַ־ציאָנאל פאַרבונדן מיט פאָלקס-אקטיוויטעטן.

זינט ער וווינט אין מיאַמי ביטש איז ער אַק־טיוו אין דער דאָרטיקער .Z.O.A ער איז אויך דירעקטאָריום־מיטגליד פון די „באַנדס". א טוער אין דער שול און בכלל אַן אָנגעזעענער מענטש מיט א גוטן נאָמען אין שטאָט.

מר. ניומאַן מיט זיין פרוי שושנה באַזוכן דאָס לאנד צום צווייטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל זענען זיי דאָ געווען אין 1953. זיי באטראכטן יעדן פאָרשריט וואָס קומט דאָ פאָר, ווי אַ גרויסע דערגרייכונג, נישט נאָר פאר די תושבים, נייערט פאר יעדן יידן אין גאָר דער וועלט. וואָס איז גייסטיק פארבונדן מיט דער יידישער מדינה.

— אַ גרויסן איינדרוק מאכט אויף מיר—זאָגט מר. ניומאַן ווי אזוי מען בויט דאָס לאנד גלייכ־צייטיק אויף אלע געביטן. איך מיין דערמיט אַנצווייזן, אז די קולטורעלע אנטוויקלונג גייט צוזאמען מיט דער ווירטשאפטלעכער. מיר האבן באַזוכט די נאציאָנאלע ישראל־אָפּערע און געזען „שמשון". די פאָרשטעלונג האָט געמאכט אויף אונדז נישט קיין קלענערן איינדרוק, ווי דער אויפבוי־פּראָצעס וואָס גייט אָן אינעם לאנד. איך בין געפאָרן קיין קסריה און געזען ווי מען בויט א ברייטע אויטאָ־סטראָדע. געזען די קאָמוניקאַ־ציע באַוועגונג מיט א גרויסער צאָל לאסט־אוי־טאָס, וואָס באווייזט, אז מען טוט עפּעס!

און נאָך עפּעס, וואָס אימפּאָנירט אין ישראל איז די אינטערעסאַנטקייט מיט וועלכער דאָס לאַנד ציט דעם גאסט צו זיך. למשל מיר האָבן געהאט א פּלאן זיך לענגער אָפּצושטעלן אין פּאַ־ריז. זייענדיק אין לאנד איז אונדז געווען אַ שאָד אָוועקצוגעבן די צייט פאַר פאַריז און פארלאָזן ישראל. זענען מיר טאקע לענגער געבליבן אין לאַנד און מוותר געווען צו זיין אין פראנקרייך.

— צי לייענט איר יידישע צייטונגען?

— איך האָב שטענדיק געלייענט דעם „מאָרגן־זשורנאל", אָבער איך גיי איבער צו העברעיש. איך באַמי זיך פאָרפולקאָמען אין עברית.

— צי איז אויך אייער פרוי געזעלשאפטלעך טעטיק?

— מיי פרוי איז טעטיק אין דער פרויען־סעקציע פון דער „בני ברית". זי האָט זיך פארנומען מיט דער אָרגאניזירונג פון יוגנט איב־סטיטוציעס. ארבעט אין דער „הדסה" און איז פּאַרבונדן מיטן יידיש געזעלשאפטלעכן און קול־טורעלן לעבן.

ווען מען וואָלט אין מיאמי ביטש געעפנט די ארכיוון פון געזעלשאפטלעך קולטורעלער טע־טיקייט — וואָלטן זיכער א סך שיינע קאפּיטלעך געווען פארבונדן מיט דער מיפּולער ארבעט פון אָט דעם ווארעמען יידן אהרן ניומאן. ווען ער איז מיט 30 יאר צוריק אנגעקומען קיין מיאמי ביטש איז נאָך דאָרטן נישט געווען קיין יידיש־געזעל־שאפטלעכע טעטיקייט. מר. ניומאן געהער צו די ערשטע גרינדער פון דער ציוניסטישער ארגאני־זאציע אין מיאמי ביטש.

# דב ליכטענשטיין / בוענאָס איירעס

דב ליכטענשטיין שטאַמט פון אַן אָנגעזעענער משפּחה וואָס האָט דורות־לאַנג געוווינט אין דער אַלט־יידישער שטאָט קעלץ. אים איז נישט אויסגעקומען אַדורכצומאַכן אַ לאַנגען עטאַפּ פון



יענעם לעבן, און אַלס 5 יאָריק קינד קומט ער אָן קיין בוענאָס איירעס. ער האָלט זיך אָבער פאַר אַ קעלצער. און ביי זיין ערשטן באַזוך אין לאַנד האָט אים ממש געצויגן צו זיינע קעלצער לאַנדסלייט.

אַז מען רעדט מיט דב ליכטענשטיין, דערפילט מען באַלד, אז קעלץ איז נישט אינגאַנצן אויס־געלאָשן געוואָרן פון זיין נשמה. עס באַקומט זיך דעם איינדרוק אַז פון דעם צוניפמיש קעלץ — בוענאָס־איירעס איז אַרויסגעקומען אַ געראָטענע פּערזענלעכקייט, וואָס איז מיט אַלע פעדים איינ־געוועבט אינעם יידישן לעבן. מיר ווייסן אויך, אַז ער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די פּאָנדאַציעס פאַר ישראל, און טראָגט זיך אַרום מיט אינוועס־טיצישע־פּלענער. וועגן ישראל רעדט ער מיט אַ סך וואַרעמקייט:

— ס'האָט מיך אַ סך יאָרן געצויגן צו קומען אין ישראל — זאָגט ה' ליכטענשטיין. כ'האָב מיר פאָרגעשטעלט דאָס לאַנד אַ סך ערגער ווי כ'האָב עס געטראָפן. באַלד ווי כ'בין אַראָפּגעגאַנגען פון עראָפּלאַן אויפן לודער פּאָרט בין איך איבער־ראַשט געוואָרן פון דעם אָריגינעלן בילד, וואָס אַלץ אַרום איז יידיש. פון צאָל־באַאַמטן ביזן טרעגער — יידן. די מענטשן, וואָס נעמען איך אויף, וואָס פרנעמען זיך מיט איך און אייער באַ־גאַזש אַלץ יידן! אין קיין שום לאַנד אין דער וועלט זעט מען דאָס נישט אַזאַ בילד.... איך אַליין בין נאָך אונטערן רושם פון דער דאָזיקער איבער־לעבעניש און גייסטיקן עפעקט וואָס האָט אינאיינ־מאָל אין מיר אויפגעבראַכן. מיט גוף און נשמה האָב איך דערפילט, אַז כ'בין אין אַ יידיש לאַנד!

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך באַזוכט ישראלס הויפּט־שטאָט. דאָ ווירקט ווידער דער קאָנטראַסט פון היסטאָרישן ביזן מאָדערנעם ירוש־לים. מיין ציל איז אָבער געווען צו זעען דעם נגב. איך בין געווען זיכער אַז נגב מיינט נאָך אַלץ — מדבר, מיט גליענדיקע זאַמדן און אָן וואַ־סער. פאַר איך אַזוי אַרום אַ טאָג און צוויי איבערן נגב און ווער איבעראשט פון דער וווּנדערבאַרער דערגרייכונג: אין דעם „מדבר" זענען אויסגע־בויט מאָדערנע פאַבריקן. עס ווערן פאַרלייגט אינ־דוסטריעלע צענטרן. מען הויבט אָן בויען נייע שטעט, און דער גרעסטער וווּנדער איז אויך דאָ — וואַסער!

ביי זיין באַזוך אינעם לאַנד האָט מר ליכטענשטיין זיך פאַראינטערעסירט מיט אַ סך צווייגן פון דער ישראל־אינדוסטריע. ער האָט קאָנפערירט מיט קאָמפּעטענטע מענטשן, און זיך געשאַפן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער סיטואַציע, פון דער ישראל ווירטשאַפט און איר עקספּאַרט.

— צי האָט די יידישע יוגנט אין אַרגענטינע אַ באַגריף וועגן אַט די „וווּנדער", ווי איר רופט דאָס אָן?

— אונדזער אַרגענטינער יידישע יוגנט איז גייסטיק פאַרבונדן מיט מדינת ישראל. מיר לייגן אויף איר אַ סך האָפענונגען, און ס'איז פאַראַן, וואָס פון זיי צו דערוואַרטן. אַ סך יוגנטלעכע וועלן קומען אין לאַנד.

— הלואי!

יעדעס יאָר קומט ער צופאָרן אויף אַ באַזוך אין לאַנד און ווילט דאָ עטלעכע וואָכן.

וואָס מיינט איר טוט מר. מעקס אַפּעל אין לאַנד, צו וועמען קומט ער?



ער קומט זעען וואָס עס מאַכן די 100 קינדער אין ג ן  י ב נ ה, ווי זיי פילן זיך, און אין וואָס זיי נויטיקן זיך.

די קינדער-היים אין גן יבנה איז דורך אים אויסגעבויט געוואָרן און זי טראָגט די נעמען פון Max & Eva Apple.

היינט צו טאָג איז אַ קינדער-היים נישט קיין גרויס נייעס אין ישראל, אָבער מר. מעקס אַפּעל איז געווען דער ערשטער ייד פון אַמעריקע, וואָס האָט מיט אייגענער איניציאַטיוו אויסגעבויט אַ הויז אין ג ן  י ב נ ה און עס אוועקגעשענקט פאַר אַ קינדער-היים. מען האַלט אים טאַקע פאַרן וועג-ווייזער, נאָך וועמען אַנדערע זענען נאָכגעגאַנגען.

אין יאָר 1953 האָט אַפּעלס-קינדער-היים אריינגענומען 20 קינדער. מר. אַפּעל האָט זיך אָבער פאַראינטערעסירט מיט דער סאָציאַלער לאַגע און איינגעזען, אַז עס איז נויטיק אויפצונעמען אַ סך מער קינדער. האָט ער איבערגעגעבן דאָס הויז צו „משען", אַזוי אַרום זענען פאַרגרעסערט געוואָרן די בנינים, און היינט איז אין אַפּעלס-קינדער-היים פאַראַן 100 קינדער.

מיט אַ סך ליבשאַפט באַציט זיך דער „טאַטע פון גן יבנה" צו זיינע 100 קינדערלעך. ער קען יעדעס קינד באַזונדער. ער שיקט זיי מתנות און נעמט אנטייל אין זייערע קינדערישע שמחות. פאַר יעדן קינד האָט ער געקויפט אַן אַקציע אין באַנק הפועלים, און פאַרזאָרגט, אַז דאָס קינד וועט ווערן דערוואַקסן זאָל עס קאָנען אָפּנעמען אַ סטיפּענדיע.

די קינדער פון גן יבנה זענען שיינע, געזונטע און געראָטענע, נאָר צוליב פאַרשידענע פאַמיליען-טראַגעדיעס זענען זיי געבליבן היימאַלז, און ווייסן נישט פון דעם גליק צו ווערן דערצויגן אין די עלטערנס היים. טאָן טאַקע מיסטער און מיסיס אַפּעל אַלץ וואָס זיי קענען, כדי עס זאָל אַ שמייכל טאָן קינדערישע פרייד, און די קינדער זאָלן זיך נישט פילן אַזוי איינזאַם, ווי דער גורל האָט זיי געקריוודעט.

מר. מעקס אַפּעל מיט זיין פרוי עווא זענען שוין עטלעכע צענדליק יאָר פאַרבונדן מיט ארץ ישראל. צום ערשטן מאָל האָבן זיי באַזוכט דאָס לאַנד אין יאָר 1936. פון דאַמאָלס אָן האַלטן זיי אָן אַן ענגן קאָנטאַקט מיטן ישוב. באַלד ווי עס איז אנטשטאַנען מדינת ישראל קומען זיי אין לאַנד אריין. דאַרף מען טאַקע דאָ דערמאָנען אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך פון דעם איידעלעם מעקס אַפּעל.

בעת זיין באַזוך אין 1949, ווען די גרויסע עליה האָט געשטראָמט דורך די אָפענע טויערן אין לאַנד אריין, קוקט ער זיך אַרום און זעט, אַז עס איז אַ גרויסער מאַנגל אין אייז. מענטשן שטייען פון באַגינען אָן אין אַ „תור" צו באַקומען אַ שטיקל אייז. וואָס מיינט איר טוט מר. אַפּעל? ער בויט אויס אין נס-ציונה אַ גרויסע אייז-פאַבריק, די באַפעלקערונג זאָל האָבן אייז. ער טוט דאָס אָבער נישט צוליב ביזנעס, נאָר מיט אידעאַליזם.

דאָס זענען נאָר קורצע, פון דרויסן באַמערקטע שטריכן צו דער פערזענלעכקייט פון מעקס און עווא אַפּעל. זייערע הומאַניטאַרע געפילן מיט אַ סך ליבע צום יידישן קינד טראָגן זיי טיף אין זיך.

# משה כץ / ברוקלין, נ. י.

משה כץ'ס איצטיקער באַזוך אין ישראל דערמאָנט אין אַן אייגנאַרטיקער צערעמאָניע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט יאָרן צוריק אין דער כנסת.

אין מאַי 1957 איז דער יושב ראש הכנסת מר



משה כץ גיט איבער דעם האַמער דעם יו״ר הכנסת

יוסף שפרינצאַק ז״ל ספּעציעל אָרויפגעגאַנגען אויף דער טריבונע כדי צו באַגייען אַ קינסטלעריש־געשניצטן האַמער פון ריינעם העלפאַנטביין — משה כץ'ס מתנה פאַר דער כנסת אין ירושלים.

דער סימבאָלישער האַמער איז שוין איבערגעגאַנגען אין די הענט פון צווייטן כנסת־פאָרזיצער מר קדיש לוז, אָבער זיין סימבאָליק האָט זיך נישט געביטן. ווער עס ווייסט די געשיכטע פונעם כנסת־האַמער קאָן אין זיינע קלעפּ הערן אויסער דעם געוויינלעכן ארדענונגס־רוף, אויך דעם ווידערקלאַנג פון יידישע הערצער, וואָס קלאַפּן אין ברוקלין, פון וואַנען דער האַמער איז געבראַכט געוואָרן — קיין ירושלים.

משה כץ'ס אָריגינעלער איינפאַל, אַז זיין העלפאַנטביין־האַמער זאָל זיך געפינען אויפן כנסת־טיש, זאָגט שוין במילא עפּעס וועגן אים אליין. עס ליגט דערין סיי מחשבה און סיי סימבאָליק. אַז מען וויל קאָן מען דערין אַפילו זען אַ גייסטיקע בריק, וואָס פאַרבינד די האַנט, וואָס קלאַפּט מיטן האַמער אין ירושלים, מיט די הערצער פון די יידן אין די תפוצות. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז נאָר איין שטריך פון זיין גייסטיקער פיזאָנאָמיע. אַביסל טיפער געזען, פאַרקערפּערט משה כץ אַ צאַרטן יידישן פאָלקס־מענטש מיט אַלע זאַפטן פון בעסערן יידישן לעבן.

ער איז אַמביציעז און שעצט דעם כבוד עצמו. אַ מענטש וואָס איז נישט מותר אויף זיין ווירדע האָט אלעמאָל פאַר זיך ברייטע האָריזאָנטן. אָט טאַקע דער איינגעבוירענער כבוד עצמו האָט אים געראַטעוועט פון אונטערגאַנג. געווען איז עס בימי פּילסודסקיס־פּוילן, אין די ערשטע יאָרן, נאָך דער וועלט־מלחמה, משה כץ פאָרט אין אַ וואַרשעווער טראַמוויי (עלעקטרישע באַן) און ווערט באַליידיקט דורך פּוילישע כוליגאַנעס. ער שלאָגט זיך מיט זיי, און עס געלונגט אים, זיי אָפּצופירן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. אין דעם „אָפיס פון דער פּוילישער גערעכטיקייט״ באַקלאָגט זיך משה כץ אויף די כוליגאַנעס פאַר באַליידיקן אים אלס ייד. ער לעגיטימירט זיך פאַרן פּאָליציי־קאָמיסאַר ווי אַ קעמפער פאַר פּוילנס באַפרייאונג, און וויזט זיינע מיליטערישע אויסצייכענונגען, מיט וועלכע ער איז דעקאָרירט געוואָרן פאַר אנטיילנעמען אין די קאַמפן „דער נס ביי די וויסל״. אָבער דער פּאָליציי־קאָמיסאַר זאָגט זיך אָפּ צו פאַרהאַלטן די כוליגאַ־

נעס, און שרייט אויס צום געליטענעם: „ייד, טראָג זיך אָפּ קיין פּאַלעסטינע!". דעם יונגן, אַמביציעזן יידן טרייסלט דאָס אויף ביז טיף אין דער נשמה. ער וויל מער אין אַזאַ לאַנד נישט לעבן! ער לויפט אהיים, ליקווידירט וואָס נאָר ער קאָן. זיין קליין לעדער-פאַבריקל לאָזט ער איבער אַ מתנה צו זיינע יידישע ארבעטער, און ער פאַרלאָזט פּוילן.

זיין „הכשרה" אין די פּאראייניקטע שטאַטן קומט אים נישט אָן לייכטער, ווי אַלע אַנדערע „גרינע" פון יענער צייט: עס איז שלעכט מיט שפּראַך. ס'איז נאָך ערגער אין „שוויץ שאָפּ", אָבער אַ ביסעלע וואַרעמקייט געפינט ער צווישן זייע קאָנסקער לאַנדסלייט. שוין אין 1930 איבערנעמט ער די אָנפירונג פון דער קאָנסקער סאָסייטי אין ניו יאָרק. ער גרינדעט אַ רעליעף־סעקציע ביי דער לאַנדס־מאַנשאַפט, מיט דער אויפגאַבע צו זאַמלען געלט און ארויסהעלפן אָרעמע משפחות אין דער אלטער היים. די דאָזיקע טעטיקייט איז אנגעגאַנגען ביז 1939, ביז דאָס יידישע שטעטל קאָנסק איז אריינגע-פאַלן אין די אייזערנע נעגל פון דייטשע מערדער.

נאָך דער מלחמה, ווען עס אַנטפּלעקט זיך דער לעצטער חורבן פונעם פּוילישן יידנטום, און על פּי נס געראַטעוועטע קאָנסקער לאַנדסלייט שיקן זייערע הילפס־רופן קיין אַמעריקע — שטעלט זיך משה כץ בראש פון א גרויסער הילפס־אַקציע לטובת דער קאנסקער שארית הפליטה. ס'ווערט געשיקט געלט, שפּייז און מלבושים.

איינע פון משה כץ'ס גרויסע פאַרדינסטן איז דאָס, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען איבערצופירן די טעטי־קייט פון קאָנסקער פאריין אויף ישראל. ווי נאָר ס'זענען אַביסל שטילער געוואָרן די הילפס־רופן פון די קאָנסקער לאַנדסלייט, און דוד בן גוריון איז געקומען צום ערשטן מאָל קיין אַמעריקע אָרגאַניזירן דעם „באָנד דרייוו" פאַר ישראל — האָט משה כץ, אלס פּרעזידענט פון דער קאָנסקער לאנדסמאַנשאַפט געלייגט דעם גרונטשטיין פאַר דער צוגעבונדנקייט פון זיין לאנדסמאנדשאפט מיט מדינת ישראל. פאַרן פאָרום פון יידישע עסקנים אין ניו יאָרק האָט ער געלייענט אַזאַ דעקלעראַציע:

„די קאָנסקער סאָסייטי נעמט אויף זיך אַן אויפגאַבע צו מאַכן יעדן יאָר אַ באָנד־אַקציע צו פאַרקויפן „באָנדס" פאַר ישראל, אַזוי לאַנג ביז מדינת ישראל וועט אָפּשליסן אַ שלום מיט אירע אַראַבישע שכנים. עס איז אן אויפגאַבע פון יעדן אונדזערן מיט־גליד צו העלפן אין דער זאַך".

אין 1957 קומט משה כץ אויף אַ באַזוך אין לאַנד אריין. ער ווערט דאָ אויפגענומען מיט באַגייסטע־רונג דורך זיינע לאנדסלייט און פריינד. אין תל־אביב ווערט פאַר אים איינגעאָרדנט אַ וואַרעמער קבלת פנים און אַ „צאתכם לשלום"־אָוונט.

זיין הויז איז דאָס אָרט פון צוזאמענקונפטן פאַר באַנדס־אַקציעס, און זיין שטרעבונג איז צו זעען מדינת ישראל ווי א צענטער פון קולטור און פריי־הייט. זיין גרעסטע פרייד איז, ווען ער קומט אין לאַנד אַריין און זעט ווי אַזוי דאָס יידישע מדינה'לע האָט אויפגענומען זיינע לאנדסלייט פון דער שארית הפליטה, און צוזאַמען מיט נאָך אַ מיליאָן נייע עולים האָבן זיי געפונען אַ וואַרעמע היים אין מדינת ישראל.

— און וואָס זאָגט איר צו דער פראַגע יידיש־לשון אין ישראל? — פרעגן מיר דעם גאַסט.

— יידיש — זאָגט משה כץ — דאַרף האָבן אַ בעסערע טאָלעראַנץ אין ישראל! ווו נאָר איך בין געקומען האָט מען גערעדט מיט מיר פריי, יידיש. אפילו מיניסטער ס אַ פּ י ר האָט מיך געפרעגט, וואָס מען זאָל רעדן — יידיש, אָדער ענגליש? האָב איך אים געענטפערט — יידיש! ווי איך זע דאָס, וועט מען דאָ אין די קומענדיקע 50 יאָר רעדן יידיש, און מאַמע לשון וועט זיך נאָך מער פאַר־שפּרייטן און אריינדרינגען אין יידישע שטובן אין ישראל. אפילו סאַבּרעס האָבן זיך באַמיט און גערעדט מיט מיר יידיש, כאָטש א געבראָכענעם יידיש, אָבער דאָך יידיש!

ביי זיין איצטיקן באַזוך אין לאַנד איז מ ש ה כ ץ מיט זיין פרוי אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה־פרעזידענט מר יצחק בן צבי, מיניסטער סאפיר און באַקאַנטע פרעזענלעכקייטן. דער גאַסט האָט אי־בערגעגעבן דעם פרעזידענט אַן אלבום געזאַמלטע בילדער פון די געטאָס. דער ארגון יוצא קונסק בישראל האָט איינגעאָרדנט פאַר משה כץ און זיין פרוי אַ פייערלעכן געזעגן־אָוונט אין זאַל „אורא" אין תל אביב. דער „צאתכם לשלום־אָוונט" האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם מיט זיין וואַרעמער סביבה.

# איזידאָר ראָזענבערג / ברוקלין, נ. י.

אויף פּאַנסקע גאַס אין וואַרשע האָט מען אים גערופן „איטשעלע". געהאַט האָט ער אַ גוטן קאָפּ און זיינע רעליגיעזע עלטערן האָבן דערוואַרט צו זען זייער זון אַ גדול שבתורה. איז אָבער געשען אַ־זוי, ווי נאָר איטשעלע איז געוואָרן אַ דערוואַק־סענער ב־חור, האָט ער געשט־רעבט אוועק



איזידאָר און ראָזאַ ראָזענבערג

צופאָרן קיין אַמעריקע. און געוווסט האָט מען, אַז איטשעלע פאַרנעמט זיך אויף עפּעס וועט ער עס אויספירן.

ערשט מיט 20 יאָר שפּעטער האָט זיך זיין גאַנצע משפּחה געכאַפּט, אַז איטשעס אידעע איז ממש געווען אַ נס פון הימל! ווייל וויסן דאַרף מען, אַז ווי־נאָר איטשעלע ראָזענבערג איז אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע האָט ער שווער געהאָרעוועט, געזאַמלט אַ דאָלאַר צו אַ דאָלאַר, און פריער נישט גערוט, ביז וואַנען ער האָט אַריבערגעבראַכט זיין גאַנצע משפּחה קיין אַמעריקע, אײדער די דייטשע רוצחים האָבן פאַרטיליקט דאָס יידישע וואַרשע.

אַז איר רעדט היינט מיט ה' ראָזענבערג פילט איר, ווי אָט דאָס געלונגענע שטיקל אַרבעט — דאָס על פּי נס אָפּראַטעווען זיינע נאָענטע און וויטע משפּחה — האַלט ער פאַר זיין גרעסטע גייסטיקע סאַטיספאַקציע, פאַר דער טאָטאַלער סומע פון זיין חשבון הנפש.

און כאָטש ער איז שוין אין אַמעריקע 39 יאָר שעפּט ער נאָך אַלץ פונעם אַלטן קוואַל. שוין אין דער ערשטער באַגעגעניש באַמערקט איר, ווי עס שפּרודלט פון אים מיט זאַפטיקער יידישקייט. ער געדענקט נאָך דעם „רבינס טייטש" פון אַ פּסוק חומש מיט אַ שטיקל רש"י, און עס דאַכט זיך אייך אויס, אַז איר רעדט, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן, מיט אַן אייגענעם וואַרשעווער יידן.

איזידאָר ראָזענבערג איז אַ גוטמוטיקער מענטש מיט אַ קלאָר העל פּנים און מילדע קאַרשן־אויגן. תמיד אַ צופרידענער מיט אַ לעבנס חכמה פון „איזה עשיר השמח בחלקו". ער פאַרגעסט אויך נישט זיין אָפּשטאַם און זיינע עלטערן. למשל זיין בעקעריי האָט ער אַ נאָמען געגעבן „געילס בעקערי", צום אָנדענק נאָך זיין באָבע גיטל ע"ה, וועלכע האָט אים געבענטשט. צו זיינע קינדער רעדט ער יידיש און דערציט זיי אין יידישן גייסט.

בעת די ראָזענבערגס האָבן זיך דאָסמאָל געזעגנט מיט זייערע קינדער פאַרן אָפּפאָרן קיין ישראל — זאָגט די 16 יאָריקע טאָכטער **הערייעט** צום פאָטער:

„זאָלסט פריער נישט וואַגן צו פאַרלאָזן ישראל, ביז דו וועסט זען דעם ים כנרת! ער קוקט דאָך אויס ווי אַ פידל..."

אָט די ליבע צו ישראל פון אַ יידיש מיידל, וואָס זיצט אין ברוקלין און פאַנטאַזירט וועגן „דער שיינקייט פון כנרת, וואָס זעט אויס ווי אַ פידל" — דאָס איז אַ פּראָדוקט פון יידיש נאַציאָנאַלער דער־ציאונג".

מר **איזידאָר ראָזענבערג** איז אַ פאַר־וואַלטונגס מיטגליד פונעם „בעלי הבתים בעקער פאַרבאַנד אין ניו יאָרק". דער פאַרבאַנד איז זייער פאַרבונדן מיט מדינת ישראל און דער הסתדרות. דער דאָזיקער פאַריין האָט אויך אויפגעבויט אין ירושלים אַ שיינע אינסטיטוציע אויפן נאָמען פון **דזייקאָפּ וואַלטערס**. זיי זענען פון די ערשטע וואָס צייכענען זיך אויס פאַר די קרנות למען ישראל. איזידאָר ראָזענבערג איז באַקאַנט און באַליבט צווישן זיינע חברים און פריינד, באַזונ־דערס פאַר זיין איבערגעגעבענער טעטיקייט פאַרן פאַריין און פאַר די „ישראל קאַמפּיינס". מר יואל בוראַק, איינער פון די עלטעסטע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פונעם בעקער פאַריין, וועלכער ווײלט

איצט אין לאַנד, זאָגט אונדז:

„איטשע (ראָזענבערג) איז איינער פון אונזערע אָנגעזעענסטע חברים. ער ווערט רעספעקטירט דורך אַלעמען, און מען האָט דרך ארץ פאַר זיינע מיינונגען. מיר זענען שטאָלץ מיט אים, ווי מיט אַ גוטן חבר און איבערגעגעבענעם עסקן".

בעת איזידאָר ראָזענבערג האָט צום ערשטן מאָל באַזוכט דאָס לאַנד, האָט ער אונדז געזאָגט:

— איך האָב געטראָפן ישראל אַ סך בעסער, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. כ'האָב באַזוכט שטעט און דערפער. געווען אין ירושלים, באר שבע, אינעם וויצמאַן־אינסטיטוט און איך בין שטאָלץ מיטן ישוב אין ישראל און פאַר זיינע אויפטוען.

באַזונדערס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון דאָס, וואָס כ'האָב געזען אין מרתף השואה. עס שטייען מיר פאַר די אויגן די צעשניטענע ספרי הורות, פאַרבלוטיקטע טליתים און געשענדעטע הייליגטימער, וואָס יידן האָבן צוזאַמענגעקליבן פון די פאַרטיליקטע קהילות און אַהערגעבראַכט אויפן הר ציון.

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק פונעם לאַנד?

— ערגעץ־ווו אינעם לאַנד האָב איך געטראָפן די יידישע אַרמיי אין די מאַנעווערס. איך האָב צום ערשטן מאָל געזען אַ פעלד־אָקציע פון לויטער יידישע סאָלדאַטן, אָפיצירן, יידישע טאַנקן און פליער — און דאָס האַרץ האָט מיר געקוואָלן פאַר פרייד. איך בין געוואָרן דערמוטיקט איבערצייגט, אַז דאָס פאָלק אין ישראל וועט פעסט האַלטן זיין גורל אין די הענט! דאָס איז פאַר מיר דאָס גרעסטע וואונדער, וואָס ס'איז געשען אינעם פאָלק.

איצט נאָך צוויי יאָר, ווען מיר האָבן געטראָפן מר ראָזענבערג מיט זיין פרוי ראָזאַ אין תל אביב האָבן מיר ווידער פאַרצייכנט אַ פּאָר זיינע ווערטער:

„שוין ביי מיין ערשטן באַזוך אין ישראל, בין איך געווען באַגייסטערט פונעם לאַנד, כאָטש כ'האָב נישט באַוויזן אַלץ צו זען. ווען כ'בין איצטער געקומען צום צווייטן מאָל, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז דעם ערשטן מאָל האָב איך גאָר נישט געזען... מען בויט און מען שאַפט! ערשט די מענטשן? כ'האָב דאָ איינעם פון מיין משפחה, דינט ער אַלס קעפטן אין דער אַרמיי. פרעג איך אים וויפל ער פאַרדינט?, און ער זאָגט מיר די סומע פון זיין לוין. אַזוי ווייניק? — וואונדער איך זיך. ווייסט איר וואָס דער אָפיצער האָט מיר געענטפערט? „אויב מען וועט מיר געבן מער געהאַלט, און דער גאַנצער אַרמיי, טאָ פון וואַנען וועט מען נעמען געלט אויף כל מיני געווער, וואָס מיר דאַרפן פאַר אונזער זיכערקייט?". דעם קעפּטענס צופרידנקייט מיט ווייניק, אַבי ס'זאָל זיין פאַר דער זיכערקייט פון דער מדינה — אָט דאָס איז דער צויבער פון הייניטיקן ישראל. אָט־אָ דער גייסט פונעם פאָלק דערמוטיקט און באַגייסטערט. אין דעם שטעקט דער גרויסער סוד פון דער דינאַמישקייט וואָס הערשט אין ישראל. עס אימפּאָנירט דאָס, וואָס מ'בויט היינט אַ היים, פאַר די יידן וואָס וועלן עס דאַרפן מאָרגן... פאַר יענע וואָס זענען פּינקט ווי די קינדער, וואָס אַנטלויפן פון דער היים, אָבער אַז עס ווערט שלעכט קומט מען צוריק צו דער מאַמע...

— וועלכע געגנדן האָט איר איצט באַזוכט?

— כ'בין געווען אין אילת און גליל. עס איז ממש צו באַוואונדערן, וואָס עס איז פאַר דער צייט אויפגעטאָן געוואָרן. אין אילת האָב איך באַזוכט די קופּער־גרובנס פון שלמה המלך, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז נישט נאָר שלמה המלכ'ס קופּער־מינצן זענען באַנייט געוואָרן, נאָר, אַז די בלי־תקופה פון מלכות שלמה איז אויסגעשפּרייט פון אילת ביזן גליל. כ'האָב אַרומגעוואַנדערט אויף די גליל־בערג מיט אַ מוווי־אַפּאַראַט און געפילמט צפת, מירון און דעם כנרת. אַזויפיל שיינקייט! אַזאַ געזונט יידיש לעבן קלאַפּט אויפן גליל! מען ווערט ממש מיטגעריסן מיט דער דינאַמישקייט און דערמוטיקט צו שאַפן דאָס מאַקסימאַלסטע פאַר ישראל און פאַר דער הסתדרות".

און פרוי ראָזענבערג האָט צוגעגעבן:

— איך פיל זיך דאָ ביי זיך אין דער היים, און כאָטש איך בין אַ געבוירענע אַמעריקאַנערין איז מיר ליב און נאָענט אַלץ וואָס איך זע דאָ אין ישראל. אַ גרויסע פרייד איז צו זעען דאָ דעם נייעם וואָקסנדיקן דור. די קינדער פון ישראל זענען ווערט מען זאָל זיי ליב האָבן, און דורך זיי וועט די וועלט ליב באַקומען ישראל".

מיסטער און מיסיס ראָזענבערג זענען אויפגענומען געוואָרן דורך דער הסתדרות און פּריוואַט.

נחום גיטלער איז אַ מענטש מיט אַ גרויסן רעכטן מיט אַ גוזעלשאפטלעכן בליק אויף דער וועלט, און דער עיקר איבער דער יידישער וועלט. ווען ס׳וואָלט מיר וואָלט מיר ווער געבעטן כ׳זאָל רעזומירן זיין כאַראַקטער, וואָלט איך צוערשט



אָנגעוויזן אויפן פאַקט, וואָס ער פארפלאָנטערט זיך נישט אין געשיכטלעכע בלאָנדזשענישן. מענטשן וואָס קוקן אַ סך אויף צוריק פארשפּעטיקן תמיד מיט א טריט פאָרויס. נחום גיטלער פארשפּעטיקט נישט! אים געפינט איר תמיד אין די פאָדערשטע רייען. ער פארמאָגט אַ האַרמאָנישקייט וואָס פאַר־בינט יידישע פארגאנגענהייט מיט די פערספּעקטיוון פון דער צוקונפט. דאָס האָב איך ארויסגעפילט בעת מיין שמועס מיט אים איבער וועלטלעכע טעמעס בכלל און ישראל־פּראָבלעמען בפרט.

ער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צופאָרן אין ישראל בזמן דער סיני־מלחמה, און ער איז ארייג־געפאָרן מיטן רעכטן פוס. דעמאָלט איז דאָס הארץ פון ישראל געווען אָפן. די אָפּערוויליקייט פון די ישראלים האָט זיך צוזאמענגעשמידט אין אַן אייזערנעם פאנצער. דער ווילן פון קיום האָט אָפּגעשלאָגן דעם פיינדס קוילן. נחום גיטלער האָט דאָס געזען מיט אייגענע אויגן. ער האָט באַוווּנ־דערט דעם פאָלקס־סטאָיציזם און איינגעזאַפּט דעם גבורה־גייסט. דאָס איז געוואָרן דער יניקה־קוואַל פאַר זיין פרוקטבארער אַרבעט לטובת ישראל אין די תפוצות.

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און דערצויגן אין א וואַרעם־ציוניסטישער סביבה, איז ער געבליבן אַן עסקן מיט אַ ברייטן פארנעם. ער ארבעט פאַרן הויפּט־קוואַל פון וועלכן ס׳בויט זיך דאָס לאַנד — די „ישראל באנדס". צוויי יאָר איז ער געווען פּרעזי־דענט פון אשכנזישן סעקטאָר פון מעקסיקע, און יעצט פארנעמט ער דעם אַמט פון וויצע־פּרעזידענט פון מעקסיקע, צענטראַל־אַמעריקע און די קאַרא־בעישע-אינדזלען.

ער פארמאָגט אַלע אַטריבוטן, וואָס זענען נויטיק מצליח צו זיין אין געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. פון דער נאַטור א נחת לבריות, שפּרודלט פון אים יידיש שטייגער־לעבן. דאָס רייכסטע קעניגרייך אין דער וועלט, זעט ער אָבער אינעם מענטשן גופא. עס לאָקט אים צו באַקענען קאָנטינענטן און לענדער, פעלקער און ראַסן און ער מאַכט איצטער אַ רייזע איבער דער וועלט.

אויף ישראל קוקט ער ווי אויף אַן אייגענעם גאָרטן.ביימלעך און בלומען פון אלע מינים און קאָלירן. אינעם זעלבן באָדן פארוואָרצלט. וואַקסן אין איין קלימאַט, און דערפרישן זיך מיטן זעלבן טוי.

— דאָס גרעסטע וווּנדער, וואָס ס׳געשעט דאָ אין ישראל — זאָגט נחום גיטלער — איז וואָס יידן פון פארשידענע לענדער און קולטורן זענען געוואָרן פאראייניקט אין איין פאָלקס-מאַסע. די ספקות וואָס מיר האָבן געהאַט, אז דער מענטשן-מאַטעריאַל מיט א העכער-קולטורעלן ניוואָ וועט אראָפּנידערן צו יענע שיכטן, וואָס קומען פון אָפּגעשטאַנענע לענדער, ווייזט זיך ארויס פאַר

נישט באַגרינדעט. מיר באַמערקן אין דעם פּראָבלעם אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג דער נידעריקער סעקטאָר שטרעבט זיך אויפצוהויבן. ער גייט וואָס אַ מאָל העכער, כדי זיך אויסצוגלייכן מיטן קולטור-ניוואָ פונעם לאַנד. די קוזשניע וואָס שמידט אויס דעם נייעם ישראל-טיפּ, איז דאָס מיליטער. צה״ל איז דער פּראַקטישער אַנשטאַלט וואָס פירט אַדורך אין לעבן דעם מיזוג גלויות — די צוזאַמענשמעלצונג פון פאַרשידענע קולטורן אין אַן איינהייטלעכער געזעלשאַפט.

איך האָב געפרעגט:

— וואָס פאַרע ענדערונגען זעט איר זינט אייער ערשטן באַזוך אינעם לאַנד?

— דאָס ערשטע מאָל ווען כ׳בין געקומען אין לאַנד איז נאָך געווען מדבר. היינט איז אין דעם אמאַליקן מדבר אויסגעוואַקסן הונדערטער דערפער. די דערפער זענען אַ שוץ אַרום אונזערע גרענעצן. אַ לעבעדיקער אינווענטאַר געפינט זיך אין יעדן דאָרף. עס שפּראָצט אַ נײַ לעבן! קענענדיק די אומשטענדן, ביי וועלכע דאָס אַלץ ווערן געשאַפן — האַלט איך, אַז דאָס איז דער צווייטער נס.

— איך וויל אויך אונטערשטרייכן די וויכטיקייט פון דער טוריסטיק פאַרן לאַנד, און דאָס וויסן ווי אַזוי זי אויפצונעמען. די טוריסטיק קיין ישראל וואָס אַנטוויקלט זיך כסדר, וועט מיט דער צייט ווערן אַ וויכטיקער מקור פאַר די הכנסות פון דער מדינה. דער טוריסט אָבער איז עמפּינדלעך אויף דעם אופן ווי אַזוי מען נעמט אים אויף, און ווי אַזוי מ׳באַציט זיך צו אים. וואָלט דעריבער נויטיק געווען צוצופּאַסן די מענטשן וואָס קומען אין דירעקטער באַרירונג מיט טוריסטן, צו אַ מער איידעלער באַציאונג, און דזשענטלמעניש באַגיין זיך מיט געסט. דאָס וואָס וואַרפט זיך אַמיינסטן אין די אויגן איז, אַז אויף די האַנדלס גאַסן פון די גרויסע שטעט אין ישראל, ווייזט מען נישט אַרויס קיין אויפמערקזאַמקייט צום אויסלענדישן קונה. מען רעכנט זיך נישט מיט אים, גלייך ווי מ׳וואָלט אים געטאָן אַ טובה אַז מ׳פאַרקויפט אים עפּעס. ווען אַ טוריסט למשל בעט דעם אויטאָבוסן-שאָפער ער זאָל אים זאָגן ווו אויסצושטייגן — פאַרגעסט ער דערוויילע, און ווען מען דערמאָנט אים, איז שוין מיט עטלעכע גאַסן ווייטער, ווו מ׳האָט באַדאַרפט זיך אָפּשטעלן...

— ווי געפעלט אייך די ישראל-יוגנט?

— אין די אויגן פון דער ישראל-יוגנט זעט מען אַ זאַך, וואָס מ׳האָט נישט געזען אין דער היים — פרייהייט! נישט בלויז די סאַברעס, נאָר אויך די נייע עולים-יוגנט זען אויס ווי אַ שטאָלצער דור, וואָס ווייסט נישט פון קיין שום מינדערקייטס-קאָמפּלעקסן. איך ווייס פון אַ פאַקט ווען פאַר אַ יונגן בחור אין ישראל איז נישט אַנגעקומען צו דער צייט די אויפפאָדערונג זיך צו שטעלן אין דער אַרמיי — האָט ער געהאַט דערפון גרויס עגמת נפש, און גאַנצע טעג אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגע-נער. ווען מען דערמאָנט זיך אין דעם „חשק״ וואָס יעדן האָבן געהאַט אין דער אַלטער היים צו דינען אין מיליטער — שאַצט מען אָפּ מיט גרויס פרייד די דאָזיקע פּאָזיטיווע ענדערונג אין דער פאָלקס-פּסיכאָלאָגיע. דאָס איז אַ דערשיינונג וואָס באַקרעפטיקט דאָס פאָלק.

— צי זענען פאַראַן אויסזיכטן אויף אַן עליה פון די לאַטיין-אַמעריקאַנישע לענדער?

— מען דאַרף זיך ריכטן, אַז בקרוב וועט ישראל האָבן אַן עליה פון אַ גאַר אַנדערן עולם. געוויסע אַנטי-יידישע דערשיינונגען אין די אַמעריקאַן-לאַטיינישע לענדער וועלן דירעקט ווירקן אויף יידן עולה צו זיין קיין ישראל. עס איז אויך מעגלעך, אַז סוף כל סוף וועט זיך אַנהויבן אַן עליה פון סאָוויעטן-רוסלאַנד. די דאָזיקע עליה וועט לייגן איר חותם אויפן לאַנד. אויסער דעם וואָס דער מענטשן-מאַטעריאַל פון אָט די לענדער וועט זיין פון אויסערגעוויינלעכן פּראָדוקטיוון און קולטורעלן ווערט — וועט אַזאַ עליה אויך געבן ישראל אַ בעסערן באַזיס פון אשכנזישער וואָרצלדיקייט. אַזאַ עליה וועט קענען אַריינפירן אַ גלייכגעוויכט אינעם דריי-פאַכן נאַטירלעכן פאָלקס-ציווּקס וואָס קומט פאַר ביי די ספרדישע יידן, אין פאַרגלייך מיט די אייראָפּעישע משפּחות. מען דאַרף זיך אויך רעכענען דערמיט, אַז כדי צו פאַרשטאַרקן די גייסטיקע בריק צווישן ישראל און די יידן אין די תפוצות, איז קודם כל נויטיק, אַז דער ישראל-ישוב זאָל אַנהאַלטן זיין אשכנזישן פּנים און ציוויליזאַציע.

יאָ, נחום גיטלער איז טאַקע געאָגראַפיש דערווייטערט פון ישראל. אָבער פון זיינע שמועסן און מחשבות ווערט קלאָר זיין נאָענטקייט און גייסטיקע פאַרבינדונג מיט עם און מדינת ישראל.

## אַלעקס זילבערשטיין / HEWLET HARBOR, N.Y.

עס זענען שוין אדורך עטלעכע חדשים, ווי כ'האָב זיך מיט אים געזעגנט און פאר די אויגן שטייט מיר נאָך זיין גוטמוטיק פּנים מיטן ווארעמען שמייכל און אויגן וואָס קוקן מיט ליבשאַפט אויף מענטש



און נאַטור.

איך האָב אים פּשוט מקנא געווען מיט זיין זאָרג-לאָזיקייט און בטחון אין ישראלס גרויסקייט און צוקונפט. לויט מר. אלעקס זילבערשטיין קומט אויס, אז אַלץ וואָס ס'איז היינט שלעכט וועט מאָרגן זיין בעסער, און די אַלע ישראל-פּראָבלעמען, וואָס מ'קען היינט נישט איינבייסן, וועלן אין דער צוקונפט לייכט געלעזן ווערן.

— „איך גלויב אינעם כח פון דער ישראל-יוגנט — זאָגט דער גאַסט — כ'בין באַגייסטערט פון זייער קוראזש און דינאַמיק. זיי וועלן זיך שוין אַן עצה געבן מיט די פּראָבלעמען, וואָס זענען שווער פאַרן עלטערן דור״.

מר. זילבערשטיין באַזוכט דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל. ער איז געבאָרן אין אונגאַרן. אין 1920 איז ער געקומען אין אמעריקע. שוין לאַנגע יאָרן ווי ער ארבעט אין דער U.J.A. און אין „איזראעל באנד דרייוו״. ער איז אויך דער Chairman of the Board of Appeals און נעמט אנטייל אין אנדערע יידישע אינסטיטוציעס. עס אימפּאָנירט די גרינגקייט מיט וועלכער ער טוט זיין געזעלשאַפט-לעכער ארבעט. דער ארגאַנישער אָפּטאָמיזם, וואָס שפּרודלט פון אים, ווי אַט דער צוגאַנג וואָלט געווען זיין לעבענס-שיטה.

— „מיט אַ פּאָר יאָר צוריק — זאָגט דער גאַסט — איז ישראל געווען באוואָרפן מיט קעמפס. די עולים האָבן געוווינט אין לאַגערן. היינט וווינען זיי אין אייגענע היימען. איך בין געווען ביי באַ-קאַנטע, נייע עולים אין חיפה און געזען זייערע הייזער, וואָס זענען אויסגעבויט אויפן בארג, ארום אַ צויבערנדיקע פּאַנאָראַמע. זיי זענען באַזאָרגט מיט ארבעט און פאר זייערע קינדער זענען שוין אויסגעבויט שולן. ווו נאָר כ'בין געווען האָב איך געזען און געפילט די שטאַרקע דינאַמיק ביים ישראל-מענטש.

— „מען מוז דערקלערן די יידישע געזעלשאַפט אין אמעריקע, אז העלפן ישראל, מיינט קודם כל העלפן אייגענע ברידער און שוועסטער. דאָס איז די בעסטע אינוועסטיציע. וואָס אַ ייד קאָן מאַכן. זיי מוזן וויסן, אז פאַר די „באַנדס״-געלטער ווערט געבויט דאָס לאַנד. ישראל צאָלט אירע חובות! מען מוז שאפן אַ נייעם ענטוזיאַזם, וואָס זאָל ספּאָנטאַן מיטציען יידן פון גאָר דער וועלט צו מאַכן גרויסע אינוועסטיציעס אין דער יידישער מדינה״.

— וואָס האָט אויף אייך געמאַכט דעם שטאַרקס-טן רושם?

— די ישראל יוגנט! איך בין באַגייסטערט פון די קינדער פון ישראל. איך פיל ווי זיי אטעמען מיט פרייער לופט. מ'ווערט מיטגעריסן פון זייער פריי-לעכקייט, פון זייערע טענץ און געזאַנג. זיי לערנען, און ארבעטן אפילו שווער, אָבער אומעטום זעט איר זיי צופרידענע, טאַנצנדיקע און גליקלעכע. דער דאָזיקער גייסט איז א גרויסער צוציאונגס-קראַפט פאר ייד און מענטש.

מר. אלעקס זילבערשטיין האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד אַ צופרידענער און באַגייסטערטער,

# מעקס אַסטראַוו / דעטראיט

איך האָב אים געטראָפן צוזאַמען מיט זיין אייניקל לאַרי און דער שמועס האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן וועגן דעם יינגן בחור:

— „איך האָב געמאַכט מיט אים אַ רייזע — איבער אַ סך לענדער — זאָגט מר. אַסטראַוו — געווען אין רוסלאַנד, כינע, סקאַנדינאַווישע לענדער, ער האָט געזען קאָפּענהאַגן און פאַריז — און דאָ אין ישראל וויל ער פאַרבלייבן. עס ציט אים צו קומען אין דער בר אילן-אוניווערסיטעט לערנען יידישקייט און וויסן".



איך האָב באַמערקט די גרויסע פרייד. וואָס ה׳ אסטראַוו האָט געהאט פון זיין אייניקלס סימפּאַטיע צום לאַנד. פריער ווי ער איז דאָ אהערגעקומען האָט ער אפשר אין דעם נישט געגלויבט. די יוגנט האָט דאָך איר אייגענעם צוגאַנג צום לעבן און אירע קאַפּריזן, קאָן מען נישט זיכער זיין, וואָס אַזאַ יונגער בחור, א דערצויגענער אין דער גרויסער און רייכער אמעריקע, וועט זאָגן וועגן דער יידישער מדינה. אָבער ווען ס׳געשעט אַזוי, אַז דעם אייניקל געפעלט דאָס זעלבע וואָס דעם זיידע — איז דאָך דאָס טאַקע וווּנדער איבער וווּנדער...

מר. מעקס אַסטראַוו געהערט צו די עלסטע יידישע תושבים פון דעטראָיט. מיט 48 יאָר צוריק איז ער דאָרט אָנגעקומען פון זיין געבוירן-שטעטל קאַזאַטין, קיעווער גובערניע. ער איז אלעמאָל געזעלשאַפטלעך טעטיק. ווי אַ ייד מיט רעליגיעזע איבערצייגונגען איז ער ענג פאַרבונדן מיט דער „מזרחי"-אָרגאַניזאַציע. ער איז א „לייף מעמבער" אין מזרחי, שטיצט די בר אילן-אוניווערסיטעט און איז טעטיק אין דער „באָנדס דרייף" אין די ראַמען פון דער שול „בני דוד", ווו ער איז דער לידער.

ווען מען וואָלט מיך געפרעגט וואָס עס איז זיין גרעסט פאַרדינסט אין לעבן — וואָלט איך זיכער אונטערגעשטראָכן דאָס וואָס מר. מעקס אַסטראַוו האָט באַוויזן אריבערצוברענגען זיין גאַנצע משפחה קיין אמעריקע. ער האָט אלס בייער אימיגראַנט געהאָרעוועט שווער און ביטער און זיך גענומען פאַר אַ ציל ארויסצונעמען זיינע עלטערן, ברודער און 5 שוועסטערן פון צאַרישן-רוסלאַנד. ערשט נאָכן אונטערגאַנג פון מזרח-אייראָפּעישן יידנטום קאָן מען אים מקנאה זיין פאַרן גרויסן זכות וואָס ער האָט געהאט אָפּצוראַטעווען זיינע נאָענטע.

איך פרעג דעם גאַסט:

— וואָס ציט אייער אויפמערקזאַמקייט?

— זינט איך בין דאָ געווען מיט דריי יאָר צוריק זענען אויסגעוואַקסן נייע ישובים און גאַנצע געגנטן. „איבערנאַכט ווערט דאָ אויפגעבויט אַ שטאָט". איך האָב נישט דערקענט פלעצער, וואָס כ׳האָב געזען ביי מיין ערשטן באַזוך אינעם לאַנד. עס האָט אויסגעזען ווי טאָג קעגן נאַכט. נאָך מער ענטוזיאַזם רופט ארויס דאָס לעבן פון די קיבוצים. כ׳בין געווען אין קיבוץ ווו עס זענען פאַראַן נייע עולים פון 25 לענדער און אַלע לעבן ווי ברידער פון איין משפחה. ערשט אַז מען קומט אין לאַנד און מען זעט מיט אייגענע אויגן וואָס ס׳ווערט געשאַפן פאַרשטייט מען ווי נויטיק עס זענען די „באנדס" און די U.J.A. פאַרן אויפבוי פון לאַנד. איך פאָר איצט ארויס פון ישראל מיט אַ גרויסן באַגער צו דערציילן אַלע מיינע פריינד, וועגן ישראל און אירע העראישע אנשטרענגונגען פאַרן אויפבויען די היים פאַר יידן. אָבער נאָך מער וועל איך יעדן רעקאָמאנדירן ער זאָל פאָרן אין ישראל און דאָס אַלץ זעען מיט אייגענע אויגן.

איך האָב אויף אים אַ בליק געטאָן און דערזען אין זיינע אויגן דעם גליענדיקן פונק פון אַ רעליגיעזן יידן, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן גייסטיק פאַרבונדן מיט ציון. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז זיין נשמה האָט זיך אָנגעוואַרעמט און דאָס האַרץ איז פול מיט פרייד...

מר. מעקס אסטראַוו איז דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דער „באַנדס"-דירעקציע, בר-אילן אוניווערסיטעט און מזרחי אָרגאַניזאַציע אין ישראל.

אין אַ חמסינ׳עדיקן אויגוסט-טאָג בין איך געפאָרן אין קרית אונא הערן רעדן יעקב דוד בערג ביים באַנקעט, וואָס זיינע בזשעזשינער לאַנדסלייט האָבן פאַר אים איינגעאָרדנט.

יעקב דוד בערג איז דער פאָרזיצער פון שלום עליכם פאָלקס-אינסטיטוט אין אַמעריקע, ער שמ׳ט אַלס קולטור עסקן. מ׳קאָן אים ווי אַ טרייען פאַר-ערער פון יידישן לשון, אַ וואַרעמער יידן, וואָס האָט ליב מדינת ישראל. אָבער קודם כל איז ער אַ בזשעזשינער. יעקב דוד בערג (ניסנבערג) טראָגט דעם נאָמען בזשעזשין נישט נאָר אין האַרצן נאָר איבער דער יידישער וועלט. נישט יעדעס שטעטל האָט זוכה געווען ס׳זאָל איבערבלייבן אַזאַ בן עיר וואָס זאָל מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און התלהבות טראָגן דעם נאָמען פון זיין שטעטל. בערג איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אויסגעטראָגן אויף זיינע פלייצעס דאָס יזכור בוך פון זיין שטאָט.

איך האָב געהערט ווי ער זאָגט:

— „דער חורבן פון אונדזערע 6 מיליאָן איז אַ צו גרויסער חורבן איך זאָל דאָס קענען אַרומנעמען מיט מיינע הענט, אָבער מיין שטעטל וועל איך פרווון אַרומנעמען״.

בזשעזשין, דאָס יידישע שטעטל פון „שער און אייזן״, אין וועלכן דורות האָבן זיך געטווישט ביים ריטם פון ניי מאַשינען — איז אינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן פון יידיש לעבן. ווען כ׳בין דאָרט געווען עטלעכע וואָכן נאָך דער באַפרייאונג האָב איך געטראָפן איין יידישן יינגנמאַן אַ קאַליקע און אַ יידישע קראַנקע פרוי, וואָס האָט נאָך מורא געהאַט זיך אויסצוגעבן אַלס יידישקע. יעקב דוד בערג קאָן זיין געבוירן-שטעטל נישט פאַרגעסן. שוין מיט 10 יאָר צוריק האָט ער אונטערגענומען אַ פּראָיעקט אויפצובויען הייזער אין קרית אונו פאַר דער בזשע-זשינער שארית הפליטה. אויפגעשטעלט דאָרט אַ „בית העם״ און אַ יידיש-העברעאישע ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען. געגרינדעט אַ גמילת חסדים קאַסע — „ועוד ידו נטויה״ און ער קומט יעדעס מאָל מיט נייע פּלענער און אידעען עפּעס צו טאָן.

ער באַזוכט דאָס לאַנד צום 6-טן מאָל און ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט קומט ער דאָ אַהער זיך דערוואַרעמען, און אַז ער דערוואַרעמט זיך זאָגט ער:

זיין גאַנץ לעבן איז ער פאַרבונדן מיט יידיש-לאַנד מיט יידישע ליטעראַטור. ערשט נישט לאַנג ווי ער האָט געגעבן 80 טויזנט דאָלאַר פאַר דער בראַנדייס אוניווערסיטעט צו שאַפן אַ קאַטעדרע פאַר יידיש אויף זיין נאָמען, די קאַטעדרע ווערט געפירט דורך דעם יינגן געלערנטן פּראָפ׳ מיכאל אסטור.

די אידעע אויפצושטעלן אַזאַ פאַקולטעט אויף דער בראַנדייס אוניווערסיטי איז געמאַכט געוואָרן אַ דאַנק פּראָפ׳ שמעון דאַווידאָוויטש, וועלכער האָט זיך באַקלאָגט, אַז ס׳איז אַ פחיתת הכבוד יידיש לשון זאָל דאָרט נישט געהערט ווערן.

— וואָס איז אייער שטעלונג צו דער איצטיקער קאָנפערענץ וועגן חינוך אין ירושלים? — פרעג איך דעם גאַסט.

— מיין מיינונג איז, אַז צו דער וועלט-קאָנפע-רענץ וועגן יידישן חינוך מוזן מיר — יידיש-לאַנד — קומען גוט אָרגאַניזירט. אויב מיר וועלן זיך האַלטן ביי אונדזער אידעע וועט אונדזער יידיש-וואָרט געהערט ווערן. זאָלן זיי רעדן העברעאיש מיר פאַרטרעטן יידיש לשון און יידיש-לאַנד. מען וועט זיך מוזן רעכענען מיט אונדז!

— צי דענקט איר אַז מיט ענגליש וועט מען קענען ממשיך זיין יידיש נאַציאָנאַל לעבן אין אַמע-ריקע?

— ניין — איך גלויב נישט אַז מ׳וועט קענען ממשיך זיין. אַלע פרוון וועלן געמאַכט ווערן, אָבער די אַלע וואָס מאַכן הספדים אויף יידיש אין די לעצטע 25 יאָר וועלן מוזן אָנאַרקענען, אַז אָן אונ-דזער יידיש-לשון ביי די אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער, וועט מען נישט קענען אויספילן דאָס יידי-שע לעבן.

איצטער גרייט זיך די יידישע קולטור וועלט צו פייערן דעם 75 יאָריקן געבוירן-טאָג פון דעם פאַרדינסטפולן קולטור-עסקן און קעמפער פאַר יידיש אין אַמעריקע — יעקב דוד בערג.

# אַבעל שאַבאַן / יאָהאַנעסבורג

אין איינעם אַן אָוונט פון די הייסע זומער טעג, ווען כ׳האָב זיך געאיילט אויף אַ מסיבה, האָב איך גראַד, נעבן דער ליטעראַרישער קאַפע „כסית״ אין תל אביב אים דערזען אַקעגנקומען.



ער האָט רואיק שפּאַצירט מיט עפּעס אַ רחבות־דיקער הנאה אויפן פּנים. אין זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ באַגריסונגס־שמייכל און ער האָט ווייטער געפירט דאָס געשפּרעך מיט זיין באַגלייטער ד״ר נ. ל. וואָלף, דעם מנהל פון „אזע״ אין ישראל.

ערשט, ווען כ׳בין אַריין אין אַ זייטיק־פינצטער געסל, האָט ווי אַ בליץ געטאָן פאַר מיר דער שמייכל און כ׳האָב דערזען אין זיין פולן גלאַנץ די פּערזענלעכקייט אַ ב ע ל ש אַ ב אַ ן.

דער ערשטער, וואָס האָט אים אַנטדעקט אַלס שרייבער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „יידישער שטימע״ אין קאָוונע ראובן רובינשטיין.

עס איז געווען אין יענע גוטע צייטן, ווען דאָס ליטווישע יידנטום איז געשטאַנען אין זיין רענעסאַנס און בליאונג. אין דער רעדאַקציע פון דער „יידי־שער שטימע״ איז אָנגעקומען אַ קאָרעספּאָנדענץ פון דעם שטעטעלע קראַקינאָווע וועגן לאָקאַלע עני־נים. די טעמע איז נישט געווען קיין סענסאַציאָ־נעלע, אָבער דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, וואָס האָט בטבע ליב צו לייגן אַכט אויף דעם: „נישט וועגן וואָס ס׳איז געשריבן, נאָר ווי אַזוי ס׳איז געשריבן״, האָט גענומען לייענען די בלעט־לעך און דערפילט, אַז דאָ אַנטפּלעקט זיך אַ בחור אַ טאַלאַנט. ער דרוקט גלייך אָפּ דעם דעביוט פונעם יונגן שרייבער, שרייבט אים אַ בריוו מיט אַנערקענונג און דערמוטיקט אים ווייטער צו שרייבן.

פון דאַמאָלס אָן פלעגט דער יונגער שרייבער אָפט צושיקן זיינע רעפּאָרטאַזשן אין דער „יידישער שטימע״. דער רעדאַקטאָר האָט תמיד זייער גערן אים געדרוקט, געצאָלט האָנאָראַר און האָט אַ צופרידענער פעסטגעשטעלט, אַז זיין ערשטער בליק האָט אים נישט פאַרפירט — עס צעוואַקסט זיך אַ שרייבער!

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז אַבעל שאַבאַן שוין געווען אַ פיינער זשורנאַליסט. וואָס יעדע יידישע צייטונג וואָלט אים גערן געדרוקט.

אָבער ווי־נאָר שאַבאַן האָט גענומען שרייבעריש רייף ווערן, האָט זיין טעמפּעראַמענט אים נישט געלאָזט זיצן אין דעם קליינעם ליטווישן שטעטעלע און ער עמיגרירט קיין דרום־אַפריקע.

קומענדיק אין יאָהאַנעסבורג דערזעט ער, אַז ער איז גאָר נישט ווייט אַוועק פון זיין שטאָט. דאָרט טרעפט ער פיל ליטווישע יידן — און וויבאַלד ס׳זענען פאַראַן יידן — טאָ פאַר וואָס נישט אַרויס־געבן אַ יידישע צייטונג?

די גוטע פריינטשאַפט מיט רעדאַקטאָר רובינ־שטיין האַלט ער ווייטער אָן און ווען ער איז מודיע זיין רבין וועגן אַרויסגעבן אַ זשורנאַל, זאָגט אים רובינשטיין צו זיין אונטערשטיצונג און שיקט אים צו מאַטעריאַלן פון די בעסטע אַרטיקלען, וואָס

דרוקן זיך אין דער „יידישער שטימע".

און אַלעמאָל ווען רעדאַקטאָר רובינשטיין האָט וואָס געליינט פונעם יידישן לעבן אין יאָהאַנעס־בורג, האָט ער געדענקט, אַז דאָרטן איז פאַראַן אַ שרייבער־טאַלאַנט שאַבאַן. דער נאָבעלער רובינשטיין (דער סעניאָר פון דער יידישער פובליציסטיק, היינט צו טאָג אין מדינת ישראל) האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז דער שרייבערישער טאַלאַנט פונעם יונגן שאַבאַן וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שעפערישער קראַפט אין... דער פינאַנץ־וועלט, וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער דער גאָלד־שטאָט יאָהאַנעסבורג.

מ'קאָן נישט זאָגן, אַז אַבעל שאַבאַן איז נמאס געוואָרן די שרייבערישע פּראָפעסיע, און אַז דער־ריבער האָט ער זי אָוועקגעוואָרפן און אויסגעטוישט אויף לייטישן מסחר — אדרבא, רעדט מיט אים, וועט ער אייך זאָגן, אַז עס ציט אים נאָך היינט צו דער פען. ביי אַלע זיינע גרויסע געשעפטן זיבדיקט ער נאָך היינט מיט דער פעדער און „כאַפּט אַ שרייב", ווען נאָר עס לאָזט זיך. אָבער אַ פאַקט איז, אַז אַ צופאַל האָט אים אָוועקגעריסן פון זיין שריי־בערישער טעטיקייט און אַריינגעצויגן אין דער דינאַמישער ביזנעס־וועלט.

שאַבאַן איז געקומען אין דרום אַפריקע אָן אַ סענט אין טאַש, אָבער באַוואָפנט מיט אַ שטאַרקן געווער — אַן אייזערנעם ווילן.

מיט אָט דעם געווער האָט ער אָנגעהויבן אַ ניי לעבן און מיט אַלע כוחות זיך אַדורכגעבראָכן אַ וועג, ביז ער איז געוואָרן אַ שותף צו אַ גרויסער אַקציען־געזעלשאַפט. ס'איז אַרויפגעשווימען דאָס ביסעלע מזל און ער איז געשטיגן העכער, העכער.

איצט האָבן מיר פאַר זיך דעם רייכן שאַבאַן מיט זיין פעסטער פּאָזיציע אין דער פינאַנסיעלער און קולטורעלער וועלט.

אָבער ווען כ'האָב זיך באַגעגנט מיט אַבעל שאַבאַן אין תל־אביב, האָב איך זיך גראָד דערמאָנט די לעגענדע וועגן דוד המלך.

וועגן דוד המלך דערציילט מען:

זיין גוטער שם וואָס איז דערגאַנגען צו מלכים און מיליטערישע פירער, האָט באַוויגן אַ גרופּע מיליטער־לייט, זיי זאָלן גיין באַזוכן דעם יידישן מלך, דעם גרויסן מיליטער־מאַן. אָבער גראָד איז געשען אַזוי, אַז ווען די גויישע גענעראַלן זענען געקומען, האָבן זיי געטראָפן דוד המלך זיצן מיטן תהילים'ל אין דער האַנט, האָט ער דאָך מחבר געווען די וווּנדערלעכע געזאַנגען צו גאָט. זענען די גרויסע קריגס־לייט דערשטוינט געוואָרן: היתכן? זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט צו טרעפן אַ מיליטער־מאַן אין אַ גאַלאַ־מונדיר און באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פוס — און דאָ... גאָר אַ ייד אין אַ ווייכער קאַפּאָטע מיט אַ ספר אין האַנט דאָס איז דער גרוי־סער גבור־מלחמה, דער געניאַלער סטראַטעג — דוד המלך?

געטראַכט האָב איך אים צו טרעפן, דעם פּאַריאָג־טן ביזנעס־מאַן, וואָס איז אַלעמאָל פאַרנומען און האָט נישט קיין איבעריקע מינוט צו רעדן מיט אַ מענטשן — אָבער געטראָפן האָב איך גאָר מיסטער שאַבאַן מיט זיין פרוי זיצן געמיטלעך ביים לייענען אַ בוך. כ'האָב פאַרגעסן אין דער גאַנצער „לעגענ־דע", וואָס מ'דערציילט וועגן די פּיל־פאַרצווייגטע ביזנעס פון דעם מאַן. ער האָט ביי מיר געמאַכט דעם „פאַרקערטן איינדרוק" — אַן איינדרוק פון אַ יידן מיטן ספר אין די הענט.

מיט שאַבאַנען איז פשוט אַ פאַרגעניגן צו רעדן. זיינע בליציקע געדאַנקען און שכלדיקע מיינונגען, וואָס ער פאָרמולירט מיט הומאָר און וואַרעמקייט, ציען אייך צו, און עס דוכט זיך אייך אויס, ווי איר וואָלט באַגעגנט אַ לייבלעכן ברודער, וועמען איר האָט שוין אַ לאַנגע צייט נישט געזען.

אָבער דאָס, וואָס מיך האָט אמייערסטן אינטערע־סירט אין שאַבאַנס לעבנס־וועג איז דאָס, וואָס ער אַליין האָט ממש אָפּגעשאַפט אַן איינרעדעניש, אַז „געלט מאַכט קאַליע אַ מענטשן".

ביי שאַבאַנען קומט עס אויס פונקט פאַרקערט: צוזאַמען מיט זיין מאַטעריעלן אויפשטייג דער־הויבט ער זיך מיט זיינע גייסטיקע סגולות. וואָס רייכער ער ווערט — אַלץ מער טראַכט ער דערוועגן „ווי שלעכט עס איז צו זיין אָרעם"...

פון יענעם לעבנס־פּעריאָד שטאַמט טאַקע זיין בוך „היימלאָזע טעג".

זיין נויט און אָרעמקייט האָט ער נאָך ביז פאַר־געסן. אויפן האַרצן ליגט אים נאָך אַ שווערער שטיין, וואָס האָט געפּרעסט אַ מאָל זיין לעבן. ער געדענקט עס ווי היינט. זיין קינד איז געווען

קראַנק און מען האָט עס אפשר נאָך געקענט ראַטעווען, אָבער דער טאַטע שאַבאַן איז געווען אַזוי אָרעם, אַז ער האָט נישט פאַרמאָגט אויף אַ דאָקטאָר. דעריבער ציטערט היינט שאַבאַן דער גביר, ביים געדאַנק, טאָמער איז פאַראַן ערגעץ־ווו אַ יידישער טאַטע, וואָס קאָן געפּרוווט ווערן מיט דעם זעלבן ביטערן טעם — און דעריבער גיט ער ביד רחבה פאַר דער מעדיצין־אינסטיטוציע פון „אָזע״. נישט נאָר ער איז יוצא מיטן געבן געלט, נייערט ער איז אויך די נשמה פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, יאָרן־לאַנג איז ער געשטאַנען בראש פון איר וועלט־עקזעקוטיווע, געווען פּרעזידענט פון „אָזע־וועלט־פאַרבאַנד.

געוווינט לאַנג איז די רשימה פון די אינסטיטוציעס ווו שאַבאַן איז טעטיק, און פאַרשטייט זיך אַז אומעטום איז ער דער אָנהויבער, דער איניציאַטאָר, אָבער דער יחיד ווערט ביי אים נישט דערטרונקען אינעם ים פון רבים. תמיד זעט ער דעם מענטש. טאָקע דער יחיד, וואָס איז אַ שפּאָר ביסל באַ׳עוולט געוואָרן פון גורל אָדער פון דער געזעלשאַפט — אָט דער מענטש אינטערעסירט אים. דעם וואָלט ער וועלן אויפהויבן, דערמוטיקן. פּרוווט אַ גריבל טאָן אין זיין נשמה, וועט איר זען, ווי ביי שאַבאַנען איז אַ מענטש — מלכות! און ווער שמועסט נאָך ווען עס האַנדלט זיך וועגן מלכות יידיש?!

שאַבאַן גייט אָן אַלס אומפּאַרטייאישער. אָפיציעל געהערט ער ניט צו קיין שום פּאַרטיי, אָבער ווי מיר איז געלונגען פעסטצושטעלן, איז ער יאָ אַ פּאַרטיי־מאַן. זיין פּאַרטיי איז אפשר ניט אַזאַ פּאָפּולערע, וועלכע די צייטונגען זאָלן טאָג־איין טאָג־אויס דערמאָנען, אָבער ער אַליין, שאַבאַן, איז זיין גאַנץ לעבן אַ פּאַרקאָכטער פּאַרטיי־מאַן פון: „ואהבת לרעך כמוך״.

קאָנט איר די פּאַרטיי?

מיט אַן איינגעוואָרצלטער מתן־בסתר׳דיקער באַשיידנקייט, איז ער תמיד מסירות־נפש׳דיק גרייט צו דערלאַנגען אַ האַנט אַ „זינקענדיקן״, אַן „אויסגעגליטשטן״, צו סתם אַ בכבוד׳דיקן נצרך. נאָך מער זענען באַקאַנט זיינע סענטימענטן צו שרייבער און קינסטלער.

און מיר דוכט זיך, אַז פּונקט ווי אין דער ליטעראַטור דערקענט מען דעם אמת׳ן קינסטלער דורך דין־דינע שטריכן, אַזוי אינעם לעבן דערקענט מען דעם פיינפילנדיקן מענטשן דורך פאַרבייגייענדיקע עפּיזאָדן.

לאָמיר כאָטש עטלעכע דערמאָנען:

אַ תושב פון ישראל, אַ מעדיקער האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן יידן אין ליטע. זייער פיין אָנגעשריבן. גוט אָנגעשריבן! פאַר וועמען־נאָר ער האָט פאָרגעלייענט זיין כתב יד האָט מען אים דערפאַר געלויבט. אָבער עד כאן! אויף העלפן אַרויסגעבן דאָס בוך איז קיין בעלן ניט געווען. ווייזט אויס, אַז ביי ביכער מוז אויך זיין דאָס קאַפּעטשקע מזל. מאַכט זיך אַזוי, אַז שאַבאַן דערוויסט זיך וועגן דעם בוך און זיין תשובה איז געווען צום מחבר: „טו דיין מלאכה, פאַרענדיק דאָס בוך און איך וועל טאָן דאָס מייניקע און עס אַרויסגעבן״.

אַ צווייטער פאַקט:

פּדיון שבויים איז ביי יידן אַ וואַזשנע מצוה, אָבער אויף עסן אין סוכה איז פאַראַן מער בעלנים...

טרעפט אַ מעשה, אַז אַ יאָהאַנעסבורגער יידישער סוחר האַנדלט און וואַנדלט אַזוי לאַנג ביז... ביז די בעל חובות זעצן אים אַריין אין תפיסה.

— ווען איך בין געווען פריי, — דערציילט דער סוחר — האָב איך געהאַט מאה ידידים, אָבער ווי נאָר כ׳בין „געזונקען״ האָבן זיך אַלע פון מיר אָפּגעטרייסלט. דער איינציקער, וואָס האָט מסירות־נפש׳דיק געווירקט מיך צו באַפרייען פון געפענגעניש איז געווען — אַבעל שאַבאַן!

לויט שאַבאַנען קומט אויס, אַז דער געזעלשאַפטלעכער גרונט־קאַפּיטאַל, איז די חשיבות פון יחיד. דאָס איז זיין גייסטיקע שיטה. ביי זיינע אַלע ביזנעס און אונטערנעמונגען שיילט זיך תמיד אַרויס זיין טרוימערישע נאַטור. יאָ! זיין געמיט איז טרוימעריש. היינריך היינעס ווערטער — „אונטער יעדן בערגל ערד, ווו ס׳איז פאַרשאָטן אַ מענטש, ליגט באַגראָבן אַ וועלט־געשיכטע״ זענען אפשר אויף שאַבאַנען מער משפיע, ווי די בירזשעס פון יאָהאַנעסבורג.

און אַזעלכער וועט ער שוין בלייבן — אַבעל שאַבאַן דער פאָלקס־מענטש, דער ליבהאָבער פון יידיש און פון יידישן שטייגער־לעבן.

לאָמיר אים ווינטשן לאַנגע-לאַנגע גוטע יאָרן אויף זיין לעבנס וועג.

## יוסף דעלי / מאָנטעווידעאָ

ביי זיין ערשטן באַזוך אינעם לאַנד האָט זיך ה׳ יוסף דעלי רעפּרעזענטירט מיט א קולטורעל משפחהלע, מיט זיין פרוי א דאָקטער מעדיצין און טאָכטער א סטודענטין פון אַטאָם־פיזיק. דאָס



יוסף און ד״ר דעלי מיט זייער טאָכטער

קולטורעלע משפחהלע רעדט מאמע לשון און איז באגייסטערט פון מדינת ישראל.

ה׳ יוסף דעלי האָט זיך פאַרנומען מיט אינוועסטיציעס פאר ישראל. אויף דעם געביט האָט ער צווישן די אורוגווייער יידן געטאָן אַ גרויסע אַרבעט. ער איז אויך דירעקטאָר פון דער תל־אביבער Israel Development and Mortgage Bank

מר יוסף דעלי איז געבוירן אין בוענאס איירעס. זיינע עלטערן האָבן אָפּגעשטאַמט פון בעסעראביע. ער האט באקומען א יידיש־נאציאָנאלע דערציאונג און גלייכצייטיק העכערע בילדונג. פון זיין פאָטערס הויז האט ער איינגעזאפט אין זיך א ליבע צום יידישן פאלק און א בענקשאפט צו ציון. זינט ער האט זיך באזעצט אין מאטעווידעאָ איז ער טעטיק אין די פונדאציעס פאר ישראל. במשך פיר יאָר איז ער געווען דער פרעזידענט פון די „באָנדס״. ער מאכט א גוטן איינדרוק מיט זיין רואיקער נאַטור און דזשענטלמענישע מאניערן.

אורוגוויי גייט אָן פאַרן שטילסטן לאַנד אין דרום אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. אויך דער יידישער ישוב לעבט דאָרט אַ סך רואיקער ווי אין די גרויסע שכנותדיקע לענדער — בראַזיל און אַרגענטינע. פון דעסט וועגן קלאַפּט דאָרט אַ יידיש לעבן. אין דער הויפּט־שטאָט דערשיינען עטלעכע יידישע צייטונגען, און יידישע שולן ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה. אין ישראל איז שוין פאַראַן אן אנזעעוודיקע קאָלאָניע פון אורוגווייער יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין לאַנד נאָך דער אַנטשטייאונג פן דער מדינה. דעם רוב אורוגווייער טוריסטן „געפעלט ישראל פון ערשטן אויגנבליק״. קלימאַטיש און אפשר אויך עקאָנאָמיש איז ישראל צוגעפּאַסט צו די דאָרטיקע לעבנסבאדינגונגען.

אויך אויף דער משפחה דעלי האָט דאָס לאַנד געמאַכט אַ רושם פון ערשטן מאָמענט אָן.

איבערראשט און דערפרייט פונעם אקטיוון און אינטערעסאנטן לעבן, וואס גייט אָן אין לאַנד, זאָגט צו אונדז דער ה׳ גאסט:

— איך בין געקומען קיין ישראל נאך א רייזע איבער איראָפּע. אָבער תל־אביב האט אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק פון א גרויסארטיקער שטאָט. מיר האָבן געמאַכט אויספלוגן איבערן גאנצן לאנד.. איך און מיין פרוי זענען פארליבט אין לאנד. מיין פרוי ד״ר פערלא דעלי פראקטיצירט אלס קינדער־דאָקטערין — די ערשטע יידישע קינדער־דאָקטערין אין מאָנטעווידעאָ. אויך זי האט זיך פאראינטערעסירט צו זעען וואס ס׳הערט זיך אין איר פראפעסיע אינעם לאנד — און איז ממש ענטציקט. מיר זענען אויך געווען אין וויצמאַן אינסטיטוט מיר האבן געזען א גרויסארטיקע יידיש שטודירנדיקע יוגנט אין העכערע בילדונגס אנשטאלטן. עס איז פאר א יידן א גרויסע פרייד און א גרויסער זכות דאס אלץ צו זעען!

— ווי זעט אויס אייער יידישע יוגנט?

— אונדזער יידישע יוגנט, כאטש זי רעדט שפּאַניש איז זי וואס א מאל מער צוגעבונדן צו ישראל. איך גלויב, אז ס׳וועט א מאל זיין א גרויסע עליה פון דער יוגנט קיין ישראל.

## לואי ליפשיץ / יאהאנעסבורג

**א**פריקע!

אַ צויבער-וואָרט אין די איצטיקע טעג.

עס דערוואַכט דער אפריקאַנער שוואַרצער לייב... און אין יענעם דרומדיקן וועלט-ווינקל, האָבן מיר



דאָך אַ גרויס פאַרמעג — דעם אפריקאַנער יידישן ישוב.

געשעעט טאַקע אָפט ביי אונדז, אז איטלעך מאָל, ווען דער שוואַרצער לייב שטעקט אַרויס דעם קאָפּ און גיט אַ ברום, גיבן מיר אַ ציטער. איז קיין חידוש נישט, אז ווען מיר באַגעגענען דאָ אַ יידן פון דרום־אַפריקע, איז די ערשטע פראַגע: וואָס הערט זיך?

און אונטערן „וואָס הערט זיך?" ליגט שוין אַן אַנדערע פראַגע, פון וועלכער מען רעדט נישט, אָדער מיר פארמיידטן וועגן איר צו ריידן.

זיצט אַנטקעגן מיר איינער פון די טייערע האַר־ציקע יידן מר לואי ליפשיץ אַ פּערזענלעכקייט מיט אַ געזעלשאפטלעכן סטאַזש ער באַרואיקט מיך:

— אין דרום אפריקע עקסיסטירט נישט קיין יידן פראַגע;

איך שעם זיך נישט אים צו זאָגן, מיט וואָס פאַרא כוונה איך האָב די פראַגע געשטעלט, ווייל דאָ אין אונדזער פרעסע מערן זיך די ארטיקלען וועגן גורל פון די יידן אין דרום אפריקע. דער חשובער עסקן באַרואיקט מיך:

— שרעקט זיך נישט, עס וועט גאָר נישט פּאַסירן!

איך דערפיל אַ הייטערקייט. גוט צו הערן אַ גוטע בשורה. מיין שטימונג, ווערט אַ יום טובדיקע, כאָטש זי דאַרף זיין אַ ימים-נוראימדיקע.

מיט מר לואי ליפשיץ האָב איך זיך באַגעגנט מיט 5 יאָר צוריק, בעת זיין ערשטן באַזוך אין תל אביב. זיינע אויגן האָבן דאַמאָלט געקוקט אויפן לאַנד, ווי אויף אַ שטיק וווּנדער. איצטער האָב איך באַמערקט, ווי ער פארשטייט דעם סוד פון דעם וווּנדער. ער האָט זיך דערגרונטעוועט צום מקור פון אונדזער וויטאַליטעט און ער פילט די זיכערע טראַט פון אַ יידן אויפן ישראל-באָדן.

לואי ליפשיץ געהערט צו די יידן, וואָס זענען מקורב צום אלט-יידישן קוואַל מיט אַלע זיינע זאַפטן. געבאָרן אין שטעטל יאַנישאָק, ליטע, לערנט ער צוערשט אין חדר און דערנאָך אין אַ שול. שוין אין זיין פריסטער יוגנט שטויסט ער זיך אָן אויף אַ האַרטן לעבן. אלס צוואַנציק-יאָריקער בחור פאַרלאָזט ער זיין שטעטל און קומט אין יאָהאַנעסבורג. ביי זיין מאַטעריעלן אויפשטייג, וואָס קומט נאָך פיל יאָרן הארעוואַניע — ווידמעט ער זיך דער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. היינט צו טאָג געפינט זיך מר ליפשיץ אין רעכטן ברעג פון זיין פארצווייגטער און פרוכטבאַרער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט, דער עיקר לטובת מדינת ישראל.

ער איז דער ערן פרעזידענט פון „אָרט-אזע" אין דרום־אַפריקע, עקזעקוטיוו-מיטגליד פון באָארד אָף דעפיוטיס, וויצע פאַרזיצער פון דער מגבית. געוועזן אויך א פּרעזידיום-מיטגליד פון דער חברה, וואָס האָט געבויט אשקלון און ער איז אויך טעטיק אין אַנדערע אינסטיטוציעס.

אָבער זיין אַנטייל אין געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס דרוקט זיך נישט אויס אין די האנאראווע

טיטולן — נייערט אין מיפּולער פּראַקטישער אַרבעט.

ער איז דער איש מעשה מיט א רעאַלער צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אים לאַקט נישט דער גלאַנץ פון לאָזונגען. ער האָט האָלד פּראַקטישע מסקנות. צו זיין זכות געהערט דאָס אנטשטיין און אנטוויקלען פון א סך יידיש סאָציאַלע און קולטו-רעלע אינסטיטוציעס אינעם יידישן יאָהאַנעסבורג.

פאַראַן ביי אים אַ טיפער גלויבן אין יידישן לעבן. אין כל-ישראלישער סאָלידאַריטעט, ער איז טיף איבערצייגט, אז מיט ציון זענען פאַרבונדן אַלע יידן, אַפילו די, וואָס קומען זיך נישט באַזעצן אין דער יידישער מדינה.

מיר האָבן מיט דעם חשובן עסקן פאַרפירט אַ געשפּרעך:

— וואָס געדענקט איר נאָך פון אייער אַלטער היים, פון אייער שטעטל?

— מיין מאַמע! און אַ מאַמע האָב איך געהאַט, וועלכע האָט געקענט ריידן צום האַרצן. געווען איז דאָס, ווען כ'האָב זיך געזעגנט מיט מיין מאַמען ע"ה ביים פאַרלאָזן די היים. זאָגט מיין מאַמע צו מיר: „נעם דאָס מיט, מיין קינד!" — און זי דערלאַנגט מיר דריי זאַכן: אַ קליין בערשטעלע צו פוצן די נעגל פון די הענט, אַ רוסישע 20-קאָפּיקע מטבע, פון וועלכער דער צאַרישער אָדלער איז געווען אויסגעשניטן, און אַ הערצל-בילד.

— „נעם דאָס מיט מיין קינד!" — זאָגט די מאַמע.

— איר שטימע איז געוואָרן נאָך ווייכער און אַ טרער האָט אַ גלאַנץ געטאָן אין אירע אויגן:

— אָט די מטבע האָט אויסגעזעגט דיין פאָטער ז"ל מיט זיינע הענט. זאָל דיר דאָס זאָגן, אַז דו זאָלסט צוגעוווינען דיינע הענט צו אַרבעט, וועט דיר קיינמאָל נישט שלעכט זיין.

— דאָס בערשטעלע?

— אַז דו וועסט האַלטן ריין דיינע הענט, וועט דיין לעבנס-וועג אויך זיין קריסטאַל ריין און דו וועסט געפינען דאָס וואָס דו באַגערסט.

— און דאָס הערצל בילד?

— דו, מיין קינד, ווילסט געפינען אַ דערלייזונג אין אַ מאַן מיט אַ באָרד... (געמיינט — קאַרל מאַרקס), אָבער יענער איז נישט פאַרבונדן מיט דיר, ער וועט דיר קיינמאָל נישט קענען העלפן. פון אים דאַרפסטו, אַלס ייד קיין גאולה נישט דער-וואַרטן, אָבער אָט די באָרד אויפן הערצל-מעדאַליאָן וועט דיך אין דיין לעבן באַגלייטן. פון זיינע אידעען האָסטו וואָס צו דערוואַרטן!

אָט דעם פאַרמעג האָט מיר מיין מאַמע מיטגע-געבן און איך היט אים אָפּ ביזן היינטיקן טאָג.

— ווי זעט אויס דאָס יידישע לעבן אין דרום אפריקע?

— דאָס יידיש-געזעלשאפטלעכע לעבן אין דרום אפריקע איז ברוויזנדיק. עס האָט זיך איצטער אנטוויקלט דער העברעישער שול-וועזן. עס אנט-שטייען ווייטגייענדיקע פּלענער פאַר נאַציאָנאַל חנוך און צוזאַמען דערמיט ווערט געזאָרגט צו שאַפן די גרויסע געלט סומען פאַר די צוועקן. איך וואָלט געזאָגט, אז אונדזער ישוב אָטעמט מיט ישראל-לופט...

— וואָס ציט אייער אויפמערקזאַמקייט דאָ אינעם לאַנד?

— איך און מיין פרוי האָבן גערעדט מיט אַ סך נייע עולים. מאַנכע צופרידענע, אַנדערע ווידער, וואָס ראַנגלען זיך נאָך מיט די קליטה-שוועריקייטן, אָבער ווען מיר האָבן זיי געפרעגט: „אפשר וואָלט איר גאָר פאַרלאָזט דאָס לאַנד?" — האָבן אפילו די אומצופרידענע דעצידירט געענטפערט: — „וואָס הייסט פאַרלאָזן דאָס לאַנד? מיר זענען דאָך אין אונדזער היים, טאָ וווהין וועלן מיר גיין?" אָט דאָס כאַראַקטעריסטישע, וואָס איך האָב איצטער באַ-מערקט, בעת מיין באַזוך מיט 5 יאָר צוריק איז עס גאָר אַנדערש געווען...

— וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק פונעם לאַנד?

— דער גרינער נגב! ווען מיר האָבן דאָס מאָל באַזוכט דעם נגב, האָבן מיר שוין געזען גרויסע גרינע לאַנקעס. שטיקער באָדן, וואָס זענען נאָך מיט 5 יאָר צוריק געווען באַדעקט מיט ברוינלעכע זאַמדן — זענען דורך דער צייט פאַרוואַנדלט גע-וואָרן אין א גרינעם טעפּיך, אָט דאָס איז מיין שטאַרקסטער איינדרוק.

מר לואי ליפשיץ מיט זיין פרוי אידאַ זענען דאָ וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דער מגבית-דירעקציע אין ירושלים, „אָרט", און „אזע" דירעק-ציעס און אַ ריי רעגירונגס פערזענלעכקייטן.

## בנימין גורסקי / ברוקלין, נ. י.

„איך האָב מיין גאַנץ לעבן געשטרעבט צו זעען דעם צוויי-טויזנט יעריקן חלום פון אַ ייִדישער מדינה, און איצט בין איך צום ערשטן מאָל אין מדינת ישראל" — זאָגט מר. בנימין גורסקי.

געבוירן אין שטעטל דאַבזשין, לעבן פּלאָצק (פּוילן) ביי רעליגיעזע עלטערן, לערנט ער אין חדר. ווי נאָר ער איז אונטערגעוואַקסן, געפעלט אים נישט דאָס לעבן אין פּוילן און אין 1913 פאָרט ער אין אַמעריקע. ער נעמט מיט די טראַדיציע פון דער אַלטער היים. זיינס אַ פעטער פּייוויש ליפּקין ז"ל איז געווען פון די ערשטע חובבי ציון און אַ דע-לעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס.

מר. גורסקי אַרבעט זיין גאַנץ לעבן פאַר ארץ ישראל. מיטן אַנטשטיין פון דער מדינה ווערט זיין טעטיקייט נאָך מער פאַרשטאַרקט. ער איז אַקטיוו טעטיק אין „פאַראייניקטן קאַמפּיין" און אין פאַר-שידענע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס. ער איז אויך אַ Life Member of Flatbush Zionist Organization of America.

ביי זיין איצטיקן באַזוך האָט מר. גורסקי מיט-געבראַכט זיין פרוי און צוויי טעכטער, אַז זיי זאָלן אויך זעען דאָס לאַנד.

וועלכע זענען אייערע איינדרוקן ?

— מיין שטאַרקסטער איינדרוק איז, אַז די אַלטע חורבות ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערן לאַנד, פול מיט לעבן. איך האָב אויך געזען גרויסע אינ-סטיטוציעס, וואָס טאָן זייער נוצלעכע אַרבעט, ווי „הדסה" און אַנדערע. איך בין אָבער אַ ביסל אַנ-טוישט וועגן גייסטיק-רעליגיעזן מהות. למשל: איך בין געווען אין אַ גרויסן קיבוץ, פרעג איך: „האָט איר אַ בית כנסת ?" — ניין! קיין מקום לתפילה איז אין קיבוץ נישטאָ, נאָר ווער ס'וויל דאַווענען שטערט מען אים נישט...

אָבער איך מוז זאָגן, אַז אַט-אָ די רעפלעקסן ווערן צעשווימען, ווען מען פאָרט אַרויס פון תל אביב און מען זעט דעם גרויסן פאַרנעם, מיט וועלכן דאָס לאַנד בויט זיך, און וואָס פאַרע שיינע ווערק עס ווערן געשאַפן. דאָס לייגט אַרויף אַ נייעם לאַסט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט מיטצוהעלפן אויפ-בויען מדינת ישראל.

## שמעון קאַמיסאַר / מילוואָקי

שוין אין יאָר 1933 האָט מר. שמעון קאַמיסאַר צוזאַמען מיט זיין פרוי רחל באַזוכט ארץ ישראל און אויפגענומען געוואָרן דורך חברים פון דער הסתדרות. דער ציל פון זיין באַזוך איז געווען צו זעען אויב דאָס ייִדישע לאַנד בויט זיך, און העלפן עס בויען.

היינט, מיט 30 יאָר שפּעטער וווינט מיסטער און מיסיס קאַמיסאַר'ס אַ טאָכטער מיט אירע קינדער אין תל אביב, און זייערע אייניקלעך רעדן אַ פּלי-סיקן עברית.

זע נאָר זיידע — זאָגט צו אים דאָס ייִנגסטע אייניקל — וויפל שיפן ס'זענען דאָ היינט ביים ברעג ים ?

נו, וואָס פאַר אַ נייעס איז דאָס, האָסטו נאָך נישט געזען שיפן ?

אָבער זיידע, דאָס זענען דאָך אונדזערע שיפן!...

אַ חוץ זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער הסתד-רות, „אמפּל" און אַנדערע אינסטיטוציעס — שטייגט אָבער איבער דער פאַקט, וואָס מר. קאַמיסאַר האָט געזאָרגט דערפאַר זיינע אייניקלעך זאָלן דערצויגן ווערן אין תל אביב.

---

## יצחק גלובערמאַן / מאָנטרעאָל

יצחק גלובערמאַן איז אַ ייד וואָס האָט ליב ייִדיש. ער איז אויך אַ פיינער שלום עליכם-רעציטאַטאָר, און דערמאַנט זייער אָפט שלום עליכמ'ס אַ זאָג, אַ ווערטל.

— „ייִדישקייט — זאָגט מר. גלובערמאַן — האָט היינט איבערגענומען ציוניזם. אין תוך זענען אַלע פאַרבינדונגען מיט ישראל אַ רעזולטאַט פונעם צוריקקומען צו ייִדישקייט. פון דאָ קומט די אָנרע-גונג צו טאָן דאָס מאַקסימאַלסטע וואָס מ'קאָן טאָן".

מר. גלובערמאַן איז צענדליקער יאָרן טעטיק אינעם קאַמפּיין פון דער הסתדרות, און אין נאַציאָ-נאַל-קולטורעלע אינסטיטוציעס, און ער איז אויפ-גענומען געוואָרן דורך פאַרשטייער פון ועד הפועל פון הסתדרות אין תל אביב.

# לואיס ראָקאָף / היילענד פּאַרק, ניו־דזשערסי

אין יענע צייטן, ווען זייער ווייניק יידן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט ארץ־ישראל, האָט שוין לואיס ראָקאָף צוגעגרייט דעם באָדן צו ווערן אַ ישראל־תושב. צוזאמען מיט אַ גרופּע פון 40



פאַמיליעס האָט ער אין 1929 געקויפט באָדן אינעם געגענט, וווּ ס׳געפינט זיך היינט דער קיבוץ נען. אין 1935 קומט ער צופאָרן אין לאַנד אַריין להשתקע. מען הויבט אָן פלאַנצן פרדסים, צוגרייטן דעם באָדן אָבער... דער חסרון איז געווען וואָס ער איז געקומען אַביסל צו פרי.... עס פעלן אויס פינאַנציעלע מיטלען. קיינער וויל נישט שטיצן פריוואַטע איניציאַטיוו און נאָך אַ יאָר אָנשטרענגונגען פאַרלאָזט ער דאָס לאַנד און פאָרט צוריק קיין אַמעריקע

אין אַמעריקע שיינט אויף דאָס מזל. לואיס ראָקאָף ווערט אַ גרויסער פּראָדוצירער פון מילך־פּראָדוקטן. עס גייט אים גוט, אָבער ער טראָגט זיך נאָך אַלץ אַרום מיט געדאַנקען צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. זיין נחלה פאַרקויפט ער נישט.

ווי איינער פון די פלאָם־פּייערדיקע ציוניסטן אַרבעט ער פאַר ארץ־ישראל זיין גאַנץ לעבן. נישטאָ קיין פונדאַציע פאַר ישראל, אין וועלכער ער זאָל זיך נישט מיטבאַטייליקן. ער אַרבעט מיט אין קרן היסוד און אין די „באָנדס”, זינט זיי זענען געגרינדעט געוואָרן. אַ ייד „אַ מיליאָנער” — מיר מיינען דערמיט צו זאָגן, אַז ער האָט שוין פאַרקויפט פאַר צוויי מיליאָן ישראל־באָנדס. מיסטער ראָקאָף איז אויך אַ מיטגליד אין דער יידישער קהילה.

The Jewish Community of New Brunswick Highland Park, South River N.J.

ווען מען רעדט מיט מר. ראָקאָף, פילט מען נאָך דעם יוגנט ברען פון אַ חלום, וואָס האָט זיך געריסן אין יידישן לאַנד אַריין. ערשט איצט, ווען ער איז שוין מיט צוויי דורות, קינדער און אייניקלעך פאַרוואָרצלט אין אַמעריקע, האָט ער ערשט באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם פּרדס זיינעם פון 24 דונאם און דעם שטח אַקער־באָדן אין ישראל.

ער קומט נישט בלויז אָפּ מיט אַליין קומען באַזוכן דאָס לאַנד און ברענגט אויך אַהער זיינע קינדער.

— מיינע קינדער — זאָגט מר. ראָקאָף — זענען אַנטציקט פונעם לאַנד. ווען איך בין דאָ אַהערגעקומען זיך באַזעצן, איז נאָך געווען — „והארץ היתה תהו ובוהו” (דאָס לאַנד איז נאָך געווען פּוסט און וויסט). איצטער איז דאָ געשאַפן געוואָרן אַ נייַ לעבן. מען זעט אויף טריט און שריט דעם גרויסן אויפבוי פּראָצעס. עס איז דאָ געבוירן געוואָרן אַ יידישע וועלט! אַ נייער טיפּ ייד האָט זיך באַוויזן. דער מענטש אין ישראל האָט זיך פאַרוואָרצלט אינעם באָדן. ווען כ׳בין דאָ געווען אין 1952 האָב איך נאָך געטראָפן אַ סך אומצופרידענע. מענטשן מיט אַ סך טענות. איצטער האָט זיך דאָס בילד געביטן. אפילו ווען ס׳האָט ווער עפּעס אַ טענה, איז זי נישט אַזוי ביטער ווי מיט 10 יאָר צוריק.... די אַטמאָספער איז אַ געזונטע.

מר. ראָקאָף מיט זיין פרוי ראָזע זענען דאָ וואָרעם אויפגענומען געוואָרן דורך די באָנדס־דירעקציע אין ירושלים, תל־אביב און דורך פריינט.

# יוסף און מאַלי וואַסער / ניו יאָרק

יוסף און מאַלי וואַסער באַזוכן דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל. יוסף איז געקומען צו זיין ברודער זלמן, וועמען ער האָט שוין נישט געזען 40 יאָר.

מר וואַסער שטאַמט פון לודמיר (וולאָדזימיערש וואָלינסקי). ווי נאָר כ'האָב אים דערזען האָט זיך מיר דערמאָנט די גוטהאַרציקייט און וואַרעמקייט מיט וועלכער מען פלעגט אויפנעמען געסט אין וואָלינער יידישע שטובן. יוסף וואַסער טראָגט מיט זיך די אייגנאַרטיקייט און פאָלקסטימלעכקייט פון די לודמירער יידן זיין שפּראַך איז אַ זאַפטיקער וואָלינער־יידיש, וועלכן דער אַמעריקאַנער „שמעלץ טאָפּ" האָט מיט גאָרנישט אָנגערירט...



**Mr. & Mrs. Yoe Wasser**

באַלד ביים אָנקומען אין לאַנד האָט דעם גאַסט באַגעגנט אַ גרויסע פרייד. נאָך אַ „שטיקעלע צייט" פון 40 יאָר האָט מר. וואַסער דאָ זיך געזען מיט זיין אייגענעם ברודער, וועלכער וווינט אין תל אביב, געפינענדיק זיך אין זיין ברידערס שטוב, איז אַלץ אַרום אים געוואָרן נאָך מער נעענטער און ליבער. ער האָט זיך דערפילט ווי אין זיין אייגענער היים. די יידישע גאַס איז קיינמאָל נישט אַזוי שיין געווען אין זיינע אויגן, ווי איצטער אין תל-אביב...

ארומגערינגלט מיט אַ ברייטן קרייז פון לאַנדסלייט און פריינד, די שארית הפליטה פון לודמיר — האָבן אָבער די געסט באַוויזן צו באַזוכן די וויכטיקסטע געגנדן פונעם לאַנד. באַגייסטערט פונעם אויפבוי־ווערק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער קורצער עקסיסטענץ־צייט פון מדינת ישראל — זאָגט צו מיר מר. וואַסער:

— כאָטש כ'וווין 40 יאָר אין אמעריקע — פון דעסט וועגן, ווען מיין פרוי זאָל מסכים זיין, וואָלטן מיר זיך באַזעצט אין ישראל.

מר. וואַסער און זיין פרוי מאַלי זענען באַקאַנט אַלס אינטענסיווע און אַקטיווע עסקנים אין דער לודמירער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו יאָרק. זיין טעטיקייט אין דער לאַנדסמאַנשאַפט הויבט זיך אָן מיטן מאָמענט ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע. בעת דער לעצטער וועלט-מלחמה האָט די לודמירער לאַנדסמאַנשאַפט אַנטוויקלט גרויסע הילפסאַקציע פאַר דער שארית הפליטה און דערגרייכט אין אַלע וועלט־ווינקלען, ווו ס'איז נאָר מעגלעך געווען אריינצודרינגען. אויך היינט צו טאָג איז די לודמירער לאַנדסמאַנשאַפט באַקאַנט מיט איר ברידערלעכער הילף וואָס זי דערלאַנגט אירע לאַנדסלייט, נייע אימיגראַנטן, דער עיקר צו די, וואָס נויטיקן זיך דערין אין ישראל.

אין די יאָרן 1953—55 איז מר. וואַסער געווען דער פּאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, און היינט צו טאָג איז ער איר פינאַנס־סעקרעטאַר.

אויך מיסיס וואַסער איז טעטיק אין די „לודמירער פרויען אַסאָסייטי", וואָס איז פאַרבונדן מיטן ארגון יוצאי לודמיר אין ישראל. די לודמירער מענער און פרויען אָרגאַניזאַציעס פון ניו יאָרק האָבן מיטגעהאָלפן אויפבויען אַ קליניק (מרפאה) אין אשדוד ים און אַ צימער פאַר טיפּת חלב אין הרצליה. ווי עס גייען אַרום קלאַנגען, טראַכטן די לודמירער אין אַמעריקע אויפשטעלן אַ הויז, וואָס זאָל זיין אַ היים פאַר די לודמירער אין ישראל.

פאַר די חשובע געסט האָט די לודמירער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל איינגעאָרדנט אַן אימפּאָזאַנטן באַנקעט, אין וועלכן עס האָבן זיך אויך באַטייליקט חברים פון ועד הפועל פון הסתדרות.

מאַרי שטערן, דער טשערמאַן פון יוניטעד דזשויאיש אפּיל אין ניאַק איז נישט קיין געוויינלעכער טוריסט, וואָס זעט נאָר אויבנאויפיק. זיין בליק איז אַ דורכדרינגלעכער און ביים זען זאַכן פּרוווט ער זיך



דערגרונטעווען אין תוך אריין. ער האָט ליב די יידישע מדינה און פרייד זיך מיט אירע דערגרייכונגען, אָבער אָן דער לאָגישער אַנאַליז קאָן ער זיך נישט באַגיין. ערשט ווען ער באַטראַכט די באַדייטונג פון זאַכן און פּראָבלעמען, זאָגט ער ארויס אַ מיינונג און ציט דערפון אַרויס מסקנות.

— די נייע קוואַרטאַלן, וואָס ווערן איצטער אויסגעבויט אין די שטעט פון ישראל — זאָגט מר. שטערן זענען אפילו שענער ווי אין מיאַמי. איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין ישראל באַנוצט מען זיך מיט דער מאָדערנסטער אַרכיטעקטור און טעכנישע מאַשינען. עס אימפּאָנירט דאָס, וואָס אין אַזאַ קליין לאַנד בויט מען נישט ערגערע בנינים ווי אין אַ רייך לאַנד — אַמעריקע. איך פאַרשטיי דאָס, וואָס עס מיינט געמען אַ וויסט פעלד פון שטיינער און עס איבעראַרבעטן אין אַ בליענדיקן וווינונגס־קוואַרטאַל.

— ווי אַן עסקן פאַר ישראל ווי האָט איר זיך פאָרגעשטעלט זעט אויס די יידישע מדינה?

— מיין איינדרוק איז אַ בעסערער ווי כ׳האָב מיר פאָרגעשטעלט. כ׳בין צוויי וואָכן ארומגעפאָרן איבערן לאַנד. געווען אין נגב, באר שבע, געזען די העברעישע אוניווערסיטעט, באַזוכט פאַך־שולן, וווּ מ׳לערנט די קינדער אַ מלאָכה. אז אַ מענטש זעט דאָס אַלץ נישט מיט אייגענע אויגן, קאָן מען רעדן צו אים פון היינט ביז מאָרגן, און ער וועט נישט האָבן קיין באַגריף פון בויענדיקן זיך ישראל. ווען גרעסערע מאַסן אמעריקאַנער יידן וואָלטן דאָס אַלץ געזען, וואָלט מען געקאָנט באַקומען אַ סך מער געלט פאַר ישראל.

— און ווי פילט איר זיך אינעם לאַנד?

— איך פיל זיך גוט און באַגעגן זיך אויף טריט און שריט מיט אַ פריינדלעכער באַציאונג. באַזונדערס האָב איך אַ סך נחת פון די גוט־אנטוויקלטע קינדער פון ישראל.

צוריקקומענדיק פון אַ רייזע איבערן נגב האָט מר. שטערן טרעפלעך באַמערקט:

— דאָס גרעסטע וואונדער, וואָס כ׳האָב געזען אין נגב זענען די וואַסער־רערן, וואָס שלענגלען זיך איבער באַרג און טאָל. הונדערטער קילאָמעטער ווייט, ווו נאָר זיי דערגיין שפּראָצט אויף לעבן. ווערן די הייסע מדבר־זאַמדן פאַרוואַנדלט אין גרינעם באַגראָזטן טעפּיך.

אין זיין באַגייסטערונג ווייזט זיך בולט ארויס דער בעסערער מענטש, וואָס איז בעהאַוונט אין די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אונדזער דור. די פרייד פונעם קולטור־מענטשן, ווען ער זעט, ווי ציוויליזאַציע באַזיגט דעם מדבר און פאַרוואַנדלט אים אין פּראָדוקטיוון ישוב. פון מיין לענגערן שמועס האָב איך ארויסגענומען און דערפילט אז מר. שטערן איז פון יענע פיינע מענטשלעכע גייסטער פון אונדזער צייט, וואָס האָבן פרייד ווען מענטש דערהויבט זיך.

# דוד שרייבער / ניו-יאָרק

דעם גייסטיקן פאַרמעגן פון טראַדיציאָנעלער יידיש-קייט האָט דוד שרייבער איבערגענומען פון זיינע עלטערן, און דער דורות־לאַנגער יחוס־קייט פון חסידישע יידן, סופרים, וואָס האָבן געשריבן ספרי



Mr. & Mrs. David Schreiber

תורות.

זיין געבוירן־לאַנד בעסעראַביע האָט ער פאַרלאָזט מיט 50 יאָר צוריק, און ווי נאָר ער האָט זיך אַ ביסל געשטעלט אויף די פוס אין אַמעריקע, האָט ער אָנגעהויבן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. פון יאָר 1920 איז ער טעטיק אין דער „באָטינער בעסעראַביער אָרגאַניזאַציע אין ניו יאָרק". און אין פאַרלויף פון 10 יאָר איז ער געווען איר פּרעזי־דענט. ער איז אויך טעטיק אין דער הילפס-אָרגאַניזאַציע ביי דער דזשויקער לאַנדסמאַנשאַפט. אָט די דזשויקע אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנ-פירונג פון איר פּרעזידענט יחזקאל מילער, האָט געטראָגן אַ סך קאָנסטרוקטיווע הילף צו זייערע לאַנדסלייט אין ישראל. שוין אין 1952 האָבן זיי אָפּגעקויפט ביי דער בוי־פירמע „רסקו" 36 דירות און זיי איבערגעבן צו בעסעראַביע לאַנדסלייט, נייע עולים. אַ גאַנצע ריי הייזער האָבן זיי אויך אויסגעבויט אין חבצלת, לעבן נתניה און די וווינונגען איבערגעגעבן די נייע עולים אויס־צוצאָלן. אויסער דער אַרבעט אין דער לאַנדס־מאַנשאַפט איז מר. שרייבער אויך אַקטיוו אין אינ־סטיטוציעס, וואָס העלפן מדינת ישראל. פון 1953 אַרבעט ער אין די „ישראל באָנדס". ער אַליין קויפט, און פאַרקויפט מיט גרויס דערפאָלג „באָנדס" צווישן זיינע פריינד.

איך פרעג דעם גאַסט: וואָס פאַרע זכרונות האָבן זיך ביי אייך איינגעקריצט פון אייער איצטיקן באַזוך אין לאַנד?

— כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן — זאָגט מר. שרייבער — דעם י ד ו ש ם. כ'וועל נישט פאַרגעסן דעם ה ר ה ר צ ל און אוודאי נישט די אויפנאַמע וואָס איך און מיין פרוי טאַבע האָבן געהאַט ביים מדינה פרעזידענט מר. יצחק בן צבי. עס קלינגען נאָך מיר אין די אויערן די ווערטער פון ליבן ישראל־פרעזידענט: „פאַרגעסט נישט אַז מיר זענען שותפים. איצט איז דער הימל און די ערד אונדזערע!".

— ווי זעט ביי אייך אויס דאָס לאַנד?

— כ'האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט צו טרעפן דאָס לאַנד אַזוי שיין ווי ס'איז. קומענדיק אין ישראל און זעענדיק דאָס לעבן בין איך אויפגערעגט אויף די „יורדים", וואָס פאַרלאָזן דאָס יידישע לאַנד און לויפן זוכן גליקן אין די אַמעריקעס. מיין מיי-נונג איז, אַז יעדער „יורד" מאַכט אַ פעלער! ער האָט גרויסע אויגן. ער מיינט, אַז דאָרט איז בעסער, און ער וועט מער אויפטאָן. שפּעטער אַי־בערצייגט ער זיך אַז עס האָט נישט געלוינט...

— ווי זעט עס אויס מיט יידישקייט ביי דער יידישער יוגנט אין אַמעריקע?

— די זיידעס־עמיגראַנטן, וואָס זענען געקומען אין אַמעריקע האָבן זיך פאַרנומען מיט אין זאַך — מאַכן געלט! איז טאַקע גוט וואָס זייערע אייניקלעך פאַרנעמען זיך מיט שאַפן אַ יידישע סביבה אויפן יידישן שטייגער. די יידישע יוגנט וואָס גייט אַוועק פון די גרויסע שטעט אין די פאָרשטעטלעך, שאַפט אַ געזעלשאַפט, וואָס שליסט זיך אָן אין אַ שול, טעמפּל און דערמיט וואָרצלט זיך איין א יידיש־קייט, וואָס מען וועט נישט קענען פון זיי אַוועק־נעמען.

מיסיס שרייבער זאָגט, אַז זי איז אנטציקט פון דער ישראל-יוגנט, און די פרויען אין ישראל.

געקומען באַזוכן דאָס לאַנד איז מר. הערי (יחזקאל) איזשביצקי מיט אַ גרופּע פון דער שיקאַגער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. עס איז געווען פּרילינגס-צייט ווען דער מאַראַנצן-צוויט שטייט



ה׳ און פרוי איזשביצקי מיט זייער לאַנדסמאַן שמעון דזשיגאַן

אָפּן און די לאַנדשאַפט פון ישראל פאַרשיכורט מיט איר פּראַכט. די דעלעגאַציע האָט דאָס געזען צום ערשטן מאָל, אָבער מר. איזשביצקי קאָן די ישראל לאַנדשאַפט נאָך פון זיינע יונגע יאָרן. ער האָט זיך דאַ געפילט ווי אַן אייגענער. ווו נאָר ער האָט געענדיקט די העברעישע גימנאַזיע אין לאָדזש איז ער צוזאַמען מיט אַ גרופּע חלוצים געקומען אין 1921 אין לאַנד אריין און דאָ געווען 4 יאָר, צוליב מיליטער־פליכט מוז ער צוריקפאָרן קיין פּוילן, און פון דאָרטן עמיגרירט ער קיין אמעריקע.

יענע חלוצישע יונגע־יאָרן קאָן מר. איזשביצקי נישט פאַרגעסן. היינט קוקט ער זיך ארום איבער די תל אביבער גאַסן, פאַרגלייכט זיי מיט יענע צייטן און ער זאגט „ס'איז ווי טאג קעגן נאַכט". נישט צו דערקענען! ער דערמאָנט זיך ווען ער איז צו פוס געגאַנגען קיין יפו און דאָרטן נישט געזען קיין ייד...

אַט אַזוי גייט ער איבער גאַסן און וועגן. אומעטום איז געוואָרן פון אַלט — ניי. פון מדבר — ישוב. עס שווימען אויף זכרונות און רעפלעקסן און טיף בויערט אַ געדאַנק „פאַר וואָס האָב איך די תקופה פון געראַנגל און קאַמף נישט אַליין מיטגעלעבט" ?...

אין שיקאַגאָ איז מר. איזשביצקי טעטיק פאַר די „באָנדס" און יידישע אינסטיטוציעס. אַלס גבאי פון זיין שול האָט ער באַקומען דעם ערשטן פּרייז פאַר זאמלען געלט פאַר ישראל.

ווי געפעלט אייך דאָס איצטיקע ישראל ?

די רייכע יידן אין גאַר דער וועלט — זאָגט דער גאַסט — דאַרפן אומאויפהערלעך שטיצן ישראל. אפילו ווען זיי ווילן נישט אהערקומען מוזן זיי אָבער געדענקן, אַז ישראל באַטייט פאַר זיי דער גייסטיק-נאַציאָנאַלער אָנלען. דער מצב אין אמעריקע איז, אַז נאָך בר מצוה פארגעסט מען אין יידישקייט. אָבער אין ישראל וועט דער קוואַל פון יידישקייט קיינמאָל נישט פאַרטרוקנט ווערן.

ישראל — זאָגט מר. איזשביצקי וועט אין דער צוקונפט אויך שפּילן א גרויסע ראָלע ביים צענטראַליזירן יידישן-שטייגער לעבן. איך ווייס נישט, אויב ישראל וועט קענען אויסבאַרגן יידישקייט פאַר די תפוצות — אָבער א גייסטיקער רעזערוואר וועט די מדינה זיכער זיין.

די איזשביצקי'ס זענען געווען איינע פון די אָנגעזענסטע לאָדזשער משפחות. דער באַקאַנטער ד"ר איזשביצקי איז געווען אַ ברודער פון גאַסט. און אינעם געשפּרעך שווימט ווידער אויף דאָס גרויסע און שיינע יידישע לאָדזש וואָס איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן. יידיש פארמעגן פון 20 דורות געפינט זיך נאָך אין דער מיליאָנען-שטאָט, אָבער די 300 טויזנט לאָדזשער יידן זענען מער נישטאָ.

בעת זיין באַזוך אין לאַנד האָט זיך מר. איזשביצקי געפילט ווי אין זיין געבוירן-שטאָט. טאָג איין טאָג אויס האָט ער זיך געטראָפן מיט לאָדזשער לאַנדסלייט. עס האָבן ווידער זיך אויפגעוויקלט לענטעס פון יידישן לעבן אין דער אַלטער היים.

מר. איזשביצקי מיט זיין פרוי זענען דאָ פייערלעך אויפגענומען געוואָרן דורך די לאָדזשער לאַנדסלייט און דער „באָנדס"-דירעקציע.

# סטעפאַן דיאַמענט / מעמפיס, טענעסי

כ׳בין אַ פּאָר טעג אין ישראל און כ׳פיל מיך דאָ ווי אין לאָדזש, ווי כ׳וואָלט דאָ געוווען אַ געבוירענער — זאָגט צו מיר סטעפאַן דיאַמענט פון מעמפיס.



Mr. & Mrs. Stefan Diament

סטעפאַן דיאַמענט איז אַ לאָדזשער. ער איז אַדורכגעגאַנגען אַלע שבע מדורי גהינום אין די געטאָס, קאַ־צעטן, לאַגערן און אין 1952 אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווי אַ גוטער דרוקער־פאַכמאַן, מיט אַן איניציאַטיוו פון אַ לאָדזשער יידן האָט ער באַוויזן זיך איינצואָרדענען אין זיין פאַך.

ער איז אַ גוטמוטיקער מענטש, שטאַמט אָפּ פון אַ פיינער פאַמיליע, (זיינע עלטערן האָבן געהאַט אין לאָדז אַ דרוקעריי) און איז פול מיט ענטוזיאַזם צו ישראל.

ער איז געקומען אין לאַנד מיט זיין פרוי און מיטגענומען זיינע ביידע קינדער אין שול־עלטער.

— איך וויל נישט אָפּקומען מיטן בלויזן דערציילן מיינע קינדער וועגן ישראל, נאָר זיי וויזן די יידישע מדינה״ — זאָגט דער גאַסט.

אין דער שטאָט מעמפיס וווינען בערך 5000 יידישע משפחות. עס זענען פאַראַן בתי כנסת, מען לערנט יידישע קינדער העברעיש. די יידישע באַפעלקערונג האָט אויפגענומען 50 אימיגראַנטן משפחות פון די לאַגערן און זיי געהאָלפן איינאָרדענען.

סטעפאַן דיאַמענט איז שוין אַריינגעטאָן אינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז טעטיק אין די „באָנדס״. ער פוילט זיך נישט צו גיין איבער יידישע שטובן מיט אַ רשימה אין האַנט. קלאַפּט אין טירן, וועקט יידישע הערצער און פאַרקויפט „באָנדס״. ער טוט די אַרבעט מיט ליבשאַפט, ער פילט אַ טעם אין דער אַרבעט — „פאַרן בויענדיקן זיך ישראל!״

—און וואָס איז אייער איינדרוק פון לאַנד?

וואָס דאַרפן מיר וויט גיין? נעמט דאָס דאָרף. ווער האָט דאָס אין לאָדזש געקענט אויסחלומען, אַז ס׳וועלן זיין דערפער מיט יידישע פויערים? מיט סטאַדעס קוען און שעפסן, לול׳ן הינער און אינדיקעס? כ׳האָב געזען די יידישע ארמיי און כ׳בין געוואָרן פאַרבליפט פון דער דאָזיקער היסטאָרישער דערשיינונג. די יוגנט פון ישראל אימפאָנירט מיט זייער שטאָלץ און זיכערקייט. מיט זייער פיזישער אַנטוויקלונג און אינטעליגענץ. עס איז אַ גרויסער זכות פאַר יידן דאָס אַלץ צו זען!

סטעפאַן דיאַמענט שטעלט מיר פאָר זיין פרוי, אויך אַ לאָדזשעין (פון דער היים לעשטשינסקי). זי איז באַפרייט געוואָרן דורך די ענגלענדער אין בערגען־בעלזען, און שפּעטער געפונען איר מאַן. אויך ביי איר לעבן אויף די זכרונות פון דער אומגעבראַכטער אַלטער היים, און דער אויספיר איז דער זעלבער: „דאָס שטיקעלע טרייסט קאָן נאָר זיין מדינת ישראל״. דאַרף מען טאַקע העלפן און שטיצן די יידישע מדינה. ערשט איצט באַקומט די גאַנצע אַרבעט פון איר מאַן אַ תיקון אין אירע אויגן, און זי האָפט אז אויך אירע קינדער וועלן זיין פאַרבונדן מיט מדינת ישראל.

## מאַרטאַן מאַכט / באַלטימאָר

פון דער נאַטור איז ער אַ רואיקער. תמיד פריש און מונטער מיט אַ פעדאַנטישן אויסזען. זיין בלאָנדער קאָפּ האָר און בלויע פול מיט לעבן אויגן, זאָגן אויס דעם סוד פון זיין גוטמוטיקייט און גוטסקייט. צו דעם איז ער אויך דער מענטש פון איניציאַטיוו און מחשבה. אַ שאָד נאָר, וואָס צוליב זיין באַשיידנקייט קענען מיר נישט געבן זיין בילד.

דאָס איז זיין ערשטער באַזוך אינעם לאַנד און מר. מאַכט זאָגט צו מיר:

— איך האָב געהערט אַ סך דערציילן וועגן ישראל. אַ סך האָבן מיר דערוועגן גערעדט, און כ׳האָב אפילו אַ סך ישראל־בילדער געזען, אָבער ביז מ׳זעט נישט די יידישע מדינה מיט אייגענע אויגן, קאָן מען וועגן ישראל קיין באַגריף נישט האָבן.

ווי מ׳זעט האָבן די מענטשן פון ישראל אַן איי־דעע פאַר זיך. דאָס איז דער טרייב-קראַפט, וואָס פירט צום בויען און שאַפן. איך האָב באַזוכט קיבוצים און דאָרטן געזען אַ לעבן, וואָס איז פאַר מיר פרעמד. כ׳האָב באַזוכט דעם „ווייצמאַן אינ־סטיטוט", וואָס אימפּאָנירט און גלאַנצט מיט זיין וויסנשאַפט איבער דער גאַנצער וועלט. כ׳קוק זיך צו צו דער שיינער ישראל־יוגנט, כ׳זע פאַרשידענע אַספּעקטן פון ישראלדיקן לעבן. איך זע אויך די אַלטע געביידעס, און אַט שטייען שוין נייע בניגים, געבויטע לויט דער מאָדערנסטער קאָנ־סטרוקציע. ערשט אַז מען זעט דאָס אַלץ באַקומט מען אַ באַגריף וועגן ישראל.

— און וואָס איז אייער שטאַרקסטער איינדרוק?

— אויף מיר ווירקט אַמיינסטן דער פאַקט, וואָס ביז דער אַנטשטייאונג פון ישראל האָבן יידן נישט געהאַט קיין פּלאַץ וווּ צו גיין. איצט האָבן זיי אַ לאַנד, וווּ יעדער ייד קאָן פריי אַריינקומען און זיך באַזעצן. די רעגירונג פון ישראל פרעגט נישט קיין קשיות ביי אַ יידן פון וואַנען ער קומט און צוליב וואָס ער קומט, נאָר נעמט אים אויף ווי אַ בייעם עמיגראַנט און העלפט אים ווי וויט מעגלעך זיך איינאָרדענען. זיין בירגערשאַפט באַקומט ער דעם זעלבן טאָג ווען ער קומט אַן אויף דער ישראל־ערד. פון דעם בין איך באַגייסטערט. פאַר דעם גיב איך געלט!

מר מאַרטאַן מאַכט איז אַן אַמעריקאַן־געבוירע־נער. זיינע עלטערן שטאַמען אָפּ פון קיעווער גובערניע. ער איז אַ בוי־אונטערנעמער. די בוי־געזעלשאַפט, וואָס ס׳האָט געגרינדעט זיינס אַ פעטער, איבערגייט פון דור צו דור. איצט מיטן אַריינטרעטן אין דער אונטערנעמונג פון זיינע קינ־דער איז עס שוין די פערטע גענעראַציע, ווי אַן אַמעריקאַן־געבוירענער רעדט ער אַ שוואַכן יידיש, אָבער ער האָט זיך שטאַרק געפרייט זיך דורכצו־שמועסן אין יידיש און ער באַמערקט:

— שוין 25 יאָר ווי כ׳האָב מיט קיין מענטש נישט גערעדט יידיש, אפילו נישט מיט מיין מו־טער — און דאָ אין ישראל האָב איך באַנייט מיין פאַטערס און זיידעס שפּראַך.

און אַזוי גוט ווי ער ווייסט, אַז זיינע אבות שפּראַך איז געווען יידיש, אַזוי ווייסט ער אויך, אַז די זעלבסטשטענדיקייט פון ארץ־ישראל איז אויך געווען דער טרוים פון זיינע זיידעס. ער זיצט אַ ווײַלע און שווייגט, ווי ער וואָלט אין געדאַנק געהאַט אַ באַגעגעניש מיט עטלעכע דורות יידן פאַר אים. נישט־נאָר וואָס ער האָט „נאָך 25 יאָר ווידער גערעדט יידיש", נאָר עס האָט אויך צו אים גענומען רעדן יידישע געשיכטע, יידישע טראַדיציע און יידישער גלויבן אין קיום העם, ערשט איצט דערפילט ער, אַז ישראל האָט אין זיך דעם קראַפט צו פאַרשטאַרקן די גאָלדענע קייט, וואָס ציט זיך פון די זיידעס, און פאַרבינדן מיט טויזנטער פעדים דעם המשך.

מר. מאַכט איז טעטיק אין יידישע אינסטי־טוציעס און איז אַ פאַרוואַלטונגס-מיטגליד אין — Member of the Board of Associated Jewish Charities Jewish Welfare. U.J.A.

נאָך אַ צען־טאָגיקן באַזוך האָט מר. מאַכט פאַר־לאָזן דאָס לאַנד מיט גרויס צופרידנקייט און מיט־גענומען מיט זיך די גוטע דערינערונגען און באַ־גייסטערונג, וואָס מדינת ישראל גיט מיט יעדן יידן, וואָס וויל ציען די יניקה פון איר קוואַל.

## דוד פאַנווע / מיאַמי ביטש

עס איז פאַר מיר אַ נחת צו זעען און פילן פון דער נאָענט דעם אויפשטייג פון מדינת ישראל. אויף טריט און שריט זעט מען ווי דאָס לאַנד וואַקסט פון טאָג צו טאָג. מיר בענטשן די בויער




**בית כנסת יוצאי סין — בתל אביב**

און וונטשן, אַז מדינת ישראל זאָל ווערן גרעסער און שטאַרקער!״ — רופט אויס מר. דוד פאַנווע מיט באַגייסטערונג.

מר. פאַנווע האָט באַזוכט דאָס לאַנד צום ערשטן מאָל אין 1958. עס האָט אויף אים געמאַכט אַ רושם די אַנטוויקלונג אויף אַלע געביטן, וואָס איז פאָר־געקומען אין דעם צייט־אָפּשניט. ער געהערט צו די יידן פון „יוצאי סין ברחבי תבל״. ער האָט זיך אויך באַטייליקט צווישן די מנדבים אויסצובויען אין תל אביב א בית כנסת צום אָנדענק פון די יידישע קהילות אין כינע.

מר פאַנווע איז אַן אָנגעזעענער מיטגליד אינעם טעמפל „בית שלום״ אין מיאַמי ביטש, און ער שטיצט די ישראל פאָנדן בעיקר די „באָנדס״.

## רפאל קורץ / GREAT NECK, N.Y.

מיינע און מיין פרויס אָרטאָדאָקסישע עלטערן האָבן זייער גאַנץ לעבן געטרוימט און געהאָפט צו קאָנען קומען קיין ארץ-ישראל. ערשט איצט, ווען מיר באַזוכן צום ערשטן מאָל דאָס לאַנד, פארשטייען מיר אונדזערע עלטערנס אידעאַלן, און שאַצן אָפּ דעם זכות, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן צו זעען מדינת ישראל — זאָגט מר. רפאל קורץ מיט באַגייסטערונג.

Mr. Raphael Kurtz
Great Neck, N.Y.

דערציילט אַז אין זיין שטאָט וווינען 20 טויזנט יידן. און די באַציאונג צו ישראל איז אַ ברידערלעכע. דער רוב יידישע קינדער לערנען אין דער העברעישער שול און יידן שטיצן גערן די קרנות למען ישראל. מר. קורצ׳ס עלטערן שטאַמען אָפּ פון פוילן. אין אַמעריקע איז ער געקומען אַלס קינד. ער האָט פון דער פריערסטער יוגנט זיך געמוזט אליין אויס-האַלטן. אנגעהויבן מיט פארקויפן דעם „פאָר-ווערטס״ אין די גאַסן, ביז ער האָט זיך ארויפגע-אַרבעט צו אַ גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציע. מר. קורץ געהערט היינט צום „טעמפל איזראעל״ פון זיין שטאָט, און איז געזעלשאַפטלעך טעטיק אין יידישע אינסטיטוציעס.

— ווי געפעלט אייך דאָס לאַנד?

— איך האָב מיר פארגעשטעלט, אַז ישראל זעט אויס ווי אַ קליין יידיש-שטעטל — אָבער געטראָפן האָב איך אַ מאָדערן לאַנד מיט אַ דינאַמישער באַ-וועגונג. די יידישע יוגנט וואָס כ׳האָב געזען אויף די דיזנגוף-גאַס אין תל אביב, קוקט אויס ווי די פריילעכע און געזונטע יוגנט אין אַמעריקע. פּאָ-רנדיק אויפן וועג קיין ירושלים האָט מיך געפרייט צו זעען די גרינע פליינען און די נייע יידישע ישובים אין די בערג פון יהודה. און איך מיין, אַז יעדער ייד וואָס וויל האָבן אַ ביסל פרייד, דאַרף קומען און זעען די ציוויליזירטע יידישע מדינה.

מר. קורץ האָט די גאַנצע צייט וואָס ער האָט פארבראַכט אין ישראל אויסגענוצט צו זען דאָס לאַנד. ער האָט באַזוכט אַזוי גוט די הייליקע פלעצער ווי די ניי אַנטוויקלטע געגנדן, און מיט-גענומען מיט זיך די טיפסטע איינדרוקן פון מדינת ישראל.

אין שכון ה׳ — אין בני ברק, איז פאַרגעקומען אַ חנוכת המרפאה (קליניק) פון קופת חולים. די „מחותנים״ זענען געווען יוסף און סיידי קולוווא פון קענסעס סיטי (פאראייניקטע שטאַטן), מיט



יוסף און סיידי קולוווא

וועמענס הילף די מאָדערנע קליניק איז אויסגע־בויט געוואָרן.

בני ברק איז אַ רעליגיעז שטעטל ווו קליין און גרויס רעדן יידיש. דער שכון ה׳ געפינט זיך ווייט פון שטאָט און איז באַווינט פון נייע עולים. כדי צו באַקומען מעדיצינישע הילף האָט די באַפעל־קערונג געמוזט פאָרן אין שטאָט אריין, איצטער זענען זיי אויפגעריכט געוואָרן מיט אַ מרפאה.

אין אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט האָבן אין דער פייערונג אנטיילגענומען אויסער געזעלשאַפטלע־כע פאָרשטייער און פאַרבעטענע געסט אויך אַן עולם פון די דאָרטיקע תושבים.

מר יוסף קולוווא איז געבוירן אין שטעטל בערשיד, פאָדאָליער גובערניע, אוקראַינע. ער געפינט זיך שוין אין אַמעריקע 47 יאָר. ער איז פאַרבונדן מיט ישראל נאָך איידער ס׳איז געווען אַ מדינה. ער האָט געשטיצט ארץ ישראל אין יע־נע צייטן, ווען מ׳האָט נישט געחלומט, אז אונדזער דור וועט דערלעבן מדינת ישראל. ער איז פון די ערשטע אַקציאָנערן, וואָס האָט געקויפט פאַר 50 דאָלאַר אַקציעס פון בנק הפועלים. אין דער תקופה ווען דער ישוב האָט געקעמפט פאַר פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט האָט מר קולוווא געאַרבעט פאַר דער הגנה, אַנפירנדיק מיט אַ זאַמל־אַקציע אין זיין וווין־שטאָט. ער געהערט אויך צו די ערשטע מגבית־עסקנים און איז דער גרינדער פונעם אוקראַאינישן פאַרבאַנד אין קענסעס סיטי.

דער חשובער גאַסט האָט אויסגעדרוקט צופרי־דנקייט פון דער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד, זאָגנ־דיק:

— „צו דער בר־מצוה פון מדינת ישראל איז דאָ וואָס צו ווייזן דער וועלט. ס׳ווייזט זיך ארויס, אַז יידן קענען נישט נאָר זיין גוטע סוחרים, נאָר אויך גוטע בויער פון בנינים און שאָסייען. ווען איך זע ווי יידן מיט בערד און פאות אַספאַלטירן גאַסן, זעט עס ביי מיר אויס שענער ווי כ׳וואָלט זיי געזען אלס די אייגנטימער פון רייכע סחורות מאַגאַזינען. מ׳האָט באַדאַרפט פאַרבעטן אויף אונד־זערע הוצאות פיל פון אונדזערע שונאים זיי זאָלן קומען אין לאַנד אריין און דאָס זען מיט זייערע אויגן״.

מיר פרעגן מיסיס קולוווא:

— וואָס פאַר אַן איינדרוק מאַכט אויף אייך די ישראַל־פרוי?

— „די פרוי אין ישראל איז זייער פּראָדוק־טיוו. זי אַרבעט צוגלייך מיטן מאַן און נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. גרויס זענען אויך די פאַרדינסטן פון דער פרוי, ביים דערציען אַ וווּנדערלעכע יוגנט. איך דריי זיך פשוט אַרום און שעפּ נחת פון דער ישראל יוגנט״.

מר קולוווא איז זייער באַאיינדרוקט געוואָרן פון ירושלים און דער עיקר פון די אינסטיטוציעס אין דער הויפּט־שטאָט, וואָס נויטיקן זיך אין הילף.

„איך האָב באשלאָסן — זאָגט דער עסקן — עטלעכע נייע אינסטיטוציעס אַריינצונעמען אין מיין ביודזשעט, ווייל כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז זיי טוען הומאַניטאַרע אַרבעט״.

יוסף און סיידי קולוווא אַלס געסט פון הסת־דרות זענען וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך פאָרשטייער פון ועד הפועל, און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

## היימאַן הירש / MIDDLETOWN, N.Y.

היימאַן הירש איז פון פאַך אַ עקאָנאָמיסט, און קומענדיק דאָס ערשטע מאָל אין לאַנד האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט דער ווירטשאַפט.

— „עס ווייזט אויס — זאָגט מר. הירש — אַז אין



**Mr. & Mrs. Hyman Hirsh**

ישראל זענען דאָ גוטע יידישע קעפּ. מ׳זעט אַז די ווירטשאַפט פון לאַנד ווערט גוט פּלאַנירט״.

מר. Hyman Hirsch איז אַ ציוני כללי זיינע עלטערן שטאַמען אָפּ פון לעמבערג. ער איז טעטיק אין די ישראל-„באָנדס״ און אין די U.J.A.

— „מיין שטאַרקסטער איינדרוק איז — באַמערקט דער גאַסט — וואָס כ׳האָב געזען מיט אייגענע אויגן אנקומען אַ שיף מיט נייע עולים. כ׳האָב געזען ווי מען דערוואַרט זיי און מען נעמט זיי אויף. אזוי ארום האָב איך געזען אויף א רעאַלן אופן די קליטה, פון וועלכער מען רעדט און מען שרייבט. דאָס דאָזיקע בילד האָט מיך נאָך מער דערמוטיקט צו נייע טעטיקייט פאַר ישראל״.

מר. הירש מיט זיין פרוי זענען אויפגענומען געוואָרן דורך פאָרשטייער פון די „באָנדס״ און קרן היסוד.

## יעקב פערטיג / ניו יאָרק

יעקב פערטיק שטאַמט פון מיוחסדיקער טאַרנאָווער משפּחה. זיין בילדונג האָט ער באַקומען אין בערלין. ער איז אַ מענטש מיט רעליגיעזע איבערצייגונגען, כאָטש אַ ציוניסט איז ער פון קינדווייז אָן. ווי נאָר עס איז אנטשטאַנען מדינת ישראל קומט באַלד Mr. Jacob Fertig אויף זיין ערשטן באַזוך אין לאַנד.

פול מיט ליבשאַפט צו דער יידישער מדינה, אַרבעט ער מיט אין די „באָנדס״, אין ק.ק.ל. אין דער U.J.A. ער באַטייליקט זיך אויך אין די זאַמלונגען לטובת דער בר-אילן-אוניווערסיטעט און דער פּאָניוויעזשער ישיבה. מר. פערטיג איז אַ „לייף-מעמבער״ פון „מזרחי״.

— ישראל האָט אַ גרויסע צוקונפט — זאָגט מר. פערטיג — ס׳זאָל נאָר זיין שלום מיט די אַראַבער וועט די מדינה זיך אנטוויקלען אויף אַלע געביטן און זיין אַ שטאָלץ פאַר די יידן פון די תפוצות. דער נגב וועט ווערן א ברכה פאַרן לאַנד! שוין איצטער זעט מען ווי די ישראל-אינדוסטריע אנטוויקלט זיך מיט א רעשיקן טעמפּאָ.

— אויך אויפן קולטורעלן און גייסטיקן געביט זעט מען דאָ שיינע זאַכן. איך בין געווען אויף אַ קאָנצערט אין „היכל התרבות״ אין תל אביב — זעט מען נישט אַזאַ קולטור-פּאַלאַץ אין אַמעריקע. אַלע בילעטן זענען געווען אויספאַרקויפט. צי אין קבוץ צי אין שטאָט לעבן די מענטשן א קולטורעל-לעבן. כאָטש איך מוז באַמערקן אז אין די גרויסע שטעט איז דער לוקסוס א ביסל צו גרויס, לויט די פאַרהעלטענישן פון לאַנד.

נאָך מער וואונדער איז דאָס, וואָס א סך מענטשן פון דער שארית הפליטה זענען אנגעקומען אין לאַנד אריין מידע און רעזיגנירטע, און במשך דער צייט זענען זיי געוואָרן אקטיווע און פּראָדוקטיווע מענטשן, מיט א שטאַרקן ווילן, און גלויבן אין דער צוקונפט. דאָס האַלט איך, איז איינע פון די וואונדער וואָס די יידיש-גייסטיקע מדינה האָט אויפגעטאָן.

מר. יעקב פערטיק האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד מיטן געפיל פון א טרוימער, וואָס האָט געזען זיין שיינעם חלום אויף דער וואָר.

# מאָריס קופּער / מיאַמי

מ'יט נייגיר וואַרפן די דורכגייער זייערע בליקן אויף דער גרויסער געביידע, וואָס בויט זיך אויף רחוב שטראוס אין ירושלים. אויפן אַרויסגעהאָנ־גענעם שילדברעט איז געשריבן, אַז עס בויט זיך דאָ



מאָריס און קלאַראַ קופּער מיטן ראש העיר פון ירושלים מר איש שלום

אַ צענטראַלער קליניק (מרפאה מרכזית) פאַר דער ירושלימער באַפעלקערונג.

דאָס איז אַ קליניק מיט 100 צימערן, מאָדערנע איינריכטונגען, מאַסיוו געבויט און גוט פּלאַנירט. קוקט מען זיך גוט איין, באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי עס שלאָגט פון דער געביידע אַ רחובות׳דיקייט. ווי אַ מענטש מיט אַ גוט הארץ און ברייטער האַנט וואָלט זי דאָ אוועקגעשטעלט.

דער שפּענדער פון דער נוצלעכער אינסטיטוציע איז אַן אַמעריקאַנער ייד מר מאָריס קופּער פון מיאַמי. די קליניק טראָגט טאַקע דעם נאָמען פון:

### מאָריס און קלאַראַ קופּער־קליניק

מר מאָריס קופּער איז געבוירן אין שטעטל בערשיוועק, קיעווער גובערניע. אַ גאַנצן יובל — 50 יאָר לעבט ער אין אַמעריקע. ער איז אַוועק פון רוסלאַנד אין די פינצטערע צאַרישע צייטן, אין די צייטן פון פּאָגראָמען אויף יידן, ווען מענטשלעכע ווירדע איז געטראָטן געוואָרן מיט קאָזאַצקע שטיוול. קומענדיק אין דער פרייער אַמעריקע, דערפילט ער אין זיך אַ נייעם כוח. ער באַקומט ליב דאָס נייע לאַנד און ווערט פול מיט שעפערישקייט און איניציאַטיוו. די 50 יאָר לעבן אין אַמעריקע זענען טאַקע פאַר אים גליקלעכע און שעפערישע.

אויף אונדזער פראַגעס דערקלערט מר קופּער:

— איך באַזוך איצט מדינת ישראל צום דריטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל בין איך דאָ געווען אין יאָר 1955. איך בין באַגייסטערט פונעם אויפבוי פון לאַנד אויף אַלע געביטן. אויך די מענטשן זען אויס בעסער ווי פריער. איך האָב אויך דאָ געזען אַ וווּנדערבאַרע זאַך, ווי מענטשן פון פאַרשידענע קולטורן און שפּראַכן האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין פאַראייניקטע שעפערישע פאָלקס־מאַסע און טראָגן סאָלידאַריש דעם עול פון דער מדינה.

באַוווירקט פון די דערגרייכונגען האָב איך דער־פילט, אַז איך מוז אויך עפּעס טאָן פאַר אָט־אָ דער מענטשהייט. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אויפצובויען אויף מיין און מיין פרויס נאָמען אַ צענטראַל־מעדיצינישן קליניק אין ירושלם.

— צי קאָנען מיר וויסן ווי גרויס אייער באַשטיי־ערונג איז געווען פאַר דעם צוועק?

— איך האָב געגעבן 80 טויזנט דאָלאַר, אָבער איך וועל נאָך צוגעבן אַ באַטייטנדע געלט־סומע.

מר. און מרת קופּער זענען דאָ אויפגענומען געוואָרן דורכן כב׳ נשיא המדינה מר יצחק בן צבי און זיין פרוי רחל, און דורכן ראש העיר פון ירו־שלים. אַן אימפּאָזאַנטן באַנקעט האָט פאַר די חשובע געסט איינגעאָרדנט די דירעקציע פון קופּת חולים.

# וויליאַם מ. בראַון / PEEKSKIL, N.Y.

וויליאַם מ. בראַון איז אַ געבאָרענער אַמעריקאַנער, און זיין קליין אייניקל קען דאַווענען פון סידורל און זינגט העברעאישע לידער.

דאָס איז דאָס אינטערעסאַנטסטע געשעעניש, וואָס



קומט פאָר ביים איצטיקן יידישן דור אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווי דער אמת, האָבן די אייניקלעך אין ווענען אַריינצוגראָטן. דער זיידע זייערער, Mr. William M. Brown איז זיין גאַנצן לעבן פאַרבונדן מיט יידיש-לעבן און טעטיקייט פאַר יידישע אינסטיטוציעס. ער איז 10 יאָר דער טשערמאַן פון די „באַנדס" אין זיין ווין שטאָט Peekskil ער איז אויך טעטיק אין די U.J.A. און וויים-פרעזידענט פון „ישראל טעמפל". ער האָט טאַקע פיל מי און געלט געגעבן אויפצובויען דעם דאָזיקן טעמפל. אויך זיינע קינדער גיין אין זיינע וועגן און אַרבעטן פאַר יידישע אינסטיטוציעס. די אייניקלעך ווערן דערצויגן אין יידישע שולן, און דאָס גלויב איך איז דאָס שענסטע מיט וועלכן אַ ייד פון די תפוצות קאָן שטאָלצירן.

מר. בראַון איז אַ גרויסער בוי-אונטערנעמער, זיין פירמע האָט אויסגעבויט אַ סך בנינים פאַר האַנדל און אינדוסטריע. אַז אַזאַ מענטש קומט אין ישראל גיט ער קודם כל אַ בליק וואָס עס טוט זיך אין זיין בראַנזשע. זאָגט טאַקע מר. בראַון, אַז דער בוי-סיסטעם אין ישראל געפעלט אים שטאַרק. נאָך מער: ער האָט אַזויפיל געבויט אין אַמעריקע, האָט זיך אים פאַרגליסט אויך עפּעס אויפצובויען אין ישראל, און מיט אַ געניטן בליק און רעאַלן צוגאַנג צו זאַכן — הויבט ער אָן צו רעאַליזירן זיין פּלאַן.

איך וויל אויך האָבן אַ שטיקל נחלה אין ישראל. דאָס וועט מיך ברענגען דערצו כ'זאָל אָפט מאָל באַזוכן דאָס לאַנד און זיך פילן ווי אַ שטיקל בעל הבית.

נאָך דעם ווי מר. בראַון האָט באַרייזט דאָס לאַנד פון תל אביב ביז אילת — פרעג איך דעם גאַסט:

— וואָס געפעלט אייך אין ישראל, מער ווי אַנדערע לענדער?

— איך האָב געמאַכט אַ רייזע איבער אייראָפּע. געווען אין שפּאַניע און איטאַליע, און כ'מוז אייך זאָגן, אַז אין שפּאַניע האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גראָבן אַנטיסעמיטיזם. איך באַדויער, וואָס כ'בין אין די לענדער געווען. עס אימפּאָנירט מיר נישט די „טרוקענע אַלטקייט", מיט זייערע מוזעאומס און היסטאָריע. נאָך אַלעמען פילט זיך דער ייד דאָרטן פרעמד... ישראל שמעקט מיט פרישקייט. דאָ איז אַלץ ניי, פריש און באַהויכט מיט יוגנט און התלהבות. דאָ פיל איך זיך אין דער היים. אַ גאָר גוטן איינדרוק מאַכט אויף מיר, די כסדרדיקע אַנטוויקלונג פונעם לאַנד. ווען מען זעט דאָס, טוט נישט באַנג וואָס מ'האָט געגעבן געלט פאַר ישראל. עס דערמוטיקט נאָך מער צו געבן! איך האָב טאַקע באַשלאָסן אינוועסטירן אַלע „באַנדס" וואָס איך באַזיץ און נאָך צוגעבן אַ קאַפּיטאַל כדי עפּעס וויכטיקעס אויפצובויען אין ישראל. עס וועט זיין מיין פערזענלעכער פאַרגעניגן צו קומען צוויי מאָל אין יאָר און זען מיין פאַרמעגן אין ישראל.

מיסטער און מיסיס בראַון זענען דאָ אויפגענומען געוואָרן דורך פאַרשטייער פון פינאַנץ מיניסטעריום, באַנד און U.J.A. דירעקציעס.

## לעאָ בעלקין / ניו יאָרק-מאַנהעטן

כ'האָב מיר נישט געקענט פאָרשטעלן, אז אַ ייד פון מאַנהעטן, זאָל האָבן אַזאַ רעליגיעז-פּאָעטישע נשמה. זיינע רייד וועגן ישראל זענען ענלעך צו פסוקים-יוצר פון מחזור. ער איז אַן אַמעריקאַנער




**Mr. & Mrs. Leo Balkin**

געבוירענער, און באַזוכט ישראל צום ערשטן מאָל. און אזוי זאָגט מר. לעאָ בעלקין:

— איך האָב אַ סך געלייענט וועגן ישראל. מיין פאָלק קען איך פון תנ"ך און פון ביכער. אָבער ס'האָט מיך אלעמאָל געצויגן קיין ישראל צו זעען מיט אייגענע אויגן און פילן פון דער נאָענט מיטן האַרצן. איך האָב טאַקע געזען צוויי פון די בעסטע זאַכן: גאָטס לאַנד און גאָטס מענטשן. אזוי האָב איך דאָס געזען, און אַזוי פיל איך דאָס!

אין ישראלס הויפּט-שטאָט האָב איך געהאַט דעם כבוד צו שטיין ביים קבר פון דוד המלך, און אָפּגעבן מיין פאַרערונג דעם גרויסן יידישן מלך. דאָרטן האָב איך דערמאָנט דעם אָנדענק פון מיין פאָטער.

## מאָריס פיש / ברוקלין, נ. י.

ווען איך בין דאָ געווען אין 1951 איז דער גליל און נגב נאָך געליגן וויסט. איצטער זע איך ווי מדבר האָט אויפגעבליט. זייער שיין איז דער גליל — זאָגט מר. מאָריס פיש.

Mr. Morris Fish איז אַ יידישער מענטש. ער לייענט אַ יידישע צייטונג, און געדענקט נאָך זיין געבוירן-שטעטל אַ ס ט ר אַ ו ו צ ע. זיין צוגעצונדקייט צו דער יידישער מדינה דרוקט זיך אויס אין פּראַקטישע מעשים. יאָרן-לאַנג גייט ער טאַקע איבער יידישע הייזער און פאַרקויפט „ישראל-באָנדס". ער איז נאָענט צום ארבעטער-ציוניזם און דער הסתדרות.

— „מיין שטאַרקסטער איינדרוק איז — זאָגט מר. פיש — וואָס מ'האָט געבויט הייזער און באַזעצט מענטשן וואָס זענען געקומען פון יענער זייט ים. אַז איך קום אין ישראל האָב איך אַ גרויס פאַרגעניגן פון מיין אַרבעט. איך בין ממש באַגייסטערט געוואָרן פון דעם פּאַראַד פון צה"ל. די יינגלעך און מיידלעך-סאָלדאַטקעס רופן ארויס צו זיך רעספּעקט און ליבשאַפט. אַ סך יידן אין די תפוצות ווייסן נישט וועגן דעם פאַרשריט וואָס עס טוט זיך אין ישראל. צו וועמען איך שרייב, דערמאָן איך, זיי זאָלן באַזוכן דאָס לאַנד. ס'איז ווערט יעדן דאָלער וואָס עס קאָסט!"

— „איך האָב זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט די סאָציאַלע פאַרזיכערונגען פון ארבעטער אין ישראל, און איך מוז זאָגן, אַז זיי זענען שטאַרקע, צו דער נוציקייט פון דער באַפעלקערונג".

— „צום שלוס וויל איך זיך ארויסזאָגן, אז אין ישראל דאַרף זיין דאָס יידישע לשון צוזאַמען מיטן העברעישן, אזוי ווי עס קומען פיל יידן פון דער וועלט, וואָס קענען זיך נישט פאַרשטענדיקן אויף עברית — דאַרף מען איינפירן יידיש אין טאָג-טעגלעכן לעבן, פאַרן קשר מיט די תפוצות פון גאַר דער וועלט".

מר. Morris Fish איז אויפגענומען געוואָרן: דורכן שר הסעד ד"ר בורג, באַנד-דירעקציע אין ירושלים, און דורך הסתדרות-פאָרשטייער פון ועד הפועל.



„אויף דער רושטאוואַניע"

פון דער דערציילונג „אַ בונקער אין מדבר"

צייכענונג : יחיאל קריזה

# מיט שרייבער און קינסטלער

# רעד צו מיר יידיש

רעד צו מיר יידיש, מײַן יידיש לאַנד,
און איך וועל צו דיר רעדן עברית ממילא.
אברהם מיט שרה׳ן קומען מיר אַנטקעגן,
פון דער מערת המכפלה.

גאָט העלף, זיידע־באָבעשי.
אברהם גייט שווײַגנדיק די גאַס אַריבער.
נעם זיך נישט צום האַרצן יאַנקעלע,
זאָגט שרה, ער איז מבין כל דבור.

ס׳איז אַזוי דאָ אָנגענומען.
אַ מאַנסביל דאַרף יידיש שטומען,
אָבער אַ יידענע פון יידיש־טײַטש
האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן.
זאָג איך דיר גאָט העלף, מײַן קינד,
זאָלסט מיר אַלדאָס גוטס פאַרמאָגן.

גלייב מיר, יאַנקעלע, ס׳וועט קומען אַ צייט,
אין כאַמישאָסער־לאַנד פון ראַזשינקעס און פײַגן,
אַז אַלע עברית־קינדער
וועלן אויפהערן יידיש שווייגן.

און אַז זיי וועלן זיך צערעדן,
וועלן זיי, וועט אַ נחת זײַן צו הערן,
אַזוי וועט געשען, יאַנקעלע, מײַן קינד,
אַ שבועה קען איך דיר שווערן.

דעם זיידע אברהם פון יענער זייט גאַס,
ווינקט צו מיר און פאכעט מיט דער פאַטשיילע.
א, רעד צו מיר יידיש, מײַן יידיש לאַנד,
און איך וועל צו דיר רעדן עברית ממילא.

# יעקב גלאַטשטיין / ניו יאָרק

יעקב גלאַטשטיינס ליטעראַרישע אויפטריטן אין ישראל דויערן שוין צוויי וואָכן און דער גרויסער אינטערעס צו זיי איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. יעקב גלאַטשטיין קומט נישט אָפּ מיט פאַרבייגייענ-



דיקן רעש, און באַגניגנט זיך אויך נישט מיט דעם וואַרעמען קבלת פּנים, מיט וועלכן ס'נעמט אים אויף די העברעאישע פּרעסע. זיינע אויפטריטן פאַר ברייטע פאָלקס־מאַסן זענען געצילט „אין תוך אַריין". די הייזער זענען פול מיט אַ העברעאיש־רעדענדיקן עולם. אויף די סימפּאָזיאָנען מיט אָפּ־שאַצונגען וועגן אים קלינגט יידיש לשון. אין דער העברעאישער אודיציע פון „קול ישראל" רעדט גלאַטשטיין יידיש, כאָטש ער איז דער גאַסט פון דער הסתדרות. און ערשט דער דיכטער אַליין? ער שיינט און ברוויזט מיט אַ כולו־יידישדיקער שפּע־רישקייט.

אַזוי איז ווען אַ דיכטער קומט אין ישראל און ער טרעט אויף ווי אַ יידיש־דיכטער. דאַמאָלס דער־וואַכט מתיקותדיקע ליבע צו אונזער שיינער שפּראַך. עס ברעכן ספּאָנטאַן אויף בונטאַרע געפילן, וואָס ליגן יאָרן־לאַנג באַהאַלטן אין דער אייגענער היים... הערצער פון תושבי ציון נעמען גלוסטן צום קלאַנג פון מאַמע־לשון. און ערשט קוקט נאָר, מיט וואָס פּאַראַ וואַרעמקייט מען נעמט אויף דאָס יידישע ליד, באַלעבט דורכן מויל פון דיכטער אַליין. נישט נאָר הענט שאַלן מיט בראַוואָ־אויסרופן, נאָר גיט אַ בליק: די אויגן ברענען, און יידישע מענטשן זענען אָנגעפילט מיט אַ זיסער פרייד. אַזוי איז געווען אין „בית ברנר", ווו דער אַרבעטער־עולם הערט אַ גאַנץ יאָר נישט קיין יידיש וואָרט, און אַזוי האָט אויסגעזען אין קעלער פון יידישן שרייבער פאַרבאַנד ביים יידישן עולם. אַזוי האָט מאַניפעס־טירט תל אביב, און אַזוי געברויזט חיפה און באר שבע. אַזוי האָט אים אויפגענומען דער פאָלקס־מענטש, און אָט אַזוי דער חבר הכנסת און מיניס־טער. אַזוי איז געווען ביי לייוויקן און אַזאַ יום טוב איז בעת יעקב גלאַטשטיינס איצטיקן באַזוך אין לאַנד.

יעקב גלאַטשטיינס באַווייזן זיך פּנים אל פּנים מיטן פאָלק, האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ מאַניפעסטאַציע פון יידיש־לאַנד, פון דער יידי־שער ליטעראַטור, און פון אונטער דעם הערט זיך דער פיין־געשליפענער רוף פאַר דער חשיבות פון יידיש־לשון און יידישער ליטעראַטור אין ישראל.

און אַ מאָדנע געשעעניש קומט פאָר אינעם לאַנד, ווען עס קומט אַ יידיש־דיכטער פון אַזאַ קאַליבער ווי גלאַטשטיין, עס פאַרשווינדט די פיינדלעך־גרינגשעצערישע אַטמאָספער צו יידיש. מיט אַ מאָל פאַרשווינדן אַלע קאָזשאַנע קדיש־זאָגער אויף יידיש לשון. מיט ווועמען נאָר דו רעדסט פאַרשטייען אַלע יידיש לשון... אַלע קענען יעקב גלאַטשטיינס שאַפן, אַלע האָבן געלייענט זיינע לידער — אַזוי זאָגן זיי אים אין די אויגן אַריין, טאַקע אַלע אַ־די וותיקים פון בערדיטשעוו און פּלאָנסק, וואָס אַ גאַנץ יאָר דערלאָזן זיי נישט, דאָס יידישע וואָרט אין עפנטלעכן לעבן.

אויפן אימפּאָזאַנטן אָוונט אין קעלער פון יידישן שרייבער פאַראיין האָט יעקב גלאַטשטיין אַ זאָג געטאָן:

„איך קום נאָר וואָס צוריק פון ירושלים, און דאָרט האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון יהושע'ן וואָס

האָט אָפּגעשטעלט די זון אין גבעון. אויך מיר האָבן היינט אין ירושלים אָפּגעשטעלט די רעגירונג אויף אַ שעה צייט״.

מוז טאַקע געזאָגט ווערן אַז אַ חוץ אָפּשטעלן די רעגירונג אויף אַ שעה צייט האָט גלאַטשטיין אויך באַוויזן אָפּצושטעלן די בייזע רוחות קעגן דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור — אַ סך מער ווי אויף אַ שעה צייט...

אויפן אָוונט אינעם יידישן שרייבער-פאַרבאַנד איז איינעם פון די קאַזשאַנע-רעדנער איינגעפאַלן צו באַנוצן דעם אויסדרוק „קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט״. כאָטש דער מיין פונעם רעדנער איז געווען דערמיט אונטערצושטרייכן די פאַרשידנאַרטיקייט פון יעקב גלאַטשטיינס שאַפן. אינעם מויל פון צעהיצטן רעדנער האָט אָבער אויסגעפעלט דאָס פּאַסיקע וואָרט, און ווי ס׳טרעפט, האָט זיך אַרויסגעגליטשט גאָר עפּעס אַנדערש „קאָמפּליצירט״. מוז טאַקע געזאָגט ווערן, אַז יעקב גלאַטשטיין האָט אין זיך נישט קיין שמץ פון אַ קאָמפּליצירטער פּערזענלעכקייט. נישט אין זיין כאַראַקטער און נישט אין זיין שאַפן. מען קאָן גראָד פעסטשטעלן דעם היפך: נישטאָ אַזאַ קלאָרקייט ביי אַ שעפערישן מענטשן, ווי ביי יעקב גלאַטשטיינען. אַזוי איז עס אין זיינע לידער און אַזוי אין זיינע עסייען און אַרטיקלען. יעקב גלאַטשטיין דער למדן און חריף, דער מתמיד און דענקער האָט אין זיך אַ סך שאַרפקייט. מער בליץ ווי דונער, אָבער נישט קיין קאָמפּליצירטקייט. צווישן אַנדערע קינסטלערישע כאַראַקטער-צעכן באַמערקט מען אויך אין זיינע עסייען די שאַרפקייט פון נחום סאָקאָלאָווס פּען. ער האָט אָבער פאַר זיך ברייטער אויסגעשפּרייטע ליינוונטער, אַ פאַרבנרייכע פּאַנאָראַמע. און אַן אייגנשאַפט זיך דערגרונטעווען אין טיפעניש. דאָס איז נאָר פון מיין זייט אַן אָנוואָרף צו אַן אָפּשאַצונג.

גלאַטשטיין דער בעלעטריסט שטרעבט צעשפּרייטן זיין געמעל אויף ברייטע לייוונטן. עס קומט אָבער אַרויס אין גרויס בילד — דער מענטש.

גלאַטשטיין דער דיכטער איז דער צוריקשפּאַציר צו קלאָרע קוואַלן. סיי צו דער זיסער פאַרחלומטער ליריק פון היינען און סיי צו דער מענטשלעכער קריוודע, געזען מיט אויגן פון ראָזענפעלדן און משה לייב האַלפּערן. גלאַטשטיין איז אָבער נישט געקומען מיט ליידיקע הענט. ער האָט אויך זיין לובלינער פאַרמעגן מיטגעבראַכט און אַריינגעלייגט אין שותפות. אַזוי אַרום איז אַרויסגעקומען דאָס אייגנאַרטיקע גלאַטשטיינס ליד, אויסגעשליפן און אויסגעשמידט אין פאַרשידענע קוזשניעס. אַמאָל רעדט דורך אים דער האָפערדיק שלימותדיקער בראַצלאַווער און אַ מאָל הערט איר אין אים דעם עכאָ פון „שאָפּען-נאַקטורן״. אַ מאָל איז זיין ליד שפּילעוודיק, אַז מען קאָן דערמיט איינוויגן אַ קינד. און אַ מאָל דערהערט איר אין אים די דעטאָנאַציעס פון „משה לייבס קול״, אָבער אַלע מאָל איז אין זיין ליד פאַראַן מחשבה און אינהאַלט, און עס איז פול מיט פּאָעטישער מוזע און יצירה.

נאָענט ביי מיין אַרבעטס-טיש ליגט תמיד גלאַטשטיינס בוך „פון מיין גאַנצער מי״. איך האָב שוין עטלעכע מאָל געלייענט די לידער, אָבער דאָס בוך לאָז איך נישט אַרויס פון האַנט. דאָרטן זענען פאַראַן גוטע לידער, און אויף א גוט ליד פון אַ יידישן דיכטער בין איך אַלע מאָל א הונגעריקער... אָפט מאָל ווען כ׳בין אריינגעטאָן אין לייענען פאַרדרוסט מיך פשוט, פאַר וואָס גלאַטשטיין האָט זיך פונאַנדערגעצווייגט און אויפגעבליט מיטן עסיי. זיין שטאָם איז דורכאויס דאָס ליד. צי פילט ער עס נישט ?

ביודעין או בלאָ יודעין דרוק איך איבער מאַנכע פון זיינע לידער אין ישראל-אויסגאַבעס, אָבער אַ באַזונדער שוואַכקייט האָב איך צו זיין ליד „רעד צו מיר יידיש״, וואָס ס׳איז ווידער געדרוקט אויבן-אָן אין דעם ספר.

אַז מען וויל, קאָן מען אפילו אָוועקשטעלן אַ שפּאַניש ווענטל צווישן גלאַטשטיינען דעם דיכטער און גלאַטשטיינען דעם טאַלאַנטפולן עסייאיסט. גלאַטשטיין דער דיכטער איז דער שטאָם פון דער יידישער ליטעראַטור. גלאַטשטיין דער קריטיקער איז איר שומר. זיי, די ביידע שעפערישע גלאַטשטיינס טיילט פונאנדער אַ שפּאַניש ווענטל. אָבער טאַקע נישט מער ווי אַ דין-ווענטל, דורך וועלכן מען הערט יעדעס וואָרט... ווייל קיין מויער איז צווישן זיי נישט פאַראַן. אָבער קודם איז גלאַטשטיין דער דיכטער. נאָך דעם ווי איר וועט דערזען זיין דיכטערישע פּראַכט, אַרט מיך נישט, אַז איר וועט אויך באַאיינדרוקט ווערן פון יעקב גלאַטשטיין דעם עסייאיסט, למדן, דענקער און יש אין דער יידישער ליטעראַטור.

# אהרן צייטלין / ניו יאָרק

דאָס לעבן פון דעם פּאָעט פון דער אַמאָליקער ייִדישער וואַרשע — האָט אָפּגעראַטעוועט זיינס אַן אייגן ווערק. אהרן צייטלין איז אין יאָר 1939 פאַר־בעטן געוואָרן דורך מאָריס שוואַרץ ע״ה קיין ניו־יאָרק צו דער פּרעמיערע פון זיינס אַ טעאַטער־שאַפונג „כעלמער חכמים״, און אויף צוריק האָבן שוין די „נירנבערגער מערדער״ פאַרשטעלט דעם וועג קיין אייראָפּע — ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה.

אַ ווערק האָט אָפּגעראַטעוועט דעם דיכטערס לעבן — אַ זעלטענער קוריאָז אין דער מענטשלעכער געשיכטע. —

אונדזער שמחה איז דערפאַר גרויס, וואָס מיר האָבן היינט־צו־טאָג דעם איינציקן יורש פונם צייט־לין־הויז, דעם נאַציאָנאַלן דיכטער, מיט ר׳ יהודה הלוי׳ס ליבשאַפט צו ארץ־ישראל און עם ישראל — אהרן צייטלין.

אונדזער פרייד איז נאָך גרעסער, וואָס דעם גרויסן למדן און בעל־קבלה ר׳ הלל צייטלין ז״ל איז געווען באַשערט, אַז כאָטש דער פאָן־טרעגער פון דער באַוווסטער גאַנצער צייטלין־משפּחה זאָל זיך ראַטעווען און זען מיט זיינע אייגענע אויגן די ייִדישע מדינה.

ווי גרויס ס׳איז ביים דיכטער אליין די שמחה פון „בעל כרחך אתה חי״ — ווייסן מיר נישט — ווייל אהרן צייטלין האָט אַזויפיל פאַרלוירן אין דעם גהינום־קעלער פונם לעצטן חורבן, אַז מיר באַוווּנ־דערן זיין שטאַרקייט אינם פעסטן האַלטן זיך אין זיין דיכטערישן שווונג, וואָס איז די לעצטע צוואַנ־ציק יאָרן נאָך מער באַקרעפטיקט און באַפליגלט געוואָרן פון אַ נייער טרייסט — מדינת ישראל.

אין מדינת ישראל וועט דער דיכטער געפינען אַ סך פון זיינע תלמידים און לייענער, פריינט און סימפּאַטיקער די אַלע, וועלכע קענען אים פון דער ייִדישער וואַרשע, פון זיינע לידער, אַרטיקלען און רעפעראַטן.

איך דערמאָן אויך אהרן צייטלין צום גוטן, ווי מיין רבי און ערשטן רעדאַקטאָר פון מיינע דערציי־לונגען.

אהרן צייטלין איז אין דער ייִדיש־העברעאישער ליטעראַטור אַ שם דבר, אַ פאָלקס־דיכטער, וואָס איז אויסגעבאָדן אין זיבן טייכן פון קדושה. ער איז אַ גרויסער תלמיד חכם און פילאָזאָפישער עסטעט. אפילו ווען ער איז אַרויס פון די נאַציס הענט ווי אַ געלייטערטער איוב, האָט ער נישט פאַרלוירן זיין גלויבן אין גאָט און מענטש. זיינע היינטיקע דיכ־טערישע שאַפונגען זיינען פיל מיט פּאָעטישער קראַפט און סענטימענטאַלער מוזיק.

דער גרעסטער טייל פון אהרן צייטלינס לידער זענען תפילות, אָבער ער פאַראַנקערט מיטן געדאַנק אין טיפע וואַסערן. וואָלט אהרן צייטלין געשאַפן אין דער צייט פון די פּייטנים וואָלטן מיר אפשר היינט אין די ימים נוראים געדאַוונט זיינע לידער. אין זיין ליד איז פאַראַן מער שטילקייט ווי שטו־רעם. מער געזאַנג ווי טרעוואָגע. ער האָט אַ חוש פאַר מוזיק און ריטמיק. אַ מאָל האָט מען געפילט ווי ער שטייט אונטערן איינפלוס פון גהעטע׳ן און דער מערב-אייראָפּעישער ליריק. זינט אָבער דער האָקנקרייץ האָט זיך באַוויזן אין האַרץ פון איי־ראָפּע — איז צייטלין אַנטלאָפן צו זיך אהיים.

ער האָט זיך אָבער אויך אַנטפּלעקט ווי אַ גרוי־סער העל־זעער. אין 1938 איז דערשינען אין וואַר־שע זיינס אַ דראַמע „אין קיינעמס לאַנד״ — אין וועלכער ער שילדערט די רויע־סאַדיסטישקייט פון דייטשן מיליטאַריזם און די פאַרדאָרבנקייט וואָס קומט צום אויסדרוק אינם זעלנער „פריטץ״ — צייטלינס דראַמע איז געווען ווי אַן אַלאַרם־גלאָק, ווי אַ בליץ, וואָס ווייזט אַז דער דונער וועט גלייך טרעפן...

און געטראָפן האָט דער דונער אינעם אייראָפּע־אישן ייִדנטום, אין אהרן צייטלינס פּוילן, וואַרשע, און אין זיין אייגן הויז — ער אַליין האָט אָבער די פאָן פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט. און זי דערטראָגן ביז ישראל ווו ס׳איז לעצטנס דערשינען זיין ווערק: „בין האש והישע״, אַ דראַמאַטישע פּאָעמע וועגן אומקום פון אייראָפּעאישן ייִדנטום. פאַר דעם ווערק האָט ער באַקומען דעם „פּרס אוסישקין״.

ערשט געציילטע טעג זוי דער פּאָעט פון „לידער צו דער אייביקייט" איז אויף אַן אמת אַוועק אין דער אייביקייט.

ה. ל י י וו י ק ז"ל, בלייבט אָבער ביי אונדז



אויף אייביק! זיין קדושה־פלאַם פון ברענענדיקן דאָרן וועט זיך קיינמאָל נישט אויסלעשן! גרויס, און טאַקע דער גרעסטער פּאָעט פון דער שיינער יידישער ליטעראַטור.

עס ווערט איצט 55 יאָר זינט ער האָט אָנגעשריבן זיינע ערשטע לידער אין דער מינסקער טורמע (1908), ווו ער איז געווען פאַרשפּאַרט פאַר סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

ה. לייוויק איז געבוירן ב"ז כסלו תרמ"ט (דעצעמבער 1888) אין דער שטאָט הומען, מינסקער גובערניע.

צו ערשט האָט ער געשריבן אונטער זיין פאַמיליע־נאָמען האַלפּער. ערשט אין ניו יאָרק (1914) האָט ער געענדערט זיין נאָמען אויף ה. לייוויק, (צוליב אַן ענלעכן נאָמען פונעם פּאָעט מ. ל. האַלפּערן).

ער איז דערצויגן געוואָרן אויף די כוואַליעס פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905. זיינע קינדער־יאָרן זענען געשטאַנען אונטערן צייכן פון פּאָגראָמען, ווי ער דערציילט אַליין אין אַ ליד „די קייט פון מיין יחוס":

מיין וויג איז געשטאַנען אין תחום פון פּאָגראָמען,
ס'האָט בלוטיק געברענט אויף מיין טאַטן זיין באָרד,
ווען ער האָט אין אויפגרויל פון מעסערס און לאָמען
געזוכט מיך צו שיצן פון קינשן מאָרד.

פון בוך: אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים.

אַנטלאָפן פון רוסלאַנד קומט לייוויק אין יאָר 1913 קיין אַמעריקע. 1918 דערשיינט זיין ערשטע לידער־זאַמלונג „הינטערן שלאָס".

דאָס זענען לידער־רעמיניסצענצן פון אַן אַנטרינענעם פון אַן אונטערדריקטער וועלט אין אַ לאַנד פון פרייהייט. אָבער אויך דאָ שאַפן זיך פּראָבלעמען. לייוויק ווי אַ סענסיטיווער דיכטער זעט אויך אין די אַמעריקאַנישער ווירקלעכקייט שאָטן־זייטן. יעדע סאָציאַל־אומגערעכטע ווירקלעכקייט ווירקט ווי אַ גלי־אייזן אויף דער נשמה פון דעם אימפּולסיוו־שפּעריש ן און אינטענסיוו־דענקנדיקן דיכטער. דערפאַר שטרעבט ער מיט זיין גאַנצן יש צו עפּעס העכערס. וואָס אַמאָל מער גייט ער באַרג אַרויף, העכער, ביז ער דערגייט צו וויזיע־הויכן, צו בענקענישן נאָך אַ דערלייזער, און דאָס אין סאַמע טומלדיקן ניו יאָרק.

„שטראָף מיך יאָ פאַר וואָס איך קענט נישט אויס פונעם זעלטענעם ניו־יאָרק שניי קיין משה,
און פאַר וואָס איך מאַך פון שניי נישט קיין באַרג סיני".
„די געלע לאַטע"

לייוויקס דיכטערישער וועג איז נישט גראַדליניק. זיין אומרואיקער גייסט לויפט ווי אַ שטאַרקער וואַסער־שטראָם, וואָס רייסט זיך אין אַ זיג־זאַג. ער הויבט אָן מיט יחידישער ליריק. אָבער גלייך גייט ער איבער צו אַלגעמיינע סאָציאַלע פּראָבלעמען.

אויף דעם שליאַך געפינט ער אָבער נישט פאַר זיך דעם באַפרייערישן מקור־יניקה. אַראָפּוואַרפן דעם רוסישן צאַר וואָלט טאַקע געווען אַ דערלייזונג פאַרן רוסישן פאָלק, אָבער וואָס וועט דערפון אַרויס־קומען פאַר ייִדן?

דער געראַנגל וועגן דער גאולה פאַרן ייִדישן פאָלק ווערט די אַקס אַרום וועלכער עס דרייען זיך זיינע דיכטערישע זעאונגען.

שוין אין זיין פריערסטער יוגנט לייגט ער דעם טיפן פונדאַמענט פאַר זיין שפּעטערישער ריזן-געביידע „די קייטן פון משיח", אַ פּאָעמע, וואָס ער האָט געשריבן אין דער מינסקער טורמע, איז אויסגע־וואַקסן צום צענטראַלן בנין אין וועלכן ער האָט שפּעטער אַריינגעפלאָכטן זיינע דראַמאַטישע ווערק און צווישן זיי אויך דעם „גולם".

לייוויק איז אפשר דער דביקותדיקסטער דיכטער, וואָס איז מיט זיין גאַנצן גוף און מהות פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיטן ייִדישן פאָלק. דערזעט ער ביי אים נויט, וויל ער גופא דערפילן דעם טעם פון אָט־דעם, דערפילט ער ביי אים פּיין, וויל ער ב׳גוואַלט מיטגעפּייניקט ווערן. („אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען"). זיין באַציאונג צום פאָלק איז נישט אַ רעזולטאַט פון רחמנות־געפילן. ער איז אַליין אַ שטיק פונעם פאָלק און ער וויל דערזען די דערהויבנקייט פון זיין אומה. לייוויק איז געווען פאַראינערלעכט ביז אין די טיפענישן פון זיין נשמה. ער איז צוגעקומען צו דער פילאָזאָפיע אַז דורך ליידן קומט מען צו גאולה, צו קדושה.

לייוויק האָט אין זיך געהאַט יונג-חלום, וויזיאָנע-רישקייט און נביאישן־פּאַטאָס. זיינע זעאונגען ווערן באַלויכטן מיט גרויסע ליכטער, וואָס לייכטן אויך אינעם צווייטן עטאַפּ פונעם ערדישן לעבן, ווען דער גוף שטאַרבט. אין זיין מיסטישן ווערק „אַ חתונה אין פערנוואַלד" דערגייט ער צו דער געניאַליטעט פון אַ דאַנטע. ער איז אָפטמאָל אַ נביא־זאָגער און אָנזאָגער, אָבער שטענדיק איז ער דער גוטער נביא. דער נביא פון שלום און ליבשאַפט, צום גרעסטן גאָט׳ס־ווערק — דעם מענטשן.

די „דין דינע שטילקייט" דער קערן פון זיין שאַפן, אַנטפּלעקט זיך פאַרשיידנאַרטיק אין די נאַציאָנאַלע מאָטיוון, מיט וועלכע זיינע לידער און דראַמאַטישע פּאָעמעס זענען דורכגעפלאָכטן. אָט די „דין־דינע שטילקייט" קומט צום אויסדרוק אויך אין זיינע צאַרטע ליריק ווי אויך אין דער שטאַרק פאַר־נעפּלטער מיסטיק.

זיין „גולם" בלייבט צווישן די ערשטע צען ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור. בלייבט אויף אייביק!

קיין שום ייִדישער דיכטער האָט נישט אַזויפיל געוויייטיקט אויפן גרויסן פאָלקס־חורבן ווי לייוויק. („די געלע לאַטע", „אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען", „אַ חתונה אין פערנוואַלד"). ער האָט זיך אַדורכגעריסן קעגן אַ פאַרבאָט פאַר אַמעריקאַנער בירגער צו פאָרן קיין דייטשלאַנד און געקומען צו אונדז (1946), צו דער שארית הפליטה אין מערב דייטשלאַנד.

ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ בוך „מיט דער שארית הפליטה". ווער עס האָט נישט געזען לייוויקן אינעם פערנוואַלדער גרויסן טעאַטער, וועט שוין קיין גרויסע ייִדישע וויזיע־פאַר־זענלעכקייט נישט זען, און ווער עס האָט נישט דאַמאָלס געהערט זיינע פלאַם־פייערדיקע רייד — וועט שוין קיין ייִדישן פּאָעט אַזוי דונערן נישט הערן.

מיין פאַרברענגען מיט לייוויקן עטלעכע טעג אין לאַגער פערנוואַלד, באַלד נאָך דער באַפרייאונג האָט מיר געגעבן כוח אָנצוהויבן אַ ניי שפּעטעריש לעבן. ער האָט מיך געוועקט און געפאָדערט כ׳זאָל צוריק נעמען די פּען אין האַנט. איך האָב זיך אין אָנהויב אַקייגנגעשטעלט און געטענה׳עט: „אויב צווישן די נאַצי־מיטלויפער זענען אויך געווען גרויסע שריפטשטעלער און דיכטער, אויב קנוט האַמסאָן האָט מיט באַגייסטערונג זיך אויסגעדריקט וועגן גרעסטן מענטשן־מערדער — טאָ צו וואָס געהערן צו דער מחנה? לייוויק האָט אָבער באַוויזן אַרויסצורייסן פון מיר שטיקער יאוש און איינפלאַנצן נייעם גלויבן.

ביי זיינע באַזוכן אין ישראל האָב איך אים געזען אַ פרישן און מונטערן. אין תל אביב זענען מיר זאַלבעצווייט געזיצן פאַרטיפט $3\frac{1}{2}$ שעה אין אַ שמועס „וועגן ענינים וואָס זענען ווייט פון דער טאָג־טעגלעכקייט". לייוויק האָט מיך געבעטן נישט פאַרעפנטלעכן דעם אינהאַלט.

לייוויק באַטייט פאַר אונדז הויכע ליכטיקע וועלטן. יעדעס ליד פון לייוויקן איז אַ זייל אין דער ייִדישער פּאָעזיע, און לייוויק אַליין — איז געבליבן דער שיינער פּאַלאַץ אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

## יעקב לעשצינסקי / ניו יאָרק — ת"א

ער איז אַ יחיד במינו. ער איז נישט דער טרוקע־נער היסטאָריקער, וואָס באַגנוגנט זיך מיט קאַלטע טאַבעלן און ציפער. לעשצינסקי האָט אין זיך דעם כח צו שפּאַלטן ציפערן, ווי מ'שפּאַלט דעם אַטאָם



און אַרויסבאַקומען פון זיי די וואַרעמע פאָלקס־נשמה. ווען מען לייענט זיין לעצט דערשינענעם גרויס ווערק „דאָס נאַציאָנאַלע פּנים פון גלות־יידנטום" באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז די „יידישע ציפער" ווערן פאַרוואַנדלט אין מוזיק. לעשצינסקי האָט ליב דאָס פאָלק מיטן גאַנצן פייער פון זיין נשמה. דער אויפקום פון מדינת ישראל באַטראַכט ער ווי דעם נאַציאָנאַלן תחית המתים, און די אידעע פון שאַפן אַ בריק צווישן מדינת ישראל און גלות־יידנטום, האַלט ער פאַר דער צענטראַלער אויפגאַבע פון היינטיקן טאָג.

מיר ברענגען דאָ אַ שמועס מיטן געלערנטן, אָבער לאָמיר פריער פאַרצייכענען זיין קורצע ביאָגראַפיע און דער עיקר אַן אומבאַקאַנט קאַפּיטל, ווי אַזוי לעשצינסקי האָט מיט דער מיטהילף פון באַקאַנטן שרייבער ראובן רובינשטיין זיך אַרויס־באַקומען פון סאָוועט־רוסלאַנד.

יעקב לעשצינסקי איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל האָראָדיטש אין אוקראַינע. ער האָט באַקומען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דערציאונג. אין יענע צייטן, אין די אַכציקער יאָרן פון 19־טן יאָר־הונדערט האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָליע די „ספרי־אגורה". על פּי צופאַל איז אים אַזאַ ספר געקומען אין האַנט אַריין. ער האָט אָנגעהויבן דערין אַריינצוקוקן און אין רעזולטאַט האָט אים גענומען ציען אין דער גרויסער שטאָט, צו דער גרויסער וועלט. ער ווערט אַ משכיל, באַשליסט צו פאַרלאָזן זייך פאָטערס הויז און אַנטלויפט קיין אָדעס. פאַרן אַנטלויפן וואַרפט ער אַריין אַ בריוול צו זייך פאָטער, אָבער זיינע עלטערן מוזן צוליב אַ סיבה וואַרטן אַ מעת לעת ביז זיי דערהאַלטן די ידיעה.

אין אָדעס זענען דאַמאָלס געווען פיל יידישע געוועזענע ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן שפּעטער געשפּילט אַ ראָליע אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָרט ווערט ער געשטיצט פון דער „חברה מפיצי השכלה", צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט: אחד העם, ראַווניצקי, דובנאָוו. די אַזוי גערופענע „עקסטערניקעס" זענען באַשטאַנען פון 250 געוועזענע ישיבה־בחורים. שיינקין איז געווען אינעם קאָמיטעט פאַר לערער און לער־ביכער. צו דער זעלבער גרופּע האָט אויך געהערט דער סטודענט וואַסילעווסקי, וועלכער האָט איבערזעצט אחד העמ'ן אויף רוסיש.

דער דראַנג פון די משכילים צו וויסן, האָט זיך קודם כל אויסגעדרוקט אינעם באַקענען זיך מיט דער רוסישער ליטעראַטור. אין משך פון 9—10 חדשים ווערט לעשצינסקי אַ גאַנצער „רוסאַק". ער לערנט רוסיש און די רוסישע ליטעראַטור. ער קען אַ האַלבן טורגעניעוו אויסנווייניק און מער ווי 100 לידער פון פּושקין, לערמאָנטאָוו און אַנדערע קלאַ־סיקער. דער עקסטאַז פאַר דער רוסישער ליטעראַ־טור האַלט אין איין שטייגן, אָבער פּלוצים קומט פאַר ביים יינגן משכיל אַן איבערברוך.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן פאַלט אים אין דער האַנט אַריין די צייטשריפט „פּרדס". ער דערזעט

פאַר זיך אַ גאַר אַנדערע וועלט, עפּעס דערפילט ער באַלד אַ באַנטקייט צו די יידישע אותיות, צו די אַנגעווייטיקטע פּראָבלעמען, — אַ נייע וועלט טויכט אויף פאַר אים, אַ וועלט, וואָס איז נאָך נישט רייך מיט ליטעראַרישע ווערטן, אַ יידישע וועלט!

ער וואַרפט אַוועק די רוסישע כרעסטאָמאַטיעס, רייסט איבער די צוגרייטונגען צו מאַטורע און הויבט אָן מיטן פולן ברען צו לערנען העברעאיש. אין אַ קורצער צייט קען ער שוין אחד העמ'ן און ביאַליקן.

ווייזט אויס, אַז העברעיש איז שוין דאַמאָלס געווען אַ גאַנגבאַרע סחורה — ווייל גלייך באַקומט לעשצינסקי אַ שטעלע מיט אַ געהאַלט פון 6 רובל אַ חודש פאַר 3 שעה לערנען מיט קינדער אין אָדעס.

לעשצינסקיס ליטעראַרישער דעביוט הויבט זיך אָן אין 1903, מיטן פאַרעפנטלעכן אין „השלוח" זיין ערשטע אַרבעט „סטאטיסטיקה של עירה אחת", צו וועלכער אחד העם האָט צוגעשריבן אַ וואַרעמע באַמערקונג פון רעדאַקציע.

אין זעלבן יאָר געפינט זיך שוין לעשצינסקי אין וואַרשע. ער פאָרט אַלס דעלעגאַט צום 5־טן און 6־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. אויפן זעקסטן קאָנגרעס, דעם אַזוי גערופענעם „אוגאַנדאַ־קאָנגרעס", שטימט ער נישט פאַר אוגאַנדאַ, ער שטימט אָבער אויך נישט קעגן אוגאַנדאַ.

אינעם צאַרישן רוסלאַנד הויבן זיך אָן די פּאָגראָמען אויף יידן. צוערשט דער קעשיניעווער פּאָגראָם אין פרילינג 1903, נאָכדעם דער פּאָגראָם אין האָמעל. אַמשטאַרקסטן האָט אים צעטרייסלט דער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, וועלכער האָט געדויערט דריי טעג און ער האָט געזען די חורבות אַ פּאָר שעה דערנאָך. לעשצינסקי דערציילט מיר, אַז נאָך ביז היינט צו טאָג שטייען אים פאַר די אויגן די צעשניטענע און געשעכדעטע קרבנות, וואָס ער האָט געזען אויף די יידישע גאַסן אין ביאַליסטאָק. די דערהרגעטע פרויען מיט די אָפּגעשניטענע ברוסטן. ער קאָן זיך נישט באַרויקן און קומט דאָן צו אַזעלכע אויספירן:

מען דאַרף וואָס שנעלער אַרויסנעמען די יידן פון רוסלאַנד, מאַכן אַ רעוואָלוציע און אַראָפּוואַרפן דעם צאַר. פון דאַמאָלס אָן הויבט ער זיך אויך אָן צו פאַרטיפן אינעם ציוניסטישן געדאַנק.

אין יאָר 1902 ווערט ער אַרעסטירט אין קרעמענטשוג פאַר רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט און אין 1909 — דאָס צווייטע מאָל אין וואַרשע. ער ווערט אַרויסגעשיקט פון רוסלאַנד, אויף 4 יאָר. ער קומט אָן אין ציריך און ווערט אָנגענומען אַלס סטודענט אויפן יורידישן פאַקולטעט, אָן מאַטורע. ער האָט שוין דאַמאָלט געהאַט אַרויסגעגעבן זיין ערשט בוך „דער יידישער אַרבעטער אין רוסלאַנד". דער דעקאַן פון אוניווערזיטעט איז געווען אַ גלח. ער האָט געבעטן ביים סטודענט זיין בוך און אים אָנגענומען אָן מאַטורע. דאָס דאָזיקע בוך איז דערשינען אין 1906 אין ווילנע, מיט אַ יאָר שפּעטער דערשיינט דאָס צווייטע בוך „דער יידישער אַרבעטער אין לאָנדאָן". אין 1913 קערט ער זיך צוריק קיין רוסלאַנד. ער אַרבעט מיט אין „„היינט", „העולם" און „די יידישע וועלט".

אין 1917 איז פאָרגעקומען אַ פּאָליטישע פאַראייניקונג פון צ.ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) מיט די ס.ר. (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן). אין דער פּאַרטיי איז ער געווען זייער טעטיק. ער באַזעצט זיך אין קיעוו און וווינט דאָרט ביז 1920. שרייבט אין דער צייטונג „„דאָס נייע וואָרט". ער בלייבט אַ שאַרפער קעגנער פון קאָמוניסטישן רעזשים.

ער נוצט אויס די גוטע פאַרבינדונגען מיט אַמאָליקע חברים און פריינט, וואָס פאַרנעמען רעגירונגס־שטעלעס, און באַמיט זיך צו פאַרלאָזן סאָוויעט־רוסלאַנד. אַ דאַנק רעדאַקטאָר ראובן רובינשטיין וועמען ער בענטשט נאָך ביזן היינטיקן טאָג, געלינגט אים צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

רובינשטיין איז דאַמאָלס געווען דער יוריסקאָנסולאַנט פון דער ליטווישער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע, און דער אַמבאַסאַדאָר איז געווען דער באַקאַנטער ליטווישער דיכטער באַלטרושייטיס. רובינשטיין וואָס האָט געהאַט געענדיקט דעם פּעטראָגראַדער אוניווערזיטעט אַלס יוריסט איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון דער יורידישער אָפּטיילונג פון דער אַמבאַסאַדע און נאָכדעם אַלס יוריס־קאָנסולט. די אַמבאַסאַדע האָט געדאַרפט קאָנטראָלירן די רשימות פון די „בעזשענצעס", ליטווישע בירגער, און באַשטעטיקן זייער ליטווישע בירגערשאַפט, כדי צו קאָנען צוריקפאָרן קיין ליטע.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן קומט צו רובינשטיינען אין דער אַמבאַסאַדע יעקב לעשצינסקי און דער־ציילט אים, אַז אין קיעוו זיצן אַ 12—15 יידישע שרייבער און הונגערן. זיי האָבן נישט קיין שום האָפענונג אויף עקזיסטענץ. זיי וועלן חס וחלילה אונטערגיין! און לעשצינסקי לאָזט הערן זיין פאַר־צווייפלטן רוף.

— „גיט אונדז די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן ”.

— ווער שטאַמט פון ליטע? — פרעגט רובינ־שטיין.

— קיין איינער נישט!

„מען דאַרף העלפן ראַטעווען יידישע שרייבער”, — באַשליסט ביי זיך פעסט רובינשטיין.

ער האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום אַמבאַסאַ־דאָר און אים דערציילן דעם גאַנצן אמת.

באַלטרושייטיס — האָט געהאַט אַ וואַרעמע באַצי־אונג צו שרייבער. לויטן אויפטראָג פון לייב יפה, האָט ער איבערזעצט איניקע לידער פון ביאַליקן אויף רוסיש. ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַזאַ מענטש זאָל נישט האָבן קיין סענטימענט פאַר יידישע שרייבער, אפילו, ווען מ׳מוז אַ קאַפּעטשקע אָפּנויגן פון געזעץ?...

נאָך דעם זעלבן אָוונט איז רובינשטיין אַוועק צו זיין אַמבאַסאַדאָר אין זיין פּריוואַטער וווינונג און גענומען רעפערירן דעם ענין.

— „אַ גרופע שרייבער און וויסנשאַפטלער, די בעסטע קעפּ פון אונדזער קולטור, זיצן אין קיעוו און האָבן נישט קיין שום האָפענונג אויף קיום. די נייע ווינטן וואָס נעמען איצט בלאָזן, קענען זיי אַוועק־רייסן אין די ווייטע טייגעס פון סיביר... זיי זענען געקומען צו אונדז בעטן הילף און מיר מוזן זיי העלפן. אמת זיי זענען נישט קיין ליטווישע ביר־גער — אָבער אויב דו נעמסט אַ העלפט עבירה אויף זיך — נעם איך די אַנדערע העלפט אויף מיר, און מיר וועלן זיי איינשליסן אין עשאַלאָן פון די בעזשענצעס אַלס ליטווישע בירגער”.

דער אַמבאַסאַדאָר באַלטרושייטיס גיט זיין הסכמה, אָבער לשם זיכערקייט איז ער מודיע וועגן דער „עבירה” דעם ליטווישן אויסערן־מיניסטער, לאחר המעשה.

די גרופע יידישע שרייבער מיט לעשצינסקין בראש איז טאַקע אָפּגעפאָרן מיטן עשאַלאָן פון קיעוו קיין ליטע, אָבער מיט דער נאָנטסטער דיפּלאָמאַ־טישער פּאָסט איז אָנגעקומען צום אַמבאַסאַדאָר באַלטרושייטיס אַ בריוול פון אויסערן־מיניסטער בזה הלשון:

„כ׳פאַרשטיי גוט אייערע געפילן, אָבער זאָל דאָס זיין צום ערשטן און לעצטן מאָל. דאָס איז אַ קרימינאַל־פאַרברעכן פון דיר און דיין יוריסקאָנסולט. כ׳באַשטעטיק דאָס לאחר המעשה!”.

צווישן די שריפטשטעלער האָבן זיך געפונען: דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, מוקדוני, נחום שטיף און אַנדערע. זיי האָבן באַקומען אַ ספּעציעלן וואַגאָן און ס׳איז זיי דערלויבט געוואָרן מיטצונעמען זייערע אַרכיוון. זיי זענען אַלע אָנגעקומען קיין קאָוונע און פון דאָרט איז לעשצינסקי אָפּגעפאָרן קיין בערלין.

אין אַ האַלב יאָר שפּעטער הויבט לעשצינסקי אָן זיין פּראָדוקטיווע טעטיקייט אין בערלין. אין 1922 דערשיינט זיין בוך „דאָס יידישע פאָלק אין ציפער”. דאָרט הויבט ער אָן זיין ברייט־פאַרטראַכטע אַרבעט „דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן אין דער יידישער ליטעראַטור”. ביידע ביכער זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בערלין.

מיט אַ יאָר שפּעטער הויבט ער אָן אַרויסצוגעבן, ווידער אין בערלין די אינטערעסאַנטע אויסגאַבע „בלעטער פאַר יידישער סטאַטיסטיק און עקאָנאָ־מיק”. די דאָזיקע אויסגאַבע איז געווען דער ער־שטער שטויס צו גרינדן דעם „יידישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט” (ייוואָ).

און כאָטש ייוואָ איז שפּעטער געווען טעטיק אין ווילנע, זענען אָבער דער געדאַנק, איניציאַטיוו און פּלאַן געקומען פון בערלין.

אין 1925 זענען זיך אין בערלין צונויפגעקומען אַ גרופּע יידישע ליטעראַטן: דובנאָוו, בן אדיר, שטיף, יצחק און אהרן שטיינבערג און אַרומגערעדט דעם פּלאַן צו שאַפן אַ יידישן וויסנשאַפטלעכן אינ־סטיטוט. אויסגעלייגט שריפטלעך דעם געדאַנק האָט נחום שטיף.

אין 1921 איז געקומען קיין בערלין אייב קאַהאַן און פאַרבעטן לעשצינסקין אַלס מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס”. לעשצינסקי האָט אין „פאָרווערטס” געשריבן וועגן יידישע פּראָבלעמען און דעם עקאָ־נאָמיש־פּאָליטישן מצב פון יידן אין: פּוילן, דייטש־לאַנד און רוסלאַנד.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין לעשצינסקיס אַ קאָ־

רעספאָנדענץ, געדרוקט אין „פאָרווערטס״ אין 1932 לייענען מיר:

„ווען איך וואָלט געווען אין ניו יאָרק וואָלט איך אַרויף אויפן 10-טן שטאָק פון „פאָרווערטס״ און וואָלט געשריען — ראַטעוועט די פוילישע יידן!״.

לעשצינסקיס צוויי בענד „פוילישע יידן״ זענען דערשינען אין אַרגענטינע (פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום״). דער מחבר דערציילט אונדז, אַז ער וואָלט געקענט אַרויסגעבן נאָך צוויי בענד אויף דער זעלביקער טעמע. ער רעדאַגירט די ייוואָ־שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק. ער איז אויך דער מחבר פון אַ בוך, געשריבן אין דייטש, „דאָסווירטשאַפטלעכע שיקזאַל פון דייטשן יידנטום״, אַרויסגעגעבן פון דער יידישער געמיינדע אין בערלין, און אַ צווייט בוך, אויך אין דייטש, „וועגן יידישער דעמאָגראַפיע״, אַרויסגעגעבן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן אינסטיטוט אין רוים.

אין 1933, באַלד ווי די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט, ווערט לעשצינסקי אַרעסטירט, אָבער באַלד קומט אַ שטאַרקע אינטערווענץ פון אַמעריקע און ער ווערט באַפרייט און אַרויסגעשיקט פון נאַציסטישן דייטשלאַנד.

עס דערשיינט זיין גרויסע אַרבעט, אין וועלכער דער מחבר האָט אַריינגעלייגט פיל טירחה. די טעמע „סאָוויעטישע יידן״ איז אים גאָר נאָענט צום האַרצן. דאָס זעלביקע בוך איז אויך דערשינען אין ישראל אין עברית.

אין 1935 דערשיינט זיין בוך „די לאַגע פון די יידן אין אייראָפּע״ אין 4 שפּראַכן: יידיש, עברית, דייטש און פראַנצויזיש.

לעצטנס איז דערשינען אין תל אביב זיינס אַ בוך פון 400 זייטן, אַ זאַמלונג פון גרעסערע עקאָנאָמישע אַרבעטן: „הדמות הלאומית יהודית בגולה״. דאָס דאָזיקע בוך דאַרף פאַררעכנט ווערן ווי דאָס קרוין־ווערק פון לעשצינסקיס אַרבעטן.



אַ שטיק לעבן און יידישע געשיכטע וויקלען זיך אויף אין לעשצינסקיס ווערק. מיר זעען דעם געטרייען פאָלקס־שומר, וואָס שטייט מער ווי אַ יובל יאָרן אויף דער וואַך ביי די טויערן פון פאָלקס־לעבן. ווער נאָך אַזוי, ווי לעשצינסקי האָט געהאַט די געלעגנהייט אַזוי רעאַל צו זען דעם מצב פון יידנטום. מיר פרעגן דעם גרייז־גרויען געלערנטן:

— וואָס איז דער סך הכל פון אָט דעם יידישן פאָלקס־לעבן?

וויזט אויס אַז לעשצינסקי האָט נאָך אַליין דעם סך הכל נישט געמאַכט. ער מיידט אויס צו געבן אַ דירעקטן ענטפער און זאָגט ברמיזה:

— „מעז יצא מתוק״ — די גרויסע פאָלקס־קאַטאַסטראָפע האָט אונדז געגעבן מדינת ישראל — צי פון „מתוק יצא עז״, כ׳מיין, צי די גוטע פּאָלי־טיש־עקאָנאָמישע לאַגע פונעם אַמעריקאַנער יידנטום וועט פירן צו אַ נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, איז שווער צו זאָגן.

— צי האָט מען געקענט פאָראויסזען די קאַטאַסטראָפע?

— ניין, דאָס איז געווען מחוץ לדרך הטבע, מ׳האָט דאָס נישט געקענט פאָראויסזען.

—ביים היינטיקן טאָג — זאָגט לעשצינסקי — האָבן מיר נישט קיין גרויסן יידישן ישוב, וואָס זאָל זיין עלטער פון 100 יאָר. מיט הונדערט יאָר צוריק זענען געווען נאָר 50 טויזנט יידן אין צפון־אַמעריקע. אפילו די $2\frac{1}{2}$ מיליאָן רוסישע יידן וווינען אויך אין אַ נייעם לאַנד. אין ליטע, ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע האָבן יידן געלעבט 7—8 הונדערט יאָר, אָבער אין צענטראַל־רוסלאַנד, וווּ ס׳וווינען איצט 2 מיליאָן, פון די $2\frac{1}{2}$ מיליאָן — לעבן זיי נאָר 40 יאָר. די רוסישע יידן האָבן זיך באַזעצט אין גאַנץ נייע מקומות. פון דעסטוועגן איז דער אַסימי־לאַציע־פאַקטאָר נישט גרעסער ווי אין מערב.

אין די קאָנצענטרירטע גרויסע ישובים פון מערב־אייראָפּע און אַמעריקע ווירקן צוויי שטראָמען: אַסימילאַציע-שטראָם און תחית-המתים-שטראָם.

די אַסימילאַציע אין די דאָזיקע לענדער נעמט נישט אָן אַזאַ כאַראַקטער, ווי למשל אַמאָל אין דייטשלאַנד. זי איז מער אַן אויבערפלעכלעכע, אַ שפּראַכלעכע, נאָר נישט קיין גייסטיק־קולטורעלע. אונדזער גליק איז, וואָס די רפואה איז געקומען פאַר דער מכה. מדינת ישראל וועקט יידיש־נאַציאָנאַלע געפילן אין אַלע תפוצות, און דאָס ברענגט צו פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

באַווייזן:

אין יאָר 1935 זענען געווען אין אַלע ישיבות פון צפון־אַמעריקע 3000 תלמידים. איצטער זענען פאַראַן — 52000. רעפאָרמירטע שולן, אין וועלכע מ׳האָט צענדליקער יאָרן געדאַוונט אויף ענגליש,

זענען איצטער אַריבערגעגאַנגען צו תפילות אויף העברעיש. אין אַמעריקע עקזיסטירן איצט 400 שולן, אין וועלכע מ׳דאַוונט אויף עברית און נאָר 7 רעפאָרמירטע שולן, וווּ מ׳דאַוונט אויף ענגליש.

קאָנסערוואַטיווע יידן זענען דורך און דורך ציוניסטיש. ס׳איז טעטיק אַ נעץ פון טאָג־שולן און די יידישע למודים לערנט מען אויף עברית. זומער פאַרט די יוגנט אין פאַרשיידענע קאַלאָניעס, וווּ עס הערשט אַ יידישע אַטמאָספער. אין די קינדער־קאַלאָנעס שפּירט מען אַ יידיש לעבן. איר וואָלט בשום אופן נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אַמעריקע. אין די דאָזיקע קאַלאָניעס לערנען זומער אַ 5—6 טויזנט קינדער און יוגנטלעכע. די דאָזיקע דערציאונגס־סיסטעם פאַרשפּרייט זיך אויך אין קאַנאַדע.

די אַסימילאַציע איז שטאַרקער פון נאַציאָנאַלן שטראָם, אָבער פיל פון די וואָס זענען שוין איינגעוויקלט אין דער אַסימילאַציע, דערוואַכן און זוכן וועגן צו יידישקייט. כ׳וויל נישט זאָגן קיין נביאות — נאָר מיין טיפסטע איבערצייגונג איז, דער גורל פון אַמעריקאַנער יידנטום איז אָפּהענגיק פון ישראל.

ישראל דאַרף פלעגן די יידישע שפּראַך און יידישע קולטור, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן וועט מעגלעך זיין אַן אָרגאַנישע גייסטיקע פאַרבינדונג מיטן גאַנצן יידישן פאָלק. מען וואָלט באַדאַרפט איינפירן אַ קורס פון יידישע ליטעראַטור אין די העכערע קלאַסן פון די מיטל־שולן, כדי צו באַקענען דעם יונגן דור מיט די קולטור־ווערטן פונעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום.

— וואָס איז אייער מיינונג צו אחד העמ׳ס אידיי — „ישראל זאָל דינען ווי אַ גייסטיקער צענטער״?

— איך בין אין די יינגע יאָרן געווען אַ פאַרברענטער אחד העמיסט און בין עס וויטער. איך האַלט, אַז דער גלות קאָן נאָר עקזיסטירן אויב ישראל וועט בלייבן אין איר גלאַנץ און קולטורעלן הויך. מדינת ישראל האָט די שאַנסן צו ווערן אַ גייסטיקער צענטער פאַרן וועלט יידנטום. זעלבסטשטענדיק האָט דער גלות קיין שום שאַנסן נישט זיך יידיש־נאַציאָנאַל אויסצולעבן.

— וואָס זאָגט איר צום ענין יידיש לשון אין ישראל?

— איך זאָג, אַז ישראל איז דאָס סאַמע יידישסטע לאַנד אין דער וועלט. מען רעדט יידיש אין דער גאַס, אין די געשעפטן, אין די אויטאָבוסן. אַזויפיל יידיש ווי דאָ, הערט מען נישט אין קיין שום אַנדער לאַנד. נאָר וואָס דען? יידיש זאָל בלייבן אַ רעד־שפּראַך — איז נישטאָ קיין האָפענונג. איך שטיי אויפן שטאַנדפּונקט, אַז יידיש וועט טיילן דעם גורל פון אַראַמעיש. אויף דער דאָזיקער שפּראַך האָבן יידן אַ מאָל גערעדט, געשריבן דעם תלמוד און דערנאָך איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדער שפּראַך. אָבער די אינטעליגענץ, די אינטעלעקטואַלן האָבן געמוזט קענען די שפּראַך. אַ בלאַט גמרא איז געווען די זאַך פון דער אינטעליגענץ. אויך אונדזער אינטעליגענץ, אונדזערע אינטעלעקטואַלן וועלן מוזן קענען יידיש. אָן יידיש לשון וועט מען נישט קענען פאַרשטיין די יידישע געשיכטע און נישט די יידישע קולטור אַנטוויקלונג. מען קאָן נישט דורכלאָזן טויזנט יאָר פאָלקס־געשיכטע און אַ שפּרונג טאָן פאָראויס.



אַ געוויסע ענדערונג מערקט זיך אויך אין לעשצינסקיס שאַפונגען. זיינע אַרטיקלען און אַרבעטן וואָס ער שרייבט איצט אין ישראל זענען פיל סובּיעקטיווער, וואַרעמער און פול מיט התלהבות און פּאַטאָס, ווען ער רירט זך צו צו דער ישראל־טעמאַטיק:

„עולם הפוך״ מיינט אין געגעבענעם פאַל, אַז ישראל האָט די יידישע וועלט איבערגעקערט און זי געשטעלט אויף די פיס — און ס׳איז צו שטוינען, ווי אַט דאָס שטעלן אויף די פיס דאָס פאָלק, וואָס איז לאַנגע הונדערטער יאָרן געשטאַנען אויפן קאָפּ, האָט איבעראַשט די וועלט און פילע, פילע פעלקער קומען קיין ישראל און חזר׳ן איבער די ווערטער פון נביא זכריה:

„מיר האָבן געהערט, אַז גאָט איז מיט אייך!״

אַ צווייטן אַרטיקל „אַ פּרק יידישע געשיכטע״ הויבט לעשצינסקי אָן מיט אַ ציטאַט פון ח. ברענער:

„כדי צו זיין אַ ציוניסט דאַרף מען גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון דעם אוממעגלעכן״.

און אַזוי באַמערקן מיר אויף טריט און שריט ביי לעשצינסקין די צוויי דערשיינונגען: עקסטאַז פאַרבונדן מיטן קיום פון מדינת ישראל — און דאָס וואָכזאַמע וויסנשאַפטלעכע אויג, וואָס אָבסערווירט אַלץ, זעט, נאָטירט און מאַכט אויספירן פון יעדער דערשיינונג אין מדינת ישראל.

ביי מיין איצטיקער באַגעגעניש מיט יעקב פּאַטן האָב איך געהאַט אַ געפיל, וואָס פּאַסירט ביי מיר זעלטן, ווען כ׳באַגעגן אַ שרייבער פון דער אַלטער היים. ווען פּאַט איז מיר אַנטקעגנגעגאַנגען, אַראָפּ־



גייענדיק פון עטלעכע טרעפּ — האָב איך אין אים דערזען אַ גאַנצע שטאָט. עס האָט אַ גלאַנץ־אויף געגעבן אַ גרויס און שיין שטיק לעבן, ווי ס׳וואָלט אויף דער וואָר אויפגעשוועבט דאָס יידישע וואַרשע מיט איר אַרבעטערשאַפט און איבערפולטע גאַסן מיט יידיש־רעדנדיקע יידן. ס׳האָט אַ שוועב־געטאָן אַ קאָלירפולע דעמאָנסטראַציע מיט פענער און לאָ־זונגען. אָט אַזוי ווי איך פלעג זי זען. אַראָפּקוקנדיק פונעם פענצטער אויף טלאָמאַצקע, ווי זי איז אָנגעקומען פון פּזשעיאַזד און אַריינגעדרייט זיך אויף לעשנאָ.

יעקב פּאַט איז צוגעקומען צו מיר נענטער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר אויף אַ ווייכן פאָטעל אינעם אויסגעקילטן זאַל. נאָכן אויסטוישן עטלעכע פראַגן און ענטפערס, זענען מיר צוגע־טראָטן צום שמועס.

— וועלן מיר שמועסן אויף אַלגעמיינע טעמעס? — פרעגט דער גאַסט.

— איך וויל וויסן אייער שטעלונג צו דער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער דערציאונג, צו וועלכער איר זייט איצט געקומען קיין ירושלים.

זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ־געטאָן און אַזוי האָט געזאָגט יעקב פּאַט:

— אַז איך האָב אין ניו־יאָרק געזען לויט דער טאָג־אָרדענונג, אַז וועגן יידיש איז לא יזכר ולא יפקד — האָב איך געהאַלטן, אַז כ׳האָב אינגאַנצן נישט וואָס צו פאָרן צו דער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער דערציאונג, ווייל עס קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן יידישער דערציאונג אָן די צוויי אוצרות: יידיש לשון און יידישע ליטעראַטור. אָן דעם — הייסט בדלות שטעלן די גאַנצע יידישע דערציאונג. זיי, די צוגרייטער פון דער קאָנפערענץ האָבן אָן עוולה געטאָן יידיש לשון! האָב איך צו דעם נישט געקאָנט מסכים זיין, און כ׳האָב אָנגעשריבן אַ בריוו צו ד״ר נחום גאָלדמאַן — ער האָט זייער געוואָלט, אַז מיין אָרגאַניזאַציע זאָל זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליקן. געשריבן האָב איך צו אים פּשוט:

„כ׳וויל נישט שרייבן דעם בריוו, כדי צו פירן אַ דיסקוסיע. כ׳בין אַ דעלעגאַט צו דער דערצי־אונגס-קאָנפערענץ, שרייב איך צו אייך, אז אויף אָן עפנטלעכער זיצונג פון דער קאָנפערענץ ווילן מיר האַלטן אַ רעדע וועגן דער ראָל פון יידיש און דער יידישער ליטעראַטור אין דער יידישער דערציאונג. אָן דעם איז פאַר אונדז נישט מעגלעך אנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ. ס׳איז נישט פאַראַן קיין יידישע דערציאונג אָן יידיש לשון און יידישער ליטעראַטור״.

אויפן צווייטן טאָג באַקום איך אַ בריוו פון ד״ר נחום גאָלדמאַן. ער שרייבט מיר, אַז אויף איינער פון די עפנטלעכע זיצונגען וועל איך קאָנען רעדן אויף דער דאָזיקער טעמע, און ס׳איז נישטאָ קיין סיבה, פאַרוואָס איך זאָל נישט קומען קיין ירושלים.

אויפן סמך פון דעם צוזאָג בין איך געקומען. כ׳וויל נישט פאָראויסזאָגן מיט זיכערקייט, איך וועל אָבער באַין אופן נישט מסכים זיין, אַז מען זאָל וועגן דער יידישער ליטעראַטור נישט רעדן, און איך האָף, אז אויף דער טאָג־אָרדענונג וועט די פראַגע יאָ אַוועק־

געשטעלט ווערן. איך דערוואַרט אָבער נישט, אַז פון לאָזן הערן די שטימע פאַר יידיש וועלן אַרויס־קומען ישועות ונחמות. עס גייט דערין אַז יידיש זאָל אויף דער קאָנפערענץ נישט פאַרשעמט ווערן. צופיל מי און מאַטעריעל האָבן מיר אין דעם אַריינ־געלייגט, און די זאַך איז צו וויכטיק.

די חשיבות פון יידיש איז אין די לעצטע 5 יאָר געוואַלדיק געוואַקסן. ס'איז ביי מיר נישטאָ קיין ספק, אַז גאָר אינגיכן וועט יידיש אַריינגענומען ווערן אַלס קעגנשטאַנד אין די מיטלשולן (היי־סקולס) פון אַמעריקע, און מען וועט זיך רעכענען מיט איר ווי מיט אַ שפּראַך.

ווען איך טו אַ בלעטער וואָס פאַראַ ווערק ס'זענען לעצטנס דערשינען אין דער יידישער ליטעראַטור — אַ שפע! אַזאַ אוצר! האָט מען געזאָגט, אַז מ'האָט אויסגעשאָכטן די אייראָפּעאישע יידן, וועלן מער נישט זיין קיין יידישע שרייבער. טאָ נעמט דעם צעטל פון די דערשינענע ביכער: וויזט מיר אַזעלכע 7 בענד פון י. י. טרונקס „פוילישע יידן". איציק מאַנגערס לידער און באַלאַדן. לייוויקס „לי־דער צום אייביקן". און אַזוי קאָן מען אויסרעכענען און רעכענען וואָס ס'איז דערשינען אין דער שיינער יידישער יטעראַטור. ס'איז נישט צו געפינען אין קיין שום שפּראַך אַזאַ אָפּשפּיגלונג מיט אַזאַ טאָטאַל־קייט פון לעצטן חורבן, ווי אין יידיש. מ'האָט גע־זאָגט: יידיש איז אונטערגעגאַנגען. יידישע ליטע־ראַטור גייט אויס, מיר האָבן דאָס מיט צעבראָכענע הערצער געהערט. יידישע שרייבער האָבן אָפּגע־שריען די גזירה. אוודאי איז געגנוג ביטער. די אַסימילאַציע איז שטאַרק. האָט דעריבער געקאָנט מדינת ישראל שפּילן אַ ראָלע אויפצוהאַלטן די דאָזיקע אוצרות. כ'האָף פונדעסטוועגן, אַז זי וועט נאָך שפּילן אַזאַ ראָלע. ס'איז געשטיגן די חשיבות פון יידישן לשון און דער אינטערעס צו דער שפּראַך און צו דער יידישער ליטעראַטור.

— צי ווייסט איר, אַז אַלע „יידישע יידן פון אַמע־ריקע" וועלכע אַרבעטן אין די פאָנדן למען ישראל און האָבן אַ דעה — האָבן נישט געוואַגט צו זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן דערהאַלטן יידיש לשון אין מדינת ישראל?

— מסכים! ס'איז וואָר, אַז זיי ווילן נישט פּראָ־טעסטירן. מ'קאָן אָבער נישט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז דער מצב פון יידיש אין ישראל איז געוואָרן בעסער. מען שרייבט יידיש און מען לייענט יידיש. צי מען וויל עס יאָ אָדער נישט. איך געדענק דעם מצב, וואָס ס'האָט געהערשט דאָ בעת דעם ענגלישן מאַנדאַט. כ'בין דאָ געווען אין 1925, ווען מיט גרויסער מי האָט מען אָנגעמאָלדן מיינע אַ לעקציע אין יידיש אין תל אביב. איידער מ'האָט דערמעגלעכט מיין רעפעראַט, איז געווען אויסגענומען אַ תנאי, אַז ס'וועט זיין אָנגעשריבן „רשות הכניסה רק לחברי ההסתדרות". דאָס מיינט, אַז דער עולם פון דרויסן טאָר בכלל מיך נישט הערן... רעדן דירעקט וועגן מצב פון יידיש אין ארץ ישראל האָב איך נישט געקאָנט, ווייל מ'וואָלט באַלד אויפגעריסן די פאַר־זאַמלונג. האָב איך גערעדט וועגן מצב פון די־איש"אָ־ שולן אין פוילן; ווי אַזוי מען לערנט דאָרט יידיש לשון... גערעדט האָב איך וועגן דער שנור און געמיינט די שוויגער...

פון דעמאָלט אָן ביז היינט האָט זיך אַ סך געענ־דערט. ווען כ'וויל היינט־צו־טאָג רעדן אין תל אביב יידיש, האַלטן אין ירושלים אַ יידישן רעפעראַט וועט מיר קיינער דערוין נישט שטערן. געווען אַ צייט, ווען מ'האָט דאָ פאָגראָמירט יידישע צייטונגען. יענע צייט איז אַוועק. אַוועק אויף אייביק! עס דער־שיינט אַ יידישע טאָג־צייטונג מיט גרויסע מאַסן לייענער. מען שפּילט יידיש טעאַטער. פונדעסטוועגן איז דאָך דאָס עפּעס. אַזוי שטייט טאַקע געשריבן אין די אַלטע ביכער: „מיט פאַקטן דיסקוטירט מען נישט". יידיש איז אַ לעבעדיקער פאַקט אין מדינת ישראל! איך האָב נישט מער, ווי אַוועקגעשטעלט די פראַגע יידיש אין דעם ליכט ווי איך זע דאָס. כ'האַלט פאַר מיין חוב צו אַרבעטן און צו ווירקן פאַר יידיש. כ'בין מיין גאַנץ לעבן פאַרבונדן מיט דער יידישער שול און ליטעראַטור. אַזויפיל יאָר געשריבן, געשאַפן אין יידיש.

דעם רעפעראַט האָט יעקב פּאַט יאָ געהאַלטן אויף דער פאָרלעצטער זיצונג פון דער דערציאיונגס־קאָנפערענץ. פאַט'ס רעפעראַט אויף דער טעמע „די ראָל פון דער יידישער שול און יידישער ליטע־ראַטור אין דער דערציאונג פון דורות" האָט גע־מאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די דעלעגאַטן. דאָס איז געווען דער איינציקער רעפעראַט אין יידיש אויף דער ערשטער דערציאונגס קאָנפערענץ אין ירושלים.

# ד״ר נ. סווערדלין / ניו יאָרק

איך האָב זיך מיט אים געטראָפן בעת ער איז געקומען צו דער וועלט-קאָנפערענץ פון יידישע זשורנאַליסטן, אין ירושלים. ד״ר סווערדלין, דער פּרעזידענט פון י. ל. פּרץ-שרייבער-פאַריין האָט רע-פּרעזענטירט די ניו יאָרקער דעלעגאַציע. אונדזער שמועס אין תל אביב האָט געזאָלט זיין אַ צוואַנציק מינוטנדיקער און ער האָט זיך פאַרצויגן אויף עט-לעכע שעה. געשמועסט האָבן מיר וועגן יידיש לשון, יידישע ליטעראַטור און העברעיש-יידישן טעאַטער. ד״ר סווערדלין, וועמען כ׳האָב ביז איצט געקאָנט נאָר פון געדרוקטן וואָרט — האָט זיך פאַר מיר באַוויזן גרעסער און שטאַרקער, טיפער און גרינ-טלעכער. מיט א סך גלויבן און ליבשאַפט צום קיום פון ליטעראַטור אין יידיש-לשון. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז פאַרגעקומען אַן אָוונט אין קעלער פון יידישן שרייבער-פאַראיין אין תל אביב. ד״ר סווערדלין האָט אָפּגעגעבן א גרוס פון אמעריקע, און געוויזן ביידע זייטן פון דער מטבעה; ער האָט דערציילט וועגן דעם גרויסן ישוב, וואָס אטעמט מיט יידישן גייסט, און ער האָט אויך מרמז געווען אויף דער אסימילאַציע, וואָס רייסט שטיקער פון דער יידישער יוגנט.

— „עס איז אַ פאַקט — זאָגט ד״ר סווערדלין — אז אין ישראל מיינט מען, אז מ׳האָט אַ באַגריף וועגן קולטור-לעבן אין אַמעריקע. מ׳מיינט, אז יידיש אין אַמעריקע איז שוין אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען, און אז אַט, אַט וועט די ענגלישע שפּראַך באַהערשן די יידישע געזעלשאַפט. עס איז אָבער אבסאָלוט נישט אַזוי!״

אין זיין ווייטערדיקער רעדע האָט ד״ר סווערדלין געזאָגט:

„דער יידישער שרייבער איז באַזאָרגט וועגן קיום, וועגן דער צוקונפט אין אַמעריקע אין די פאָרם און אין איר אָרט יידישקייט וואָס מיר אָטעמען״.

„אָבער נאָך מער זענען מיר באַזאָרגט, ווען מיר זעען ווי צווישן דעם ישוב אין אַמעריקע און צווישן דער מדינה וואַקסט אויס אַ שטאַרקע מחיצה. עס ווערט אויפגעשטעלט אַ דיקע וואַנט, און זי ווערט שטאַרקער און העכער פון טאָג צו טאָג. עס וואַקסן אויס באַזונדערע שבטים, איין שבט אין ישראל און אן אנדערער אין אמעריקע״.

„יידישע שרייבער!

מיר דאַרפן געפינען א געמיינזאַמע שפּראַך. די יוגנט דאָ אין ישראל דאַרף וויסן, אז די יידישע געשיכטע האָט זיך נישט אָנגעהויבן מיט 13 יאָר צוריק, נאָר זי איז א קייט פון לאַנג-לאַנגע דורות יידישקייט. מיר מוזן אלץ טאָן, אז די ישראל-יוגנט זאָל דאָס וויסן״.

מען דאַרף שטעלן די פאָדערונג, און מיר וועלן דאָס פאָדערן, אז די יידישע שפּראַך זאָל געלערנט ווערן אין די עלעמענטאַרע און מיטל-שולן אין ישראל. די יידישע שפּראַך איז דער שליסל צו דער יידישער נשמה, צום יידישן אוצר. נאָך דורך דער יידישער שפּראַך קענען מיר אָנהאַלטן דעם גייסטיקן און ברידערלעכן קאָנטאַקט און געבן צו פאַרשטיין, אַז די געשיכטע פון יידישן פאָלק איז אַ המשך פון טויזנטער יאָרן צוריק, און שליסט אין זיך איין אלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן עם הספר״.

איך ווייס נישט אויב ד״ר סווערדלין אליין האָט געפילט דעם רושם פון זיינע אייגענע ווערטער. כ׳וויל נאָר זאָגן, אז דעם עולם צוהערער האָבן זיינע ווערטער דערמוטיקט, און דווקא ווייל זיי זענען געהערט געוואָרן דורכן פּרעזידענט פון „י. ל. פּרץ-פאַריין״ ווערט אויף זיי געלייגט א סך האָפע-נונג, אַז דאָס וועלן נישט בלייבן פּוסטע פראַזן, נאָר שלאָגווערטער פאַר דאָס סאַמע וויכטיקסטע, וואָס איז איצט נויטיק אונזער יידישן דור — די ברידערלעכע שפּראַך-פאַרבינדונג — יידיש-העב-רעיש.

ד״ר סווערדלין איז אַן ערשט-ראַנגיקער טעאַטער-קריטיקער. זיינע טעאַטער-רעצענזיעס זענען מוס-טער-אַרבעטן. זאָגט מען טאַקע אויף אים אז זיינס אַ וואָרט איז אַ מטבע. ווילן מיר האָפן, אַז זיינע ווער-טער אינעם יידישן שרייבער-פאַריין וועלן האָבן די ווערט פון גאָלדענע מטבעות.

# חיים ליבערמאַן / ניו יאָרק

יידן נויטיקן זיך אין אהבת ישראל, ווי אין אַ מאַראַלישע רפואה. חיים ליבערמאַן

חיים ליבערמאַן איז פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן און מיט מדינת ישראל, ניט מיט אַ



שטיקל גוף און אַ שטיקל נשמה — נייערט ממש מיט זיין גאַנצן גוף און גאַנצער נשמה!

ער שטאַמט אָפּ פון דעם אַמאָליקן יידישן ישוב אין וואָלין. פון יענע ברייטע שליאַכן, זאַטע פעל־דער און אַלט־פאַרווורצלטע וועלדער, אויף וועלכע עס איז געווען אויסגעשפּרייט אַ דור־דורותדיק יידיש לעבן, אַ זאַפטיקער קוואַל יידישקייט וואָס האָט געשעפּט פונעם מקור פון דער מסורה און געשאַפן דעם סטימול פון דער אייגנאַרטיקער פאָלקסטימלעכקייט, אַזוי אין דעם חסידישן עקסטאַז, ווי אין דער מתנגדישער סטאַטישקייט, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די רענעסאַנס תקופה פון מזרח אייראָפּעאישן יידנטום.

דאָס ערשטע, וואָס רופט אַרויס גרויס חשיבות איז! ווי איז דאָס מעגליך, אַז פערציק יאָר זיין אין אַמעריקע זאָל אַ מענטש ניט פאַרלירן פון זיין תמימות פון זיין גאַנצקייט, ניט צעברעקלען זיך אינעם „שמעלץ טאָפּ" און זיך ניט אָפּזאָגן פון יידיש יסורימדיקן קרעכץ און גורל, אָן אונטערשייד פון וועלכן וועלט־ווינקל ער זאָל ניט קומען. ליבער־מאַן איז דאָך תמיד דער ערשטער, וואָס באַקעמפּט יעדע שוואַרצע מחשבה, וואָס רייסט זיך אַריין אינעם יידישן לעבן, און טוען טוט ער דאָס מיט זיין זעלטענער קראַפט פון אַ גרויסן און דרייסטן אמת־זאָגער, וועלכער קען דעם וועג צו ערליך־מענטש־לעכע הערצער און וועמען מיר דערפילן אָפטמאָל, ווי מיר דערהערן אים.

מיר האָבן אָנגעצייכנט „חיים ליבערמאַנס אהבת ישראל" און ניט זיינע ווערק. ווערק פון אַ שרייבער, דאָס איז זיין אויסערלעכע וועלט, זיין טעטיקייטס שטח, דער קרייז פון דער פּאַנאָראַמע ביז וואַנען זיין בליק דערגרייכט. אהבת ישראל, דאָס איז שוין אַן אינעווייניקסטע אידיי, דער קדשי קדשים איבער וועלכן קיינער טאָר די שוועל ניט איבערטרעטן, אָבער דאָך דאַרף ער זיך צו דער עבודה־שטימע צוהערן.

אין מיטלפּונקט פון דער יידיש עפנטלעכער מיי־נונג, הערט זיך ליבערמאַנס שטימע. קודם כל איז ער ערליך מיט זיך אַליין און דאָס דערפילט מען אינסטינקטיוו ביי אַ שרייבער. ער האָט ניט פאַר־לוירן זיין אָריענטאַציע, ווען אינעם יידישן וועלטל האָט גענומען טומלען מיט מאַדאַגאַסקאַר און ער איז ניט געשטרויכלט געוואָרן מיט ביראָ־בידזשאַן, ווי עס איז געשען מיט אַנדערע אונזערע פּובלי־ציסטן.

ליבערמאַנס אינטואיציע האָט פריער, ווי אַנדערע דערפילט דאָס גרויסע אומגליק וואָס עס האָט געט־ראָפן מיט די יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט מיט אַ לייבן־שטימע אויסגעשריען דעם ווייטיק און צער, וואָס מיר האָבן געפילט אין יענע צייטן און פילן אים איצט, ווען אַנדערע שרייבער האָבן נאָך דערוועגן געצווייפלט, געוואַרט אויף אַן אָפיציעלע באַשטעטיקונג — האָט ליבערמאַן אין זיינע קאָלומבס אָנגעטאָן אַ זאַק מיט אַש אויפן קאָפּ און ווי מרדכי הצדיק אַרומגעלאָפן אַ פאַרצווייפל־

טער איבער די יידישע גאַסן.

טריט ביי טריט באַגלייט חיים ליבערמאַן דאָס יידישע לעבן מיט זיין גייסט און פעדער במשך פון פערציק יאָר אויף די שפּאַלטן פון דער יידישער פּרעסע און אין זיינע ווערק. ער איז דער מחבר פון 18 ביכער, וואָס זענען אַ צירינג אין יידישע שטובן. אַן אַלזייטיקער טאַלאַנט, וועמענס קינסטלערישער אומרו וואַרפט אים איבער פון דער עסיי ביז דיכטונג.

ווי ליבערמאַן דערציילט, איז ער שוין עטלעכע מאָל ברוגז געוואָרן מיט דער ליטעראַטור און אויפגעהערט שרייבן עסייען וועגן ליטעראַטור־קריטיק. ליבערמאַן איז אַ מענטש, וואָס האָט ליב פריהייט. ווען מען לייענט מיט אויפמערקזאַמקייט זיינע צוויי ביכער „יידן און יידישקייט אין די שריפטן פון ד״ר ח. זשיטלאָווסקי״ און „ד״ר חיים זשיטלאָווסקי און זיינע פּאַרטיידיקער״ קומען מיר צום אויספיר, אַז די הויפּט טענה, וואָס דער מחבר האָט אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט קעגן די ווערק פון ד״ר זשיטלאָווסקי איז וואָס דער לעצטער האָט ניט צוגעשריבן קיין גרויסן ווערט פונעם יידנס פריהייט, סיי פונעם יחיד און סיי פונעם כלל. ליבערמאַן לייקנט ניט אָפּ פילאָזאָפישע שיטות צוליב רעליגיעזע איבערצייגונגען. פאַרקערט, ער באַמיט זיך צו געפינען דעם סינטעז, וואָס קאָן פאַרבונדן און שלום מאַכן מיטן געדאַנק פון אויסטייטשן טעאָלאָגיע מיט פילאָזאָפיש־ראַציאָנאַליסטישע אויפפאַסונגען. מיר ווייסן למשל, אַז פון משה לייב האַלפּערן ביז חיים ליבערמאַן (אים צו לענגערע יאָרן) איז געווען אַ צוויי־וועלטן דיסטאַנץ — און דאָך איז כאַראַקטעריסטיש, אַז גראָד ליבערמאַן האָט אַזוי וואַרעם־ענטוזיאַסטיש געשריבן וועגן דעם פּאָעט האַלפּערן. דאָ ליגט דער גרויסער ליבערמאַנס כוח, וואָס דערלאָזט ניט פאַרטונקלען קינסטלערישע ווערטן דורך רעליגיעזע אנשויאונגען.

ער איז פון די ערשטע, וועלכע האָבן זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער גרויסער אַרבעט פון גרינדן יידישע שולן אין צפון אַמעריקע. אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן רופט ער יידישע עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין די דאָזיקע שולן, שטעלט אַוועק אויף פעסטע יסודות דעם יידישן לערער סעמינאַר, אין וועלכן ער טראָגט דעם עול פון זיין ערשטן סעקרעטאַר און לערער. צו יענער ציים פאַרעפנטלעכט ער צוויי ביכלעך: „דאָס פּראָבלעם פון דער יידישער דערציאונג אין אַמעריקא״ און „די יידישע רעליגיע אין דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג״. שפּעטער, ווען עס דוכט זיך אים אויס, אַז דער לערן־פּראָגראַם פון די יידישע שולן הייבט אָן אַראָפּצוגיין פון דרך הישר — קומט ער, ווי אַן עפנטלעכער מאָנער מיט זיין בוך „אין קאַמף פאַר יידישער דערציאונג״.

ער איז אַ שרייבער אַ קעמפער און דערפאַר וועט ער תמיד פאַרבלייבן אין דער יידישער ליטעראַטור. אַ סך פּרוכטבאַרע שרייבער זענען ביי אונז פאַרגעסן געוואָרן און צוליב דער איינציקער סיבה, וואָס זיי זענען ניט געווען קיין קעמפער. ליבערמאַן אָטעמט ממש מיט די לופט פון פאָלק. ווערט דעם פאָלק ענגער אָטעמט ער שווערער, זיין האַרץ קלאַפּט האַסטיקער און עס ציט אים דווקא דאָרט ווו עס לויערט די געפאַר. און ער איז אין פרילינג 1956 געבליבן מיט אונז אַזוי רוהיג, ווי מיר, אַזוי דערצידירט, ווי מיר, אַזוי צוזאַמענגעפּלאָכטן ווי מיר, ווי ער האָט עס געזאָגט „וועט אויסברעכן אַ מלחמה בלייב איך מיט אייך״.

דורך דער צייט פון זיין ווײַלן אינעם לאַנד, האָט ער אָנגעפּלעקט אַ סך שיינקייטן פון אונזער לעבן און מיט אַ דיכטערישן געמיט באַשריבן אין „פאָרווערטס״. זיינע אַרטיקלען זענען גוט געפורמטע ליטעראַרישע סקיצן. זיין „קינסטלערישער מאָנער״ האָט אים אויך אויף זיין גרויסע רייזע אין ישראל, אים ניט געלאָזט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. צענדליגער פאַרלעזונגען האָט ער געהאַלטן און דער ברייטער צבור איז געקומען הערן זיין וואָרט.

בעת זיין פאַרלעזונג אין „בית ליסין״ אין תל אביב איז ליבערמאַן אַרויס מיט אַ פאָדערונג צו דער העברעאישער פרעסע אין ישראל וועגן אויפמערקזאַמקייט פאַרן יידישן לעבן פון די אַמעריקאַנער יידן. „די העברעאישע פרעסע פון ישראל — זאָגט דער פרעלעגענט — איז טאַקע שיין און גוט רעדאַגירט, אָבער די באַציאונג פון נעגירן, פון כמעט ניט דערמאנען דאָס לעבן פון אַמעריקאַנער יידנטום איז אַ גרויסע עוולה!

ווייזט אויס, אַז אין ציון ווייסט מען ווי אָפּצושאַצן אירע בעסטע זון. חיים ליבערמאַן איז דאָ אויפגענומען געוואָרן מיט אַ סך וואַרעמקייט און ליבשאַפט.

# סאָפיע טאַקער / ניו יאָרק

אַ סך שטערן לייכטן, אָבער זייערע ליכט זעט מען נאָר ביינאַכט, ווען אַרום איז פינצטער. אויך ביי בינע-קינסטלער, וועמען מ'רופט שטערן זעט מען אַ סך פון זיי נאָר דעמאָלט, ווען אין זאַל ווערט



פינצטער. ביים טאָג-ליכט זענען זיי נישט מער אין אונדזערע רייען און זיי פירן אַן אָפּגעשלאָסן לעבן אין אַן אַנדערע וועלט, אפילו ווען דאָס איז אַ קינסטלערישע-וועלט, אָבער דאָך ווייט פון די פאָלקס-מאַסן וואָס פאַרגעטערן זיי — ווייט ווי די שטערן!

גאָר אַנדערש איז די יידיש-אַמעריקאַנישע זינגערין סאָפיא טאָקער. זי לעבט אין אונדזער וועלט. אירע יומים טובים פאַלן אויס צוזאַמען מיט אונדזערע. איר גאַנץ לעבן האָט זי זיך נישט פאַרמאַכט און אָפּגעשלאָסן פון די ברייטע מאַסן. זי לעבט זיך איין אין דער סביבה אין וועלכער זי ווירקט. זי האָט ליב דאָס פאָלק און איז איינגעוואָקסן אין אים. דער פאָלקס מענטש איז ביי איר נאָענט און טייער. זי פילט, אז איר געזאַנג געפינט א תיקון, ווען דער פאָלקס-מענטש הערט עס, און זאַפּט עס אין זיך אריין. דעריבער דערגייט איר געזאַנג ביז די טיפע קעמערלעך פון דער פאָלקס נשמה. דערפאַר איז זי געבליבן נישט נאָר די אמעריקאַנער פאָלקס-זינגערין, נאָר די פאָלקסטימלעכע זינגערין.

ווער קען דאָס נישט סאָפיע טאָקער? ווער האָט דאָס נישט געהערט איר געזאַנג? ביי וועמען איז זי דאָס נישט אימשטאַנד ארויסצורופן פרייד און טרערן? דערמאָנט זיך נאָר איר ערשט לידל „די יידישע מאַמע". מיט וועלכן זי האָט יאָרן-לאַנג טריאומפירט, און עס איז געבליבן ביים פאָלק ווי אַ הייליקע תפילה. שוין א האַלבער יאָרהונדערט, ווי זי האָט עס צום ערשטן מאָל געזינגען, און נאָך עטלעכע דורות וועלן ממשיך זיין מיט „אַ יידישע מאַמע". און אפשר איז זי גאָר אליין די יידישע מאַמע?

אין איר ליגט די קראַפט פון ארויסרופן צו זיך צוטרוי און גלויבן. זי קען אויפוועקן פאַרדרימלטע געמיטער און זיי צוציען צו זיך, צו איר געזאַנג און צו אירע אידעען. איר הויפּט-אידעע איז „ואהבת לרעיך כמוך". איבערהויפּט קומט דאָס געפיל צום אויסדרוק, ווען עס האנדלט זיך ביים איינזאַמען אָדער פאַראַרעמטן קינד.

דאָס איז אַ פרוי מיט א גרויסן היסטאָריש-קינסטלערישן באַגאַזש. איר ארטיסטישע קאַריערע האָט זי באַפריינדעט און פאַרבונדן מיט מענטשן פון גאָר דער וועלט. מען האַלט פון איר ווי פון אַ גוטן יידן, אַ רבין. איר וואָרט ווערט געשעצט און אירע מעשים טובים באַוואונדערט.

אַ מייעסטעטיש געשטאַלט מיט פיינע מאַניערן און פון די בלויע אויגן קוקט ארויס די קינסטלערישע נשמה. ווען איך קוק אויף סאָפיע טאָקער דוכט זיך מיר נאָך אלץ אז איך רעדט מיט דער שענצטער פרוי פון דער וועלט. און דאָ אנטפלעקט סאָפיע אַ נייעם וואונדער: פונקט ווי דער מענטש באהערשט די נאַטור, אַזוי קאָן ער אויך באהערשן די יאָרן, אויף אַזאַ אופן, אַז נישט די עלטער געוועלטיקט

איבערן מענטשן, נאָר פאַרקערט, דער מענטש האָט די דעה איבער דער עלטער.

איך האָב זי דערוואַרט צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע פון ק. ק. דירעקטאָריום און מגבית וואָס אין קינד, די מאַמע האָט זיך איינגעאָרדנט אַ קליינעם רעסטאָראַן אין Hartford. זי פלעגט אַליין קאָכן און מיך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. פאַר 25 סענט האָט מען אין מיין מאַמעס רעסטאָראַן געקענט




סאפיע טאקער ביים פלאנצן אַ וואלד אויף איר נאָמען

דער שפּיץ איז געשטאַנען ד"ר משה חיים ווײַלער. זי איז אַרויסגעקומען צו אונדז פריש ווי פון אונטערן טוי, און דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן:

ווי אַזוי האָט איר אָנגעהויבן אייער אַרטיסטישע קאַריערע?

— מיינע עלטערן — זאָגט די קינסטלערין — זענען געקומען פון אָדעס קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין באָסטאָן, כ'בין נאָך דעמאָלט געווען אַ אָפּעסן אַ מיטיק. דער רוב פון אונדזער קליענטור זענען געווען אַקטיאָרן, זינגער שוישפּילער. איך האָב ליב געהאַט צו זינגען. כ'האָב צוגעטראָגן עסן די געסט און געזונגען. די אַרטיסטן האָבן באַלד אויפגעכאַפּט מיין שטימע און געזאָגט מיין מאַמע, „זי האָט אַ זינגענדיקע נשמה". דאָס מיידל וועט האָבן אַ גרויסע שטימע און זי מוז זיין אַ זינגערין. איך האָב געזונגען אומעטום און ביי יעדער געלעגנהייט

געזונגען אין דער מאַמעס רעסטאָראַנדל און אין לונאַ־פּאַרק. איך האָב געפילט אַז עס ווערט מיר ענג אין מיין מאַמעס היים און געטראַכט וועגן אַנטלויפן.

דעם ראש השנה איז געוואָרן 60 יאָר ווי כ׳בין אַנטלאָפן פון דער היים און געקומען אין דער גרויסער שטאָט ניו יאָרק, דאָרטן האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ טיר אין דער גרויסער וועלט אַריין, איך האָב אָנגעהויבן צו גיין באַרג אַרויף און שוין אַלס 17 יאָריק מיידל האָב איך געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג מיט מיינע געזאַנג־אויפטריטן. אַזוי זענען געלאָפן צענדליקער יאָרן און אַזוי איז געזאַנג און פאַרויילונג געבליבן דער נשמה־קוואַל פון מיין לעבן.

— פון וואַנעט נעמט זיך דער מקור וואָס פאַרבינד אייך אַזוי שטאַרק מיט ישראל?

— פון קינדוייז אָן האָב איך אין מיר אַריינגעזאַפּט אַ סך מקורותדיק יידישקייט. תמיד האָב איך געהערט און געפילט ביי מיינע עלטערן די גרויסע בענקשאַפט צו ארץ ישראל, ביי אונדז אין דער היים איז געווען אַ ווייס־בלויע פושקע פון קרן קימת. די מאַמע האָט פאַר ליכט בענטשן מיט ציטערדיקע הענט אין איר אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר מטבעות און שטילערהייט געזאָגט אַ יידישע תפילה צו ארץ ישראל. מיין מאַמעס תפילה קלינגט נאָך אין מיינע אויערן און איר באַגער צו זען ארץ ישראל איז פריש אין מיין זכרון. דעריבער איז עס פאַר מיר אַן איבערלעבעניש צו קענען טאָן דאָס, וואָס מיינע עלטערן האָבן נישט זוכה געווען צו טאָן. היינט וועט מען אין די הרי יהודה פלאַנצן אַ וואַלד פון 40,000 ביימער אויף מיין נאָמען, און אַלע מיינע פריינד, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין שפּענדן די געלטער פאַר דעם צוועק.

צום וויפלטן מאָל זייט איר אינעם לאַנד?

איך בין איצטער צום דריטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל בין איך דאָ געווען אין 1959. איך האָב די גרעסטע פאַראינטערעסירונג צו דער יוגנט־עליה. די קינדער־היים אין בית שמש, וואָס טראָגט מיין נאָמען האָבן מיר אָנגעהויבן מיט 65 קינדער, איצטער זענען שוין דאָרטן פאַראַן 300 קינדער. אַ צווייטע קינדער היים איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין 1961 אין באַרי, אין נגב, דאָרט זענען פאַראַן 150 קינדער. אין די קינדער־היימען ווערט גלייכצייטיק געלערנט אַ פאַך. און די אַנשטאַלטן זענען פאַרזאָרגט מיט פנימיות פאַר יינגלעך און מיידלעך. אין בית שמש וועט די קינדער־היים נאָך פאַרגרעסערט ווערן. מיר וועלן זיי אויך שיקן אַ קאָמפּלעט כלים פאַר אַ דזשאַז אָרקעסטער.

— פאַר וועלכע אינסטיטוציעס אַרבעט איר?

— איך אַרבעט אויף פאַר די „באָנדס״.

— זענט איר שוין אַ מיליאָנערין? כ׳מיין צי איר האָט שוין געזאַמלט אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר די ישראל־„באָנדס״?

איך האָב געזאַמלט 18 מיליאָן דאָלאַר פאַר די באָנדס. אויף פאַרשידענע באַנקעטן ווו איך טרעט אַרויס מיט זאַמל־אַקציעס נעמען אויך אנטייל מיינע פערזענלעכע חברים און פריינד ווי דער באַקאַנטער פילם שטערן עדי קאַנטאָר און דער ליבלינג פון דער אַמעריקאַנער טעלעוויזיע דזשעק בעני און אַנדערע קינסטלער.



דער איצטקער באַזוך פון דער באַליבטער פאָלקס־זינגערין סאָפיאַ טאָקער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער שמחה פאַרן קרייז מענטשן, וואָס האָבן זיך מיט איר צוזאַמענגעטראָפן. ביי דער פייערונג פון פלאַנצן אַ וואַלד אויף איר נאָמען אין בית שמש זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרויסער עולם פון רעגירונגס־מענטשן און אירע פאַרערער. גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט אַרויסגערופן איר ברידער Mr. M.C. Abuza חבר הכנסת אברהם הערצפעלד האָט פון דער טריבונע אויסגעדריקט די מיס טאָקער דעם הארציקסטן דאַנק פאַר אירע גרויסע מעשים פון סאָציאַלן כאַראַקטער, פאַרן אויפבוי פון לאַנד און מיפּולער אַרבעט פאַרן קרן קימת. ביי דער פייערונג איז אויך דערמאָנט געוואָרן אַז אין בית שמש וועט אויפגעשטעלט ווערן אַ סאָפיאַ טאָקער־שפּיטאָל, וועלכעס וועט פאַרטיק ווערן אין 1965.

אַ צווייטער וואַלד אין האָנאָר פון סאָפיאַ טאָקער וועט געפלאַנצט ווערן אין צפון־נגב ביי באַרי.

סאָפיאַ טאָקער דערמאָנט אַ ביסל אין דער גרויסער ראשעל וואָס איז געבליבן פאַראייביקט ביי די פראַנצויזן. אויך סאָפיאַ טאָקערס געזאַנג און גוטע מעשים וועלן פאַראייביקט ווערן. בפרט וועלן זי פאַראייביקן צוויי פעלקער אַמעריקע און ישראל.

אפילו, ווען מ׳זאָל צוזאַמענגעמען אַלץ, וואָס ס׳איז געשריבן געוואָרן וועגן קונסט, וועט מען דערפון נישט קאָנען אַרויסבאַקומען קיין דעפיניציע, צו דער דערקענטניש פון קונסט און קינסטלער,



אָדער מיט פשוטע ווערטער: וואָס אַזוינס איז קונסט, און ווי־אַזוי דערקענט מען דעם אמת׳ן קינסטלער?

אָבער שוין דאָס אַליין, וואָס דער צוגאַנג צו קונסט איז אַ פאַרשיידנאַרטיקער און דער „סוד" פון איר דערקענטניש איז נאָך ביז היינט אין כלל נישט אויסגעזאָגט געוואָרן — דאָס איז שוין מבשר די גרויסע חשיבות פון אמת׳ער קונסט אין אונדזער לעבן.

דורות לאַנג ווערט קונסט אַריינגעטראָגן אינעם היכל פון אייביקייט, כאָטש אָפטמאָל פאַרגעסט מען אינעם קינסטלער גופא.

נאָך מער קאָמפּליצירט איז דאָס פּראָבלעם, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ יידישן קינסטלער.

מיר יידן האָבן ליב צו אנערקענען אַ יידישן מאלער־קינסטלער, ערשט דאַמאָלט, ווען... ער ווערט באַרימט ביי גוים...

אַזוי האָב איך געטראַכט בעת כ׳האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט שאול ראַסקינס שאַפן.

טרעפט איר אָן אויף אַן אמת׳ן קינסטלער, פאַרשטייט איר, אַז קונסט מיינט באַשאַף. מיר איז טאַקע געקומען אויפן געדאַנק, אַז גאָט בלייבט דערפאַר אייביק, ווייל ער האָט געשאַפן! עס איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן דער „בצלם אלהים ברא אותו", אַז דער קינסטלער איז ממשיך דעם פּראָצעס פון יצירה... און טאַקע אַזוי אַרום גייען אָן די באַציאונגען צווישן גאָט און מענטש. ווי עס קומט צום אויסדרוק אין ראַסקינס רעפּראָדוקציע־בוך מיטן זעלבן טיטל.

אַ מאלער־קינסטלער מוז קודם כל זיין אַ בעל נשמות. אין יעדן קינסטלערישן בילד מוז זיין אַריינגעהויכט אַ נשמה. מעג אַ מאָלער מאָלן, ווי שיין און גוט, מעג ער צעשפּרייטן זיינע ברייטע לייוונטער, מיט מאָטיוון און קאָלאָריטן — וועט עס גאָר נישט זאָגן, אויב ס׳פעלט דער רוח החיים — אַ נשמה! ס׳קאָן זיין אַ זינגנדיקע נשמה און ס׳מעג זיין אַ דרימלדיקע, אָבער נשמה איז אַן אינטעגראַלער טייל פון באַשאַף. אָבער נאָך נישט אַלץ איז בלויז נשמה. אויף דער וועלט איז איינגעפירט אַ מאָדע, אַז צו נשמה מוז זיין צוגעטשעפּעט אַ גוף, אַנדערש גייט עס נישט... דאָ קומט דער קינסטלער און שאַפט דאָס בילד (גוף) דורך די טעכנישע מאַניפּולאַציעס, מיט וועלכע ער דיספּאָנירט.

שאול ראַסקין איז אַ רייכער בעל נשמות. אין יעדן בילד זיינעם געפינט זיך דאָס עיקרשטע — אַ נשמה. ער איז נישט קיין קינסטלער־יחיד. שאול ראַסקין מיינט — אַ דורותדיקע מאַלער־קולטור. ער האָט מיט זיך אָפּגעמאַכט צו זיין דער קינסטלער פון יידישקייט, פון יידיש שטייגער־לעבן, פון יידישן ניגון און יידישן פּנים. כאָטש ראַסקין אַליין האָט ליב צו רעדן וועגן זיך ווי וועגן אַ גראַפיקער — איז דאָס נישט מער ווי אַ קינסטלערישער קאַפּריז. אין תוך אין נשמה איז ער אַ גרויסער מאלער.

„וואָס איז אַזוינס אַ צייכנונג? אַ צייכנונג איז אַ פינטעלע, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון איר אָרט און זיך גענומען נאָכיאָגן נאָך מיין פּענדזל. יאָגט

זיך רעכטס, יאָגט זיך לינקס, קיילעכדיק און עקיק, הין און הער און לאָזט איבער אונטער זיך אַ שפּור. דאָס איז די ליניע, און פון די ליניע ווערט אַ קאָנטור פון זאַכן, אַ וועלט אַ גאַנצע. פון ערגעץ ווו האָט זיך אויך אָפּגעריסן אַ נשמה׳לע...״.

הייסט עס, אַז אַ מאָלעריש פּינטעלע קומט נישט סתם פונעם פענדזל נאָר פון דער נשמה.

אין ראַסקינס נשמה קאָן מען אַריינקוקן דורכן זיג־זאַג פון זיינע „נשמה פּינטעלעך״. אים קאָן מען דערקענען דורך זיינע שאַפונגען. און געשאַפן האָט ער אין זיין לעבן זייער פיל. עס איז גענוג זיך צו באַקענען מיט זיינע רעפּראָדוקציע־ביכער, לוקסוס אַלבאָמען אין גרויסן פאָרמאַט כדי צו האָבן אַ באַגריף פון זיין קינסטלערישן אוצר.

און דאָס זענען די נעמען פון זיינע ביכער:

צווישן גאָט און מענטש 125 רעפּראָדוקציעס, פּרקי אבות, הגדה, מגילות, תהילים, ארצנו ועמינו, ארון הקודש, בראשית, קַבלה, נביאים, ישראל.

ווען די 12 ביכער וואָלטן געווען געשאַפן פון 12 באַזונדערע קינסטלער, וואָלט יעדער באַזונדער גע־קענט באַרימט ווערן, צוליב דעם ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן. עס גלויבט זיך גאָר נישט, אַז דאָס אַלץ האָט געקענט שאַפן איין מענטש אין איין מענטשלעך לעבן, איבערהויפּט, ווען ראַסקין האָט ערשט אָנגעהויבן מיט מאָלעריי אינעם פערטן צענ־דליק יאָר פון זיין עלטער.

שאול ראַסקין שטייט אונטער דער פולער השפּעה פון די גרויס מייסטער רעמבראַנדט, וואַן דיק און מיקל אַנדזשעלאָ. דאָס דערקענט מען ביי אים אין די גרעסטע ווערק און באַזונדער אין זיין „אברהם אבינו״ און אין די זאַמלונגען „נביאים״, „ארון הקודש״ און „קבלה״. ער איז אָבער נישט געבליבן „אַלט־מאָדיש״. מיט זיינע פּינטעלעך, מאָטיוון און טעכניק. ער האָט זיך דערנענטערט צו די מעסיקע מאָדערניסטן אין דער מאָלעריי. און אפשר דערפאַר געפינען זיך זיינע בילדער אין 18 ערשטקלאַסיקע מוזעאומס איבער גאָר דער וועלט. ער איז אָבער צוגעבונדן צום יידישן מקור. אַ סך פון זיינע שאַפונ־גען שפּרודלען מיט אהבת ישראל און אהבת מענטש. זיין קינסטלערישע מוזע איז נישט איינגעשלאָסן אין אַ געטאָ. פאַר אים איז אָפן אַ גרויסע יידישע וועלט, אַ וועלט פון די בראשית־צייטן ביז דעם אילת׳ער פּאָרט אין מדינת ישראל.

ראַסקינען קאָן מען נישט דערקענען און אודאי נישט אָפּשאַצן לויט דעם, אָדער יענעם בילד זיינעם. ביי אים מוז מען זען זיין גאַנצן קלאָרן הימל מיט דער פּאַנאָראַמע. דאָס, וואָס ס׳איז כאַראַקטעריסטיש ביי ראַסקינען איז, וואָס אין זיינע פענדזל שטריכן ליגט די בראשית|דיקע נאַטור־באַשטימטקייט, וואָס האָט מיט אַ בת קול אויסגערופן דעם סדר פון באַשאַף און אָנגעצייכנט ווו ים און ווו יבשה, ווו באַרג און ווו טאָל. קוקסטו אַריין אין זיינע פּינטע־לעך, אָט אין דעם פּינטעלע, וואָס ער אַליין זאָגט, אַז עס רייסט זיך פון נשמה־מקור, ווערסטו דער־שטוינט פון דער קלאַסישער פאַרטיילונג פון זיינע מאָטיוון און אויסדרוקן. ביי ראַסקינען איז נישט פאַראַן דער צווייפל; אַזוי, צי אַזוי? אין זיינע שטריכן און ליניעס ליגט דער „בעל כרחו אתה חי״! אַזוי מוז זיין ווערק באַשאַפן ווערן!



דער 84־יאָריקער קינסטלער, איז דינאַמיש אין זיין שאַפונגס גייסט. ער איז געווען אין אילת, אין נגב און געמאָלן די ישראל־לאַנדשאַפט. ראַסקין דערציילט אונדז, אַז דער צוועק פון זיין קומען דאָסמאָל אינעם לאַנד זיינען צוויי זאַכן: שאַפן אַ פּאָרטרעט פון דעם נגב. דער נגב — זאָגט דער קינסטלער — איז געוואָרן אַ שטיק ראָמאַנטיק, אפילו פאַר אים אַליין. און ברענגען צו די ברידער אין אַמעריקע און צו זיך אַליין אַ פּרצוף פונעם נייעם ישראל. 2) טרעפן זיך מיט ישראל קינסטלער, באַקענען זיך מיט די טענדענצן, וואָס הערשן דאָ. רעדן מיט זיי און אפשר זיך דערריידן צו אַן איינהייטלעכער יידיש־ישראלדיקער טעמאַטיק.

וועגן דער ישראל מאָלעריי זאָגט ראַסקין — אַז די דיסטיליזאַציע פאַרדעקט דאָס פּנים. די יידישע טעמאַטיק איז דאָ אויף זייער אַ גרימירטן שטייגער. עס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ גוטן אַקטיאָר מיט אַ שטאַרקן גרים. עס איז צו דערקענען דעם מאָלער און נישט די זאַך. עס רעפּרעזענטירט דעם קינסט־לער, אָבער נישט דאָס לאַנד.

ראַסקין שטרעבט, אַז עס זאָל אין ישראל געעפנט ווערן אַ קונסט אַקאַדעמיע. ער האָט ליב דעם ישראל קינסטלער און וואָלט אים ווען זען אין זיין אויפ־שטייג. ער פילט, אַז קונסט מוז זיך באַשאַף — און דער קינסטלער-באַשעפער מוז קודם כל אויסדריקן די מאָטיוון פון זיין פאָלק.

## יצחק מעצקער / ניו יאָרק

אַ וואַרעמער קבלת פּנים איז פאַרגעקומען אין „בית סוקולוב" לכבוד דעם באַקאַנטן שרייבער און מיטרעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס" יצחק מעצקער, וועלכער איז געקומען אויף אַ באַזוך אינעם לאַנד.

ביי אַ גלעזל טיי איז זיך צוזאַמענגעקומען די העברעיש-יידישע שרייבער משפחה צו באַערן און באַגריסן דעם טאַלאַנטפולן שריפטשטעלער. צוליבן כבוד פון שרייבער-גאַסט און זיין פרוי האָט מען גערעדט יידיש.

בעת'ן קבלות פנים האָב איך געהאַט צו פרעגן אַ האַרבע קשיה. היתכן, ווי קומט דאָס, וואָס מ'זאָל מעצקערן אויפנעמען אין הויז פון זשורנאַליסטן און נישט אין הויז פון די סופרים? אָבער תוך כדי דבור האָט א חבר מיר איינגערוימט דעם סוד אין אויער: „ווייסט דען נישט, אַז דער „בית טשערניחובסקי", דאָס הויז פון די העברעישע שרייבער איז פאַרמאַכט פאַר אַ יידיש-שאַפנדיקן פען-מענטש, מעג ער אפילו זיין דער גרעסטער"...

י. מעצקער איז א קינסטלער-בעלעטריסט. די קאַנווע פון זיינע שאפונגען ציט ער פון אלט-יידישן דור. די מיליע איז פון געזונטע קרעפטיקע דאָרפס-יידן, וואָס לעבן אויפן שויס פון דער נאַטור, פרימיטיווע, אָבער מילדע און ערלעכע צו מענטש און גאָטס-באַשעפעניש. זיין בוך „אויפן זיידעס פעלדער" ווערט פאַרעכנט צו די מייסטער-ליטעראַטור, מעצקער האָט אין זיך דעם כוח אויפצוויקלען שטיקער לעבן פון זיינע העלדן. ער גיט אייך גאַנצע העלדן מיט גוף און נשמה. לייענדיק „אויפן זיידנס פעלדער" בין איך צוגענאַגלט געוואָרן צום קינסטלערישן אופן פון דערציילן. ס'האָט אויף מיר געמאַכט אַ רושם די רייך דערציילערישע פאָרם, און דאָס באַווייזן אַ יידיש געזונט דאָרפס-לעבן.

מעצקער איז שטאַרק אָפּגעהיטן אין שפּראַך. אָפּטמאָל דאַכט מיר, ווי די ווערטער זענען ווי ציגל אין מויער. אויב מ'זאָל איינס אַרויסרייסן, וועט זיין אַ לאָך, וויל מען צוגעבן — איז נישטאָ ווו. זיין בוך איז אייגנאַרטיק אין דער יידישער ליטעראַטור, אייגנאַרטיק מיט דער רואיק-דערציילערישער פאָרם, מיט דער לאַנגער קאַנווע אויף וועלכער ס'איז אויפגעוויקלט אַ יידיש-דאָרפיש לעבן. אויף מעצקערס בוך קאָן מען זאָגן, אַז ס'איז כולו ליטעראַטור. אין דער וועלט-ליטעראַטור איז נאָר פאַראַן איין ווערק מיט וועלכן מ'קאָן עס פאַרגלייכן, און דאָס איז „די ברכה פון דער ערד". (איך דערמאָן נישט מיט אַ כוונה דעם נאָמען פון מחבר).

„אויפן זיידענס פעלדער" איז דערשינען אין העברעיש, און דאָס בוך האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער העברעישער ליטעראַטור. וואָכן און חדשים האָט מען וועגן דעם בוך גערעדט און דיסקוטירט אין די ליטעראַרישע קאַפעען פון תל אביב.

י. מעצקער האָט זיך באַלד באַוויזן מיט נאָך אַ בוך „גאָטס באַשעפענישן", וואָס איז אייגנאַרטיק אין דער יידישער ליטעראַטור.

און אַזוי ווי ער איז שטיל אין זיינע שאַפונגען, אַזאַ איינדרוק מאַכט ער אויך פון דער נאָענט. מיט זיין באַשיידנקייט מאַכט ער דעם איינדרוק פון אַ ליבן חבר און פען-מענטש וואָס איז „פאַרטאָן אין זיינע וועלטן". נישט נאָר וואָס ער זוכט נישט, נאָר ער מיידט אויס רעקלאַמע. אַ פאַקט איז אָבער, אַז זיינע ביכער גיין פאַרויס און רעדן פאַר אים.

מעצקערס באַזוך אין לאַנד האָט געשאַפן אַ יום טובדיקע שטימונג ביי דער שרייבער-משפחה. אַ גאַנצע ריי רעדנער האָבן אין זייערע באַגריסונגען געגעבן אָפּשאַצונגען וועגן י. מעצקערס שאַפן. וועגן זיין גאַנג אין דער ליטעראטור און דעם גרויסן באַשטייער וואָס ער האָט צו איר צוגעטראָגן.

אין זיין ענטפער רעדע אין „בית סוקולוב" האָט מעצקער געגעבן אַ ברייטן איבערבליק פונעם יידישן לעבן אין אמעריקע, איבער די צוויי שטאַרקע שטרעמונגען די אסימיליאַציע, וואָס רייסט שטיקער פונעם יונגן יידישן דור. — און די יידישנאַציאָנאַלע דערוואַכונג, וואָס האָט באַקומען א טיפערן זינען — און פאַרשטאַרקט זיך מיטן אנטשטייאונג פון מדינת ישראל.

י. מעצקער האָט אנטיילגענומען אין דער וועלט-קאָנפערענץ פון יידישע זשורנאַליסטן אין ירושלים.

# ד״ר יצחק אונטערמאַן / מיאַמי־ביטש

אז איך בין צוגעקומען צו שרייבן דעם פּאָר טרעט פון ד״ר יצחק אונטערמאַן האָב איך זיך געמוזט אָפּשטעלן און פאַרטראַכטן, ווייל דאָ רעדט זיך וועגן אַ מענטשן, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט



ראַמיילעס ישיבה אין ווילנע און שטעקט אַ גאַנץ לעבן אין חכמת ישראל.

איך האָב ד״ר אונטערמאַן פּערזענלעך באַקענט, ווען ער איז שוין געווען אַ שרייבער און דענקער מיט אַ נאָמען אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז געווען גראָד ווען מ׳האָט באַדאַרפט פּראַווען דעם 50־יאָריקן יובל פון דער צייט, ווען ס׳האָט זיך באַוויזן זיין ערשט ליד אין „די יוגענד״, אַ העקטאָגראַפישער זשורנאַל, וואָס איז דערשינען אין 1909 אין ווילנע. פונעם ערשטן לידל, פון וועלכן מיר ברענגען אַ סטראָפע, האָט מען זיך גע־וויס נישט געקענט אָריענטירן, אַז דער סענטי־מענטאַלער בחור, וועט אויפהערן שרייבן לידער און אַוועק צו אַן ערנסטע צווייג אין דער ליטע־ראַטור — חכמת ישראל.

„איך בעט מיט טרערן די לבנה:
שיינק מיר כאָטש אַ שטיקעלע גליק,
ערפיהל מיין איינציקן באַגעהר —
ניט פאַרשווינד פון מיר צוריק״...

אָבער דאָס שטיקעלע גליק, וואָס דער דאַמאָלס־דיקער ישיבה בחור איסאַק אונטערמאַן האָט זיך געבעטן ביי דער לבנה האָט זיך נישט געאיילט אַזוי גיך צו אים צו קומען. עס זענען אַוועק עט־לעכע צענדליק יאָר ביז ער האָט דורכגעבראָכן אַלע שטאָלענע ווענט כדי צוצוקומען צו זיין ביל־דונג און וויסן. אַ חוץ דעם וואָס ד״ר אונטערמאַן איז אַ בעל הוראה, האָט ער אויך צוויי דאָקטאָראַטן פון פילאָזאָפיע און יורי, אַ פאַל, וואָס איז אַ זעלטענהייט ביי יידישע שרייבער....

ד״ר אונטערמאַן הויבט אָן זיין ליטעראַרישע קאַריעדע, ווען די יידישע ליטעראַטור איז נאָך געווען אין די וויקעלעך. זיין גאַנץ לעבן איז ער טעטיק אַלס שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר. יומם ולילה פאַרבראַכט ער ביי זיין שרייבטיש. אין פאַרלויף פון אַ ריי יאָרן האָט זיך צוזאַמען מיט זון־אויפגאַנג באַוויזן אין יידישע צייטונגען אַ גע־דרוקטע סקיצע פון ד״ר אונטערמאַן. ער האָט אָנגעשריבן איבער 5000 ליטעראַרישע סקיצן און איז דער מחבר פון 32 ביכער וועגן חכמת ישראל, וועלכע זענען דערשינען אין עטלעכע שפּראַכן. פאַרשטייט זיך, אַז בישטאָ איז דער פּלאַץ אַריינ־צוגיין אין אַ ליטעראַרישע אָפּשאַצונג וועגן זיינע ווערק, וועגן זיינע סקיצן, עסייען און טויזנטער אַרטיקלען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעך אין צייט־טונגען און זשורנאַלן אין גאָר דער וועלט, — דאָ וועלן מיר זיך באַגניגענען מיט עטלעכע עפּיזאָדן פון זיין לעבן און שאַפן.

דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע ביי ד״ר אונ־טערמאַן איז דאָס, וואָס מען באַקומט דעם איינ־דרוק, אַז דאָס איז אַ מענטש וואָס לעבט מיטן אמת פון די נביאים! אין מיינע שמועסן מיט אים האָב איך געפילט, ווי דער מענטש האָט קיין שום פאַראינטערעסירונג צו לייכטע אָדער פאַרוויילונגס־ליטעראַטור, וואָס איז צום באַדויערן אַזוי „מאָ־דערן״ אין גאָר דער וועלט. דער לויטערער קוואַל פון וועלכן ער שעפּט יניקה איז דער תנ״ך, ווייל דער תנ״ך איז נישט ביי אים ווי אַ ספר וואָס מען לערנט — נייערט אַ ליכט וואָס באַלייכט מענטש

און וועלט. אינעם אַריינפיר צו זיין ווערק „אונ־זערע נביאים" זאָגט ד״ר אונטערמאַן:

„די שאַפונגען פון אונזערע נביאים זיי־נען באַין אופן נישט קיין צייטווייליקע, גיל־טיק בלויז פאַר איין דור, פאַר איין תקופה, נאָר פאַר יעדער צייט, פאַר דער גאַנצער אייביקייט".

ער איז דער מחבר פון אַ סך ספרים וועגן חכמת ישראל געשריבן אין ענגליש. מ׳קאָן זיך פאָר־שטעלן ווי עס זעען אויס די נביאים, ווען עס פאַרטייטשט זיי אין ענגליש ד״ר אונטערמאַן. דער־פון דערקלערט זיך דאָס, וואָס אַט די ווערק זיינע זענען אויספאַרקויפט ביזן לעצטן עקזעמפּלאַר. ווייזט אויס, אַז נישט נאָר יידן, נאָר גויים קוויקן זיך מיט דעם זאַפטיקן קוואַל פון זיינע שאַפונגען.

אָבער ווי אַזוי איז ד״ר אונטערמאַן „נתגלה" געוואָרן? ווייזט זיך אַרויס, אַז צו דעם האָט צו־געלייגט אַ האַנט אונדזער גרויסער י. ל. פּרץ. אין זיינעם אַן אַרטיקל „פּרץ — דער פאָטער פון די „יונגע" שרייבט ד״ר אונטערמאַן:

„געוועזן איז עס אין ווילנע. אַ גרופּע בחורים, געוועזענע מתמידים פון „ראַמיילעסעס"-ישיבה און שפּעטערדיקע „עקסטערניקעס" פון סטראַשונס־ביבליאָטעק און שטיינבערגס לערער־אינסטיטוט האָבן געגרינדעט אַ פאַריין צו שטודירן ליטעראַ־טור־וויסנשאַפט און העלפן אַנטוויקלען יונגע טאַ־לאַנטן. ווען מ׳האָט אַנגעהויבן קלאַפּן אין די טירן פון די ווילנער רעדאַקציעס און באַקאַנטע שריי־בער, האָט מען אונדז אויפגענומען מיט פאַראַכ־טונג און שפּאָט. דער פאַריין זייענדיק נידערגע־שלאָגן פון די גדולים׳ס באַהאַנדלונג האָט באַ־שלאָסן אַליין אַרויסצוגעבן אַ וואָכנשריפט אין יידיש און העברעאיש, געשריבן מיט אַ שיינעם כתב־יד. מ׳האָט די שריפט פאַנאַנדערגעשיקט צו רעצענזירן צו יידישע רעדאַקציעס און שרייבער, אין פּוילן און רוסלאַנד.

אַ סך נומערן זענען דערשינען, אָבער קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. ביז עס איז געקומען י. ל. פּרץ און פאַרשפּרייט זיין השפּעה אויף די „יונגע ווילנער".

— איך געדענק נאָך ווי ס׳וואָלט נעכטן געווען. מיר די מיטגלידער פונעם וואָכנבלעטל זענען גע־זעסן אויף אַ בוידעם־שטיבל פון יאַטקאָווער געסל. ביי יעדן איז דאָס האַרץ געוועזן צעקלעמט. עס האָט אַזוי פאַרדראָסן צו מוזן איבעררייסן מיט די הערלעכע יוגנט חלומות צו וועלכע די נשמה ציט צוזאַמען מיט האָפענונגען צו ווערן אָנערקענט אַלס יידישע שרייבער . . . מיר זענען געזעסן שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און איינגעהאַלטענעם אָטעם, ווי נאָר וואָס פאַרמשפּטע. פּלוצים עפנט זיך די טיר און ס׳לויפט אַריין מיט אימפּעט אַ חבר מיט פּרץ׳עס אַ וואָכנשריפט אין האַנט. נאָט, זעט! ווייזט זיך אַרויס אַז י. ל. פּרץ האָט איבער־געדרוקט מיינע אַן איבערזעצונג פון ח. נ. ביאַליקס ליד „איך" און צוויי אָריגינעלע לידער, וואָס זענען געווען גדערוקט אין אונזער געשריבענעם „וואָכנ־בלאַט„ — „די יוגנט".

זינט דאַמאָלט האָט במשך חדשים און יאָרן י. ל. פּרץ נישט פאַרגעסן אין די יונגע „פּריצייטיקע" שרייבער פונעם ווילנער בוידעם־שטיבל. כמעט יעדע וואָך האָבן מיר דערהאַלטן פון אים בריוו, אין וועלכע ער האָט אונדז געטרייסט, געלערנט, דערמוטיקט און געראָטן צו קומען קיין וואַרשע, ווו ס׳וועט אים לייכטער זיין אונדז צו העלפן. אַ סך פון אונדז האָבן טאַקע געהאַרכט זיין עצה און זיך אַריבערגעפּעקלט קיין וואַרשע. אַ דאַנק פּרץ׳ס השפּעה זענען פון יענעם בוידעם־שטיבל אַרויס־געקומען: משה טייטש, א. י. גראָדזענסקי, ה. א. רשהגלסקי, ד. שצוקין, ה. גאָלדבערג, אליעזר ווינ־רייך און א סך אנדערע שרייבער.

אַלס אַן אַריינגייער אין פּרצ׳ס הויז האָט ער פון אים „געגנאַשט" די פאָלקסטימלעכקייט. אין ד״ר אונטערמאַנס בוך „יידישע ימים טובים" איז דאָ אַזויפיל פאָלקסטימלעכקייט און יומטובדיקייט, ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן וואָלט געווען כולו יום טוב. עס מערקט זיך אויך ביי אים די ספּע־ציפיש־יידישע ווייכקייט און אייגנשאַפטן צום יושרדיקן סאָציאַליזם, וואָס זיין מקור שטעקט אינעם נביאישן יושר. ער האָט אָבער אויך אין זיך דעם כוח צו גיין אויף אייגענע וועגן. די נביאישע אידעאָלאָגיע איז — שרייבט ד״ר אונ־טערמאַן — אַז דער ייד דאַרף זוכן זיין גרויסקייט און שטאַרקייט אין דער געטלעכער שלימותדיקייט.

ביי זיין איצטיקן באַזוך אין ישראל האָט זיך ד״ר אונטערמאַן באַטייליקט אַלס דעלעגאַט אין דער ערשטער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער דערציאונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים.

# מאַקס פרייליך / קאַראַקאַס

שוין אין זיין פריערסטער יוגנט „זינדיקט“ ער מיט שרייבן לידער. אין קאַראַקאַס האָט אים אָבער געפעלט די ליטעראַרישע סביבה. דער עול פרנסה האָט פאַרשלינגען די צייט און זיינע ליטעראַרישע



אַספּיראַציעס האָבן זיך אוועקגעקאָלערט צוזאַמען מיט די בעסטע יוגנט-יאָרן. אָבער מען קאָן נישט זאָגן, אַז ער איז געבליבן אינגאַנצן באַזיגט אַלס פּען-מענטש. דער שרייבער-פונק וואָס טליעט אין אים איז קיינמאָל נישט פאַרלאָשן געוואָרן. ער האָט אַלעמאָל געלאָזט פון זיך הערן דורכן געדרוקטן יידישן וואָרט. אין לויף פון יאָרן האָט זיך אנגעזאַמלט אַ סך זיינע שריפטן, וואָס סטייען אויף אַרויסצוגעבן אַ בוך.

מאַקס פרייליך אַנטפּלעקט אַ סך ליטעראַרישע ווערטן. ער האָט געשריבן אין פאַרשידענע זשאַנרן: לידער, פּאָעמעס, אַרטיקלען און פעליעטאָנען. אַמיינסטן געפעלן מיר אָבער זיינע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין די דרייסיקער יאָרן, דאַמאָלט ווען ער האָט מיט מי און שווייס געאַרבעט אויף חיונה.

ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו שרייבן זיינע אַרטיקלען און לידער. אויך איצט באַטייליקט ער זיך אין דעם „ווענעזועלער וואָכנשריפט“, וואָס דערשיינט שוין עטלעכע יאָר.

פון דער נאַטור, אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ און הומאַניטאַרע אידעאַלן איז ער אַריינגעטאָן מראשו ועד רבו אין העלפן מענטשן. אַן אנגעזעענער תושב פון קאַראַקאַס, דערציילט, אַז ווען נאָכן גרויסן חורבן ס'האָבן אנגעהויבן שטראָמען קיין קאַראַקאַס יידן פון דער שארית הפליטה — האָט מאַקס פריי-לעך פאַרלאָזט זיינע געשעפטן און זיך פאַרנומען מיט די מענטשן. געהאָלפן זיי מיט דירות, אַרבעטס-מכשירים און אַ ביסל געלט כדי זיך קענען איינאָרדענען.

מאַקס פרייליך איז אַ שם דבר, אַן אַדרעס, נישט נאָר פאַר סתם-יידן. שרייבער און קינסטלער וואָס קומען קיין קאַראַקאַס — ווייסן אַז מאַקס פרייליכס הויז איז פאַר זיי אָפן.

אין תל אביב געפינט זיך אַ זאַמלונג פון פרייליכס כתבים, וואָס וואַרט אויף אַ תיקון מ'זאָל זיי אַרויס-געבן אין בוכפאָרם. בלעטערנדיק צווישן די גע-שריבענע און טיילווייז שוין געדרוקט זאַכן האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַן אויטאָביאָגראַפיע און זכרונות פון אַלטן שטעטל, וואָס בעטן זיך ממש צו זען די ליכטיקע שיין. אויב דער קאָמיטעט פון זיינע לאַנדס-לייט וועט נישט עפּעס טאָן אַרויסצוגעבן די כתבים, וועט פרייליך בלייבן אומבאַקאַנט אין בוכפאָרם. דאָס וואָלט געווען אַ ליט. שאָדן. נאָך מער וויכטי-קער איז אַרויסצוגעבן אַ ביכל לידער. עס האָבן צו מיר גערעדט צענדליקער לידער, וואָס די שטיק-לעך פּאַפּיר זענען שוין פון זיקנה געל געוואָרן. אין עטלעכע לידער באַזינגט ער דאָס שווערע לעבן פון די ערשטע יידישע אימיגראַנטן וואָס האָבן זיך גע-נומען צו פעדלעריי.

און אָט זענען עטלעכע פון זיינע לידער:

# בענקשאַפט

נאַקעט און אָרעם וואַרט דער בוים,
און ס'פאַלן פון אים די גרינע בלעטער.
דעם גאַנצן ווינטער שטייט ער אין טרוים
און האָט מער קיין האָפענונג צו אַלע געטער.

דער פראָסט וויל אים פאַרניכטן,
דער ווינט וויל אים אויסרייסן;
אין ווייסן שניי איז איינגעהילט דער גלויבן,
צו קענען אויפן זומער פאַרבלייבן...

שטייט אַזוי דער בוים קרעפטיק און שטאַרק,
און האַלט אויף זיך אַ מענגע צווייגן —
אין פראָסטיקער שטילקייט כאַפּט ער אַ דרימל —
און הערט אויף אונטערטעניק זיך פאַרנייגן.

מאַמע-ערד איז שטייף פאַרפראָרן;
נאָר דער עפּל-בוים חלומ'ט פון אָפענעם צוויט —
ווייסער שניי פאַרלעשט די האָפענונג,
און דער ווינט ברענגט זי ווידער צוריק.

טוט אַזוי דער בוים מיט ציטער וואַרטן
ביז ס'שפּראָצן די ערשטע גרינע בלעטער.
די זון דערוואַרמט אים ביז די וואָרצלען —
און ס'קומען ווידער צוריק די אַלטע געטער...

וואַלענסיאַ, (ווענעזועלאַ) 15-טער סעפּטעמבער 1934.

אין דעם ליד איז פאַראַן יוגנט-חלום און האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן. מ'פילט אינעם ליד דיכטערישע מוזע, כאָטש ווייניק דרייסטקייט, אַ שטאַרק ליד איז „באַליוואַר". דאָ איז בולט דער שפּרונג פון פאַרחולמטער לירישקייט צו רעוואָלוציאָנערן עפּאָס. די שורות זענען פולע מיט ברענגען יושר דורך פרייהייטס-קאַמף. עס פילט זיך אויך די איינגעוואָרצלקייט.

מאַקס פרייליך

# באַליוואַר

דיין שווערער קאַמף ווערט היסטאַריש, דיין
זיג פאַרצייכנט אַלס אמת׳ער העלד —
ווייל ערליך און אמת איז דיין מחשבה געווען,
נישט ווי נאַפּאַלעאַן,
וואָס געמיינט האָט צו פאַרכאַפּן די וועלט.

שוין דאַמאָלט אַ ציוויליזירטע אייראָפּע געווען,
און דאָך אַזוי אימפּעריאַליסטיש-מיליטעריש.
יעדער האָט געוואָלט איינשלינגען אַלץ —
ביסטו מיט אמת׳ן יושר געקומען,
אימפּעריאַליזם פאַרלאַנג איך נישט —
נאָר פאַר מיין ערד גיב איך מיין האַלדז!

באַליוואַר! דיין זיגעריש אָרט Carobobo
ווערט באַווונדערט און הייליק געשעצט,
דאָרט ווו די ווענעזועלער האָבן פלאַמיק געקעמפט
און מיט זייער בלוט די קאַראַבאַבאַ-ערד באַנעצט.

אין די פינף לענדער פון אמאָליקן גראַן-גראַנאַדאַ Bolivar
האָבן אומעטום דיינע כוחות דערגרייכט
דערפאַר בלייבט אין היסטאָרישע לוחות
איינגעקריצט דיין נאָמען וואָס לייכט.

באַליוואַר!
פינף לענדער האָסטו פונעם אימפּעריאַליסט צוריקגענומען,
און יעדן געגעבן זיינס.
נישט געוואָלט ווערן דער קעניג פון אַלעם,
אפילו נישט קיין פּרעזידענט פון דיינס.

געבוירן אין שטעטל בלענדאָוו, לעבן ראַדאָם (פוילן) ווייזט ער ארויס אַ שטאַרקן ווילן צו קולטור און וויסן. ער נעמט אויף זיך די איניציאַטיוו צו שאפן די ערשטע פועלי ציון-אָרגאַניזאַציע אין שטעטל מיט א ביבליאָטעק. דאָס האָט דאַמאָלט געמאַכט אַן אמתע רעוואָלוציע אינעם לעבן פון די בלענדאָווער יידן. דאָס האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן רושם, אז די בעלי בתים האָבן זיך נוקם געווען אין זיין פאָטער, ר׳ טעוויל דעם חזן-שוחט און נאָך 33 יאָר אים דערווייטערט פון פּאָסטן. דאָס, וואָס זיין פאָטער האָט געמוזט באַצאָלן פאַר זיין רעוואָלוציאָנערישקייט ווירקט אויף דעם אַמביציעזן מרדכה׳לען אַזוי שווער, אַז ער פאַרלאָזט זיין שטעטל און פאָרט אוועק קיין ראַדאָם. זיין יוגענטלעכער

אומרו ציט אים אין דער גרויסער וועלט אריין. אין 1926 פאַרלאָזט ער פּוילן, שמוגלט זיך דורך גרעניצן און קומט אָן קיין קובאַ. ווי נאָר ער האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אין קובאַס הויפּטשטאָט — האַוואַנאַ, באַגעגנט ער 4 יוגנטלעכע פּועלי ציון-חברים און ער באַטייליקט זיך אין אַרויסגעבן די ערשטע יידישע צייטונג „אונזער וואָרט". אין 1930 קומט ער אָן אומלעגאַל קיין ניו-יאָרק. דער אדמיניסטראַטאָר פון „פאָרווערטס" וולאַדעק רעדט אים צו, ער זאָל פאָרן קיין ווענעזועלאַ, זען וואָס פאַר אַ לאַנד דאָס איז און שרייבן...

אין 1931 קומט ער אָן קיין קאַראַקאַס. דאַמאָלט האָט מיט אַן אייזערנע האַנט געהערשט אין ווענעזועלאַ דער דיקטאַטאָר Gomez. שיקן אַ בריוו אין „פאָרווערטס" איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנס-געפאַר. אזעלכע מענטשן האָט מען אַרויסגענומען ביינאַכט פון די בעטן און קיינער האָט מער נישט געוווּסט ווו זיי זענען אהינגעקומען. אַזוי בלייבט ער אין ווענעזועלאַ מיט דער האָפענונג זיך פון דאָרט אַרויסצובאַקומען. ערשט אין 1936 ווען דער פאַרהאַסטער דיקטאַטאָר איז אַוועק פון דער וועלט און די באַפעלקערונג האָט פריי אָפּגעאָטעמט — שיקט מאַקס פריילין זיין ערשטע קאָרעספּאָדענץ קיין ניו יאָרק, וואָס איז געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס".

צו יענער צייט זענען געווען אין ווענעזועלאַ אַן ערך 100 יידישע נפשות, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פאַרבלאָנדזשעטע פייגל אין אַ פרעמדער נעסט. קיינער האָט אפילו נישט צייט געהאַט אויסצופּאַקן אַ ביסל יידישקייט. צווישן די ערשטע מאַנער און וועג-ווייזער פאַר אַנהויבן אַ יידיש-קולטורעל לעבן איז געווען מאַקס פריילין.

נאָך דעם ווי ס'הויבט זיך אָן די ערשטע עמיגראַציע פון אייראָפּעאישע יידן קיין ווענעזועלאַ באַזעצט זיך שוין מאַקס פריילין אויף „קבוע", און טראַכט נישט מער פון וואַנדערן, ער האָט חתונה און פאַרנעמט זיך מיט מסחר.

פריילין איז פון די ערשטע אידעען טרעגער צו גרינדן אַ יידישע שול. די היינט צו טאָג עקזיסטירנדיקע אין קאַראַקאַס „הרצל-ביאַליק-שול" מיט 800 יידישע קינדערלעך, איז אין אַ גרויסער מאָס זיין פאַרדינסט.

נישט אַזוי גרינג איז אָנגעקומען פריינד פריילין מיט זיינע אידעען-חברים צו גרינדן אַ יידישע שול אין דער הויפּט שטאָט פון ווענעזועלאַ — קאַראַקאַס. ווען ה' וועלוול זיגלבוים האָט דער ערשטער גערופן צו גרינדן אַ יידישע שולע — זענען די דאָרטיקע יידן פון אים אַנטלאָפן, און געטענה'ט, אַז אַ יידישע שול וועט ברענגען אַנטיסעמיטיזם... גובר געווען האָבן די איניציאַטאָרן, צווישן וועלכע ס'איז געווען, ה' נחום גליזשאַנסקי, שמואל מיילער און אַנדערע אַנהענגער פון יידישן חנוך.

פריילין געפינט זיך אָבער צווישן די וואָס טענהן, אַז אין די גלות-לענדער וועט זיך קיין העברעאיש ביי די קינדער נישט האַלטן, און קעמפט איינצופירן די יידישע אונטעריכטס-שפּראַך אין שול, אין יאָר 1956 גרינדעט ער אַ צייטשריפט „אונדזער געדאַנק", וואָס דערשיינט אַ גאַנץ יאָר. דער זשורנאַל פירט אַ העפטיקע אַגיטאַציע פאַר לערנען יידיש לשון אין די יידישע שולן.

ווען זיין באַזוך אין ישראל האָט מאַקס פריילין פאַרעפנטלעכט עטלעכע געלונגענע רעפּאָרטאַזשן אין דער „מעקסיקאַנער לעבן". פאַר זיינעם אַ רעפּאָרטאַזש „מיט דער תיאודור הרצל שיף אויפן ברוזנדיקן ים" (געדרוקט אין דער „יידישער צייטונג" אין תל-אביב) האָט ער באַקומען אַן אויסצייכנונג פון דער נאַציאָנאַלער ישראל שיפס-געזעלשאַפט „צים".

ישראל איז אַ לאַנד פון טאַנץ — זאָגט מיר מאַקס פריילין — אָבער אייער טאַנץ איז עפּעס גאָר אַן אַנדערער. ביי אייך טאַנצט-מיט די נשמה — אויך אייער שבת איז כולו שבת נישט סתם אַן אָפּקומעניש — און ווי איך זע געניסט איר טאַקע פון אַלע תענוגים פון שבת מלכתא.

אַזוי האָבן אפשר געטרוימט זיינע זיידעס, דער אַפּאַלער רב און ר' בצלאל, דער קאָזשעניצער סופר, און אַזוי רעדט מאַקס פריילין אין תל-אביב.

בעת זיין באַזוך אין לאַנד, איז דער גאַסט וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך יידישע שרייבער און קינסטלער. ביי אַן אימפּרעזע אין יידישן ליטעראַטן-פאַראיין איז מאַקס פריילין וואַרעם באַגריסט געוואָרן. אומעטום איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן זיין אהבת ישראל און אהבת יידיש.

# יוסף בולאָף / ניו יאָרק

אין אָנהויב 1922 איז יוסף בולאָף אריין אין דער „ווילנער טרופע" און פון דעמאָלט אָן האָלט ער אָן זיין קינסטלערישן-אייגנאַרטיקן גאַנג.

היינט צו טאָג איז בולאָף אַ יחיד במינו-קינסטלער, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט פאַנגען פון לייכטן קאַסע-רעפּערטואַר.



בעת מיין שמועס מיטן קינסטלער אין תל-אביב, איז מיר דער עיקר געגאַנגען, צו הערן זיין שטעלונג וועגן די טעאַטער-קאַפּעלעס וואָס שפּילן אין ישראל. בולאָף איז אָבער געווען פאַרזיכטיק און צוריקגעהאַלטן, און מ-מש געציטערט ווען מען אַנצורירן „די הינער אויגן"...

וואָס זאָגט איר צום מצב פון יידישן טעאַטער אין ישראל?

— פון דער קינסטלערישע זייט וואָלט מען געקענט אויפשטעלן אין תל אביב אַ יידיש טעאַטער וואָס זאָל שטיין אויף אַ ניוואָ. די פראַגע איז אָבער פון עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן. די עקסיסטירנדיקע טעאַטער-טרופּעס לאָזן זיך אויף לייכטע וועגן. כ'האָב אַלע מיינע יאָרן קיינמאָל מיט זיי קיין מגע-ומשא נישט געהאַט. זיי טויגן נישט פאַר מיר און איך טויג נישט פאַר זיי.

וועלכע געשפּילטע דורך אייך קינסטלערישע-ראָלן זענען אייך אמנאָענסטן?

— די ראָלן וואָס כ'שפּיל איצטער זענען מיר אַמליבסטן. תמיד לעב איך מיט דער ראָלע וואָס כ'שפּיל, און נישט וואָס כ'האָב אַ מאָל געשפּילט.

אייער מיינונג וועגן יידישן טעאַטער-עולם אין ישראל?

— ערשטנס איז מיר געלונגען אריינצוציען אַ גרויסן טייל העברעישע אינטעליגענץ. צוזאַמען מיט דער פיינערער שיכט פון די יידיש-ריידנדיקע — שטעלט דאָס צוזאַמען אַ גוטן טעאַטער-עולם. איך שאַץ אָפּ, וואָס מען קומט צו מיר אין טעאַטער מיט רעספּעקט. די שטילקייט וואָס ס'הערשט אין זאַל איז אַ כאַראַקטער-שטריך פון ערנסטער באַציאונג.

דאָס וואָס ס'וואַרפט זיך אין די אויגן איז, אַז כאָטש דאָס יידישע טעאַטער אין ישראל איז נישט אויפגעפרישט געוואָרן — גיין אָבער איצטער אַ גרעסערע צאָל יידן אין יידישן טעאַטער ווי מיט עטלעכע יאָר פריער.

ווי געפעלן אייך די העברעישע טעאַטערן?

— די „הבימה" און „קאַמרי" שטייען אויף א הויכער ניוואָ. זיי גיבן דאָס בעסטע, וואָס מ'קאָן געבן אויף דער בינע. „הבימה" איז בלי ספק אַ וויכטיקע אינסטיטוציע.

ווי פילט איר זיך אין ישראל?

— מען הערט דאָ מער יידיש-רעדן און ס'איז פאַראַן מער אָפענע יידישע סביבה ווי אין אַן אַנדערן פּלאַץ אין דער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז העברעיש נעמט דעם אויבן-אָן, אָבער יידן און יידישקייט פילט מען אויף טריט און שריט.

בולאָפ'ס צוגאַנג צו דער בינע איז קודם כל די קינסטלערישע פאַרטיפונג. ער זוכט אויף דעם דראַמאַטורג-קינסטלער, און אויב ער געפינט אים ווערט ער א שותף צו זיין יצירה. בולאָף נעמט איבער דעם שרייבערס שאַפונג צוזאַמען מיט זיין „אויג" אויף דער וועלט. ער קאָמפּליצירט נישט און פאַרדרייט נישט זיינע אידעען. נישט געקינצלט און מיט פּשטות, אָפּט מאָל אפילו אָן גרים און מאַסקע זעען מיר אים אַ פאַרקערפּערטן אין זיינע ראָלן. עס ציט זיך אים נאָך דער פאָדים פון דער „ווילנער טרופע".

יוסף בולאָף, מיט זיין לעצטן טשעכאָוו-פּראָגראַם (דער „וואַגאַבונד" און נאָך צוויי איינאַקטערס פון טשעכאָווס דערציילונגען) שפּילט ביי פּולע הייזער. ס'איז נאָר די צרה וואָס אין תל אביב מוז מען וואַרטן צוויי וואָכן ביז מען באַקומט א טעאַטער-זאַל, אויף איין יידישע פאַרשטעלונג. א חוץ זיין קינסטלערישן טאַלאַנט נעמט בולאָף אויס מיט זיין מוזיקאַליש-קלינגענדיקער אויסשפּראַך און גוטן יידיש. דער עולם און די פּרעסע נעמט אים אויף מיט התלהבות, ווי עס קומט אַן ערשט-ראַנגיקן בינע-קינסטלער.

זעלטן-ווו פון אַ יידישער תפוצה איז מסוגל איין פאַרשטייער צו רעפּרעזענטירן אַ גאַנצן יידישן ישוב, ווי עס פערזאָניפיצירט יעקב באַטאַשאַנסקי די ארגענטינער יידן.



יעקב באַטאַשאַנסקי רעפּרעזענטירט דעם אַרגענטינער ישוב, נישט נאָר ווי מיר קענען אים אַלס שרייבער און פּובליציסט, נאָר אויך אלס זייער גייסטיק-קולטורעלער און פּאָליטישער מנהיג.

ער איז מיט גייסט און בלוט צוזאַמענגעוואַקסן מיטן ארגענטינער יידנטום. ער נעמט אָנטייל אין דער שמחה פון „100 יאָר יידישער ישוב אין ארגענטינע" און פאַרהייליקט די געשיכטע פון די ערשטע יידישע קאָלאָניזאַטאָרן. „די ערשטע יידישע פּויערים — זאָגט באַטאַשאַנסקי — האָבן מיט זייער שווייס און בלוט באַפרוכפּערט טויזנטער און טויזנטער קילאָמעטער ווילד-בראשית׳דיקע ארגענטינער ערד און אויפגעשטעלט בליענדיקע ישובים". וועגן ארגענטינע רעדט ער מיט ליבשאַפט און וועגן יידישן ישוב מיט באַגייסטערונג.

— „נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט אזא רייניער יידישער ישוב ווי אונדזערער. דער ארגענטינער ישוב איז היינט צו טאָג דער רייניסטער, אָן אונטערוועלט".

— „אין אַרגענטינע געפינען זיך בערך 550 טויזנט יידן. דאָס יידישע לעבן איז צו שטאַרק, אז דער אַנטיסעמיטיזם זאָל עס קענען אָפּשטעלן. מיר וועלן דעם גרויסן שטורעם (אַנטיסעמיטישן) איבערקומען און לאַנג,לאַנג לעבן און שאַפן אויף דער ארגענטינער ערד!" — רופט אויס יעקב באַטאַשאַנסקי אין קעלער פון יידישן שרייבער-פאַריין אין תל-אביב.

יעקב באַטאַשאַנסקי, דער שעף רעדאַקטאָר פון „די פּרעסע" און פאָרזיצער פון יידישן שרייבער-פאַריין אין בוענאָס איירעס איז אַ יש אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז איינער פון די פּרוכטבאַרסטע און טיף-קוואַליקע שרייבער פון אונדזער דור. ער איז דער מחבר פון 18 דערשינענע ביכער, דערציילונגען, ראָמאַנען, עסייען און פּיעסן. זיינע „40 יאָר לעבן" אין ארגענטינע זענען אַ גאַנצע ליטעראַטור-געשיכטע פון דאָרטיקן יידישן ישוב.

געבוירן אין שטעטל ביי-קיליע (בעסאַראַביע), לערנט ער אין די קישעניעווער און אָדעסער ישיבות, און שפּעטער — וועלטלעכע לימודים. ער הויבט אָן שרייבן אין רוסישע צייטונגען. זיין ערשטער דעביוט אין יידיש איז אַ דערציילונג, געדרוקט אין „גוט מאָרגן" (אָדעס) אין יאָר 1912. אין 1923 קומט ער צום ערשטן מאָל קיין ארגענטינע, און אין 1926 ווערט ער פאַרבעטן אַלס שעף-רעדאַקטאָר פון „די פּרעסע", וווּ ער אַרבעט ביז היינט. אַ חוץ דעם האָט ער רעדאַגירט צייטשריפטן. ער שרייבט אויך אונטער די פּסעוודאָנימען: יעקב בן אברהם, יאָשא, מאָנטשי, חנה לעווין, יאָקעלע ניבאַלשס, מורדעס, שימעלע סאַראַקער און ציגעמאַן. יעקב באַטאַשאַנסקי איז אַ דינאַמישער שרייבער מיט אַ זאַפטיקער שפּראַך און פיינעם פאָלקס-הומאָר, רעאַל און פּאַרטיפּט, בליצט ער מיט שאַרפזיניקער מחשבה און ליטעראַרישן טאַלאַנט. ווי אַ פיינער ליטעראַטור-קריטיקער רופט ער זיך אָפּ אויף ביכער, וואָס דערשיינען אין אַלע עקן פון דער יידישער וועלט.

פאַר זיין גרעסטן זכות האַלט באַטאַשאַנסקי דאָס, וואָס ער איז געווען צווישן די 300 פאַרבעטענע ביים פּראָקלאַמירן די אנטשטייאונג פון מדינת ישראל אין תל-אביבער מוזעאום. ער שטייט אויך אין דער ערשטער ריי פון דער ציוניסטישער אַרבעטער-מחנה, און האָט אָנטיילגענומען אין ציוניסטישע און יידיש-וועלטלעכע קאָנגרעסן.

איך פרעג:

— צי מיינט איר, וועט ישראל זיין דער גייסטיקער צענטער?

— ס׳ווענדט זיך ווי דער צענטער וועט געבויט ווערן. ער קאָן געשאַפן ווערן אזוי, אז מען זאָל קוקן פון אויבן אראָפּ אויף די תפוצות — און ער קאָן אָבער זיין געשאַפן אין אַזאַ פאָרם, אז ער זאָל באטראַכטן דאָס יידישע פאָלק מער ווייניקער ווי אן איינהייטלעכקייט אין צייט און רוים. דאמאָלט וועט דער צענטער האָבן די ריכטיקע השפעה. כאָטש מען באַטראַכט אונז, אז מיר געפינען זיך אין א גייסטיקער ירידה — איז יידיש נאָך אַלץ אַ גרויסער פאַקטאָר, נישט נאָר אין לאטיין-אַמעריקע, נאָר אויך אין צפון אמריקע. און אויב דער גייסטיקער צענטער פון ישראל וועט דאָס נישט נעמען אין באַטראַכט וועט ער זיין אַ האַלבער און נישט קיין גאַנצער צענטער. און ליידן דערפון וועלן נישט נאָר די תפוצות נאָר אויך ישראל גופא.

— וואָס זאָגט איר צו דער מערכה פון יידיש-לשון אין ישראל?

— קיין דיסקרימינאַציע פאַר יידיש זע איך נישט, אָבער קיין גלייכבארעכטיקונג פאַר יידישע שרייבער איז אויך נישטאָ, און דאָס איז נישט נאָר צום שאָדן פון יידישע שרייבער, נאָר עס רירט אויך אָן דעם פּרעסטיזש פון יידישן פאָלק!...

— וואָס זאָגט איר צום ענין פון שלום עליכם הויז אין תל אביב?

— מיר איז באַקאַנט דער גראַנגל פון די יידישע שרייבער אין ישראל צו האָבן אַן אייגענער היים. אזוי ווי אַלץ איז קעגן דעם, דאַרפן יידישע שרייבער אָנהויבן אַן אַקציע צו בויען אַן אייגן הויז. אַזויפיל אינסטיטוציעס ווערן געבויט מיט קהל׳ס געלטער דאַרפן די הסתדרות און „הדסה״-צענטער צולייגן זייער האַנט פאַר אויפבויען אַ היים פאַר יידישע שרייבער אין תל-אביב. איך בין זיכער אז די יידישע וועלט וועט צוהעלפן דערצו. עס קאָן אָבער אויך זיין, אז ס׳איז פאַראַן אַ מיסטישער רמז דערצו אז דאָס שלום עליכם הויז זאָל נישט ווערן די היים פון יידישע שרייבער. איך בין אַ גרויסער חסיד פון שלום עליכמ׳ען, אָבער כ׳האַלט, אז אַ הויז פון יידישע שרייבער דאַרף טראָגן דעם נאָמען פון י. ל. פרץ.

עס פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען, אז יעקב באַטאַשאַנסקי איז דאָס-מאָל געקומען להשתקע בישראל.



פון דער דערציילונג „שייך מונים״

„זיינוויל מיט זיין פרוי אין אַ שמועס מיט די נייע שכנים״

צייכענונג: א. גלעדי

Florida.

Only a few days before the above mentioned cornerstone- Laying the Hechts donated & dedicated "a large X-Ray Machine" at the Kaplan Hospital in Rechovot.

With all this work for Israel the Hechts never refuse to fulfill their obligations toward giving charity in America.

Mr. and Mrs. Max Hecht are personalities that and credit and significance to the community in which they live. They are tolerant, hospitable and friendly, so that it is a privilege and pleasure to be counted among their associates and co-workers.

Mr. and Mrs. Max Hecht were brought up in a true Jewish atmosphere, and are imbued with Jewish-religious feelings that influence their every-day life. Their deeds are always motivated by the finest humane ideals and ideas.

With their recent, the second, visit to Israel they became more and more attached to "the returners to Zion" and their views and ideas have become more and more ripened.

— My sole interest — said Mr. Hecht to the writer — lies in the rebuilding of Zion and in helping the Olim Chadashim, the new immigrants, for I well remember that I, too, was once an immigrant.

In conclusion the writer deems it worthwhile relaying an episode that is so characteristoc of Mr. and Mrs. Max Hecht:

Once they visited the Mount of Zion, and as they were both standing absorbed in deep thoughts a venerated Rabbi from Jerusalem approached them and said:

— Now is a very appropriate moment to make a wish!

The Hechts did not hesitate a single mo-

— Rabbi, all we wish is Shalom, peace

The Hechts had no personal requests; they

ment and said:

for the Jews everywhere!

didn't think of themselves, but of Klal Yisroel. This, surely, has some meaning...



**AT BETH GAMALIEL — Mr. & Mrs. Max Hecht, of Miami Beach, at the laying of the Foundation Stone of the New Synagogue.**

tourists from Miami Beach, who came to honor Mr. and Mrs. Hecht with their presence. Among them were: Rabbi Alexander Gross, Dean of the Hebrew Academy of Miami Beach Dr. and Mrs. Isaac Unterman; Mr. and Mrs. Joseph Goldberg and Mr. and Mrs. N. Nash. Mr. and Mrs. Harry Carmen.

After a few brief remarks by several most prominent Rabbis, the ceremony of laying the cornerstone took place. The most impressive part was the enclosing of a Megillah (Scroll) into the depth of the foundation. And thus is written in the Scroll:

With the help of God, blessed be He.

> This first day of Sivan, 5722 according to the Jewish calendar and fourteen years of the establishment of Medinath Israel, in assemblance of the settlers of the Moshav Beth Gamaliel, affiliated with the Iggud Hamoshavim of Poale Mizrach. In the presence of representatives of the Chief Rabbinate, Governmental Departments, Jewish Agency, Jewish National Fund, Mr. and Mrs. Max Hecht and their guests from Miami Beach, Fla.; To lay the cornerstone of a Beth Mikdash M'at, a Holy Temple in miniature, in our Moshav to be consecrated to prayer and the study of the Torah, which shall be erected on the acquired Nachlath Menachem (Max) ve-Kaile Etta (Kate) Hecht.
>
> In the hope and prayer of a complete and perfect Geulah; of a gathering of Jews from the Diaspora; of Shalom in our own land; of the re-building of the Beth Hamikdash and in the realization of the prophecy of Isaiah: My house shall be called the House of Prayer to all the peoples of the world.
>
> We place below our signatures and seals:



Max Hecht was born in Nürenberg, Germany, in 1902, and already at his early youth he began to Manifest a tendency towards social and philantropic activities. His most beloved institution was the blue and white Jewish National Fund box.

When the Nazis — may their name be eradicated for ever and ever — began persecuting the Jews in 1933, Mr. Hecht was arrested and placed in a concentration camp. Somehow he later miraculously escaped and came to the United States in 1937. At first he resided in New York, where he was cofounder of the well-known and respected modern wire company. After retiring he moved to Miami Beach — Florida. There he met and married his american-born wife. And there they immediately began take an active part in every Jewish cause. Mr. Max Hecht is onw the vice-President of the orthodox synagogue "Knesseth Israel; Chairman Foundation Fund of the Histadrut; member of the Mizrachi-Poale Mizrachi; member of the Jewish National Fund Council; member of the Hebrew Academy Binai Brith and Jewish war veterans and a regular contributor to the State of Israel Bond Campaign.

Mrs. Hecht likewise occupies a very prominent place in local Jewish institutions. She is an active member in the Hadassah, Binai Brith, Mizrachi Women, Histadrut, Israel Bonds, Hebrew Academy, and many others.

Mr: & Mrs. Max Hecht have many more projects in Israel. With the Histadrut Development Foundation they signed a contract for the erection of a nine room addition to a Bet Avoth (old age home).

The Hechts were one of the first who made a sizable bequest for the construction of a school for Torah & Avoda to be build at the "Site of the MIAMI-Project" sponsored by the Jewish Community of Greater Miami,

Zionism, as it was developed in Germany where Max Hecht was born and raised, and in the United States where Mrs. Hecht lived all her life, was a peculiar amalgam of



*Mr. & Mrs. Max Hecht*

Dr. Theodor Herzl's idea of the "Judenstaat" and the Jewish-religious philosophy of dedication and service.

Ever since the two Hechts joined in wedlock, service to the Jewish cause became their guiding principle. It was this particular emphasis on dedication and service that the two Hechts became the representatives of true Judaism and its aspirations, dreams and hopes. Their gifts and large contributions, both in the United States and in Medinath Israel, very soon became most outstanding.

Mr. and Mrs. Max Hecht contributed many thousands of dollars to the Jewish National Fund and thus became the nominal owners of the Nachlath Max and Kate E. Hecht on whose soil the Moshav Beth Gamaliel is situated.

The Moshav consists of ninety-three Jewish families who have come during the last ten years from practically every corner of the world. They are all toilers of the soil, working very hard to cultivate the long neglected earth so that they may gain therefrom a livelihood. The mots remarkable thing about that Moshav is that all its settlers are strict observers of Jewish traditional laws and that many of them are Talmudic and Biblical scholars. The Moshav is located between Rechovoth and the historic Javneh, and is affiliated with the National Religious Organization, Mizrachi and Hapoel Mizrachi.

Realizing the need of a synagogue in the Moshav, Mr. and Mrs. Hecht took the matter very much to heart and vowed not to rest until one is erected. After an absence of two years from the Land of Israel, the Hechts returned from the United States determined to have the synagogue erected at all costs.

On Sunday preceding the Festival of the Giving of the Law (Shabuoth), the ceremony of laying the cornerstone was turned into an imposing celebration that will for ever remain in the minds and hearts of the noble couple, Mr. and Mrs. Max Hecht, of Miami Beach, Florida.

The entire population of the Moshav, actually all men, women and children, participated in the great and joyous event. Not a soul stayed away from the Simchah and even settlers from neighboring farms, villages and towns came to express gratitude to the Hechts and share in their happiness.

Besides residents and neighbors there were also a host of notables and dignitaries representing the Iggud Hamoshavim, the Mishrad Hadatoth, the Moatzah Haizurith, the Vaad Hapoel of the Histadrut, the Jewish National Fund, the Beth Hafarband Al Shem Hamlin and the Jewish Agency.

There were also a group of personal friends,

ington. She is the principal of the Chaim Weizmann Folk School, one of the finest Jewish schools in the city with 150 children and a staff of eight teachers. She is president of the Greater Washington Council of Pioneer Women and is also a member of the National Executive Committee of Pioneer Women, an organization of some 50,000 Jewish women in the U.S. In Washington Jewish circles she is recognized in her own right as an intellectual personality, educator, communal leader and orator.

After Murray Frank had completed his studies at the universities he was a teacher for several years. His ambition, however, was to become a journalist, to devote himself to Jewish culture, and to be active in Jewish organizations. He also hoped to decelop close association with important government officials in order to be able to help the Jewish refugees of Europe in the 1930's and 1940's seeking a haven of safety. As a journalist he felt he would have greater access to important people in Washington. In this respect, he has attained his ambition.

Frank's journalistic career began in 1941, when he became the Washingtno correspondent of the Jewish Morning Journal in New York (today known as The Day-Jewish Journal). In 1945 he also became correspondent for the London Jewish Chronicle and the "Yiddishe Zeitung" of Buenos Aires. He is still the Washington correspondent for these three newspapers. For several years, from 1945 to 1952, he was also correspondent for the Israeli newspaper "Davar". For a number of years he was regular contributor to the English-Jewish publications "National Jewish Post", "The American Zionist" (formerly "New Palestine"), "Chicago Jewish Forum", "Jewish Frontier", "National Jewish Monthly", "Jewish Spectator", "Liberal Judaism", "American Hebrew", "Pioneer Woman", and others. His articles in the Yiddish press are reprinted in Yiddish newspapers and periodicals in Canada, Mexico, Brazil, Uruguay, South Africa, Australia, Israel, France, Germany and other countries

For a time during the 1940's and early 1950's Frank served as Washington representative of the American Jewish Conference and the American Zionist Council. He was a member of the board of directors of the Jewish Social Service Agency, and the Jewish Community Council of Greater Washington. In addition to being active in Jewish organizations, he retains a deep interest in Jewish education and educational institutions. He was chairman for several years of the board of directors of the Chaim Weizmann School, and was a member of the board of directors of the Hebrew Academy of Washington — a day school for children.

From time to time Frank publishes scholarly studies in various publications, such as "Foreign Commerce", a publication of the U.S. Department of Commerce; in the "American Historial Review", monthly journal of the American Historical Association; in "Yivo Bleter", journal of the Yiddish Scientific Institute of New York, and others. He is also a special consultant to the Editorial Board of "Who's Who in World Jewry", a new edition of which is to appear in 1963. Frank is co-author of a book "Industrialization of Latin America" and for several years edited the B'nai B'rith yearbook "This Is B'nai B'rith".

The Washington Jewish community, comprised of some 90,000 souls, is very proud of Murray Frank and his achievements over the years.

